# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

ארגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי-פּיסאַטעל“

מאָסקווע אָקטיאַבער



1975

# אינהאַלט



## ליטעראַטור־קריטיק. ביבליִאָגראַפיע. פּראַגן פון קונסט.

מיר אינפאָרמירן אונדזערע לייענער

# שווערע פּראָבלעמען אין דער עקאָנאָמיק פון ייִסראָעל

(לויט דער ייִסראָעלדיקער און מיר־רעוודיקער פּרעסע)

**סאָף פון די 40־ער יאָרן געפּרוּווט אײַנרעדן די וועלט, אז ייִסראָעל איז „א געזעלשאפט פון ארבעטנדיקע, וועלכע באזירט זיך אף דער מי פון הענט און מויכעס, אָן עקספּלואטאציע, שיכטן און דיסקרימינאציע", מיט איין וואָרט — א גאנעידן פאר די, וועלכע ווינען דאָרט.**

**מיט יאָרן שפּעטער האָט מאָרדכע צאנין, דער רעדאקטאָר פון דער ייִסראָעלדיקער צײַטונג „לעצטע נײַס", געטריבן פּאָשעט כויזעק איבערן ערשטן פּרעמיער פון דער מעדינע אף די שפּאלטן פונעם אמעריקאנער „פאָרווערטס":**

„די פירער אין דעמלטיקן ייִסראָעל זײַנען געווען זיכער, אז מע דארף אין ייִסראָעל אײַנזאמלען אלע גאָלעסן, ברענגען קיין ייִסראָעל אלע אייִדעס, דאָ, אין ייִסראָעל, וועט מען די אייִדעס אויסמישן, און איינס־און־צוויי וועט ווערן איין גרויס שטארק פאָלק, אלע גלײַכע, אלע ארבעטנדיקע און אלע גליקלעכע".

**ניין, קיין גאנעידן האָט זיך ניט באקומען. „עס מישט זיך ניט אזוי לײַכט, — האָט מיט פארביטערונג געשריבן צאנין. — פארקערט, וואָס לענגער עס דויערט, אלץ ווייניקער מישט זיך אויס". דער גאנצער אומגליק, לויט צאנינען, איז באשטאנען אין דעם, וואָס מענטשן, זעט איר, „זײַנען ניט קיין „שטאָף", וואָס מע קאָן אים פאָרמירן לויט א פלאן און מיט מעכאנישע מיטלען". מע האָט מעכאניש געבראכט קיין ייִסראָעל ייִדן פון טײַמען און איראק, פון אינדיע און פון הינטער די אטלאס־בערג, פון מאראָקאָ און פון אנדערע צענדליקער לענדער. און ווען זיי האָבן זיך אלע צונויפגעזאמלט אינעם „לאנד פון די אָוועס", האָט זיך**

### אלץ — „ווי בא לײַטן"...

„...נויט, אָרעמקײַט, געזעלשאפטלעכער טהאָם צווישן שיכטן זײַנען ניט קיין נײַע דערשײַנונג. הײַנט איז די טקופע פון ברוטאליטעט, פון טומלדיקע דעמאָנסטראציעס, הילכיקע פּראָטעסטן..."

„...אפילע די אָפיציעלע אָנגאבן זאָגן אייִדעס, אז די ברייטע שיכטן פון דער באפעלקערונג לעבן אין נויט און דאכקעס. אין דער אויספאָרשונג פונעם אינסטיטוט פון סאָציאלער סטראכירונג ווערט אונטערגעשטראָכן, אז די צאָל אָרעמע מישפּאָכעס אין די שטעט באטרעפט 86 טויזנט, דאָס הייסט אן ערעך 11 פּראָצענט פון דער שטאָטישער באפעלקערונג. אויסער דעם, געפינען זיך 63.400 מישפּאָכעס (10,3 פּראָצענט) אפן ראנד פון אָרעמקײַט, און זיי מוטשען זיך אפן טויט. אויב רעכענען ניט בלויז די באל־מישפּאָכעס, נאָר אויך אלע זייערע מיטגלידער, וועט זיך ארויסווײַזן, אז 520 טויזנט מענטשן לעבן אין נויט און אין דאכקעס".

**די דאָזיקע ארויסזאָגונגען האָבן מיר גענומען אין דער ייִדישער פּרעסע פון אויסלאנד. זיי האָבן א קאָנקרעטן אדרעס: ייִסראָעל.**

**אפן געדאנק קומען אוף יענע ראָזעווע טרוימען, מיט וועלכע די אָנפירער פון ייִסראָעל האָבן געהאָדעוועט די פּאָשעטע מענטשן אין די אזויגערופענע „האָניק־כאדאָשים" פון דער מעדינע. דאָוויד בען־גוריאָן, דער ערשטער פּרעמיער־מיניסטער פון ייִסראָעל, האָט נאָך אין**

ארויסגעוויזן, אז „דאָס אויסמישן די איידעס, פון זיי זאָל ווערן איין פאָלק — דאָס איז שוין ניט קיין עקאָנאָמישע פראגע”.

ווילנדיק־ניט־ווילנדיק אנערקענט צאנין, אז „קלאסן־אונטערשייד, ווי מע רופט עס דאָרט אין דער וועלט”, עקזיסטירט אין דער מעדינע. דאָס איז א דערשײַנונג, וואָס איר פויעל־יויצע איז אליין די נאטור פון דער קאפיטאליסטישער וועלט. ייִסראָעל איז, אזויארום, ניט קיין אויסנאם. יעדער טוט, וואָס ער קען, אבי ווי־ניט איז זיך האלטן אָף דער אויבערפלאך. „אין די באדינגונגען פון ייִסראָעל, — שרײַבט צאנין, — מיינט עס צו מאכן א לעבן אפן ראנד פון לעבן: דורך פארברעכן, דורך פּראָסטיטוציע און האנדל מיט דראָגס...”

דאָס טרויעריקע בילד, וואָס צאנין האָט אויסגעמאָלט, באשרײַבנדיק דעם, אזוי צו זאָגן, פּאָרטרעט פונעם הײַנטיקן ייִסראָעל, איז געווען אדרעסירט דער אמעריקאנער געזעלשאפטלעכקײַט — ניט אומזיסט האָט ער עס אָפּגעדרוקט ניט בא זיך אין דער היים, נאָר אין כוץ־לעאָרעץ, מעייווער־לעיאם, אין „פאָרווערטס”. אין ייִסראָעל קאָן מען וועגן אזעלכע באָליאטשקעס אויך שרײַבן, ס'איז אָבער נייטיק אונטערצוּווארפן דערבײַ כאָטש א שטיקעלע ביטאָכן, עס זאָל ניט אויסזען אזוי האָפענונגסלאָז, ווי עס איז אינדערעמעסן. אָט די מיסיע האָט אָף זיך גענומען טאקע די טעל־אוויווער צײַטונג „לעצטע נײַעס”. קימאט אין דער זעלבער צײַט, ווען איר רעדאקטאָר מאָרדכע צאנין איז ארויסגעטראָטן אין „פאָרווערטס” מיט זײַן ארטיקל „סאָציאלער אָפּגרונט אין ייִסראָעל ווערט אלץ טיפער”, דרוקט זי אָן איבערזיכט פון שימען קאנץ אונטערן קעפל „אָרעמקײַט און נויט — אָן אילוזיעס”.

אפן ערשטן אָרט שטעלט דער מעכאבער דאָס אייביק צאפלדיקע אין דער ייִדישער נעשאָמע „פינטעלע ייִד”. נויט, אָרעמקײַט, געזעלשאפטלעכער טהאָם צווישן פארשיידענע קלאסן־שיכטן זײַנען, פארשטייט זיך, שווערע און קאָמפליצירטע פּראָבלעמען. אָבער „מיר זײַנען דאָך אכיינו בניי ייִסראָעל”, צווישן וועלכע פון קאדמוינים אָן איז גילטיק „דער באזונדערער כוש פון גרייטקײַט צו קעגנזײַטיקער הילף און די פארשארפטע פילבארקײַט אָף נויט און אָרעמקײַט”. א סימען האָט איר: ס'איז ניט געווען קיין איין שטעטל, וואָס זאָל ניט האָבן געהאט זײַנע צדאָקע־אינסטיטוציעס, און „די דאָזיקע פילבארקײַט איז כאראקטעריסטיש פאר ייִדן ביזן הײַנטיקן טאָג”.

איז דאָך אוודע גוט? מע קאָן שאפן אויך אין ייִסראָעל א נעץ פון אזעלכע צדאָקע־אינסטיטוציעס — מיט גמילעסכעסעד־קאסעס, מיט ביקור־כוילעמס און מיט אנדערע בארעמהארציקע געזעלשאפטן, און מאכן א סאָף צו דער אָרעמקײַט און נויט — „מיר זײַנען דאָך ייִדן”! לאָזט זיך אָבער אויס, אז... אָט הערט, ווי שימען קאנץ כידעשט זיך: „קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז אין דער ייִדישער מעדינע וועלן זיך אנטוויקלען אזעלכע ריזיקע נעסטן פון נויט, וואָס גייען צוזאמען מיט פארשיידנערליי פארברעכנס, זנוס, כאשיש, פארגוואלטיקונגען און מאָרד”.

**עמעס, דער אווטאָר פארכאפט זיך גלײַך:**

„ווײַזט אויס, אז עס זײַנען פאראן אָביעקטיווע דערשײַנונגען, פון וועלכע קיין שום מענטשלעכע געזעלשאפט קאָן זיך ניט אויסדרייען, און ניט געקוקט אָף די אומופהערלעכע אָנשטרענגונגען פון די פארשיידענע אינסטאנצן און אינסטיטוציעס, איז נאָך אלץ אוממעגלעך צו לייזן די אלע פראָבלעמען”.

ייִסראָעל, הייסט עס, איז טאקע א ייִדישע מעדינע און „ייִדישע פילבארקײַט” איז דאָ וויפל איר ווילט, נאָר „אזוי זעט עס אויס אין אנדערע לענדער און מיקאָלשקיין בא אונדז אין לאנד...” — מיט איין וואָרט, אויך די נויט בא די פאָלקסמאסן איז דאָ, „ווי בא לײַטן”.

און „ווי בא לײַטן”, ציט ווײַטער דער אווטאָר דעם לאָגישן פאָדעם, וועט די פראָבלעם „נאָך לאנג בלײַבן קאָמפליצירט”, פארופנדיק זיך, ווי אין אויבנדערמאָנטן ארטיקל פון מ. צאנין, אָף דעם פארשיידנארטיקן עטנישן צוזאמענשטעל פון דער ייִסראָעלדיקער באפעלקערונג, ווי אויך אָף דעם, וואָס „עס איז פאראן א גרענעץ צו דער גרייטקײַט פון די מער פארדינענדיקע אוועקצוגעבן פון זייערע פארדינסטן. זיכער איז די גרענעץ ניט קיין סטאטישע, זי ענדערט זיך לויט די באזונדערע באדינגונגען, אָבער זי וועט קיינמאָל ניט דערגיין צו גלײַכהײַט, און דערפאר וועלן שטענדיק בלײַבן אונטערשיידן, וואָס וועלן ארויסרופן פארביטערונג, און עס איז ניט פאָרויסצוזען, אז מע זאָל אין א קורצער צײַט קאָנען געפינען דעם וועג צו באזײַטיקן די דאָזיקע פארביטערונג”.

וועגן דעם ווילן פון די מער פארדינענדיקע „אוועקצוגעבן פון זייערע פארדינסטן” לעטוי־וועס דער פארבעסערונג פון דער לאגע פון די נויטבאדערפטיקע וועלן מיר ווײַטער ריידן עטוואָס גענויער, באזירנדיק זיך אָף דער ייִסראָעלדיקער פרעסע. דערווײַל דארף מען נעמען אין אכט שימען קאנצס קאטעגאָרישן טעזיס מיקויעך דעם, אז „אונטערשיידן וועלן בלײַבן שטענדיק”. ארויסגייענדיק פון אָט דער סענטענץ, באראיִקט ער דעם אוילעם:

„מיר דארפן זיך דערפאר קלאָר מאכן, אז עס וועט אונדז אויסקומען צו לעבן מיט די פראָבלעמען פון נויט, מיט די פראָבלעמען פון געזעלשאפטלעכער דיספּראָפּאָרץ און פארביטערונג צווישן די אָפּגעשטאנענע שיכטן, פונקט ווי עס וועט אונדז נאָך לאנג אויסקומען צו לעבן מיט די פראָבלעמען, וואָס עס ברענגען מיט זיך די באזונדערקײַטן פון די פארשיידענע איידעס, און מיט די געפילן פון דיסקרימינאציע, וואָס באגלייטן די דאָזיקע באזונדערקײַטן”.

קאנץ פרוּווט אפילע פעסטשטעלן, ווי לאנג עס וועט אויסקומען דער מעדינע צו לעבן מיט די פראָבלעמען פון נויט און קעדוימע אזעלכע

ארויסגעוויזן, אז „דאָס אויסמישן די איידעס, פון זיי זאָל ווערן איין פאָלק — דאָס איז שוין ניט קיין עקאָנאָמישע פראַגע".

ווילנדיק־ניט־ווילנדיק אנערקענט צאַנין, אז „קלאַסן־אונטערשייד, ווי מע רופט עס דאָרט אין דער וועלט", עקזיסטירט אין דער מדינה. דאָס איז א דערשײַנונג, וואָס איר פויעל־יוצא איז אליין די נאַטור פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. ייִסראָעל איז, אַזויאַרום, ניט קיין אויסנאָם. יעדער טוט, וואָס ער קען, אַבי ווי־ניט־איז זיך האַלטן אָף דער אויבערפלאַך. „אין די באַדינגונגען פון ייִסראָעל, — שרײַבט צאַנין, — מיינט עס צו מאַכן א לעבן אַפן ראַנד פון לעבן: דורך פאַרברעכן, דורך פּראָסטיטוציע און האַנדל מיט דראַגס..."

דאָס טרויעריקע בילד, וואָס צאַנין האָט אויסגעמאָלט, באַשרײַבנדיק דעם, אַזוי צו זאָגן, פּאָרטרעט פונעם הײַנטיקן ייִסראָעל, איז געווען אַדרעסירט דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקײַט — ניט אומזיסט האָט ער עס אָפּגעדרוקט ניט בא זיך אין דער היים, נאָר אין כוץ־לאָרעץ, מעייווער־לעיאַם, אין „פאָרווערטס". אין ייִסראָעל קאָן מען וועגן אַזעלכע באַליאַטשקעס אויך שרײַבן, ס'איז אָבער נייטיק אונטערצוּוואַרפן דערבײַ כאָטש א שטיקעלע ביטאָכן, עס זאָל ניט אויסזען אַזוי האָפענונגסלאָז, ווי עס איז אינדערעמעסן. אָט די מיסיע האָט אָף זיך גענומען טאַקע די טעל־אַוויווער צײַטונג „לעצטע נײַעס". קימאַט אין דער זעלבער צײַט, ווען איר רעדאַקטאָר מאָרדכע צאַנין איז אַרויסגעטראָטן אין „פאָרווערטס" מיט זײַן אַרטיקל „סאָציאַלער אָפּגרונט אין ייִסראָעל ווערט אַלץ טיפער", דרוקט זי אָן איבערזיכט פון שימען קאַנץ אונטערן קעפּל „אָרעמקײַט און נויט — אָן אילוזיעס".

אָפן ערשטן אָרט שטעלט דער מעכאַבער דאָס אייביק צאַפּלדיקע אין דער ייִדישער נעשאָמע „פּינטעלע ייִד". נויט, אָרעמקײַט, געזעלשאַפטלעכער טהאָם צווישן פאַרשיידענע קלאַסן־שיכטן זײַנען, פאַרשטייט זיך, שווערע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. אָבער „מיר זײַנען דאָך אכינו בניי ייִסראָעל", צווישן וועלכע פון קאַדמוינים אָן איז גילטיק „דער באַזונדערער כוש פון גרייטקײַט צו קעגנזײַטיקער הילף און די פאַרשאַרפטע פילבאַרקײַט אָף נויט און אָרעמקײַט". א סימען האָט איר: ס'איז ניט געווען קיין איין שטעטל, וואָס זאָל ניט האָבן געהאַט זײַנע צדאָקע־אינסטיטוציעס, און „די דאָזיקע פילבאַרקײַט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ייִדן ביזן הײַנטיקן טאָג".

איז דאָך אַוודע גוט? מע קאָן שאַפן אויך אין ייִסראָעל א נעץ פון אַזעלכע צדאָקע־אינסטיטוציעס — מיט גמילעסכעסעד־קאַסעס, מיט ביקור־כוילעמס און מיט אַנדערע באַרעמהאַרציקע געזעלשאַפטן, און מאַכן א סאָף צו דער אָרעמקײַט און נויט — „מיר זײַנען דאָך ייִדן" לאָזט זיך אָבער אויס, אַז... אָט הערט, ווי שימען קאַנץ כידעשט זיך: „קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אין דער ייִדישער מדינה וועלן זיך אַנטוויקלען אַזעלכע ריזיקע נעסטן פון נויט, וואָס גייען צוזאַמען מיט פאַרשיידנערליי פאַרברעכנס, זנוס, כאַשיש, פאַרגוואַלטיקונגען און מאָרד".

עמעס, דער אויטאָר פאַרכאַפּט זיך גלײַך:

„ווײַזט אויס, אַז עס זײַנען פאַראַן אָביעקטיווע דערשײַנונגען, פון וועלכע קיין שום מענטשלעכע געזעלשאַפט קאָן זיך ניט אויסדרייען, און ניט געקוקט אָף די אומופהערלעכע אָנשטרענגונגען פון די פאַרשיידענע אינסטאַנצן און אינסטיטוציעס, איז נאָך אַלץ אוממעגלעך צו לייזן די אַלע פּראָבלעמען".

ייִסראָעל, הייסט עס, איז טאַקע א ייִדישע מדינה און „ייִדישע פילבאַרקײַט" איז דאָ וויפל איר ווילט, נאָר „אַזוי זעט עס אויס אין אַנדערע לענדער און מיקאָלשקיין בא אונדז אין לאַנד..." — מיט איין וואָרט, אויך די נויט בא די פאָלקסמאַסן איז דאָ, „ווי בא לײַטן".

און „ווי בא לײַטן", ציט ווײַטער דער אויטאָר דעם לאָגישן פאָדעם, ווערט די פּראָבלעם „נאָך לאַנג בלײַבן קאָמפּליצירט", פאַראָפנדיק זיך, ווי אין אויבנדערמאָנטן אַרטיקל פון מ. צאַנין, אָף דעם פאַרשיידנאַרטיקן עטנישן צוזאַמענשטעל פון דער ייִסראָעלדיקער באַפעלקערונג, ווי אויך אָף דעם, וואָס „עס איז פאַראַן א גרענעץ צו דער גרייטקײַט פון די מער פאַרדינענדיקע אָוועקצוגעבן פון זייערע פאַרדינסטן. זיכער איז די גרענעץ ניט קיין סטאַטישע, זי ענדערט זיך לויט די באַזונדערע באַדינגונגען, אָבער זי וועט קיינמאָל ניט דערגרייכן צו גלײַכהייט, און דערפאַר וועלן שטענדיק בלײַבן אונטערשיידן, וואָס וועלן אַרויסרופן פאַרביטערונג, און עס איז ניט פאָרויסצוזען, אַז מע זאָל אין א קורצער צײַט קאָנען געפינען דעם וועג צו באַזײַטיקן די דאָזיקע פאַרביטערונג".

וועגן דעם ווילן פון די מער פאַרדינענדיקע „אָוועקצוגעבן פון זייערע פאַרדינסטן" לעטויוועס דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די נויטבאַדערפטיקע וועלן מיר ווײַטער ריידן עטוואָס געניויער, באַזירנדיק זיך אָף דער ייִסראָעלדיקער פּרעסע. דערווײַל דאַרף מען נעמען אין אכט שימען קאַנצעס קאַטעגאָרישן טעזיס מיקויעך דעם, אַז „אונטערשיידן וועלן בלײַבן שטענדיק". אַרויסגייענדיק פון אָט דער סענטענץ, באַרויִקט ער דעם אוילעם:

„מיר דאַרפן זיך דערפאַר קלאָר מאַכן, אַז עס וועט אונדז אויסקומען צו לעבן מיט די פּראָבלעמען פון נויט, מיט די פּראָבלעמען פון געזעלשאַפטלעכער דיספּראָפּאָרץ און פאַרביטערונג צווישן די אָפּגעשטאַנענע שיכטן, פּונקט ווי עס וועט אונדז נאָך לאַנג אויסקומען צו לעבן מיט די פּראָבלעמען, וואָס עס ברענגען מיט זיך די באַזונדערקײַטן פון די פאַרשיידענע איידעס, און מיט די געפילן פון דיסקרימינאַציע, וואָס באַגלייטן די דאָזיקע באַזונדערקײַטן".

קאַנץ פּרוּווט אַפילו פעסטשטעלן, ווי לאַנג עס וועט אויסקומען דער מדינה צו לעבן מיט די פּראָבלעמען פון נויט און קעדוימע אַזעלכע

זאכן — „דאָס נעמט לאַנגע יאָרן און אַמאָל אויך דורעס", און „ניט קיין קאָנסטרוקטיוו דערציונגס־פּראָגראַמען, דירע־בויונג אדגל. זײַנען אימשטאַנד צו פּאַרקירצן אַף אַ וועזנטלעכן אויפן דעם וועג פון לייזן די דאָזיקע פּראָבלעמען.

נישקשה פון אַ פּערספּעקטיוו! מיט וואָס איז זי בעסער פונעם אַלטן יידישן „ביטאָכן"?

מע דאַרף זיך ניט מאַלן קיין אילוזיעס, טײַנעט קאַנץ, די אײַביקע, ווי אויך די נײַע שווערע פּראָבלעמען, וועלן בלײַבן „אַף לאַנגע יאָרן". ווי־אַזוי זיי וועלן געלייזט ווערן און וואָס עס טוט די רעגירונג, קעדיי זיי צו לייזן, שרײַבט ער ניט. דערפאַר אָבער וויל ער, מע זאָל אים גלייבן, אַז אַלץ וועט זײַן גוט, און ער פּאַרענדיקט זײַן איבערזיכט מיט דעם זעלבן ביטאָכן: „דערפאַר דאַרף פאַר אונדז זײַן קלאָר, אַז אַפילע ווען די אָדער יענע פּראָבלעם ווערט מיטאַמאָל אַרויסגעבראַכט אַפּן שאַרפּסטן אויפן, דאַרף עס ניט אַרויסרופן קיין פּעסימיזם".

ווי־אַזוי אָבער זײַן אָפּטימיסטיש, ווען די ווירקלעכקײַט, דאָס לעבן טראָגן אונטער דער יִיסראָעלדיקער געזעלשאַפט אַלץ נײַע און נײַע ערנסטע פּראָבלעמען.

„פּאַרוואָס אַזוי טײַער?"

„אויסעראָרדנטלעכע עקאָנאָמישע לאַגע — באַלד!"

דאָס זײַנען קעפּלעך, וועלכע מיר האָבן גענומען פון די אָפיציעלע יִיסראָעלדיקע צײַטונגען בלויז פאַר איין וואָך: סאָף יוני — אָנהייב יולי 1975. שרײַענדיקע, אַליאַרמירנדיקע קעפּלעך פון אַרטיקלען, אין וועלכע עס גייט אַ רייד וועגן דער אַלץ וואַקסנדיקער נויט פון די אַרבעטנדיקע און שטײַגנדיקער באַרײַכערונג פון די „גרעסערע פּאַרדינער", וועגן יאַקרעס, עקספּלואַטאַציע, קאָרופּציע.

די יִיסראָעלדיקע רעגירונג פירט אַ פּאָליטיק פון עקאָנאָמישן אָנגריף אַף די אַרבעטנדיקע. לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן, איז פונעם 1963 ביזן 1971 דער יאַקרעס אויסגעוואַקסן אין אָנדערהאַלבן מאָל. אין קיין שום אַנדער לאַנד איז ניט פאַרגעקומען אַזאַ אינפליאַציע, ווי אין יִיסראָעל. זיבן דעוואַלוואַציעס האָט אין מעשעך פון די יאָרן 1949 — 1971 איבערגעלעבט דער יִיסראָעלדיקער פונט. אין נאָיאַבער 1974 איז פאַרגעקומען אַן אָרדנטלעכע דעוואַלוואַציע — שוין אַף גאַנצע 43 פּראָצענט, און גלײַכצײַטיק זײַנען אָפּגעשאַפן געוואָרן די סובסידיעס, וועלכע האָבן פריער אונטערגעהאַלטן אַף אַ באַשטימטן ניוואָ די סכוירעס פון ערשטן גע־



אַף די פאָטאָס: דעמאָנסטראַציעס אין יִיסראָעל פון שטרײַקנדיקע אַרבעטער, וועלכע פאָדערן: „זאָל נעמען אַ סאָף צום אָנגריף פון די באַלעבאַטים און פון דער רעגירונג קעגן דעם אַרבעטער!" „אַ קריג קעגן אָרעמקײַט. און ניט קעגן אָרעמע!" „אַ בעקאָוועדיקער קיום!"

## דעוואַלוואַציע, „קריכנדיקע" דעוואַלוואַציע. צעשרויפטע פינאַנץ־סיסטעם. וואַקסנדיקער יאַקרעס

„ס'איז געפאַלן דער טייל פון לוין אין דער נאַציאָנאַלער האַכנאָסע — עס האָבן געשטיגן די פּראָפיטן און די צינזן".

„די האַכנאָסעס פון די רײַכע האָבן געשטיגן אין אַ שנעלערן טעמפּ, איידער דער אַרבעטס־לוין פון די באַשעפטיקטע".

„די לאַסט פון די אָרעמע פאַמיליעס איבער די פּאַרטײַערונגען — גרעסער, ווי די לאַסט פון די רײַכערע".

ברויך. פון דעמלט אָן איז צוקער געוואָרן טײַערער אין דרײַ מאָל, בוימל — אין צוויי מיט אַ האַלבן מאָל, ברויט — קימאַט אין צוויי מאָל.

מע האָט געוואַרט, אַז די דאָזיקע, שוין די אַכטע אין דער געשיכטע פון דער מעדינע, דעוואַלוואַציע וועט ווי־ניט־איז סטאַביליזירן די צעשרויפטע ווירטשאַפטלעכע סיסטעם. אָבער דעם 17 יוני 1975 איז געמאָלדן געוואָרן אַ נײַע דעוואַלוואַציע. דאָס מאָל — אַן אַזוי־גערופענע „קריכנדיקע": מיט איין מאָל אַף 2 פּראָצענט און דערנאָך וועט די פאַרהעלטעניש צווישן דעם דאָלאַר און דעם יִיסראָעלדיקן פונט זיך ענדערן יעדע 30 טעג. אין מעשעך פון אַ האַלב

**יאָר וועט די דאָזיקע „קריכנדיקע", אָדער „פּערמאַנענטע" דעוואַלוואַציע דערגיין ביז 12 פּראָצענט און וועט ברענגען אַ „צופּאַסונג" פון די פּרײַזן, דאָס הייסט — זייער ווײַטערדיקן וווּקס.**

**די ייִסראָעל־פּרעסע האָט אַקטיוו רעאַגירט אויף דעם נײַעם מאָסמיטל פון דער רעגירונג. לאָמיר ברענגען די קאָמענטאַרן, וועלכע עס האָבן פאַרעפנטלעכט אין איין און דעם זעלבן טאָג — דעם 20 יון 1975 — צוויי צײַטונגען: דער אָרגאַן פון דער גרויס־בורזשואַזיע „האאַרעץ" און די רעכטע אָוונט־צײַטונג „יעדיאָט אַכראָנאָט".**

**„יעדיאָט אַכראָנאָט":**

„עטלעכע כאָדאָשים האָבן מיר זיך דערלויבט צו קוויקן זיך מיט איליוזיעס, אַז אונדזערע גאָר שווערע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען טראָגן קלוימערשט אַן אינערלעכן כאַראַקטער. אין צענטער פון אונדזערע זאָרגן זײַנען געשטאַנען די פּראָבלעמען פון אַרבעטסלויִן און מי, שטײַערן אויף מערוועַרט. נאָך דער דעוואַלוואַציע אין נאָיאַבער פאַריקס יאָר זײַנען די פּראָבלעמען פון צאָלונגס־באַלאַנס אָפּגעלייגט געוואָרן אין אַ זײַט. די דעוואַלוואַציע וועט אָפּטאָן אירס — אַזוי האָבן מיר געטראַכט, און כאָטש אַ שטיקל צײַט וועלן מיר קאָנען אָפּרוען פון די פּראָבלעמען.

די פּראָבלעמען אָבער זעצן פאָר צו קלאַפּן אין דער טיר באַשטענדיק און אומופהערלעך, זיי האָבן געקלאַפּט אין דער טיר שוין אויף מאָרגן נאָך דער דעוואַלוואַציע פון נאָיאַבער 1974 — און אַלע אונטערן נאָמען „צאָלונגס־באַלאַנס", וועלכער שפּיגלט אָפּ דעם קריטישן צושטאַנד פון דער ייִסראָעלדיקער עקאָנאָמיק. האָגאַם מיר האָבן געפּרוּווט פאַרמאַכן די אויגן אויף אים און איגנאָרירן דעם דאָזיקן צושטאַנד..."

„...לעצטנס, — **זעצט פאָר די צײַטונג,** — האָבן זיך פאַרמערט די סימאָנים דערפון, אַז די דעוואַלוואַציע האָט ניט דערגרייכט איר ציל: דער אָפּגרונט צווישן דעם אימפּאָרט און דעם עקספּאָרט האָט זיך ניט פאַרקלענערט, די רעזערוון פון אויסלענדישער וואַליוטע זײַנען אויסגעוואַקסן בלויז אין כאָלעם, די אויסלענדישע קרײַזן זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן אונדזערע קינסטלעכע מיטלען אין געביט פונעם צאָלונגס־באַלאַנס, דער פּערזענלעכער געברויך האָט זיך ניט פאַרקירצט. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום צום באַשלוס אַריבערצוגיין צו דער סיסטעם פון אַ „קריכנדיקער דעוואַלוואַציע". דאָס איז אַ קאָמפּראָמיס־באַשלוס, וואָס זײַן איקער־טאָך איז געווינען צײַט. די פּראַגע באַשטייט אין דעם, וואָס מיר וועלן טאָן אין אָט דער צײַט..."

**„האאַרעץ" דרוקט אַ קאָמענטאַר אונטערן קעפּל „די קריכנדיקע דעוואַלוואַציע קאָן ברענגען צו אַ יאַקרעס פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן":**

„די טענדענץ צו קליינע דעוואַלוואַציעס קאָן אָנטאָן שאָדן דער לאַנדווירטשאַפט און ברענגען צו דעם וווּקס פון פּרײַזן אויף אַ ריי סכוירעס. יעדער פּראָצענט פון דער דעוואַלוואַציע ברענגט צו אַ פאַרטײַערונג פון די קאַפּיטאַל־אײַנלאַגן אויף 30 מיליאָן אין פאַרגלײַך מיט 17 מיליאָן ליר האַכנאָסעס פונעם אימפּאָרט פון לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע, — וועגן דעם האָט געוואָרנט נעכטן דער הער רווון איילאַנד, דער גענעראַל־דירעקטאָר פונעם מיניסטעריום פון לאַנדווירטשאַפט, אַרויסטרעטנדיק אין דער פינאַנץ־קאָמיסיע פון דער קנעסעט בײַס דער באַהאַנדלונג פונעם ביודזשעט פונעם מיניסטעריום".

**און אָט זײַנען אייניקע ידיעס, וועלכע האָבן פאַר דער לעצטער צײַט זיך באַוויזן אין די ייִסראָעלדיקע צײַטונגען:**

— ווי עס האָט מיטגעטיילט די צענטראַלע סטאַטיסטישע פאַרוואַלטונג, איז דער רעאַלער אַרבעטסלויִן אין סאָף 1974 געווען אויף 11,6 פּראָצענט נידעריקער, איידער ערעוו דער אָקטיאַבער־מילכאָמע פון 1973.

— 185 טויזנט קינדער אין דער מעדינע לעבן אין נויט, 45 טויזנט פון זיי — אין קאַטאַסטראָפאַלע באַדינגונגען. 90 פּראָצענט פון די נויטבאַדערפטיקע זײַנען קינדער פון עלטערן, וועלכע זײַנען געקומען פון די מיזרעך־לענדער, — דאָס האָט געזאָגט דעם 6־טן יון 1975, אַרויסטרעטנדיק אויף דער פײַערלעכער פאַרזאַמלונג, געווידמעט דעם „טאָג פון דערציִער", דער בילדונגס־מיניסטער אַרן יאַדליוו.

— די אוניווערסיטעטן אין לאַנד געפינען זיך אויף דער שוועל פון אַ קריזיס איבער דער צעשרויפטער פינאַנץ־סיסטעם, — האָט געזאָגט דער זעלבער מיניסטער בײַס אַ צערעמאָניע פון איבערגעבן סטודענטן סובסידיעס און סטיפּענדיעס פון די געלטער פון „מיפּאַל כאַפּאַיִס" (ייִסראָעלדיקע לאָטעריי. — רעד.). — דער מיניסטער האָט אָפּגעמערקט, אַז אים האָט זיך אײַנגעגעבן ניט צו דערלאָזן אַ צוגאָבלעכע פאַרקירצונג פון דער מעלוכע־סובסידירונג פאַר די אוניווערסיטעטן אויף 100 מיליאָן ליר, נאָר סײַוויסײַ פעלן נאָך 100 מיליאָן ליר פאַר די אוניווערסיטעט־ביודזשעטן. ער האָט דערבײַ צוגעגעבן, אַז מע וועט מוזן העכערן דעם סכאַרלימעד אין די אוניווערסיטעטן, ביז מע וועט אײַנשטעלן אַ „שטאַפּלדיקן אָפּצאָל" פאַר בילדונג, און ער האָפט, אַז די סטודענטן וועלן נעמען אין אַכט די געשאַפענע לאַגע, וואָס עס וועט געבן אַ מעגלעכקײַט אָנצוהייבן דאָס לערניאָר צום אײַנגעשטעלטן טערמין.

— דער דירעקטאָר פונעם ייִסראָעלדיקן נאַציאָנאַלן באַנק האָט געמאָלדן, אַז אין רעזולטאַט פון דער אינפלאַציע און פון דער שטײַערן־פּאָליטיק איז געפאַלן די פּריוואַטע האַכנאָסע פון די ייִסראָעל־אײַנוווינער אין 1974 אויף 3,6 פּראָצענט.

געפאַלן... פאַרקירצט... **וואָס זשע איז** געוואַקסן **אין ייִסראָעל?**

**אָט, לעמאָשל:**

— דער יִיסראַעלדיקער קאָנצערן „קלאַל״ האָט אין 1974 באַקומען 82,5 מיליאָן ליר האַכ־נאָסעס לעגאַבע 57,1 מיליאָן אין 1973, — וועגן דעם האָט מיטגעטיילט דער גענעראַל־דירעקטאָר פונעם קאָנצערן אַרן דאָווראַט („האַאַרעץ״, 31 מאַרט 1975).

— דער יִיסראַעלדיקער „באַנק אַפּאָטעקאַי״ (דער באַנק, וועלכער גיט אַרויס האַלוואָעס אַף וווינונגען. — רעד.) האָט פאַרגרעסערט זײַנע האַכנאָסעס אין 1974 אַף 133 פּראָצענט („האַ־אַרעץ״, 17 אַפּרעל 1975).

— דירע־געלט איז בלויז אין סעפּטיאַבער 1974 געהעכערט געוואָרן אַף 39 פּראָצענט (פון א סטאַטיסטישן באַריכט).

— די פּאַפּיר־אונטערנעמונגען אין דער שטאַט כעדעראַ האָבן פאַרענדיקט דאָס 1973—1974 פינאַנץ־יאָר מיט א רעווועך פון 24,6 מי־ליאָן ליר. אין פאַרגלײַך מיטן פאַריקן יאָר איז דער רעווועך פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען אויסגעוואַקסן אַף 42 פּראָצענט („האַאַרעץ״, 21 אווגוסט 1974).

— דער דעפיציט פונעם צאָלונגס־באַלאַנס, וועלכער האָט אין 1966 באַטראָפן 445 מיליאָן דאָלאַרן, איז אין 1967 אויסגעוואַקסן ביז 527 מיליאָן, אין 1970 דערגרייכט ער ביז 1,2 מי־ליאַרד, און נאָכן 1973 איז ער שוין העכער 1,7 מיליאַרד („עוראָפּעאָ״, מילאַן).

**די לעגענדע וועגן דעם, אַז אין יִיסראָעל ווערט פאַרגרעסערט דער פאַרנעם פון וווינונגס־בויונג, איז שוין פון לאַנג געוואָרן אַן אָביעקט פאַר אַנטוישונג. כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז דאָס אַר־טיקל „פאַרוואָס אַזוי טײַער?״, וואָס די צײַטונג „האַאַרעץ״ האָט פאַרעפנטלעכט אין איר וועכנט־לעכער בײַלאַגע פאַרן 4 יול ד. י. דער אווטאָר פונעם אַרטיקל עלי־עזער לעווין פאָרמולירט זײַן אינ־פאָרמאַציע אין פיר שלאָגנדיקע אונטערקעפּלעך: „באַ זיבן מיליאָן ליר האָט מען אַרײַנגעלייגט אין אַזאַ וווינונגס־בויונג, וועלכע האָט ניט קיין נאָכפראַגע״, „צענדליקער טויזנטער מישפּאָכעס לעבן אין שווערע באַדינגונגען, אין שרעק־לעכער ענגשאַפט״, „יונגע פּאָר־לעך זײַנען ניט אימשטאַנד אָפּצו־צאָלן אַרײַנטרעט־פּרײַזן פאַר די־רעגעלט״, „דער דורכפאַל פונעם מיניסטעריום פאַר וווינונגס־בויונג אינעם לייזן די פּראָבלעם פון מאַנגל אין דירעס דערקלערט זיך ניט בלויז מיט ביודזשעט־סיבעס״.**

**און ווײַטער ווערט געמאָלט אַזאַ בילד:**

„ווער עס וויל זען מענטשן, וועלכע לעבן אין נויט, זאָל ער אַרײַנגיין אין ביוראָ פון רע־גיסטראַציע און קאָנסולטאַציעס פון דעם מיני־סטעריום פאַר דירע־בויונג אין די גרויסע שטעט. דאָ קאָן מען טאָגטעגלעך טרעפן יונגע־לײַט, אָפט מיט וויינענדיקע קינדער אַף די הענט. זיי שטייען מיט פאַרדײַגעטע פּנימער אין דער ריי צום באַאַמטן. וואַרטנדיק אַפן אָפּ־נאָם, לייענען זיי די מעלדונגען, אין וועלכע עס ווערט געזאָגט, וויפל א דירע קאָסט אין דער אָדער יענער שטאָט. אָפּטער פון אַלץ קומען זיי צום אײַינציקן אויספיר, אַז קיין שום האָפענונג צו באַקומען א דירע היינט אָדער אין די נאָענט־סטע יאָרן האָבן זיי ניט. זיי וועלן געצוווּנגען זײַן צו וווינען באַ די עלטערן, אין א געדונגע־נעם צימער אָדער אינגאַנצן ניט כאַסענע האָבן״.

**דער זשורנאַליסט ברענגט א קאָנקרעטן בײַ־שפּיל:**

„מיט טעלעכע וואָכן צוריק בין איך מאַמעש אָפּגעטרייסלט געוואָרן פון א באַזוך אין א מויזנלאָך אַפן ראַנד פון דער שטאָט באַט־יאַ־מאַ — מע רופט זי „סאַכנע גימל״ — און געזען, ווי זיבן נעפאַשעס מאַטערן זיך אין צוויי אומ־דערטרעגלעכע צימערלעך, וווּ ווינטער איז פּיטש־נאַס און עס זײַנען ניטאָ קיין שום באַק־וועמלעכקײַטן. פיר פון די זיבן נעפאַשעס זײַ־נען די טאָכטער פונעם „באַלעבאָס״, זײַן ווײַב און צוויי פּיצלעך קינדער אין עלטער פון דרײַ יאָר און פון א יאָר מיט א פערטל״.

**לעווין האָט מוירע, אַז מע וועט אים פאַר־וואַרפן, האַלעמײַ ער מאַכט א פּאַראַלגעמיינע־רונג לויט אײַן מישפּאָכע, באַמערקט ער:**




**שטײַגנדיקע רעוואָכים פאַר די באַלעבאַטים, פאַלנדיקע סכירעס פאַר די אַרבעטנדיקע**

„דאָס איז עפּשער דער ערגסטער בײַשפּיל, נאָר עפּעס ענלעכס צו אַזאַ בילד כאַזערט זיך איבער אין טויזנטער און, מעגלעך, צענדליקער טויזנטער וואַריאַנטן״.

**אין א דאָקומענט, וואָס דאָס מיניסטעריום פאַר וווינונגס־בויונג האָט אַרויסגעגעבן דעם 27 נאָיאַבער 1974, מיט טעלעכע טעג, איידער**

**עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרקויף פון 7000 דירעס פאַר יונגע פאָרלעך, ווערט געזאָגט, אַז „די פרײַזן זײַנען ניט העכער פון 140 טויזנט ליר איבערן גאַנצן לאַנד און 160 טויזנט אין ירושלאַיִם". זיבן טויזנט דירעס — וואָס דאַרפט איר מער? פאַרוואָס זשע איז ביזן 31 מײַ 1975 פאַרעגיסטרירט געוואָרן בלויז 2152 מעלדונגען (לויט די לעצטע ידיעות, זאָל זייער צאָל האָבן דערגרייכט 2500)? גאַנץ פּאָשעט — ווײַל די דירעס זײַנען צו טײַער.**

**אין דער בײַלאַגע פונעם „האַרעץ" ווערט אפילו פאָרעפנטלעכט אַ גאַנצע טאַבעלע — ווי האַלט עס מיטן פאַרקויפן די דירעס, — און מיר דערוויסן זיך, אַז אינעם קרײַז גאַליל זײַנען אָף 807 דירעס, געמאָלדענע צום פאַרקויפן, אָנגעקומען בלויז 129 מעלדונגען, אין כײַפער קרײַז אָף 1401 דירעס — 591, אינעם צענטראַלן קרײַז אָף 1973 דירעס — 702, אין נעגעווער קרײַז אָף 917 דירעס — 323 מעלדונגען, אין ירושאָלאַיִמער קרײַז אָף 924 דירעס — 401 מעלדונגען. אויב זיך האַלטן בײַ דער פאָרמעלער סטאַטיסטיק, האָבן זיך, אַשטייגער, אין רעכאָוואָט אָף די פאַרגעלייגטע 40 דירעס געפונען אײַנגאַנצן צוויי באַלאָנים, און אין טווערייע אָף 105 דירעס — בלויז זעקס. ניטאָ קיין באַלאָנים, און שוין! אײַנדערעמעסן אָבער האָבן מיר צו טאָן מיט דער אויסגעשפּראָכענער נאַטור פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, און אפילו דאָס „פּינטעלע ייִד" העלפט דאָ ניט.**

„מע וואָלט געקאָנט באַזעצן אין די ליידיקע דירעס די נויטבאַדערפטיקע מישפּאָכעס, — שרײַבט עליעזער לעווין, — אָבער מע טוט עס קימאַט ניט. ס'איז שווער צו באַגרײַפן, נאָר דאָס איז דאָך אַ פאַקט: ניט געקוקט אָף דעם, וואָס די אימיגראַציע אין ייִסראָעל איז פאַרן לעצטן יאָר געפאַלן, האָט מען פאַר די לעצטע זעקס כאָדאָשים געגעבן בלויז 150 דירעס פאַר די מישפּאָכעס, וועלכע נייטיקן זיך אין וווינונגען, כאָטש אַזעלכע מישפּאָכעס זײַנען אפילו לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן פאַראַן 4000... אַלע רייד וועגן „פאַרבעסערן די וווינונגס־באַדינגונגען פון די אָרעמע מישפּאָכעס" זײַנען ניט ווערט קיין גראָשן. מיט פיר יאָר צוריק האָט מען אין ייִסראָעל אָנגעציילט 47.000 מישפּאָכעס, וועלכע לעבן אין גרויסער ענגשאַפט (מע דאַרף דערבײַ באַמערקן, אַז דער טערמין „ענגשאַפט" קומט פון די אָפיציעלע קרײַזן און ווערט באַנוצט בעקיווען אָף אַזאַ אויפן, אַז די ציפער זאָל ניט זײַן אַ צו גרויסע). פיר יאָר זײַנען אַוועק, ס'האָבן זיך געביטן צוויי מיניסטאָרן פון דירע־בויונג, מיליאַרדן ליר זײַנען דורכגעפלאָסן דורך די קאַנאַלן פונעם מיניסטעריום, און אָט לייענען מיר אָף דער זײַט 87 פונעם ביודזשעט פון דעם מיניסטעריום אָף הײַנטיקס יאָר: „לויט דער אָפּשאַצונג פונעם מיניסטעריום פון דירע־בויונג לעבן באַ 60.000 מישפּאָכעס אין באַדינגונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן ניט די סטאַנדאַרטן, וואָס זײַנען אָנגענומען אין דער ייִסראָעלדיקער געזעלשאַפט..."

**„סטאַנדאַרטן" עקזיסטירן אין ייִסראָעל וויפל איר ווילט, אַזויפיל סטאַנדאַרטן, אַז מע האָט זיך שוין פאַרפּלאָנטערט און מע ווייסט ניט, וואָס עס איז גוט און וואָס שלעכט. דאַכט זיך, אַ פּאָשעטע זאַך — נויט, אַ פאַקט, וואָס קיינער קאָן אים ניט באַשטרײַטן. קומט אָבער דער פינאַנץ־מיניסטער און נעמט דערווײַזן: ס'איז אַ בילבל! אין שײַכעס דערמיט איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאָרגעקומען צווישן צוויי דעמלטיקע באַאַמטע — דעם פינאַנץ־מיניסטער פינכאַס סאַפּיר און דעם גענעראַל־דירעקטאָר פון דער אינסטאַנץ פון נאַציאָנאַלער פאַרזיכערונג דר. ייִסראָעל קאַץ — אַ גאַנצע דיסקוסיע, וועלכע איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן פאַר דער עפנטלעכקײַט. וועגן דעם דערוויסן מיר זיך פון ייִצכאָק לודענס אַרטיקל „נויט און סטאַטיסטיק" אין דער צײַטונג „לעצטע נײַעס".**

„דער מיניסטער זעט אונדזער לעבן דורך די שפּאַקולן פון די קײַלעכדיקע ציפערן, דורך די ברילן פון די זעקספּאַכיקע נולן, — שרײַבט לודען. — דעריבער — וואָס מער עס שטײַגן די דאָזיקע ציפערן אין די ביודזשעטן, איבער וועלכע עס הערשט דער פינאַנץ־מיניסטער, אַלץ מער דוכט זיך אים, אַז די בירגער פון ייִסראָעל זײַנען אויסבערענגער און זײַנען גווירעם דער מעדינע אַלץ מער און גרעסערע דעפיציטן".

**האָט דער גענעראַל־דירעקטאָר פון דער אַמט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג געפּרוּווט אַראָפּנעמען פונעם פינאַנץ־מיניסטערס אויגן די שפּאַקולן, און ער האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז איבער אַ פערטל מיליאָן ייִסראָעל־בירגער לעבן אין נויט. דאָס איז געווען אַ דירעקטער אַרויסרוף דעם פינאַנץ־מיניסטער, און יענער האָט שוין ניט אויסגעהאַלטן. „איך וועל אופרײַסן און צעשטערן די לעגענדע וועגן דעם סאָציאַלן טהאָם אין ייִסראָעל!" — איז ער אַרויס פון די קיילים און אָנגעהויבן צו מאַניפּולירן מיט סטאַטיסטישע אָנגאַבן, וועלכע האָבן געדאַרפט דערווײַזן, אַז די באַפעלקערונג פון ייִסראָעל לעבט אַ מעשוגענעם טאָג: אַ סימען האָט איר — מע צעכאַפּט מאַמעש קאָלערליי מאַשינעס און זאַכן, וואָס אָן זיי קאָן מען זיך דערווײַל באַגיין. איין קלייניקײַט האָט דער פינאַנץ־מיניסטער פאַרשוויגן: אַז אָט די סכוירעס „צעכאַפּט מען", ווײַל אין דער מעדינע האָט מען איבער דער אַלץ שטײַגנדיקער אינפלאַציע פאַרלוירן דעם צוטרוי צום געלט.**

אוואַדע איז געשטיגן די צאָל אײַנגעקויפטע וואַש־מאַשינעס, טעלעוויזאָרס, — באַמערקט דער אַווטאָר פונעם אַרטיקל „נויט און סטאַטיסטיק", — אָבער צי האָט זיך דערמיט פאַרקלענערט דער טהאָם צווישן די, וועלכע געניסן פון דער „פּראָספּעריטי", און די סאָציאַל־נידעריקע שיכטן?"

**דער טהאָם צווישן די רײַכע און אָרעמע ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער.**

„יאָ, די „פּראָספּעריטי", דער פאַלשער וווילשטאַנד, אין וועלכן מיר לעבן, האָט אויך זײַנע קאָרבאָנעס, דאָס זײַנען די הונדערטער טויזנ־

טער, וואָס זײַנען ניט „קאָנקורענץ־פייִק”. אין דעם דאָזיקן אכזאָריעסדיקן געיעג זײַנען טאָמיד אפן ערשטן אָרט די עקאָנאָמיש־שטארקע, וועלכע ווערן נאָך רײַכער, בײַס די אָרעמע, די פּאָשעטע ארבעטער בלײַבן שטענדיק הינטערשטעליק”.

**אָט אזוי „זאָגט אויס פון כיידער”, באווײַזט דעם עמעסן פּאָנעם פונעם הײַנטיקן ייִסראָעל מיט אלע זײַנע גוואלדיקע ווידערשפּרוכן און קאָנטראסטן אליין די בורזשואזע פּרעסע.**

**אויבן האָבן מיר שוין דערמאָנט וועגן מ. צאנינס ארטיקל „סאָציִאלער אָפּגרונט אין ייִסראָעל ווערט אלץ טיפער”. נאָך מער אָפּן שרײַבט ער וועגן דער עקאָנאָמיק פון דער מעדינע אינעם ארטיקל „די גרויסע שווערִיקײַטן פון דער ייִסראָעל־ווירטשאפט”, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין דעם זעלבן „פאָרווערטס”. דער הויפּט־מאָטיוו פון אָט דעם ארטיקל איז: „מע זאָל ניט געפּרוּווט ווערן דערמיט, צו וואָס מע קאָן זיך צוגעווינען”, ווי עס דריקט זיך אויס צאנין אליין. דאָס בילד, וואָס ער מאָלט אָן, איז בעעמעס א דערשיטערנדיקס:**

— דער ארבעטס־קויעך וועט ווײַטער זײַן א געברויכער, און א גרויסער געברויכער, אָנשטאָט ער זאָל זײַן א פּראָדוצירנדיקער;

— אזוי לאנג ווי „די לאגע” (דאָס הייסט — דער מילכאָמע־צושטאנד. — רעד. „סאָוועטיש היימלאנד”) וועט דויערן, וועט די ווירטשאפט בלײַבן פאראליזירט;

— דער מילכאָמע־צושטאנד האָט צעשטערט די גאנצע סיסטעם פון צאָלונגען און ווירטשאפטלעכע פארפּליכטונגען. 15 פּראָצענט פון אלע טשעקן קומען צוריק מיט דער באמערקונג, אז זיי האָבן ניט קיין דעקונג. 30 פּראָצענט פון אלע וועקסלען ווערן ניט אויסגעלייזט;

— אויב אין די ערשטע טעג פון דער מילכאָמע האָבן די קריגס־אויסגאבן דערגרייכט צו אכט מיליארד ייִסראָעלדיקע פונטן, און פון אָט דער סומע א העלפט אין פרעמדער וואליוטע, האלט שוין ייִסראָעל איצט נאָענט צו פופצן מיליארד פונטן, ניט רעכענענדיק די אמעריקאנער געווער־צושטעלונגען אין אזעלכע גרויסע ציפערן, אז פאר זיי וועט אויסקומען צו צאָלן די קומענדיקע דורעס אין ייִסראָעל;

— די רעגירונג האָט געמוזט ארופלייגן נײַע שטײַערן און אקציז־אָפּצאָלן אף א גאנצער ריי ארטיקלען פון ערשטן געברויך...

**איז, דאכט זיך, גענוג?**

**ניין, דער בעכער איז נאָך ניט איבערגעפולט:**

— דער יאקרעס אף פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך וועט וואקסן אויך ווײַטער, פונקט ווי די שטײַערן, ווען די באפעלקערונג וועט זיך צוגעווינען צו דער ערשטער „פאָרציע”;

— די רעגירונג וועט ווארפן זייער פיל געלט אפן אינערלעכן מארק דורך באשטעלונגען פאר דער ארמיי...

**דאָס אלץ איז אומפארמײַדלעך — אזא אויספיר מאכט צאנין. אלעמאָל, ווען די רעגירונג מעלדעט א נײַע דעוואלוואציע אָדער א העכערונג פון די שטײַערן, אייצעט מען די ארבעטנדיקע „פארצײַען דעם פאסעק”. אָבער דער דאָזיקער „פאסעק” איז שוין אף אזויפיל פארצויגן, אז ס׳איז מאמעש ניטאָ מיט וואָס צו אָטעמען.**

## ווען דער בעכער איז איבערגעפולט...

**„פארצײַען דעם פאסעק” איז שוין ניט קיין נײַער פאָסעק. די רעגירער פונעם הײַנטיקן ייִסראָעל זײַנען אין דעם פראט ניט אָריגינעל, ווי ניט אָריגינעל עס איז ביכלאל די פּאָליטיק, וועלכע באזירט זיך אף יעסוידעס פון מילכאָמע.**

**די רעגירונג און די בורזשואזע פארטייען פונעם לאנד ווילן אײַנרעדן דעם פאָלק, אז אלץ דארף געבראכט ווערן אלס קאָרבן אין נאָמען פון דער „זיכערקײַט פון דער מעדינע”. אין 1973 האָט דער ביודזשעט פונעם זיכערהײַט־מיניסטעריום באטראָפן 15,3 מיליארד ייִסראָעלדיקע ליר, און הײַנטיקס יאָר איז ער אויסגעוואקסן ביז 23,6 מיליארד ליר. 62 פּראָצענט פונעם מעלוכע־ביודזשעט זאָלן גיין אף דירעקטע און אומדירעקטע מילכאָמע הויצאָעס — אזוינס איז נאָך אין ערגעץ ניט געהערט געוואָרן! צו די 23,6 מיליארד ליר, וועלכע זײַנען איצט אויסגעטיילט דעם זיכערהײַט־מיניסטעריום, דארף מען נאָך צוגעבן 10,2 מיליארד ליר, וואָס זײַנען באשטימט אף דעקן די כויוועס פון דער מעדינע, און נאָך א מיליארד ליר, אויסגעטיילטע פאר אנדערע מיניסטעריומס, נאָר זיי גייען אף די זעלבע מיליטערישע צוועקן.**




דער פאבריקאנט צום ארבעטער: „וואָס זשאלעוועסטו זיך נאָך — מע האָט דיר דאָך געגעבן די רעקאָמענדאציעס פון בען־שאכאר!”

**אויסער דעם, וואָס דער נאַציאָנאַלער כויוו פון דער מעדינע איז פונעם 1969 ביזן 1975 אויסגעוואַקסן פון 2 מיליאַרד 100 מיליאָן דאָלאַרן ביז 7 מיליאַרד 853 מיליאָן, פאַרגרעסערן זיך פון יאָר צו יאָר די שטײַערן, וועלכע די מעלוכע לייגט ארוף אַף דער באַפעלקערונג.**

**אַן עמעסע מאַגייפע ווערט אין דער מעדינע די אַרבעטסלאָזיקייט. לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן, וועט די צאָל אַרבעטסלאָזע אין פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע געביטן צום סאָף פונעם 1975 יאָר דערגרייכן 100 טויזנט.**

**גרויסע שוועריקייטן לעבט איבער די ייִסראָעלדיקע לאַנדווירטשאַפט. די לעצטע עקאָנאָמישע שריט פון דער רעגירונג האָבן פאַרקלענערט דעם געברויך פון מילך און מילך־פּראָדוקטן, פון אייער און פלייש — געוויינלעך, מיצאַד די אָרעמסטע שיכטן. און ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס אַ גאַנצע ריי ווירטשאַפטן האָבן פאַרקירצט אָדער אַפילע אינגאַנצן ליקווידירט זייערע הינער־שטאַלן. אַ יערידע לעבט איבער אויך די ציטרוס־ווירטשאַפט. ערשטנס, שטויסט זי זיך אָן אין אַ שטאַרקער קאָנקורענץ אַפן וועלט־מאַרק, און, צווייטנס, האָבן אַ סאַך לענדער געמאָלדן אַ באָיקאָט אַף איר. לעצטנס האָט מען דעריבער זיך אָנגעהויבן צו טראָגן אין דער מעדינע מיט פּלענער וועגן פאַרניכטן די ציטרוס־פּלאַנטאַציעס און קולטיווירן אָנשטאָט זיי צוקער־בורעקעס: די פּרײַזן אַף צוקער זײַנען אַפן וועלט־מאַרק געשטיגן און מע וועט, אַכוץ דעם, זיך קאָנען עטוואָס באַפרײַען פון דער אָפּהענגיקייט אַף אָט דעם פּראָדוקט פון דעם וועלט־מאַרק.**

**פּלענער פעלן ניט, בלויז איין פּלאַן האָט ניט נויסע־כיין געווען בא די רעגירער פון דער מעדינע: וויאַזוי צו מאַכן אַ סאָף צו דער מיליטאַריזאַציע און צום אָנגריף אַף די לעבנס־באַדינגונגען פון די מאַסן.**

**לויט די אָפיציעלע אָנגאַבן, האָט די אַמעריקאַנער הילף פאַר ייִסראָעל, אין קאָלערליי פאָרמען, באַטראָפן אין פאַרלויף פון 22 יאָר (דה. פון 1948 ביז 1970) סאַכאַקל 2 מיליאַרד דאָלאַרן. דער אַפּעטיט אָבער קומט בײַסן עסן, און בלויז פאַר איין יאָר — 1974 — האָבן די ציִעניסטישע קרײַזן אויסגעקליאַנטשעט בא די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אין דער פאָרם פון סובסידיעס און האַלוואָעס העכער 2 מיליאַרד דאָלאַרן.**

**אין דער פּרעסע פאַרגיט מען זיך אַלץ אָפטער אַ פראַגע:**

— וואָס וועט זײַן, אויב די אַמעריקאַנער רעגירונג וועט אָפּשטעלן אָדער פאַרקירצן אָט די הילף?

**און אַזוי טאַקע מוז עס געשען.**

„די צאָפן־אַמעריקאַנער רעגירונג האָט עטוואָס אײַנגעצויגן די האַנט מיט די סובסידיעס, וואָס זי גיט אונדז", — שרײַבט מיט אומרו די צײַטונג „מאַאריוו" (22 אַפּרעל 1975).

**אַמעריקע גיט שוין אָן כיישעק.**

**דער דאָזיקער טעזיס ווערט אין ייִסראָעל אויסגענוצט ווידעראַמאָל צוליב נאָך שטײַפער „פאַרציִען דעם פּאַסעק" בא די ברייטע מאַסן. „מיר וועלן געצוווּנגען זײַן אַראָפּצוזעצן דעם לעבנס־ניוואָ" — אַן אַרטיקל אונטער אַזאַ קעפּל (אין „יעדיאָט אַכראָנאָט") באַגלייט ייִסראָעל טאָמאַר מיט אַן עפּיגראַף: „צום ערשטן מאָל זינט דער אַנטשטייוּנג פון דער מעדינע רעקאָמענדירן די עקאָנאָמיסטן אַ ווירטשאַפטלעכן צוריקצוג: וועגן דעם האָט מען באַשלאָסן אין וואַשינגטאָן".**

„דער פינאַנץ־מיניסטער, — שרײַבט טאָמאַר, — איז דערצאָרנט פונעם פּראָגנאָז וועגן דעם, וואָס עס קאָן געשען, אויב די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן פאַרקירצן זייער הילף פאַר ייִסראָעל פון 2,3 מיליאַרד דאָלאַרן, ווי ייִסראָעל בעט, ביז איין מיליאַרד. מע מיינט, אַז דאָס וועט ווירקן אַף דער פאַרקירצונג פונעם אימפּאָרט אַף זיכערהײַט־צוועקן אַף אַ האַלבן מיליאַרד דאָלאַרן, אַף דער פאַרקירצונג פונעם ציווילן אימפּאָרט אויך אַף אַזאַ סומע, און דאָס וועט ברענגען צו אַן אַרבעטסלאָזיקײַט אַן ערעך אַף 10 פּראָצענט פון דער צאָל באַשעפטיקטע; אין אַבסאָליוטע ציפערן: בא 100 טויזנט אַרבעטער וועלן דאַרפן אָפּשלאָגן די שוועלן פון די אַרבעטס־בירזשעס שוין צום סאָף פונעם לויפיקן פינאַנץ־יאָר, דה. אין אָנהייב פון 1976... דערווײַל זײַנען פון וואַשינגטאָן אָנגעקומען יעדיעס, וועלכע האָבן געמאַכט אָט די פּראָגנאָזן בעפיירעש אַקטועל: ווי מע טיילט מיט, האָט זיך פאַרענדיקט דער „נײַער אַנאַליז פון דער לאַגע", וואָס עס האָט אים געמאַכט די אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע, און אַפן גענגעבענעם עטאַפּ איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די הילף — מיליטערישע און עקאָנאָמישע — פאַר ייִסראָעל וועט אינעם קומענדיקן פינאַנץ־יאָר, וועלכער הייבט זיך אָן אין די פאַראייניקטע שטאַטן דעם 1 יול, פאַרקירצט ווערן אַף אַ העלפט, טראָץ די באַקאָשעס פון ייִסראָעל" („יעדיאָט אַכראָנאָט", 27 אַפּרעל 1976).

**די רעגירונג פון ייִסראָעל זוכט אַן אויסוועג, וויאַזוי ראַטעווען די לאַגע. „האַארעץ" שרײַבט וועגן דעם** (13 מײַ 1975)**:**

„בייסן באַהאַנדלען אין קנעסעט די בױדזשעטן פון די מיניסטעריומס פון אַרבעט און סאָציאַלער הילף האָט דער דעפּוטאַט שמועל טאַמיר (איינער פון די אָנפירער פונעם בלאָק „ליקוד". — רעד.) געזאָגט: „אַ געזעלשאַפט, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אַף דער עקאָנאָמיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, וואָס זיי אַליין פאַרמאָגן 9 מיליאָן אַרבעטסלאָזע און האַלטן זיך באַם טראַדיציאָנעלן פּרינציפּ: „דער ערשטער געקומען — דער לעצטער אַוועק"... דאָס אַלץ און קעדוימע אַזעלכע זאַכן, וועלכע זײַנען מעגלעך בלויז אין באַדינגונגען פון אומופהערלעכער שנאָרערײַ, צעשטערן די דינאַמישע סיסטעם פון דער עקאָנאָמיק און ברענגען צו אַ יערידע ניט נאָר פון די פּראָדוצירונגס־פּראָצעסן, נאָר אַפילע פון אונדזער גײַסטיקער סטרוקטור און אינערלעכער קראַפט".

**וואָס זשע פּאַרט דאַרף מען פּאַרנעמען, קעדיי מאַכן אַ סאָף צו דער „אומופּהערלעכער שנאָרעריי"? און „ליקוד" לייגט פאָר:**

„אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און אַלע עקאָנאָמישע פּאַקטאָרן אין דער מעדינע דאַרפן אַרויסטרעטן צוזאַמען מיט אַ פּלאַן, וועלכער וועט, אָף וויפל דאָס איז מעגלעך, פאַרקלענערן אונדזער מיליטערישע און עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט פון פּשאַ, מיט אַן אויסעראָרדנטלעכן עקאָנאָמישן פּלאַן, באַזירנדיק זיך אָף פּאָלגנדע מאָמענטן: אַ רעזשים פון פאַרקירצונגען און שפּאָרזאַמקייט אין אַלע געביטן, איינגעשלאָסן דעם מעלוכע־ביודזשעט, צופּאַסן די פּראָדוצירונג אין אַלע ווירטשאַפּטלעכע צווייגן צו די אויסעראָרדנטלעכע באַדינגונגען, קעדיי פאַרקלענערן אונדזער אָפּהענגיקייט פון וויכטיקע אימפּאָרט־סכוירעס. אַזאַ שריט וועט מאַכן אַן איינדרוק אָף דער וועלט און וועט אַרויסרופן מיטלייד צו יִיסראָעל, באַזונדערס בא דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג אין פּשאַ" („האַארעץ", 4 יול 1975).

**אייצעס, פּלענער... די מעלוכע־לייט פון יִיסראָעל איבן זיך אין דעמאַגאָגיע און פּלאַפּלעריי, אָבער דאָס העלפט, ווי אַ טויטן באַנקעס. די אַלץ נייע לופט־פּלענער רופן בלויז אַרויס פאַרביטערונג בא די פּאָלקסמאַסן. לעצטנס איז געשטיגן די צאָל שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס פון די אַרבעטנדיקע קעגן דער פאַלשער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. וועגן דעם שרייבט ניט נאָר די פּראָגרעסיוו, נאָר אויך די בורזשואַזע פּרעסע.**

„אַמאָל פּלעגן דעמאָנסטראַציעס זיך אויסשטעלן ניט בא דער געביידע פונעם קנעסעט, — שרייבט אין „יעדיאָט אַכראָנאָט" (4 יול 1975) דאַוו גאַנאַכאָווסקי. — פּאַר אַ זיצנדיקן שטרייק איז געוועזן גילטיק, לעמאָשל, די געביידע פון דער אויטאָבוס־סטאַנציע. דעריקער איז געווען, אַז אַלץ מעג פאַרקומען ווו איר ווילט, אַבי ניט אָנרירן די קנעסעט־געביידע. הייַנט אָבער איז אַלץ קאַפּויר: די דעמאָנסטראַציעס האָבן זיך אַריבערגעטראָגן צו דער קנעסעט מיט איר קאָנדענסירטער לופט אינווייניק — דאָרטן דעמאָנסטרירן אַלע".

**אַלזאַ, די יִיסראָעלדיקע אַרבעטנדיקע קלייבן זיך שוין פאַנאַנדער, ווער עס איז שולדיק אין דער נויט און אין יאַקרעס, אין דער עקאָנאָמישער יערידע פונעם לאַנד. דער אַדרעס: די רעגירנדיקע קרייזן, די קנעסעט, ווו מע פּאַרמירט אַזאַ פּאָליטיק, וועלכע איז געצילט קעגן דעם לאַנד, קעגן דעם פּאָלק.**

**די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן זיך אויך פאַנאַנדערגעקליבן, וואָס פּאַר אַ פּאָליטיק עס פירן די היסטאַדרוט־פּראָפאַריינען, וועלכע גייען אין שפּאַן מיט דער רעגירונג.**

„די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט, — שרייבט וויטער גאַנאַכאָווסקי, — געפינט זיך אין דער סטאַדיע פון פּאַרלאַנגזאַמונג, שטופּעסוויַז — נאָר פּאַרט אַ פּאַרלאַנגזאַמונג... און דעמלט שאַפט זיך אַזאַ לאַגע, אַז אינעם אויספירקאָם פון היסטאַדרוט רעדט מען מיקויעך „פּאַרציַע דעם פּאַסטעק", אַראָפּגידערן דעם לעבנס־ניוואָ אַדג„ און אויסער די וועגט פונעם אויספירקאָם פּאָדערט קאַלערליי צוגאָבן אין פאַרשיידענע פּאָרמען יעדער פּראָפאַריין, יעדער אַרבעטער־קאָמיטעט אין יעדן אַנשטאַלט און אָף יעדן זאָוואָד, יעדער מוישע לעווי (מוישע לעווי איז איינער פון די אָנפירער פונעם שטרייק פון די האָפּן־אַרבעטער, וועלכער האָט דערקלערט: „דער פאַרשלאָג פון דער קאָמיסיע בעראָש מיט בען־שאַכאַר וועגן דער רעפאָרם פון די שטייערן — דאָס איז אַ האַק, וואָס דער פינאַנץ־מיניסטער לאָזט אַראָפּ אָף אונדזערע קעפּ איינצייטיק מיט דעם, וואָס עס פּאַרענדיקט זיך דער טערמין פון דער טעטיקייט פון די קאָלעקטיווע אָפּמאַכן")".

**קעדיי מאַכן אַן אָנשטעל, אַז עפּעס־וואָס ווערט פּאַרט געטאָן, קעדיי ווי־ניט־איז אונטערהאַלטן די עקאָנאָמיק, האָט מען אין יִיסראָעל צוגעטראַכט אַ נייעם טערמין — „מיטון", וואָס זיין טייטש איז — באַרויקונג, ברענגען אין גלייכגעוויכט, אָבער דער עמעסער מיין איז — אַ לאַגע, וואָס איז נאָענט צו אַ קריזיס. גאַנאַכאָווסקי דערלויבט זיך אַפילע אַ וויצל צו טאָן זיך:**

„צום באַדויערן, איז פּאַראַן איין וועג צו לייזן די פּראָבלעם פונעם צאָלונגס־באַלאַנס: מיטון. מע קאָן עס אָנרופן מיט פאַרשיידענע ווערטער. מיר האָבן ניט ליב קיין גראָבע אויסדרוקן, און „מיטון" איז געוואָרן אַ גראָב וואָרט אינעם עקאָנאָמיש־פּאָליטישן ווערטערבוך פון יִיסראָעל. נו, גוט, לאָמיר עס אָנרופן „פּאַרלאַנגזאַמונג פון דער עקאָנאָמישער טעטיקייט". אָבער עס דאַרף זיין קלאָר, אַז עס עקזיסטירט ניט מיטון „דע־ליוקס". ווער עס האַלט, אַז מיטון באַטייט: טויזנט באַשעפטיקטע קוקן אָף צוויי הונדערט זייערע קאָלעגן, וועלכע אַרבעטן ווייַטער, אָבער אַלע 1200 באַקומען אַ פולן אַרבעטסלוין אין סטיל פון אַשדאָד (געמיינט דעם באַוווּסטן שטרייק, וועלכער האָט געמאַכט אַ רוישעם אין לאַנד), איז דאָס אַ וואָרט־שפּיל. דער טאָך פון מיטון באַשטייט אין דעם, וואָס אָט די צוויי הונדערט אַרבעטן נאָך שווערער, און די איבעריקע טויזנט, וועלכע אַרבעטן ניט, האָט מען אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן, און זיי זוכן אַ באַשעפטיקונג".

**מיטון אַהער, מיטון אַהין, אָבער פאַרמאַכן די אויגן אָף דעם, וואָס עס קומט פּאָר אין דער יִיסראָעלדיקער עקאָנאָמיק הייַנט, קאָן מען שוין ניט. און דעמלט זייַנען אַפילע בורזשואַזע פען־מענטשן געצוווּנגען צו זאָגן דעם ריינעם עמעס. בא דאַוו גאַנאַכאָווסקין זעט עס אויס אָף אַזאַ אויפן:**

„עקאָנאָמיק — דאָס איז, ווי מע האָט שוין אַמאָל געזאָגט, ניט קיין וויסנשאַפט, וויַיל זי האָט צו טאָן מיט לעבעדיקע מענטשן, און זיי פירן זיך אויך אין העסקעם מיט די אַלגעמיינע איינשטעלונגען און געזעצן. אָבער די געזעצן פון עקאָנאָמיק פּאַרמאָגן אַ פאַרשנעלערונג אין

איין ריכטונג — און זי פירט זיכער צו אן אופריַיס. מע קאָן מיט דער הילף פון איניעקציעס פון אויסן אָפּציִען די ציַיט פונעם אופריַיס. נאָר די אַפּטייק, וועלכע פאַרקויפט די דאָזיקע איניעקציעס, איז פאַרמאַכט. דער איינציקער מעטאָד אויסצומיַידן אן אופריַיס איז יענער, וואָס איז אָנגענומען בא די פּיַיערלעשער: קעדיי צו פאַרצוימען דעם וועג פאַר א ריזיקער סרייפע, וועלכע קאָן פאַרברענען אלץ מיטאנאנדער, אָרדענען זיי איַין פון דער קעגנגיבערדיקער זיַיט א קליינע סרייפע — אזא, וואָס מע קאָן קאָנטראָלירן...”

**די היַינטיקע יִיסראָעלדיקע פירער אנערקענען בלויז איין מין סרייפע — א מילכאָמעסרייפע. און אין סרייפעס טאָר מען זיך ניט שפּילן. סיַי מיט די שכיינים, סיַי מיטן אייגענעם פאָלק. דאָס איז אן אקסיאָמע, וואָס איז שוין פון לאנג דערוויזן.**



## די „פראוודא” שריַיבט:

ראָשעשאָנע פירט מען אין יִיסראָעל אונטער א סאכאקל פאַרן פאַרגאנגענעם יאָר און מע מערקט אָן פלענער אפן נייַעם יאָר לויטן יִידישן קאַלענדאַר. די דאָזיקע סאכאקלען, דאַרף מען זאָגן, זיַינען גאַנץ באוּמרוִיקנדיקע. די פאָלגן פון דער אַגרעסיווער פאָליטיק בענעגייע די שכיינעסדיקע אראבישע לענדער האָבן זיך שווער אָפּגערופן אף דער עקאָנאָמיק פון דער מעדינע און אף דער לאַגע פון די אַרבעטנדיקע. קימאַט אף א העלפט איז געפאַלן דער קורס פונעם יִיסראָעלדיקן פונט, אין צוויי־דריַי מאָל איז אויסגעוואקסן דער יאָקרעס אף די וויכטיקסטע שפּיַיז־פּראָדוקטן, ס׳האָט זיך פאַרשטאַרקט די אינפליאציע. מערקווירדיק איז דאָס, וואָס דער צופלוס פון אימיגראַנטן, וועלכער האָט זיך פאַרקירצט קימאַט אין צוויי מאָל אין 1974 אין פאַרגליַיך מיטן 1973, האָט זיך נאָכאַמאָל פאַרקלענערט אין צוויי מאָל.

ווי עס קאָנסטאַטירט די ענגלישע ראַדיאָ־קאָרפּאָראַציע בי־בי־סי, הערשט אין דער יִיסראָעלדיקער געזעלשאַפט א קאָרופּציע, און די עקאָנאָמיק ווערט אונטערגעהאַלטן בלויז אפן כעזשבן פון אויסלענדישע פינאַנציִעלע איַינשפּריצונגען.

די הויפּט־סיבע פון דער שווערער לאַגע אין דער יִיסראָעלדיקער עקאָנאָמיק איז גוט באוווּסט — דאָס זיַינען די מילכאָמע־הויצאָעס, וועלכע האָבן צו זיך קיין גליַיכן ניט, ביפּראַט פאַר אזא ניט גרויסער מעדינע. בלויז אין 1973 זיַינען די מילכאָמע־הויצאָעס אין יִיסראָעל אויסגעוואקסן אין פיר מאָל, און מע זעט ניט קיין סאָף צו דעם. דאָס, וואָס עגיפּעט און יִיסראָעל האָבן געשלאָסן א נייַעם צווישנשטופּיקן אָפּמאַך וועגן דער צווייטער פאַנאנדערטיילונג פונעם מיליטער, האַלט ניט אָפּ דעם באַוואָפענונגס־געיעג. נאָר, פאַרקערט, דאָס טריַיבט אים נאָך מער אונטער. אין דער איצטיקער באַקאָשע פון יִיסראָעל, אז וואַשינגטאָן זאָל אים געבן 2,5—3 מיליאַרד דאָלאַרן, פאַרנעמען דאָס הויפּטאָרט מיליטער־ליפערונגען. אף צו שאַפן נייַע שוץ־פאַרפעסטיקונגען אפן סיניַי ווערט אויסגעטיילט א סומע פון 150 מיליאָן דאָלאַרן.

י. גלוכאָוו

(„פראוודא”, 10 סענטיאַבער 1975)





## זאלמען קאהאן

# די אײַזערנע װערע

א ייִד א לאַמדן איז געווען קאַלמען סלוצקי. דאָס ווײַב האָט אים געבוירן א טאָכטער. מ׳האָט זי אָנגערופן בערטע. אוואדע א נאָמען נאָכן זיידן רעב בער.

דאָס איז געשען מיט הונדערט יאָר צוריק אין מינסק.

צי האָט גאָר געקענט טרוימען רעב קאַל־מען, אז אין הונדערט יאָר ארום וועט זיך א גרויסער אוילעם צונויפקלײַבן אין לעניגראַד, אין מוזיי פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, איבער דער בינע וועט הענגען א גרויסער פּאָרטרעט פון זײַן טאָכטער, און וועטעראַנען פון דער רעוואָליוציע וועלן מיט אָפּשײַ אָנרופן זי ניט אנדערש:

— די אײַזערנע װערע...

ס׳איז שווער געווען רעב קאַלמענען אזוינס צו פאָרשטעלן זיך. ער איז געווען א ביז גאָר פרומער ייִד, שטענדיק פארנומען מיט דער שול, מיטן דאַוונען, מיט דער געמאָרע און מיט הייליקע ספאָרים. אים האָט מער אינטערעסירט דער אוילאָם־האָעמעס, און מיט דער־וועלט האָט זיך פארנומען זײַן אישע. ער האָט איר פארטרויט די שטוב, די קינדער, די פּאַרנאָסע, דאָס דערוואָרבערן א שטיקל ברויט און פרײַטיק־צונאכטס א כאַלע אָף קידעש. אליין פלעגט ער זיך גאנצע טעג שאָקלען אין שול באַם אָמעד, און דאָס ווײַב זײַנס איז אויסגעריסן געוואָרן, געפרוירן און געהונגערט, שטייענדיק א טאָג אין איר, מישטיינסגעזאָגט, באַקאַליי־קרעמל און געבנדיק די קונדן פון דער מינ־סקער אלט־יאטקע־גאַס איר סכוירע מער אין קרעדיט, איידער פאַר מעזומען.



די קלײנינקע בערטע איז געוואַקסן א באָר־וועסע אף די מינסקער בלאָטעס צווישן די קרומע געסלעך און אײַנגעהויקערטע הילצערנע כאַטקעס פון ארום דעם אלטן מארק. ווו האָט די נײַגעריקע, קלוגע בערטע מיט אירע גרויסע שווארצע אויגן געקענט זען מער קאַפּצאָנים, מער נויט און דאַכקעס, איידער אף די גרויסע מיסטיקע הויפן פון דער אלט־יאטקע־גאַס. פון איר פריִיִקער קינדהײַט האָט זי אין זיך אײַנ־געזאַפּט דעם גרויל, וואָס ארום האָט גע־הערשט. אין איר איז געוואַקסן דער געפיל פון מיטלײַד צו אלע אונטערדריקטע, דער פּראָ־טעסט קעגן יעדן אונטערדדריקער. א ווייכע לויט דער נאַטור, א צאַרטע, איז זי געווען פון קלײנווײַז טרײַ־איבערגעגעבן צו יעדן דער־נידעריקטן.

איר פלײַסיקײַט, איר שטרעבונג צו לערנען זיך, איר דאָרשט צו קענטעניש גיבן איר א מעגלעכקײַט מיט גרויסע שוועריקײַטן אָנצו־קומען אין גימנאַזיע און מיט דערפאָלג פארענדיקן זי. שפּעטער זעצט זי פאָר די לער, באַקומט א דיפּלאָם פון א ציינדאָקטער.

באַ דער טונקעלער שײַן פון א קעראָסין־לאָמפּ פלעגט זי ביז שפּעט אין דער נאכט זיצן א פארטיפטע אין די קאָלערלײַ ביכער, וואָס

זי פלעגט אויסזוכן. דעריקער איז איר הויפטאינטערעס געווען פּאָליטישע ליטעראַטור. זי האָט זיך געשטעלט פאר א ציל אין לעבן — קעמפן מיט דער אומגערעכטיקייט, וואָס הערשט ארום, אויסזוכן מיטלען, וויאַזוי צו פארבעסערן דאָס לעבן פון אלע אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע. לעכאַטכילע פארבינדט זי זיך מיטן „בונד", נאָר זייער גיך צערייַסט זי מיט אים, און אונטער דער ווירקונג פון איר עלטערן ברודער שליסט זי זיך אָן אין דער גרויסער באַוועגונג פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

נאָכן ערשטן מינסקער צוזאַמענפאר פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי איז שוין די נעכטיקע בערטע און איצט ווערע סלוצקאַיאַ צווישן די אַקטיוויסטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. מע טרויט איר אָן דאָס אָרגאַניזירן אַן אונטערערדישע דרוקערייַ. צוזאַמען מיטן ברודער נעמט זי זיך מיט א באַזונדערן ברען צו דער אַרבעט, נאָר אין סאָף 1898 ווערט זי פּלוצעם אַרעסטירט. מע פארשפּאַרט זי אין אַן איינצל־קאַמער פון דער מאָסקווער טראַנזיט־טורמע, ווו זי זיצט אָפּ א יאָר צייַט. ווען זי באַפרייַט זיך, פאָרט זי אַוועק קיין לאָדזש, נאָר די פּאָליציי קערט זי אום צוריק קיין מינסק. דאָ זעצט זי פאָר איר אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט, נאָר ווערט איינגיכן נאָכאַמאָל אַרעסטירט. עס גיט זיך איר אָבער אייַן אַרויסצורייַסן זיך פון אונטער דער פּאָליציי־האַזשגאָכע, און זי אַנטלויפט קיין אויסלאַנד. אין זשענעווע פאַרבינדט זי זיך מיט לענינען, און פון דעמלט אָן אַרבעט זי שוין אונטער זייַן דירעקטער אָנפירונג, אייַנשליסנדיק זיך אַקטיוו אין די רייען פון די באָלשעוויסטישע קעמפער.

איז 1904 קערט זיך ווערע סלוצקאַיאַ אום קיין רוסלאַנד. זי פאַרהאַלט זיך אַף א קורצער צייַט אין ביאַליסטאָק און ווערט דאָ ווידער אַרעסטירט. די צאַרישע פּאָליציי שפּירט נאָך איר יעדן טראָט, אָבער ערעוו דער רעוואָליוציע פון 1905 קען מען זי שוין ווידער באַגעגענען אין די פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון ווייַסרוסלאַנד. זי פאָרט איבער געהיים פון איין אָרט אַף א צווייטן, דרינגט אַרייַן אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, פירט דורך פאַרזאַמלונגען. אומעטום איז זי פּאָפּולער, אומעטום הערט מען זיך צו איר צו.

דעם אכצנטן אָקטיאַבער 1905 קומט ווערע אָן אין מינסק. דאָ האָט אין אָט דעם טאָג באַדאַרפט פאָרקומען א מאַסן־דעמאָנסטראַציע אַפן וואָקזאַל־פּלאַץ. צוזאַמען מיט אַנדערע רעוואָליוציאָנערן אָרגאַניזירט זי די אַרבעטער־קאָלאָנעס. צווישן די אָראַטאָרס, וועלכע רופן צום קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג, זעט מען געווייַנלעך אויך זי, די יונגע ענערגישע פרוי מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן. דער צאַרישער סאַטראַפּ, דער מינסקער גובערנאַטאָר קורלאָוו האָט באַפוילן שיסן אין די דעמאָנסטראַנטן. סאָלדאַטן און פּאָליציי האָבן אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ. מענטשן זייַנען געפאַלן, דער ברוק האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט. העכער אכציק מאַן זייַנען דערהאַרגעט געוואָרן און דרייַ הונדערט פאַרוואונדעט. נאָר צו די אָראַטאָרס האָבן די דעמאָנסטראַנטן ניט צוגעלאָזט די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן דעריבער געשאָסן פונדערווייַטן. לעבן ווערע סלוצקאַיאַ איז אַף דער אימפּראָוויזירטער טריבונע אירער א נאָענטער פּאַרטיי־כאַווער, א יוגנטפרייַנט, וועלכער האָט אָפּגעהיט איר יעדן טראָט. ער האָט באַמערקט, ווי א פּאָליציאַנט האָט זיך אָנגעצילט מיט א פּיסטאָלעט קעגן ווערען, האָט ער זי פאַרשטעלט מיט זייַן קערפּער. א קויל האָט אים דורכגעלעכערט דעם קאָפּ. ווערע האָט א שוווּע געגעבן באַם טויטן קערפּער פון איר פרייַנט: דאָס גאַנצע לעבן, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט ווידמענען דעם קאַמף פאַרן זיג פון דער רעוואָליוציע.

זי זעצט פאָר איר רעוואָליוציאָנערע טעטיקייַט. פון מינסק פאָרט זי אַוועק אין 1905 קיין פּעטערבורג, ווו זי נעמט א טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער מיליטער־אָרגאַניזאַציע פונעם פּעטערבורגער קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

אין 1907 קומט ווערע סלוצקאַיאַ קיין לאָנדאָן אַלס דעלעגאַט פון די פּעטערבורגער באָלשעוויקעס אַפן פינפטן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי. א באַגייַסטערטע קערט זי זיך אום קיין פּעטערבורג און אַרבעט אין משך פון צוויי יאָר אין דער פּעטערבורגער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע. באַזונדערס פאַרנעמט זי זיך מיט דער מאָביליזאַציע פון אַרבעטערפרויען אַרום דער פּאַרטיי. לויט איר איניציאַטיוו ווערט צונויפגערופן דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון אַרבעטער־פרויען.

אין נאָיאַבער 1909 ווערט זי ווידער אַרעסטירט. דאָס מאָל איז דער אורטייל — דרייַ יאָר פאַרשיקונג. נאָר זי רייַסט זיך ווידער אַרויס פון די נעגל פון דער פּאָליציי, אַנטלויפט קיין אויסלאַנד. אין משך פון דרייַ יאָר לעבט זי און אַרבעט אין דייַטשלאַנד און אין שווייצאַריע. מיט דער הילף פון אינעסע אַרמאַנד האַלט זי אָן א דירעקטע פאַרבינדונג מיט לענינען, וועלכער האָט דאַן געלעבט אין פּאַריזש. אַפן אַדרעס פון ווערע סלוצקאַיאַ אין בערלין פלעגט לענין באַקומען זייַן קאָרעספּאָנדענץ פון רוסלאַנד.

ווערע האָט אין די דאָזיקע יאָרן געפירט א צעצווייַגטע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט צווישן די רוסישע פּאָליט־עמיגראַנטן. ערעוו דער פּראָגער פּאַרטיי־קאָנפערענץ פאַרנעמט זי זיך, לויטן אויפטראָג פון די אָנפירנדיקע אָרגאַנען, מיט דער צוגרייטונג צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ.

אין 1913 קערט זי זיך אום קיין פּעטערבורג, שליסט זיך אָן אין דער אונטערערדישער אַרבעט, שטעלט אייַן פאַרבינדונגען מיט די אַרבעטער פון די פּעטערבורגער אונטערנעמונגען, באַזונדערס מיט די אַרבעטער־

פרויען. ס'איז געווען מאַמעש צו באַוווּנדערן איר ענערגיע. ווי זי האָט געטאָגט, האָט זי ניט גענעכטיקט. ניט געקוקט אָבער אַף דעם, וואָס זי האָט זיך מיט דערפינדערישקייט אויסבאַהאַלטן פון דער פּאָליציי, האָבן דאָך די צאַרישע שפּיקעס זי אויסגעפונען, און מ'האָט זי ווידער אַרעסטירט. זי ווערט אַרויסגעשיקט אין נאָווגאָראָדער גובערניע, אין דאָרף ליובאַן. דאָ קומען איר צוניץ אירע קענטענישן אין געביט פון ציינדאָקטעריי. זי עפנט אַ קאַבינעט און פאָרט אַרום אַלס ציינדאָקטער אין די אַרומיקע דערפער, פירט אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט צווישן די פּויערים.

זיצן אָבער לאַנג אין אַ פּראָווינציעלעם דאָרף, ווּהין אַפילע בריוו פלעגן ניט דערגיין, זײַן אָפּגעריסן פון דער פּאַרטיי קאָן זי ניט. די פּאָליציי האָט אַפילע ניט באַמערקט, ווי פון מאָל צו מאָל איז סלוצקאַיאַ אַנטרונען געוואָרן פון ליובאַן. זי פאָרט קיין פּעטערבורג. אַזעלכע געהיימע רײַזעס האָבן זיך אָפט איבערגעכאַזערט — קיין פּיטער ברענגט זי אַרטיקלען פאַר די אַרבעטער־צײַטונגען, באַגעגנט זיך מיט כאַווײרים, מיט באַקאַנטע אַרבעטער. אָפּטמאָל פלעגט זי אַרײַנטראָגן אין דער פּאַרטיי־קאַסע אירע פאַרדינסטן. נאָכן פאַרברענגען עטלעכע טעג אין פּיטער פלעגט זי זיך אומקערן אין דאָרף, און די פּאָליציי איז געווען זיכער, אַז זי פאָרט אַרום איבער די נאָענטע יישוווים היילן די פּויערים. אַזוי האָט עס געדויערט ביזן אָנהייב 1917. ס'האָט זיך פאַרענדיקט איר דרײַיאָריקע פאַרשיקונג, און זי האָט זיך שוין געקליבן אָפּפאָרן פון דאָרף.

דאַן איז אויסגעבראָכן די פעוראַל־רעוואָליוציע.

ווערע סלוצקאַיאַ קומט טייקעף קיין פּעטראָגראַד. מע ווײַלט זי אויס אין פּעטראָגראַדער סאָוועט, זי אַרבעט אַקטיוו אין דער באָלשעוויסטישער פראַקציע, און לויטן צעטל פון די באָלשעוויקעס קלײַבט מען זי אויס אַלס מיטגליד פון דער שטאָט־דומע. סלוצקאַיאַ פירט אָן מיטן פרויען־אָפּטייל פון פּעטראָגראַדער קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

באַזונדערס איז ווערע געווען פּאָפּולער אָפן וואַסיליעווער אינדזל — דעם פּראָלעטאַרישן ראַיאָן פון פּעטראָגראַד. דאָ האָט זי געלעבט, און דאָ האָט מען זי אויסגעווײַלט אַלס סעקרעטאַר פונעם ראַיאָנישן קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. אַלט און יונג האָבן זי דאָ געקענט, אַף יעדער אונטערנעמונג פלעגט זי באַווײַזן דורכצופירן אַ שמועס מיט די אַרבעטער, באַגעגענען זיך מיט דער יוגנט. די אײַנוווינער פונעם וואַסיליעווער אינדזל האָבן זי געשיקט אַלס דעפּוטאַט אין סאָוועט פון זייער ראַיאָן, און זי איז געווען אַ מיטגליד פון זײַן אויספירקאָמיטעט. איר אַרבעטסטאָג פלעגט זיך שטענדיק אָנהייבן און פאַרענדיקן אַף אַ זאַוואָד, אין די קאַזאַרמעס בײַ די סאָלדאַטן, אַף די שיפן בײַ די ברעגן פון דער ניעווע. אין שפּיץ פון די דעמאָנסטראַנטן פונעם



אין דער לענינגראַדער פאַבריק
אָפן נאָמען פון ווערע סלוצקאַיאַ

וואַסיליעווער אינדזל איז ווערע סלוצקאַיאַ געקומען דעם דריטן אַפּרעל 1917 אָפן פינלענדער וואָקזאַל באַגעגענען לענינען. זי איז געשטאַנען לעבן בראָנעוויק, ווען לענין האָט זיך געווענדעט צום פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַריאַט מיט זײַן היסטאָרישער רעדע. פון די ווײַטערדיקע געשעענישן איז צו זען, אַז סלוצקאַיאַ איז געווען אַ טרײַע אָנהענגערין פון לענינס אַפּרעל־טעזיסן. זי האָט געהערט לענינען אַף דער ערשטער פּעטראָגראַדער אַלשטאָטישער פּאַרטיי־קאָנפערענץ.

די אַרבעטער פונעם וואַסיליעווער אינדזל פון פּעטראָגראַד שיקן זייער דעפּוטאַט, דעם איבערגעגעבענעם באָלשעוויסטישן שלאַכטכאַווער ווערע סלוצקאַיאַ, אַלס דעלעגאַט אָפן היסטאָרישן זעקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. זי טרעט דאָרט אַרויס מיט אַ באַגריסונג פון די אַרבעטער פונעם טרויבן־זאַוואָד און האַלט אַ רעדע וועגן שאַפן דעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד אַלס באַשטענדיקן רעזערוו פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי.

ווערע סלוצקאַיאַ איז געווען ברייט באַוווּסט ווי אַ פלאַמיקער פּאָלעמיסט. די מענשעוויקעס און עסערן, וועלכע האָבן צווישן פעוראַל און אָקטיאַבער נאָך געהאַט אַ היפּשע ווירקונג אַף אייניקע ניט־שטאַנדהאַפטיקע אַרבעטער און סאָלדאַטן, פלעגן שטענדיק קריגן אַ מאַפּאָלע, ווען ווערע סלוצקאַיאַ האָט געהאַלטן אַ רעדע אַף אַ מיטינג.

ס'האָט זיך דערנענטערט דער גרויסער אָקטיאַבער־שטורעם. דעם 15 אָקטיאַבער 1917 נעמט ווערע סלוצקאַיאַ אָן אָנטייל אין דער זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, געווידמעט דער צוגרייטונג צום באַוואָפנטן אופשטאַנד. בײַס די אָקטיאַבער־שלאַכטן איז זי צווישן די אָנפירער פונעם ראַיאָנישן רעוואָליוציאָנערן שטאַב. זי אָרגאַניזירט אָטריאַדן פון דער רויטער גוואַרדיע, פירט אויס דירעקטע פאַרגעבונגען פונעם מיליטערישן רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט.

דעם 25 אָקטיאַבער 1917 שטייט ווערע סלוצקאַיאַ צוזאַמען מיט די מיטגלידער פונעם

שטאָב אַף דער וואַך בא די בריקן פונעם וואַסיליעווער אינדזל. דערנאָך געפינט זי זיך צווישן די אַרבעטער, סאָלדאַטן און מאַטראָסן, צווישן אירע פרײַנט — די באָלשעוויקעס, אָנטיילנעמער פונעם אָקטיאַבער־שטורעם, אינעם אַקטאָוון זאַל פונעם סמאָלנער אינסטי־טוט, ווו וולאַדימיר איליטש לענין פּראָקלאַמירט די ערשטע דעקרעטן פון דער סאָוועטנמאַכט.

די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע האָט געזיגט. איצט באַדאַרף מען די רעוואָלוציע פאַרהיטן. ווען קערענסקי און קראַסנאָוו גרײַפן אָן אַפן רעוואָלוציאָנערן פעטראָגראַד, איז ווערע סלוצ־קאַיאַ צווישן זײַנע פאַרטיידיקער. זי אָרגאַ־ניזירט אָטריאַדן רויטגוואַרדייער און שיקט זיי אַפּ אַפן פראָנט, פאָרט אַרויס אין די קאַזאַר־מעס, אַף די אונטערנעמונגען.

דעם 30 אָקטיאַבער פאָרט זי אַליין אַרויס אַף דער פאָדערשטער ליניע פונעם פראָנט. אין ראַיאָן פון פּולקאָוואָ, הינטער פעטראָגראַד, גייען הייסע שלאַכטן. די רויטגוואַרדייער שלאָגן זיך קעגן קערענסקיס קאָנטררעוואָלוציאָנערע באַנדעס. ווערע סלוצקאַיאַ דערמוטיקט די קעמ־פער, נײַע אָטריאַדן רויטגוואַרדייער קומען אָן, און זי באַגלייט זיי אין שלאַכט. דאָ טרעפט זי אַ קויל פונעם סוינע.

דורך אַ יאַם מיט בלומען האָבן די אַרבע־טער, סאָלדאַטן און מאַטראָסן פונעם וואַסיליע־ווער אינדזל געטראָגן הויך אַף די הענט איר קערפּער, געטראָגן אים פון דער 16־טער ליניע ביזן יידישן בעסוילעם. טויזנטער פעטראָגראַ־דער אײַנוווינער האָבן באַגלייט אינעם לעצטן וועג די מוטיקע רעוואָלוציאָנערקע, די אײַ־זערנע ווערע.

... הייליק ווערט אָפּגעהיט דער אָנדענק פון ווערע סלוצקאַיאַ אין דער לענין־שטאָט. מיט איר נאָמען איז דאָ אָנגערופן אַ גאַס, אַ שפּיטאָל, אַ פאַבריק. און דאָ ניט לאַנג איז אויך אין איר געבורט־שטאָט — אין מינסק — אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מוזיי פון דער מוטיקער רעוואָליו־ציאָנערקע.

■

גריגאָרי יעליסאָוועטסקי

# דער דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע

אין קיִעווער מעלוכע־אוניווערסיטעט איז, דאַכט זיך, ניטאָ אַזאַ מענטש, וואָס זאָל ניט קענען אָט די קליינוווּקסיקע פרוי מיטן גוטמו־טיקן שמייכל אַף די ליפּן. מע באַגריסט זיך מיט איר, מע שטעלט זי אָפּ, און זי אַליין גייט ניט פאַרבײַ, ווען זי באַגעגנט אַ מענטשן, ווע־מען זי קאָן געבן אַן אייצע, אַרויסווײַזן הילף. זי איז באַוווּסט ווי אַן אַווטאָר פון פילאָ־סאָפישע ווערק — „דער אָפּלייקענונגס־געזעץ", „דער געזעץ פון אײַנהײַט און קאַמף פון קעגנזעצלעכקײַטן", „דער געזעץ פון דיאַ־לעקטיק" און אַנד.

... אָט האָב איך אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן איר און ניט באַמערקט, אַז כ'האָב נאָך ניט אָנגערופן איר נאָמען. מיר האָט זיך, אַפּאָ־נעם, געדוכט, אַז דאָס איז איבעריק. ווײַל וועגן וועמען אַנדערש קאָן דאָ גיין אַ רייד, אויב ניט וועגן מאַריע זלאַטינען?

איך ווייס: אַן איבערגעוויינלעך באַשיי־דענע, וועט זי אַליין בעשום־אויפן ניט דער־ציילן וועגן זיך — וועגן דעם, וויאַזוי זי איז געוואָרן אַ סאַנדרוזשיניצע אינעם קאָמוניסטישן באַטאַליאָן פון דעם פרונזער שטאָט־ראַיאָן פון מאָסקווע. אין יענע גרויזאַמע טעג, ווען צו דער הויפּטשטאָט פון אונדזער לאַנד האָבן מעשוגענערווײַז זיך געריסן די היטלעראָווצעס, האָט זי צוזאַמען מיטן באַטאַליאָן זיך העלדיש געשלאָגן קעגן אָט דעם סוינע.

איך האָב זיך באַקאַנט מיט איר טאַקע אין יענע אָקטיאַבער־טעג פון 1941, ווען דער קאָ־מוניסטישער באַטאַליאָן האָט זיך פאָרמירט אין דער מאָסקווער 287־טער שול (איצט גע־פינט זיך דאָ די 32־טע ספּעצשול) אין כיל־קאָווער געסל. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר צווישן די 258 קאָמוניסטן און 270 קאָמיוגיסטן, פון וועלכע ס'איז באַשטאַנען דער באַטאַליאָן, האָט זיך באַזונדערס אויסגעטיילט אָט דאָס יונגע, שלאַנקע מיידל — עפּשער מיט איר שײנקײַט און גראַציע, מיט די קאַשטאַנעווע קוטשערן און הימל־בלויע אויגן, אין וועלכע ס'האָבן שטענדיק געפינקלט פאַרשײַטע פײַער־לעך...

אָבער בא דער גאַנצער שלאַנקײַט אירער, האָט מאַשע זלאַטינע דאַפקע ניט געשעמט



מיט מיליטערישער אויסגעשולטקײַט. זי האָט געוווּסט וועגן דעם און זיך באַמיט אויסצומײַדן באַגעגענישן מיט די קאָמאַנדירן. אָט דער געפיל פון אומבאַקוועמלעכקײַט איז, אגעוו, פאַרבליבן בא איר ביז הײַנטיקן טאָג.

מאשע האָט פאַרמאָגט דעם צויבער פון קענען אופהייבן די שטימונג בא די שלאַכטלײַט, ווי שווער עס זאָל ניט זײַן אפן פראָנט די לאַגע. אויב פון ערגעץ־ווו האָט נאָך א שווערער שלאַכט זיך דערטראָגן א געלעכטער צי א פרײלעכע ליד, האָט מען שוין געוווּסט: מאַריַע זלאָטינע געפינט זיך דאָרט. און גלײַכצײַטיק דערמיט האָט זי זיך ניט דערלויבט אריבערצוטרעטן די גרענעץ פון באַשײדנקײַט, ניט דערלאָזט בענעגײיע צו זיך קײן שום גוטברודערשאַפט — שטענדיק געווען א בענימעסדיקע, שטענדיק א שטרענגע צו זיך און צו אנדערע.

אזא איז מאשע געווען אפן פראָנט, און אזא איז זי פאַרבליבן אויך נאָך דער מילכאָמע פאר אלעמען, ווער עס האָט זי געקענט. מע האָט זי ניט נאָר ליב געהאַט — מע האָט זי שיר ניט פאַרגעטערט. זי איז שטענדיק גרייט געווען אלץ מאַקריוו זײַן, אבי מע זאָל די פאַרווונדעטע שלאַכטלײַט באַזאָרגן מיט אלעם נייטיקן. אין אזעלכע פאלן האָט זי זיך ניט גערעכנט מיט דער ארמײיִשער סובאָרדינאַציע און געקאָנט אפילע „א פאָדער טאָן" בא א קאָמאַנדיר פון א העכערן ראַנג.

נאָכן זיג איבער די פאַשיסטן הינטער מאָסקווע האָט מען אונדזער דיוויזיע אריבערגעפירט אפן צאָפן־מײַרעוודיקן פראָנט. מיר האָבן געפירט ביטערע שלאַכטן אין דער לענינגראַדער געגנט, פרווונדיק דורכרײַסן די בלאָקאַדע פון דער לענין־שטאָט. אין אָט דער אומגעבונג, ווען יעדער שפאַן האָט געקאָסט בלוט, איז מעסירעסנעפעשדיק געווען די ארבעט פון די סאַנדרוזשיניצעס און סאַניטסטרוקטאָרן.

מאשע האָט אין די דאָזיקע שלאַכטן זיך אופגעפירט ביז גאָר העלדיש. זי פלעגט זיך באַווײַזן אין די סאַמע אומגעריכטע ערטער, ווו נאָר ס'האָט זיך דערהערט א קרעכץ. ארופוואַלגערנדיק אף זיך א שווערן מאַנצבל, וואָס האָט געוויגן שיר ניט אין דרײַ מאָל מער, ווי זי אלײן, פלעגט זי אים נאָך אונטערמונטערן: „נו, ליבינקער, נאָך א ווײַלינקע, טערפע צו, אָט באַלד וועט דיר ווערן גרינגער". און אזוי האָט זי ארויסגעטראָגן פונעם שלאַכטפעלד צענדליקער סאָלדאַטן און אָפיצערן.

דער 21 יול 1942 האָט זיך אונדז פאַרגעדענקט אפן גאַנצן לעבן. אין אָט דעם טאָג האָבן מיר אָפּגעשלאָגן נײַן פײַנטלעכע אטאַקעס. ס'איז געגאַנגען א שלאַכט ארום דעם דאָרף מאַלאַיע ווראַגאָווא. מאשע האָט, ווי געוויינלעך, געטאָן איר זאַך. אן אומדערמידלעכע, האָט זי אונטער א האָגל פײַער ארויסגעטראָגן פאַרווונדעטע. אָט האָט זי זיך דערקליבן צו אײנעם א סאָלדאַט, אים אָנגעהויבן איבערבינדן די ווונדן, און דאָ איז זי אלײן אומגעפאַלן, א שווער־פאַרווונדעטע פון א מינע־אופרײַס. א גליק, וואָס ניט ווײַט איז געווען דער סאַניטסטרוקטאָר ליודמילע מסטיסלאַווסקאַיא. זי האָט זיך באַלד א וואָרף געטאָן צו מאשען און זי ארויסגעטראָגן פונעם שלאַכטפעלד.

דאָס איז געווען מאַריַע זלאָטינעס לעצטע שלאַכט.

ניט די צעדרויבלטע דיך, ניט אנדערע צעשעדיקטע גלידער האָבן, ווײַזט אויס, ניט ארופגעוואָרפן אף מאשען א מאַרעשכוירע. שרעקלעך איז פאר איר — דער יעפּאַסטויער — געווען די ווונד אפן פּאָנעם. מע האָט זי געבראַכט קײן מאָסקווע אין אן אָרטאָפּעדישער קליניק. דעמלט האָט זי ניט געקאָנט וויסן, אז זי איז פאַרמישפּעט אף דויערנדיקער אומבאַוועגלעכקײַט. אפילע נאָך דעם, ווי זי איז אין א סאַך כאָדאָשים ארום ארויס פון דער קליניק, האָט זי געמוזט זײַן צוגעשמידט צום בעט. אן אנדערע אף איר אָרט וואָלט אראָפּגעפאַלן אין ייִעש. מאשע אָבער האָט געפונען אין זיך מוט און אקשאָנעסדיקע ענערגיע בײַצוקומען אלע פיזישע ווייטעקן און מאָראַלישע איבערלעבונגען.

זי האָט זיך ווידער גענומען פאַרן בוך, געוואָרן נאָכאַמאָל א סטודענטקע פונעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט. און אלץ — נאָך ליגנדיק צו בעט. זי האָט ניט געפאָדערט פאר זיך קײן שום להאַטעס, אויסגערעכנט בלויז אף זיך און מער אף קײנעם ניט. און אזוי, קימאַט ניט אופשטייענדיק פונעם בעט, האָט זי פאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט.

איז, דאַכט זיך, גענוג? ניין, זי וויל גיין ווײַטער. און אָט איז שוין פאַרענדיקט אויך די אַספּיראַנטור, זי פאַרטיידיקט א דיסערטאַציע און ווערט א קאַנדידאַט פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן. צו אָט דער צײַט הייבט זי אָן

# קלאַרע פּעשטשאַנסקע



## דער טרוקענער ברונעם

כּאַשעווע רעדאַקציע!

דער ראַט פֿונעם מוזיי פֿון דער געשיכטע פֿון דאַרניצע בעט אײַך אָפּדרוקן אין אײַער זשורנאַל די ליד פֿון קלאַרע פּעשטשאַנסקע, אַ געוועזענער קאַצעטלערן פֿון דאַרניצער קאָנצלאַגער בײַס דער צײַטווײַליקער פֿאַשיסטישער אָקופּאַציע פֿון אוקראַיִנע. דער סוזשעט פֿון דער ליד איז ניט קיין אויסגעטראַכטער — ער איז גענומען פֿונעם לעבן. קלאַרע האָט די ליד אָנגעשריבן גלײַך נאָך דעם, ווי מע האָט באַפֿרײַט אוקראַיִנע פֿון די היטלערישע אָקופּאַנטן, און אין ערגעץ זי ניט געדרוקט.

א. אוסטינאָווא,
פֿאָרזיצער פֿונעם ראַט פֿון דאַרניצער מוזיי,
ס. פעלדמאַן, מ. זילבערשטיין, א. יערשאָווא
מיטגלידער פֿונעם ראַט

**דער קריג...**
**דער טויט האָט געעפֿנט זײַן האַנט.**
**דער פֿאַשיסט איז אַרײַן**
**אין מײַן רויִקן לאַנד.**
**מיט בלוט און מיט פֿײַער**
**די גאַסן פֿאַרגאָסן,**
**געהאַנגען, געקוילעט, געטרונקען, געשאָסן.**
**געהאַנגען דעם פֿאָטער, די מוטער געשאָכטן,**
**די ברידער, די שוועסטער, די גאַנצע מישפּאָכע...**
**דאָס מיידל אַנטלאָפֿן, אין וואַלד זיך באַהאַלטן,**
**דערזען זי עס האָט אַ קאָלווירטניק אַן אַלטער.**
**ער זאָגט איר, דער אַלטער, וואָס האָט זי געפֿונען:**
**— ניט ווײַט דאָ אין פֿעלד שטייט אַ טרוקענער ברונעם.**
**אַ טרוקענער ברונעם. פֿאַרוואַקסן, פֿאַרגעסן...**
**ער ברענגט איר, דער אַלטער, אַ טרינקען, אַ עסן,**
**דערפֿרייט זי אַמאָל מיט אַ גוטער ידיעה.**
**זי וואָלט זיך דערפֿרייט, ווען זי קאָן זיך נאָך פֿרייען!**
**עס זײַנען געגאַנגען כּאַדאָשים, ווי יאָרן,**
**מע האָט שוין געשניטן, געקליבן דאָס קאָרן.**
**אַ מיידל געזעסן אין ברונעם אין טיפֿן**
**(זי טאָר ניט פֿון דאָרטן ניט שרײַען, ניט רופֿן),**
**געוויינט אין דער שטיל, און די האָר זיך געריסן,**
**די פֿינגער ביז בלוט זיך פֿאַר ווייטעק געביסן.**
**און אַלט איז דאָס קינד צוועלף מיידלשע יאָר.**

די הענט בא איר דאר, פונקט ווי שטעקלעך א פּאָר...
עס איז שוין געקומען דער ווינטער דער קאַלטער.
זי זיצט אין דער גרוב, און זי וואַרט אַפּן אַלטן,
ער ברענגט איר אין פּעקל די שפּייַז, ווי קעסיידער,
און קריגט פאַר איר עטלעכע וואַרעמע קליידער.
דער ווינטער איז דורך, און ס'איז פרילינג געקומען,
עס וואַקסן שוין גראָזן, עס בליִען די בלומען.
דער אַלטער איז הײַנט, פּונקט ווי טאָמיד, געקומען.
ער ווייַנט און ער לאַכט, ווי געריררט פונעם זינען.
„ווילאַז! — זאָגט ער. — דאָני!
ווזשע נימציא פּאָבילי!..
ווילאַז זשע, דיטינאָ, דאָ כאַטי פּידעמאָ!
ווזשע נימציא נעמאַיע, טעפּער זאַזשיוועמאָ!"[1]
ער העלפט איר פון ברונעם אַרויסקריכן גיך,
ער נעמט אָפּ די הענט זי און דריקט זי צו זיך.
ער האָט איר דאָס קעפּל געגלעט און געגלעט,
ער ברענגט זי אין כאַטע און לייגט זי אין בעט.
אין גאַסן מע זיצט אָף די ביימער, אָף דעכער,
מע קומט פון די וועלדער, מע קריכט פון די לעכער,
איין וואָרט נאָר עס הערט עס זיך:
פּאָבעדאַ! פּאָבעדאַ!
מיט גרויסן ניצאָכן הײַנט גליקלעך איז יעדער.
לעם שטיבל א שטויב שטייט, אַזוי ווי א וואָלקן,
מע זעט, ווי עס גייען רויטאַרמייִשע פּאָלקן.
דורך פֿייַער געקומען דעם גאַזלען פאַרטרײַבן,
סע זאָל פון פאַשיסטן קיין זייכער ניט בלײַבן.
אין דאָרף איז א פרייד. אַלע פּויערים טאַנצן.
די אויגן פאַרוויינט, נאָר מיט פרייִלעכקײַט גלאַנצן.
מע רופט אין די הײַזער די טײַערע געסט.
מע ווייסט: אָף דער ערד איז שוין שאָלעם — און פעסט.
אַוועק וועלן יאָרן, פיל וואַסער ט'פאַרשווימען,
די פרייד וועט צו מענטשן נאָך קומען און קומען.
דער אַלטער קאָלווירטניק, ער קריכט ניט פון זינען.
די בלוטיקע יאָרן... דער טרוקענער ברונעם...

1944

[1] ווערטערלעכע איבערזעצונג פון אוקראַיִניש: „קריך אַרויס, טאָכטער. מ'האָט דעם דײַטש שוין צעשלאָגן! קריך זשע אַרויס, קינד, לאָמיר גיין אין דער כאַטע! שוין ניטאָ דער דײַטש, איצט וועלן מיר אויפלעבן!"

# דער גורל פון א מיידל — א רעגולירערן





די קאדרען, וועלכע עס האט פארצייכנט דער אביעקטיוו פונעם פראנט־קארעספאנדענט אין בערלין אין די לעצטע טעג פון דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאמע, באווייזן די מיליטערישע רעגולירערן פון דער באוועגונג לידיע ספיוואק בא די בראנדענבורגער טויערן. געווארן אין עלטער פון נײַנצן יאר א סאלדאט, האט זי געדינט אף די מילכאמע־וועגן פון קרים, אין די שטעט און דערפער פון ווײַסרוסלאנד, פוילן, דײַטשלאנד. אין פאטסדאם איז זי געווען אין די טעג פון דער היסטארישער באגעגעניש פון די הויפטן פון די פארבינדעטע מעלוכעס.

נאך דער מילכאמע פארענדיקט ספיוואק דעם פילאלאגישן פאקולטעט פונעם אוניווערסיטעט און ארבעט לאנגע יארן אלס לערערן. זי פירט אן אקטיווע געזעלשאפטלעכע ארבעט אינעם קאמיטעט צו באשיצן דעם שאלעם, טרעט ארויס פאר ארבעטער, סטודענטן מיט דערינערונגען וועגן דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאמע.

לידיעס טאכטער לאריסע האט פארענדיקט דעם ביאלאגישן פאקולטעט פונעם אוניווערסיטעט. דער זון אלעקסאנדער האט געיערשנט די מיליטערישע ספעציאליטעט פון דער מוטער: נאך דער דינסט אין דער סאוועטישער ארמיי איז ער אוועק ארבעטן אין דער מעלוכישער אווטא־אינספעקציע. דער סערזשאנט רעגולירט די באוועגונג אף דער הויפט־מאגיסטראל פון דער שטאט דאנעצק.

אף די בילדער: לידיע ספיוואק אין בערלין אין 1945; לידיע ספיוואק־אווטשארענקא און איר זון.

## ראָמאַן שויכעט

# כאַנע קאָב
# און איר האַרעפּאַשנע מישפּאָכע

דער האַיאַריקער פרילינג האָט פרי פאַר־טריבן דעם שניי פון די בײַ־אַמורער פעלדער, געעפנט פון אײַז די טײַכן, באַזעצט אין די געדיכטע קוסטעס און וועלדלעך א מאַסע פייגל. אין מעשעך פונעם טאָג גליט אָן די זון שוין גאַנץ גוט די ערד, די טונקעלע נעכט ליגן שטילע און וואַרעמע, און עס טרעפט, אַז ערטערווײַז, איבער די אַזערעס און טײַכלעך, הייבן אָן קאַיאַר זיך קײַקלען די ערשטע, נאָך שיטערלעכע נעפּלען. דער וואַרעמער וועטער האָט א יאָג געטאָן אין וווקס דאָס גראָז, און די לאָנקעס און פעלדער, די ניט הויכע בערגלעך האָט שוין גענומען באַדעקן א גרינער טעפּיך.

אין דאָרף פּאָלעוואָיע אַפּן וועג, וואָס לויפט פון דאָרט צו דער שכײַנישער סאָווירט־אַפּטײַ־לונג, קאָן מען איצט קימאַט יעדן גאַנצפרי זען א שוין עלטערע פרוי. האַלטנדיק אין האַנט א רוטעלע, טרײַבט זי אין דער טשערעדע די קו. דאָס איז כאַנע קאָב, איינע פון די ערשטע איבערוואַנדערנס אין אונדזער געגנט און איינע פון די עלטסטע אײַנוווינערנס פון דאָרף פּאָלע־וואָיע. אין סאַמע עק גאַס, ווי עס פירט זיך, איבערגעבנדיק דעם פּאַסטעך די קי, שמועסן זיך דורך די פרויען, מע טיילט זיך אַפגיך מיט נײַס. דערנאָך לאָזט מען זיך אַוועק צוריק אַהיים.

כאַנע קאָב פאַרקערעוועט דאַן אין א זײַט. אַמאָל כאַפּט זי זיך אַראָפּ צו די פיציכטלער, אַמאָל — אַפּן טווע־טויק אָדער צום קאַרטאָפל־קעלער. זי גייט אַהין ניט פון פּאַשעטער נײַגע־ריקײַט. כאַנע קאָב, כאָטש זי איז שוין פון לאַנג א פּענסיאָנערקע, פירט ביז איצט אָן מיט די סאָווירטישע פאָלקס־קאָנטראָליאָרן, און נאַטירלעך, אַז זי אינטערעסירט זיך מיט אַלץ: ווי האַלט עס אַף דער פיצוכט־פערמע, צי זײַנען ניטאָ קיין איבערשלאָגן מיטן אַרויספירן קנוילן אין סטעפּ, ווו עס איז טײַער יעדער שאָ.

כאַנע ווייסט זייער גוט, וואָס דאָס באַטײַט פאַר אָן ערדאַרבעטער, — אַליין האָט זי מער פון פיר צענדליק יאָר זיך געמידט אָט דאָ, אַף די סאָווירטישע פעלדער פונעם אָקטיאַ־בערישן ראַיאָן. געוועזן א צײַט, א גאַנץ היפּ־שע, ווען דער נאָמען פון כאַנע קאָב, דעם בריגאַדיר פון די גרינסציטלער פונעם געוועזענעם ביראָבידזשאַנער סאָווירט, דערנאָך סאַמאַרער און פּאָלעוואָיער, איז, באַגלײַך מיט



שיפרע קאָטשינאַ פון וואַלדהיים, ברייט באַוווסט געווען אין דער געגנט. דערבײַ דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז בעראָש פון דער בריגאַדע האָט זיך כאַנע געשטעלט אין די סאַמע האַרבע מילכאָמע־יאָרן, ווען נאָך א גאַנצן טאָג מאַ־טערנדיקער אַרבעט אין פעלד פלעגט מען גאַנצע נעכט אויך נייען אָדער וואַשן, לאַטען און אָפּשיקן אַפּן פראָנט גימנאַסטיאָרקעס, הויזן און אַנדער מיליטער־אָנטאָן. און ווער האָט דאַן געאַרבעט אין בריגאַדע? בעעמעס, קינדער. דאָך פלעגן זיי יעדן יאָר אַראָפּנעמען גוטע גערעטעניש פון גאָרטנוואַרג, צו 100 און מער צענטנער פון א העקטאַר.

— ווען מײַן בריגאַדע, — דערמאָנט זיך כאַנע, — זאָל דעמלט פאַרמאָגן אַזא מעכטיקע טעכניק, ווי אַצינד, און אַזױפיל פאַרשיידנאַר־טיקע באַגיטיקונגען, וואָלטן מיר, אַף מײַן ערן־וואָרט, אַלץ פאַרוואַלגערט מיט גרינס.

זאָגנדיק אַזוי, מיינט ניט כאַנע, אַז די איצ־טיקע גרינסציכטלער אַרבעטן ערגער. איר דאַכט זיך פּאַשעט, אַז זי וואָלט נאָך בעסער אויסגע־נוצט די פיל מאָל געשטיגענע מעגלעכקײַטן פון דער ווירטשאַפט.

אפן ווײַטן מיזרעך איז כאנע קאב מיטן מאן און איר שוועסטער יענטע געקומען פון דער בורזשואזער ליטע, פונוואנען מע האָט זיי ארויסגעשיקט פאר רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט, אין 1929 יאָר. אלע דרײַ האָבן זיי דאָ צום ערשטן מאָל אין לעבן דערפילט ניט נאָר דעם טאם פון פרײַהײַט, נאָר אויך דעם געפיל פון עכטע באלעבאטים פון דער ערד, אף וועלכער זיי שטייט פאָר ארבעטן און בויען א נײַ לעבן.

— און בעעמעס א פריידיקס איז געוואָרן אונדזער לעבן, — דערציילט כאנע. — ניט געקוקט אף די שוועריקײַטן, האָבן מיר זיך געמידט און געפרייט, געקליבן נאכעס פון אונדזערע קינדער. צום באדויערן, האָט מײַן מאן כאַים דאָס ניט דערלעבט...

כאנע טוט א זיפץ און פארטראכט זיך. איבער איר געקנייטשטן פאָנעם שווימען דורך, אפּאָנעם, די פארגאנגענע יאָרן. וועגן וואָס טראכט אין אָט אזא רעגע די אלטע האָרעפּאשנע מוטער? עפשער דערמאָנט זי זיך וועגן איר ערשטער, ריינער, ווי א טרער, ליבע, עפּשער די שווערע מילכאָמע־יאָרן, אלץ, וואָס איז דורכגעגאנגען דורך אירע הענט און הארצן. די שווערע מאנצבלשע ארבעט, די שרעק פארן מאן, וועלכער איז אוועק אפן פראָנט. עפשער וועגן די קליינע פריידן און דײַגעס, וואָס עס פלעגן איר אמאָל ברענגען די אונטערוואקסנדיקע קינדער.

...די מילכאָמע האָט כאנען צעשיידט מיט איר מאן. אין די הייסע סארפעדיקע טעג פון יול 1941 איז כאַים קאב אוועק אפן פראָנט און אין א יאָר ארום אומגעקומען. אָבער דער פאָדעם, וואָס פארבינדט דעם מענטשן מיטן לעבן, האָט זיך ניט איבערגעריסן. אין דאָרף פאָלעוואָיע, אף די געוועזענע רויערד־מאסיוון, דאָרט, ווו ער האָט זיך צום ערשטן מאָל גענערמען פאר דער האק און פארן אקער, ווווינט און מידט זיך זײַן מישפּאָכע. זײַנע קינדער, די פרוי און אייניקלעך זעצן ־פאָר די זאך, וועלכע כאַים קאב האָט באשיצט און פאר וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן דאָס לעבן.

כאנע קאב וווינט אצינד מיט דער מיזינקע וואליע. זייער שטוב שטייט באם סאמע וועג. הינטער די אָפענע פענצטער שפירט זיך שוין דער דרײַסיקסטער פרילינג. פון ניט ווײַטן סטעפּ טראָגט זיך ארײַן אין שטוב איניינעם מיטן הודערײַ פון די טראקטאָרס און פארבײַיאָגנדיקע אווטאָמאשינעס א לײַכט ווינטל מיט אראָמאטן פון דער ווארעמער ערד, פון די ביימער, וואָס האָבן שוין ארויסגעלאָזט זייערע פרישע גרינע בלעטלעך.

כאנע קאב זיצט באם טיש, קלײַבט איבער און באווײַזט פאָטאָ־בילדער פון אירע קינדער און אייניקלעך, פילצאָליקע ערן־גראמאָטעס, מיט וועלכע זי איז באלוינט געוואָרן פאר דער טרײַער מי אין פארשיידענע יאָרן. אייניקע פון זיי, אשטייגער, פונעם קאָמיטעט פון פאָלקס־קאָנטראָל פון פססר, האָט זי באקומען דאָ ניט לאנג, די אנדערע זײַנען שוין געלגעוואָרן פון דער צײַט, אָבער אלע דערציילן וועגן א האסטיק, שעפעריש לעבן.

מיר זיצן מיט כאנען, שמועסן, און איר אייניקל נאטאשע ציט זיך מיט די הענטעלעך צום אָרדען „ערן־צייכן", וועלכן די באָבע האָט באקומען נאָך מיט פופצן יאָר צוריק, צו אירע פילצאָליקע מעדאלן.

— נאטאשע! — זאָגט כאנע, — טשעפע ניט דעם אָרדען, ס'איז דאָך ניט קיין צאצקע.

א זשוואווער פרילינגדיקער זון־שטראל כאפט זיך פלוצעם ארײַן אינעם צעפּראלטן פענצטער און באשײַנט כאנעס פאָנעם, אן איבערפולטס מיט הארציקער גוטסקײַט און ליבע. זי באמערקט מײַן בליק, און ווי פארענטפערנדיק זיך, גיט זי צו:

— וואָס קאָן איך טאָן, איך האָב זיי ליב, מײַן קליינוואַרג. פופצן זײַנען זיי בא מיר, מײַנע אייניקלעך, און יעדערער איז טײַערער פונעם לעבן.

פינף קינדער האָט זי דערצויגן און געשטעלט אף די פיס. און אלע לעבן זיי דאָ, אין פאָלעוואָיע: וועלוול און נאָטע — שאָפערס אין סאָווירט, סארע און גאליע מיִען זיך אין דער היגער גאָרקיך, וואליע — איז א בילי‍אָטעקערן.

— אין אן אָפרו־טאָג איז בא אונדז פריילעך. מע קומט זיך צונויף, און אין שטוב ווערט ענג, — זאָגט מיט א שמייכל די אלטע מוטער. — נאָר וואָס פאר א פרייד און גליק איז עס פאר די עלטערן!

זי דערציילט וועגן דעם מיט שטאָלץ, און איך טראכט דערבײַ: ס'איז טאקע א גרויס גליק צו האָבן אזא גרויסע האָרעפּאשנע מישפּאָכע אף דער גליקלעכער ערד!



# כאַנע ווײַנערמאַן

## באַטראַכטן מיט ליבשאַפט די וועלט

### ניט ווייס פון קיין שרעק

ווען פליסט איבער טהאָמען און דונערן קנאַלן
און אַפּגעזאָגט האָט דער מאַטאַר דיר אין וועג,
אָ, הארץ מײַנס, וואָס ווייסט שוין דעם ווייטעק פון פאַלן,
דערוועק נאָר בלויז אומרו,
נאָר ווייס ניט קיין שרעק.

און ווען אין אַ שטורעם, אין ריזיקע שטראָמען,
עס טרינקט זיך דײַן שיפל און ווײַט איז דער ברעג,
אָ, הארץ מײַנס, וואָס ווייסט שוין די טיפן פון טהאָמען,
דערוועק נאָר בלויז אומרו,
נאָר ווייס ניט קיין שרעק.

און ווען ס'איז באַשערט דיר גרויל פון צעשיידונג
און ס'פאַלט אַף דײַן ריינעם געוויסן אַ פלעק,
אָ, הארץ מײַנס, וואָס ווייסט פון צעשיידונג די ליידן,
דערוועק נאָר בלויז אומרו,
נאָר ווייס ניט קיין שרעק.

נאָר ווען אַף דײַן ערד איז דער סוינע פאַרקראָכן
און שלאָגסט זיך אין שלאַכטן פאַראַקשנט און הייס,
אָ, הארץ מײַנס, וואָס ווייסט שוין די פרייד פון ניצאָכן,
ניט ווייס פון קיין שרעק,
פון קיין אומרו ניט ווייס!

### אַנזאָג

קאָנסט גלייבן: ס'האָט איין עק איעדער שטעקן,
אַז ס'האָט דער שאָטן ניט קיין שוואַרצע פלעקן,
אַז שפּעט טראָגט דעם זאַנג דער שווערער האָגל,
אַז מיטלײַד טראָגט דער שפּאַרבער אין זײַן נאָגל.
קאָנסט גלייבן: ס'האָט די קראָ אַ ווײַסן פליגל,
אַ שוואַרץ געוויסן האָט דײַן פרײַנט פון וויגל,
אַז ס'קאָן אַף ברייטע יאַמען דיר ניט פרײַ זײַן,
אַז ס'קאָן דײַן פרוי אפילע דיר ניט טרײַ זײַן,

נאָר איינס ניט גלייב, מײַן פרײַנט, מײַן הייס-געגאַרטער,
אַז דו ביסט שוואַך
און ס'איז דײַן סוינע
שטאַרקער.

## יון 1941 יאָר

...און אויב דו זעסט אין בייזער שאָ, אין האַרבער:
עס לאָזט אַראָפּ זיך אַף דײַן טויב אַ שפּאַרבער,
צי װעסטו דען באַם שפּאַרבער מיטלײַד בעטן? —
ניין, װעסט דעם קאָפּ פון שפּאַרבער טייקעף פּלעטן.

און אויב דו זעסט אַ שלאַנג אין הויף ז'פאַרקראָכן
און בײַסט זיך אײַן אין קנאָכן פון דײַן שאָכן,
דו װעסט דען באַ דער זײַט זיך קאַלטלעך האַלטן? —
ניין, װעסט דעם קאָפּ פון שלאַנג אַף שטיקער שפּאַלטן.

איך פּיל, מײַן פרײַנט, אין דיר דעם הייסן אָטעם,
פון אורזיידעס — די גרויזאַמע געבאָטן,

װען דו אַנטקעגן אומגליקן און טויטן
געװעזן ביסט דער נויקעם און דער נויטער,
געגאַן אין קריג אַלס זיגער און באַפרײַער...
האַלט אויך אַצינד דײַן פאָרכטיקן קליינזײַן,

ס'זאָל סטײַען קויעך דיר אין שאָ אין האַרבער,
װען ס'גייט אַף דיר די ברוינע פעסט, דער שפּאַרבער,
און דראָ'ט אַלדאָס הײליקסטע פאַרניכטן...
דו זײַ אַ העלד, אַ שלאַכטמאַן און אַ דיכטער.

זאָלסט קאָנען הונדערט מאָל דעם פײַנט פאַרדאַרבן,
נאָר איינמאָל, איינמאָל
װי אַ גיבער שטאַרבן.

## אַ ייִד פון טאַלנע

אַ ייִד איז געקומען פון טאַלנע,
באַזעצט זיך אין טײַגע באַם קוואַל.
דער ייִד האָט זיך שטענדיק געשראָקן
פאַר כוואַליעס פון טײַך, פאַר אַ וואַלד.

דער ייִד, אַ מעטופל מיט קינדער,
געלעבט האָט אין שטעטל געמיין,
סײַ פרילינג, סײַ זומער, סײַ װינטער
געװען איז דעם ייִדן אַלציינס.

אַ ביימל פאַרפלאַנצן לעם שטיבל?
דערפון װעט ער װערן דען רײַך?
אַ פיירע קאָן װאַקסן, פאַרשטייט ער,
נאָר דאָרטן אין דערפל, באַם טײַך.

די זון גייט אויף דאָרט פון איר שיידל
און דאָרט טאַקע פאַסט זיך אַ וואַלד...
דער ייִד איז געקומען פון טאַלנע,
באַזעצט זיך אין טײַגע באַם קוואַל.

באַזעצט זיך, און אָפּט נאָך דער אַרבעט
געגאַנגען, געקוקט און געהערט,
דער ייִד האָט צום ערשטן דערפילט דאָ
דעם מעכטיקן אָטעם פון ערד.

דעם אייביקן קריג פון די װאָרצלען,
דעם גרינעם געבלעטער אין רוים,
אָט דאָ אין דער טײַגע פאַרטראַכט זיך:
„װי שיין איז דער דאָזיקער בוים!"

פאַרטראַכט זיך, און אָפּט נאָך דער אַרבעט
אין טײַגע געגאַנגען פאַרקלערט,
אָט דאָ טאַקע האָט ער דערװוּסט זיך,
װי גרויס און װי שיין איז די ערד.

אים האָט ניט געקימערט די װילדקײַט,
די װײַט האָט געצויגן זײַן בליק.
אָט דאָ זיך דערװוּסט װעגן װירדע,
װאָס װייסט ניט פון גיין אַף צוריק.

ער האָט דאָרט דעם וואלד אויסגעוואָרצלט
און אקער־ערד טיפע געגרייט,
זײַן נײַעם דעראָבערטן גאדלעס
פארפלאנצט האָט ער טיף אָף זײַן בייט.

דער ייִד האָט צום ערשטן געטראָגן
פאר זיך און פאר אלע א סאָד,
דערנאָך האָט דער ייִשעוו געוווּסט שוין,
ס׳וועט וואקסן באם ייִדן א סאָד.

פארפלאנצט האָט ער קארשן, ראנעטן
און ווײַנטרויבן גוטע אָף ווײַן,
און גרויסע ווײַסרוסישע פלוימען,
וואָס בלענדן אנטקעגן דער שײַן.

ניט גלײַך איז געקומען די שעפע
פון מאזל און גרויסן גענוס,
דער הארבסט האָט די פלאנצן געבראָכן,
זײַן הויז האָט באלאגערט דער גנוס.

דער ייִד איז ניט איינמאָל געשטאנען
פארומערט, פארזאָרגט און געדריקט,
נאָר ס׳ווייסט ניט זײַן ליכטיקע ווירדע
פון אָפּטרעטן, גיין אָף צוריק.

איצט וואקסט דאָרט אָף ברעג פון דער בירע
א פרוכט־סאָד, דער שענסטער אין קאנט.
עס זײַנען אהינצו געקומען
די זוניקסטע פייגל פון לאנד.

און איך מיט מײַן כאווער באטרעטן
פון פרוכט־סאָד די ליכטיקע שוועל,
און וווּקסיקעביימער מיט פיירעס
באטראכטן מיט ליבשאפט די וועלט.

מײַן טײַערער, הארציקער ברודער,
א קאָוועד א גרויסן דו האָסט —
פארפלאנצן מיט סעדער די טײַגע
און האלטן דײַן לאנד אָף א שלאָס.

## באגער

איך וויל, אז קיין בוים זאָל ניט ויסן
פון יונגן, פריצײַטיקן ווענקן.
ניט זײַן זאָל א פרײַנט מיר פארביסן,
א פײַנט זאָל ניט זײַן קיין פארשטעלטער.

איך וויל, אז די נעגל פון שפארבער
זאָל קיינמאָל קיין טויב ניט באריר ן,
ס׳זאָל קיינער דעם פרילינג ניט פארבן
אין שווארצע, אין טרויער־קאָלירן.

איך וויל, ס׳זאָל ניט זײַן קיין פארדארבער,
קיין אומרעכט, קיין פאלשקײַט, קיין סינע.
און אויב ס׳איז באשערט מיר צו שטארבן,
איז גרינג און געזונט און באם זינען.



# הערשל פּאָליאַנקער

# שמיע גאַזלען



ראָמאַן

## א פּאָר ווערטער פונעם אוטאָר

שאַ, שרעקט זיך ניט! דאָס איז, כאָלילע, ניט קיין גאַנצער ראָמאַן, נאָר עטלעכע נאָוועלן פונעם דריטן טייל, מיט וועלכן אונדזער לייענער איז נאָך ניט באַקענט.

אָבער אײדער מיר וועלן אָנהייבן די געשיכטע, איז עפּשער קעדײַ זאָגן א פּאָר ווערטער? און ניט דערפאַר, וואָס עס איז אַזוי אָנגענומען, נאָר ווײַל דער אוטאָר האָט אויך אַמאָל כײשעק אַרײַנשטעלן זײַנס א וואָרט און ניט בלויז לאָזן ריידן די העלדן.

איז, קוידעמקאָל, א פּאָר סוידעס, און דערנאָך וועלן מיר פאָרן ווײַטער.

די ערשטע נאָוועלעס פונעם ראָמאַן „שמײַע גאַזלען" האָבן דערזען די ליכטיקע שײַן ערעוו דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

לעמײַ זאָלן מיר לייקענען, דער אומגעוויינלעכער נאָמען פונעם בוך האָט אַרויסגערופן א וואַיצאַקו בא אייניקע בייזע קריטיקער און פאַרשאַפט דעם אוטאָר גענוג צאָרעס. מע האָט אָנגעכמורעט די ברעמען, זיך פאַרקרימט און געטײַנעט:

— סטײַטש, וואָס איז דאָס פאַר א העפקיירעס? וואָס פאַרא גאַזלאָנים אינמיטנדערינען! אין דער צײַט, ווען מיר זײַנען באַרופן שרײַבן וועגן לײַטישע, גוטע מענטשן, קומט ער מיט גאַזלאָנים? ווו האָט ער זיי אויסגעגראָבן? ווו האָט ער זיי געפונען בא הײַנטיקע צײַטן! דערבײַ נאָך בא אונדז.

דער נאָמען האָט אויך אַרויסגערופן א שטיקל טומל בא די ליבהאָבער פון פאַנטאַסטישע און דעטעקטיווע ספאָרים. אייניקע האָבן אַפילע געריבן די הענט.

— נו, דאָס דאַרף זײַן א האַרצרײַסנדיקער, פאַרכאַפּנדיקער ראָמאַן, וואָס מע וועט קענען לייענען פאַרן שלאָף און אין טראַמווײַ, — האָבן זיי זיך געטראַכט, — באַלד וועט אַוועק א סעדרע געשלעגן, בלוט־פאַרגיסונגען, רויבערײַען.

און אנדערע האָבן געטראַכט, אַז אַזאַ בוך איז ניט קעדײַ צו לייענען פאַרן שלאָף, עס קאָנען זיך, כאָלילע, דערנאָך כאָלעמען קאָשמאַרן...

אָבער ווען מע האָט איבערגעלייענט די ערשטע עטלעכע נאָוועלן און דערזען, אַז דאָ רעדט זיך ניט וועגן קיין שום גאַזלאָנים, האָט מען זיך אַ ביסל באַרויִקט און אָנגעהויבן קוקן אויפן ראָמאַן מיט גאָר אַנדערע אויגן!

אינדערעמעסן איז דאָס אַ געשיכטע וועגן אַ לעבנסלוסטיקן, פריילעכן האַרעפּאַשניק, אַ סאָלדאַט, וואָס גייט קיינמאָל ניט אַרום מיט קיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אַ מענטש, וואָס צעשיידט זיך זעלטן מיט זײַן גוטמוטיקן שמייכל, מיט אַ כאָכמע, אַ וויץ. ער איז אַליין אַ פריילעכער פאַרשוין און זעט, אַז די אַרומיקע זאָלן אויך זײַן פריילעך. שמײַע גאַזלען איז אויסגעווען ווו די וועלט האָט אַן עק, געווען אויפן פערדל און אונטערן פערדל, ער האָט פאַרזוכט אַ פּײַן ביסל צאָרעס און ווייטעקן, אומגליקן און אויך אַ יאָם פרייד...

צווישן מײַנע גוטע און טרײַע לייענער האָבן זיך געפונען ניט ווייניק אַזעלכע, וואָס האָבן זיך צו מיר געווענדט מיט טײַנעס, לעמײַ האָב איך שײַע ספּיוואַקן, וועלכן מע האָט אַמאָל אין שטעטל געקרוינט מיטן גרויסאַרטיקן צונעמעניש „שמײַע גאַזלען״ און וועלכער האָט אים באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן, — אָט דעם פריילעכן בלעכער מײַנעם — לעמײַ האָב איך זיך אַזוי פרי צעשיידט מיט אים, איבערגעלאָזט אים צווישן הימל און ערד, ניט דערפירט זײַן לעבנס־באַשרײַבונג ביזן סאָף. דערבײַ נאָך האָב איך אַמאָל דערמאָנט, אַז מײַן שמײַע גאַזלען איז געווען באַוווּסט פיר סוידעס, ווי מע לעבט הונדערט און צוואַנציק יאָר... ער ווייסט, הייסט עס, דעם סאָד פון לאַנג לעבן, פון אַריכאַס־יאָמים.

הונדערטער כאַכאָמים און געלערנטע ברעכן זיך שוין אַזויפיל יאָרן די מויכעס, קעדיי זיך דערגרונטעווען דעם סאָד פון לאַנג לעבן... פאַרוואָס זשע האָט מײַן העלד ניט אויס־געגעבן זײַן סאָד?

עס איז דאָך באַוווּסט, אַז יעדער איינציקער האָט כיישעק לאַנג לעבן, זײַן געזונט און יונג, פריילעך און לעבנסלוסטיק, שטאַרק און דרייסט.

אָט פאַרוואָס, אייגנטלעך, האָב איך באַשטימט זיך אומקערן צו מײַן אַלטן באַקאַנטן, דעם בלעכער פון דער ראַקאָווקע שײַע ספּיוואַק.

נאָך לאַנגע יאָרן צעשיידונג האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט אויף די שטעגן און וועגן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. דער ביוואָלער ניקאָליַעווער סאָלדאַט האָט אין די שווערע יאָרן פון אונדזער געשיכטע, ווען די פאַשיסטישע מאַגייפע האָט זיך אָנגערוקט אויף זײַן היימלאַנד, ווידער פאַרקאַטשעט די אַרבל, גענומען אַ ביקס אין האַנט און אַוועק אויפן פראָנט, כאָטש ער איז שוין דעמלט ניט געווען קיין ייִנגעלע. אין די קאַלטע נעכט זײַנען מיר מיט אים אָפּטלעך געזעסן באַ אַ שײַטער ערגעץ הינטער קורסק, אין די פּינסקער בלאָ־טעס אין אַ וואַלד און גערעדט וועגן וועלט־זאַכן. מיר האָבן זיך מיט אים באַגעגנט אויף די פּערעפּראַוועס פונעם בוג, ווײַסל, אָדער, ווען די ערד האָט געציטערט פון די באָמבעס און סנאַריאַדן. און שפּעטער האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אים אינעם ברענענדיקן בערלין, אין רײַכסטאַג, איבער וועלכן עס האָט געפלאַטערט די רויטע פאָן פון אונדזער גרויסן ניצאָכן...

און נאָך האָב איך אים באַגעגנט אויפן בערלינער וואָקזאַל, ווען ער איז געפאָרן צוזאַמען מיט טויזנטער סאָלדאַטן־זיגער צוריק אַהיים, וואָס איז געלעגן אין רויִנעס. ער האָט געײַלט צו די אייגענע און פרײַנט, וועלכע האָבן זיך אויסגעבענקט נאָך דעם טײַערן מענטשן, נאָך זײַן פריילעך ווערטל, נאָך זײַן גוטער כאָכמע, זײַן וויץ, לעבנסלוסטיקײַט, און דעריקער — נאָך זײַנע האַרעפּאַשנע הענט, וואָס קאָנען אין דער זעלבער צײַט שלאָגן די סאָנים, טעסען קלעצער מיט דער האַק, דעקן דעכער, בויען הײַזער, כאָוועון קינדער...

און אַ מאָדנע זאַך!

יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן זיך מיט אים באַגעגנט, איז געווען צו זען, אַז אונדזער שמײַע האָט זיך אויף קיין האָר ניט געעלטערט, זיך ניט געביטן, אויב, פאַרשטענדלעך, ניט רעכענען די טיפע קאַרבן אויף זײַן קלוגן שטערן, די סימאָנים פון די שפּליטערס און קוילן אויף זײַן לײַב און די גראָווע האָר אויף די שלייפן.

עמעס, אונדזער אַלטער באַקאַנטער איז געוואָרן עטוואָס קאַרגער אויף אַ וויץ, אויף אַ כאָכמע און שאַרף ווערטל, ווײַל פאַר די יאָרן איז אים אויסגעקומען ניט ווייניק איבערלעבן און ניט זעלטן האָבן די דאָקטוירים אין די האָספּיטאַלן פון אים געשניטן שטיקער פלייש, דערצו נאָך האָט ער זיך אָנגעזען מיט אַזויפיל שוידער, אַזויפיל אומגליקן, אַכזאָריעסן פון די פאַשיסטן, אַז אים כאָלעמען זיך אַלץ קאָשמאַרן. נאָר ניט געקוקט אויף דעם, איז ער

דאָך פֿאַרבליבן דער זעלבער לעבנסלוסטיקער און האַרציקער מענטש, וועלכן מיר קענען אַ סאַך, אַ סאַך יאָרן...

איך באַגעגן אים נאָך אויך איצט, מײַן אַמאָליקן שאָכן און אַלטן סאָלדאַט. און יעדער באַגעגעניש אונדזערע איז אַן עמעסער יאָמטעוו פֿאַר ביידן.

יאָ, נאָר וואָס האָבן מיר זיך אַזוי צערעדט!

די פֿאָר ווערטער פֿונעם אוטאָר האָבן זיך שוין צופֿיל פֿאַרצויגן. און עס וואַרטן דאָך אויף אונדז פֿרייל־עכע און אויך טרויעריקע באַגעגענישן מיט אונדזער שמײַען, ווי אויך מיט אייניקע פֿון זײַנע פֿרײַנט, סאָלדאַטן.

וועלן מיר זיך צוהערן, וואָס וועט ער דערציילן, אויסהערן אייניקע געשיכטעס, וועלכע זײַנען זיך מיט אים פֿאַרלאָפֿן אין די לעצטע כאַדאָשים פֿון דער מילכאָמע, פֿינקטלעכער, ערעוו די גרויסע געשעענישן, ווען די סאָוועטישע אַרמיי האָט דערשטיקט די פֿאַשיסטישע כײַע אין איר אייגענער נעסט, באַפֿרײַט די גאַנצע וועלט פֿון דער דײַטשיש־פֿאַשיסטישער מאַגייפֿע...

## ערשטע נאָוועלע

## אונטערן פֿערד און אויפֿן פֿערד

**עס טרעפֿט, אַ מענטש נעמט אויף די פּלייצעס אַ שווערע פּעקל און לאָזט זיך אין ווײַטן וועג. נאָר אָט דערפֿילט ער, אַז די מאַסע איז איבער זײַנע קויכעס, וואַרפֿט ער אַראָפּ דעם קלומעק און דערשפּירט גלײַך, ווי עס איז אים גרינגער געוואָרן צו לעבן אויף דער וועלט. נאָר זײַ אַ כאַכעם, ברידערל, פּרוּוו אַראָפּוואַרפֿן פֿון די פּלייצעס אַ שווערע יאָר!**

**אַ שווערע דורכגעלעבטע יאָר קאָן אַמאָל מאַכן דעם מענטשן אַלט און גראָ, אײַנגעבויגן און אײַנגעשרומפּן, צעקאַראַשען דעם שטערן מיט טיפֿע קנייטשן.**

**פֿון דעם זעלבן פּרימאַרגן, ווען אונדזער שמײַע גאָזלען, דאָס הייסט דער בלעכער פֿון דער ראַקעוועקע שײַע ספּיוואַק, האָט זיך אינעם פּראָנט־מישמאַש צופֿעליק אָנגעשטויסן אויפֿן גרענעצלער־אָטריאַד, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפֿירט זײַן אייניציקער זון, דער קאַפּיטאַן איציק ספּיוואַק, זיך דורכגעריסן צוזאַמען מיט אים דורך דער פּראָנט־ליניע און ווידער אָנגעטאָן אויף זיך דעם סאָלדאַטישן שינעל, שווערע קירזעווע שטיוול און זיך געשטעלט צום האַרמאַט אונטערטראָגן סנאַריאַדן, איז איבערגעגאַנגען אַ גאַנץ יאָר, אַ שרעקלעך יאָר!**

**פֿאַר דער צײַט האָבן די סאַניטאַרן צוויי מאָל אים אַרויסגעטראָגן אַ פֿאַרוווּנדעטן פֿון דער פֿײַער־ליניע, אים איבערגעגעבן אין די הענט פֿון די דאָקטוירים, און יענע האָבן אים ווי־ניט־איז אַרויסגעשלעפּט פֿונעם מאַלעכהאַמאָוועסעס אָרעמס און ווידער אומגעקערט אין סטראָי.**

**ווי נאָר ער איז געקומען אַ ביסל צו־זיך, זיך יאַקאָס געשטעלט אויף די פֿיס, איז ער ווידער אַרײַנגעפּאַרן אין זײַנע שטיוול, גענומען דאָס סאָלדאַטישע זעקל אויף די פּלייצעס — און הײַדאַ צו זיך אין באַטאַריע, ווו די כעווערע האָבן באַגעגנט מיט גרויס קאָוועד דעם לעבנסלוסטיקן אַלטן סאָלדאַט, וואָס האָט זיך אויף קיין רעגע ניט צעשיידט מיט דער כאָכמע, מיטן וויץ, מיטן גוטמוטיקן שמייכל, וואָס האָט שטענדיק, אין די שווערסטע מינוטן אַפֿילע, אָנגעשטעקט די אַרומיקע סאָלדאַטן.**

**זײַנע פֿילצאָליקע פֿרײַנט האָבן אים באַוווּנדערט:**

**— ווײַזט אויס, פֿאָפֿאָשע, אַז דו ביסט געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדל. עמעצער האָט דיך פֿאַרקישעפֿט פֿונעם טויט. מע קאָן שווערן, אַז דײַנע ביינער זײַנען שטאַרקער פֿון אײַזן, אויב זיי האַלטן אַלץ אויס.**

**— וואָס רעדט איר, כעווורע, ניט אין דעם איז דער הונט באַגראָבן, — ענטפֿערט אָפּ מיט זײַן האַרציקן קאָל שמײַע גאָזלען, און אויף דעם פֿאַרברוינטן, צעקאַרבטן פּאָנעם צע־שפּרייט זיך אַ שמייכעלע, — דאָ שטעקט, דאַרף איך אײַך זאָגן, גאָר אַן אַנדער סאָד! באַם ריבוינעשעלוילעם איז דער סאָלדאַט שײַע ספּיוואַק שוין גאָר לאַנג אַראָפּגענומען פֿונעם דיסקאָנט, פֿונעם כעזשבן. ער האָט מיר שוין לאַנג אַרויסגעגעבן אַ ווײַסן בילעט. וועט איר עפּשער פֿרעגן פֿאַרוואָס? וועל איך עס אײַך דערקלערן, נאָר הערט מיט קאָפּ!**

בעשאַס דער ערשטער מילכאָמע, אין זעכצעטן יאָר, הייסט עס, ווען איך בין געפאַלן אין פעלד אַ פאַרווונדעטער פון אַ דײַטשישן שפּליטער, איז אײנער אַ דאָקטער, עפּעס אַ לאַנגער דראָנג מיט אַ פּאָר לאַנגע פיס, אַן איבערגעשראָקענער אָף טויט, אַרומגעקראָכן איבערן שלאַכטפעלד צונויפנעמען די פאַרווונדעטע, אָנגעצייכנט מיט אַ שטיק קרײַד צלאָמים אָף די שינעלן פון געהאַרגעטע, מע זאָל זיי מעקאַבער זײַן. דער פאַרשוין האָט מעסוקן זיך געײַלט, דער פּאַכעד האָט אים געטריבן. דער דראָנג האָט אַ כאַפּ געטאָן מײַן האַנט, אַ טאַפּ געטאָן דעם דופעק און מיטן שטיק קרײַד מיר אָנגעצייכנט אָף דער גימנאַסטיאָרקע אַ ציילעם, דאָס הייסט, אַז איך בין שוין קיין ניט קיין היגער און די סאַניטאַרן מעגן מיך שוין באַגראָבן. דאָ בין איך געוואָרן בייז, ווי אַ לייב, זיך אונטערגעהויבן פון דער ערד און אַ זאָג געטאָן דעם דראָנג, דעם דאָקטער:

— וואָשע בלאַגאָראָדיע, וואָס פאַר אַ ציילעם שרײַבסטו מיר, אין דײַן טאַטנס מאַמען אַרײַן, פאַרוואָס פאַרשרײַבסטו מיך צו די געהאַרגעטע? ביסט בלינד געוואָרן, זעסט ניט, אַז איך לעב נאָך, איך בין פאַרווונדעט.

— מאָלטשאַט, דוראַק! — שרײַט ער צו מיר. — וואָס זשע, דו פאַרשטייסט מער פונעם דאָקטער?

און אוועקגעלאָפן!

נו, איך האָב, פאַרשטייט זיך, אָפּגעווישט דעם ציילעם און אוועקגעגאַן אין לאַזאַרעט. זעט אָבער אויס, אַז גאָט האָט געהערט מײַן געשפּרעך מיטן דאָקטער, דעם איבערגעשראָקענעם דראָנג, און די הימל־קאַנצעליאַריע האָט מיך אַלפּי־טאָעס פאַרשריבן צווישן די אומגעקומענע.

אָט פון יענער צײַט אָן נעמט מיך ניט דער טויט. און איך גיי אים פאַרבײַ, איך וויל מיט אים ניט זײַן קיין מעכוטן, ברענט ער אָפן פײַער!

הערנדיק די רייד פונעם אַלטן סאָלדאַט, באַ וועלכן עס האָט זיך אין די שווערסטע מינוטן פון לעבן געפונען אַ פריילעכע געשיכטע, אַ וויץ, אַ כאָכמע, האָבן די אַרטילעריסטן געקײַכט פון געלעכטער און אָף אים געקוקט מיט וואַרעמע בליקן.

צוויי מאָל איז פאַרן יאָר אונדזער שמײַע געזלען געשטאַנען אין סטראָי, אונטער דער רויטער שלאַכט־פאָן, און דער גענעראַל, דער קאָמאַנדיר פון דיוויזיע, האָט צוגעשרויפט צו זײַן סאָלדאַטישער גימנאַסטיאָרקע אַן אָרדען פון רויטן שטערן און אַ מעדאַל „פאַר געוואַגט־קײַט", געדריקט אים די האַנט, באַגריסט מיט די סאָלדאַטישע באַלוינונגען, און דער אַלטער זעלנער האָט מיט אַ שטאַרק קלאַפּנדיק האַרץ, פּונקט ווי אַ יונגער נאָוואָבראַנעץ, וועלכער איז אָקאָרשט געקומען אָפן פראָנט, געדאַנקט פאַר די באַלוינונגען. מיט אַ ציטערנדיקער שטים האָט ער אויסגערופן:

— סלוזשו סאָוועטסקאָמו סאָיוזו!..

דאָס ערשטע מאָל, ווען מע האָט אים געגעבן די באַלוינונג, דעם אָרדען פון רויטן שטערן, איז פאָרגעקומען אפילע אַ שטיקעלע מיספאַרשטייעניש, און אין דער סאַמע פײַער־לעכער מינוט האָט דער אוילעם זיך שיר ניט פאַנאַנדערגעלאַכט.

דער גענעראַל האָט געמאָלדן, אַז פאַר שלאַכט־פאַרדינסטן אין דעם לעצטן אָנגריף ווערט דער יעפרייטאָר שײַע ספּיוואַק באַלוינט מיט אַן אָרדען.

דאָ האָט ניט אויסגעהאַלטן דער יעפרייטאָר און זיך אָנגערופן:

— אַ גרויסן דאַנק, כאַווער גענעראַל, נאָר צי קענט איר מיר ניט אַרויסגעבן אָנשטאָט דעם אָרדען אַ מעדאַל?

דער גענעראַל איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפּטער, און די סאָלדאַטן, וואָס זײַנען געשטאַנען אונטער דער פאָן, האָבן זיך קוים אײַנגעהאַלטן, מע זאָל זיך ניט פאַנאַנדערלאַכן.

— יעפרייטאָר ספּיוואַק, — האָט פאַרוווּנדערט געזאָגט דער גענעראַל, — אַלע אונדזערע באַלוינונגען זײַנען זייער בעקאָוועדיקע — אָרדענס און מעדאַלן. און אויב איר ווילט וויסן, איז דער אָרדען פון רויטן שטערן העכער לויט דער מאַדרייגע ווי אַ מעדאַל.

— איך פאַרשטיי, — האָט געזאָגט שמײַע געזלען, — נאָר דאָך וואָלט איך געוואָלט האָבן אַ מעדאַל. דאָרטן שטייט אַלץ פאַרשריבן שוואַרץ אָף ווײַס, פאַר וואָס דער סאָלדאַט האָט זי באַקומען. און אויב דאָס מאַזל וועט מיר צושפּילן און כ'וועל אַ לעבעדיקער זיך אומקערן אַהיים, טאָ זאָל מען לייענען, פאַר וואָס מע האָט מיך אָפן פראָנט באַלוינט.

דער גענעראַל און די סאָלדאַטן האָבן זיך דאָך פאַנאַנדערגעלאַכט. און די צווייטע באַלוינונג איז שוין געווען אַ מעדאַל.

ווען די פײַערלעכקײַט האָט זיך געענדיקט און דער גענעראַל איז אוועקגעפאָרן, האָבן די כעוורע אַרומגערינגלט שמײַען און געטאַדלט:

— אוי, פאַפּאשאַ, אוי, באַטיאַ, אויב דו וועסט זיך אַזוי פירן, קאָן טרעפן, אַז מע וועט דיר געבן דעם טיטל פון אַ גענעראַל און דו וועסט בעטן, מע זאָל דיך מאַכן פאַר אַ סער־זשאַנט...

דאָס יאָר איז דורכגעגאַנגען אין שווערע, ביטערע שלאַכטן, און עס איז אויסגעקומען זיך אָפּ שטענדיק אָפּגעזעגענען מיט גאָלדענע פרײַנט — סאָלדאַטן און אָפיצערן, מיט וועלכע ער איז געווען פאַרברידערט און וועלכע זײַנען אים געוואָרן ליבער און לײַבלעכער, ווי אייגענע ברידער, ווײַל ווו נאָך ווערט אויסגעפּרוּווט עכטע פרײַנטשאַפט, ווי אויפן פראָנט?

אין אַ פרײַער שאָ, צווישן צוויי שלאַכטן, פלעגט זיך אַמאָל אַראָפּכאַפּן אָפּ דער באַטאַרייע דער זון, איציק ספּיוואַק, דער קאַפּיטאַן, וועלכער האָט איצט קאָמאַנדעוועט מיט אַ שיסער־באַטאַליאָן און געשטאַנען דאָ ניט ווײַט, מאַמעש בישכיינעס.

מע זעצט זיך צו ערגעץ אין אַ ווינקל, מע פאַררייכערט שטאַרקע ציגאַרן מאַכאָרקע און מע דערציילט איינער דעם אַנדערן פאַרשיידענע נײַס, מע לייענט צוזאַמען די בריוו, וואָס מע האָט באַקומען פון דער היים. אַמאָל נעמט מען אַ פּאָר גוטע טראָפּנס ספּירט פון די באַקלאַזשקעס. אָפּטלעך האָבן זיך די באַגעגענישן געענדיקט דערמיט, וואָס דער זון האָט געזאָגט דעם טאַטן:

— דער גענעראַל האָט געבעטן זיך מיט דיר דורכריידן... דיר איז, זעט אויס, שווערלעך אין אַזאַ עלטער... ער וואָלט געקאָנט אָפּ אַ שטיקל צײַט דיך אָפּלאָזן אַהיים, דאָרטן וואָלט פאַר דיר אויך געווען וואָס צו טאָן...

דערויף האָט דער טאַטע מיט פאָרוווּרף געענטפערט:

— זעסטו, מײַן טײַערינקער, ווען דו ביסט ניט אַזאַ גרויסער נאַטשאַלניק, און ניט קיין אָפיצער, וואָלט איך דיר געענטפערט אַזוי פּאַ־סאָלדאַטסקי, ניט געזשאַלעוועט פאַר דיר קיין שטאַרק וואָרט. נאָר אַזוי־ווי דו קאָמאַנדעוועסט מיט אַ גאַנצן באַטאַליאָן און נאַטשאַלסטווע האַלט פון דיר אַזוי שטאַרק, וועל איך דיר זאָגן איידל: רעד ניט קיין נאַרישקײַטן! וואָס זשע, נאָר מיר איז שווער? און דיר? און אַלעמען? יעדן איינעם אויפן פראָנט איז ביטער, שווער, דערצו נאָך געפערלעך, ווײַל דער מיִעסער טויט שטייט בישכיינעס. נאָר וואָס קאָנסטו מאַכן — מילכאָמע! נו, איך בין עלטער מיט אַ מיטוואָך פון אַלעמען. נאָר זעסטו דאָך, אונדזער גענע־ראַל איז מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר און טראַכט נאָך אויך ניט וועגן אָפּרו. ער פירט מילכאָמע, און נאָך ווי־אַזוי! זאָגט דאָך דאָס אַלטע ווערטל, אַז קיין אַלט פערד וועט די באָראָזדע ניט קאַליע מאַכן. און אונטער אַ נויט קאָן דאָס אַלטע פערד אויך ניט שלעכט זיך אײַנשפּאַנען און שלעפּן דעם וואָגן. איך וויל נאָך דערלעבן ביז יענעם טאָג, ווען איך וועל זען אַדאָלף היטלערן אָפּ דער טליִע דאָרטן אויפן פּלאַץ, אין בערלין, אויפן העכסטן טעלעגראַף־סטויפּ. אָ, דעמלט וועל איך זיך באַרויִקן און איך שווער דיר, אַז מער וועל איך קיין איין טאָג אַפילו ניט בלײַבן אין אַרמיי. דעם צווייטן טאָג נאָכן זיג איבער די פאַשיסטן זעץ איך זיך אַוועק אין צוג, און הײַדאַ אַהיים, אויב, פאַרשטייט זיך, איך וועל בלײַבן לעבן. דו מיינסט, אַז מיר זײַנען שטאַרק געפעלן די מילכאָמעס? איך בין שוין לאַנג זאַט, פאַרברענט און פאַרסאַרפּעט זאָלן געווען ווערן די, וואָס האָבן זיי אויסגעטראַכט, די בלוטיקע מילכאָמעס. מיט קיין אַלטע סאָלדאַטן וואַרפט מען זיך איצט אויך ניט. ווי דו זעסט, שטעלן מיר אויך אונטער אַ פּלייצע צוזאַמען מיט די יונגע. אָט וועט גאָט העלפן, עס וועט זיך ענדיקן די ביטערע מילכאָמע, וועט אונדז קיינער ניט קאָנען אויסוואַרפן, אַז מיר זײַנען געזעסן ערגעץ אין אויסרײַסעניש מיט פאַרלייגטע הענט און זיך ניט געשלאָגן פאַר אונדזער לײַבלעכער ערד. און אָט די ערד איז מיר פונקט אַזוי טײַער, ווי אַלעמען... דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז אָפּ דער ערד האָבן געלעבט און געהאָרעוועט מײַן טאַטע, מײַן זיידע, מײַן עלטערזיידע, ניט איין מאָל האָבן זיי זי באַגאָסן מיט זייער בלוט און שווייס, קעדיי זי זאָל זײַן ווי אַ גוטע מילדע מוטער פאַר אַלע לײַטישע מענטשן.

דער זון האָט אַ פאַרגאַפטער געקוקט אויפן אויפגערעגטן פאָטער און דאָס וויפלסטע מאָל געטראַכט בײַ זיך: ניין, אַזאַ אַקשן ווערסטו ניט איבעריידן, נישט איבערצײַגן!

נו, מיטן זון האָט שמײַע גאַזלען זיך יאַקאָס אויסגעלערנט געפינען אַן אַלגעמיינע שפּראַך — וואָס טוט מען אָבער מיט דער פּלוינעסטע?

העכער אַ יאָר צײַט האָט ער געהאַלטן אין איין שרײַבן אין אַלע עקן, זוכן דאָס ווײַב מיט די קינדער, וועלכע זײַנען מיטן גאַנצן ייִשעוו אַרויסגעפאָרן אין טיפן הינטערלאַנד, ווען בײַ די היימישע שוועלן האָבן זיך שוין געריסן די דײַטשישע סנאַריאַדן. ער האָט שוין איבערגעטראַכט גאָט ווייסט וואָס. און ווען ער האָט שוין פאַרלוירן די האָפענונג זיי געפינען, האָט ער געקראָגן אַ בריוול פונעם ווײַב. ערגעץ אין אַלטײַ איז זי געווען מיט די קינדער און מיט די ייִשוּווניקעס־שכיינים.

דאָס װײַב האָט אים געניי געשריבן, װיאַזוי מע האָט זיך ארויסגעריסן פונעם פײַנטלעכן קלעם, זיך דערקליבן קיין אלטײַ, װיאַזוי מע האָט זיי אלעמען אופגענומען אין א גרויס דאָרף, געגעבן װוינונגען, ברויט, אָנטאָן, ארבעט און די קינדער אָפּגעגעבן אין שול. אלע האָבן זיך, דאנקען גאָט, גאַנץ פײַן אײַנגעאָרדנט, װעדליק און פּאָדליק, פארשטייט זיך, מילכאָמע־צײַט. מע לעקט ניט קיין האָניק, עס איז זייער שװער, מע האָרעװעט טאָג װי נאכט, נאָר דאָס מאכט ניט אויס — מע לעבט מיט דער אײנציקער האָפענונג, אז אײַגיכן װעט מען פארניכטן די פאשיסטן און מע װעט זיך קאָנען אומקערן בעשאָלעם אהיים, צו זיך אפן אינגוליעץ...

אזוי שרײַבט זי אלץ שיין און פײַן, געניי װעגן אלץ און אלעמען, און צום סאָף פּאָרט זי ארײַן מיטן פּאָסעק: „טײַערער און ליבער שײַע, עפּשער װאָלט שוין צײַט געװען, זאָלסט זיך אומקערן צו אונדז? װאָס זשע, װייניק מילכאָמעס האָסטו איבערגעטראָגן אף דײַנע פּלייצעס? און סאָלדאטן אין דײַן עלטער װאָלט מען געמעגט אָפּשיקן אהיים, װײַל דאָ איז פּאַר אײַך אויך דאָ גענוג ארבעט... איז גיי ארײַן צו נאטשאלסטװע און גיב זיי איבער מײַנע װערטער און קום גלײַך צו אונדז צו פאָרן. אויב ניט אף שטענדיק, איז עפּשער אף א צײַט?״

נו, געהערט א לאָשן? זי פארשטייט ניט, אז א מילכאָמע איז א מילכאָמע און א סאָלדאט איז א סאָלדאט און מע קאָן ניט פאָרן אהיים, װען דאָס װײַב מיט די קינדערלעך פארבענקען זיך!

שמײַע גאזלען לייענט אין א פרײַער מינוט אירע בריװ און װערט שיר ניט צעשמאָלצן פון פארגעניגן. ער איז מאמעש גליקלעך, װאָס זײַן מישפּאָכע האָט זיך צוגעשלאָגן צו א ברעג. ער האָט צװישן די שורעס געלייענט, אז עס לעבט זיך זיי גאַנץ שװער און ביטער, נאָר װעגן דעם פארהיקעט זי זיך אין אירע בריװ ניט, זײַן רייזל, אפילע מיט קיין איין װאָרט. װאָס קאָן מען טאָן, אז אלע בידעװען גאַנץ פײַן, סײַ אפן פראָנט, סײַ אין הינטערלאנד. און װער װייסט, װיפל קאָן דאָס נאָך דויערן!

זינט יענעם טאָג, װען אונדזער שמײַע גאזלען האָט אָנגעהויבן באקומען בריװ פונעם װײַב, איז ער געװאָרן גאָר אן אנדער מענטש, ניט צו דערקענען. ער איז פריִער אויך קיינמאָל ניט אראָפּגעפאלן בא זיך, קיינמאָל ניט ארומגעגאנגען מיט קיין אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ניט אופגעהערט אונטערװאָרעמען דעם אוילעם מיט א װערטל, א װיץ, א כאָכמע, נאָר דאָך האָט מען אין זײַנע גרויסע טונקעלע אויגן געזען אומעט און צאר, װייטעק און בענקשאַפט. און איצט איז ער, דאכט זיך, א ביסל ייִנגער געװאָרן. דערצו נאָך האָבן זיך בא אים געיאָװעט נײַע דײַגעס. אין די שטילע װײַלעס, װען ער האָט ניט געדארפט אונטערטראָגן די ארטילעריסטן קיין סנאריאדן, אָדער רייניקן די שװערע הארמאטן, זיי מאסקירן, אָדער גראָבן אָקאָפּעס, באהעלטענישן פאר די סנאריאדן, בלינדאזשן, האָט ער זיך צוגעשפּארט װוּ עס האָט זיך געלאָזט, און געשריבן דעם װײַב א בריװ. און פאָרן אָפּשיקן דאָס בריװל האָט ער ליב געהאַט עס איבערלייענען פאר זײַנע כעװרע — פאר זיי האָט ער קיין סוידעס ניט.

מע קאָן גאָר ניט איבערגעבן אף פּאַפּיר, װיאַזוי עס האָט זיך דערפרייט װאַסיע ראָגאָװ, דעם זונס אָרדינארעץ, װען ער, װאַסיע ראָגאָװ, האָט זיך דערװוּסט, אז שמײַעס מישפּאָכע האָט זיך אײַנגעאָרדנט בא אים אפן אלטײַ! אים האָט בלויז באנק געטאָן, װאָס זיי זײַנען ניט פארפאָרן גלײַך צו אים אין דאָרף. דאָרטן װוינט זײַן מוטער, און זי װאָלט זיי אופגענומען װי אייגענע און זיך געטיילט מיטן לעצטן שטיקל ברויט. און עס װאָלט זיי געװען צוזאמען פיל גרינגער און פריילעכער, װײַל די מוטער זײַנע איז געבליבן איינע אין א גרעסער גוטער שטוב. דער פאָטער און צװיי ברידער זײַנע געפינען זיך אפן פראָנט, שלאָגן זיך מיטן דײַטש, און די מוטער, װאָס איז אזוי איינזאם, װאָלט געװען זייער צופרידן, װען עס באזעצן זיך בא איר גוטע מענטשן.

װאַסיע ראָגאָװ האָט זיך מיט א באזונדערער װאַרעמקײַט און אכטונג באצויגן צו שמײַען, און ניט בלויז דערפאר, װאָס ער איז א דרייסטער און פריילעכער סאָלדאט און דער פאָטער פון זײַן באליבטן קאָמאנדיר, נאָר דעריקער דערפאר, װאָס אדאנק אים, שמײַען, האָט ער זיך באקענט און באפרײַנדעט מיט דעם יונגן כיינעװדיקן מיידל שיפרען, װאָס איז דעמלט צוזאמען מיטן אלטן געגאנגען פונעם סוינעס קלעם און צוגעשטאנען צו איציק ספּיװאַקס מאכנע און אריבערגעגאַן די פראָנט־ליניע, פארבליבן אין מעדסאנבאט אלס סאניטאַר־אינסטרוקטאָר, און שפּעטער, װי װאַסיע ראָגאָװ זאָל ניט זײַן פארטאָן, פארהאָװעט, האָט ער אויסגעזוכט א פרײַע שאָ זיך דורכגיין צו דעם באשיידענעם מיידל, אין װעלכן ער האָט זיך פארליבט ביז איבער די אויערן. און אָט דאָ, צוריק מיט א צײַט, בעשאַס ער איז

אין שלאַכט פאַרווונדעט געוואָרן און מע האָט אים געבראַכט. וואַסיע ראַגאָוון, אין מעדסאַנ־באַט, ווו זי, שיפרע, איז אַרום אים אַרומגעגאַנגען מער ווי צוויי וואָכן צײַט, האָט ער אײַנ־גאַנצן אָנגעוווירן די רו און איר אויסגעשאָטן אַלץ, וואָס בײַ אים איז געווען אויפֿן האַרצן, געמאָלדן איר, אַז ער וועט זי ליב האָבן ביזן לעצטן קלאַפּ פֿון זײַן האַרץ, און ער פֿילט זיך גליקלעך, וואָס דער גורל האָט זיי ביידן צונויפֿגעפֿירט אויף די שווערע מילכאָמע־וועגן...

וואַסיע ראַגאָוו איז שטאַרק צופֿרידן, וואָס זייער דיוויזיע געפֿינט זיך איצט אין דער פֿאַרטיידיקונג און אויפֿן פֿראָנט איז דערווײַל שאַ־שטיל.

ער זוכט אויס אַלץ אָפּטער אַ פֿרײַע שעה אויף זיך אַראָפּכאַפּן אין מעדסאַנבאַט, וואָס געפֿינט זיך בײַ אַ צענדליק קילאָמעטער פֿון דער פֿאָדערשטער פֿראָנט־ליניע, זעט זיך אָפּטער מיט זײַן באַשערטער. אינדערעמעסן, וואָס איז אַ צענדליק קילאָמעטער פֿאַר אַ מעהאַלעך בײַ אַ יונגן סיביריאַק, וואָס איז פֿאַרליבט אין אַ וווּנדערלעך מיידל, פֿאַר וועלכער ער איז גרייט גיין אין פֿײַער און אין וואַסער?!

ער וואָלט צו איר אויף פֿליגלען פֿליִען, און אויב ניט אויף קיין פֿליגלען, איז אויף אַ צופֿע־ליקער מאַשין. אין ערגסטן פֿאַל, אויף אַן אַבאָז־וואָגן, וואָס גייט אין צווייטן עשעלאָן פֿון די־וויזיע נאָך סנאַריאַדן, קוילן אָדער פּראָדוקטן. אים איז אויך ניט שווער יאָגן צום מיידל צו־פֿוס דורכן וואַלד!

אַ שווער יאָר איז דאָס געווען פֿאַר שמײַען!

— עך, מײַנע טײַערע, — האָט זיך אָנומלטן אָנגערופֿן שמײַע גאָזלען, שטייענדיק ביזן גאַרטל אין דער טראַנשיי און שלײַדערנדיק מיטן זאַסטופּ די ערד, — וואָלט איך געהאַט אַ ביסל פֿרײַע צײַט, וואָלט איך דערציילט גענויער, סאַראַ שווער יאָר דאָס איז געווען! נאָר קיין צײַט איז נישטאָ. און וואָס וועל איך וועגן דעם אַלעמען ברײַען, איר ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט, ניט ערגער פֿאַר מיר, ווײַל יעדער איינער האָט אַליין אויסגעטרונקען ביזן דעק זײַן ביטערן קאָס, פֿאַרזוכט פּאַטשאָם פּונט ליכאַ. נאָר די וועלט האָט עס געדאַרפֿט וויסן מיט אַלע פּישטשעוועקעס. עפּשער וועלן זיך בײַ אונדז געפֿינען אַזעלכע כאַכאָמים, וואָס וועלן אָנשרײַבן אַמאָל ביכער, וואָס פֿאַר אַ יאָר דאָס איז געווען פֿאַר אונדז! נאָר איידער וואָס־וועגן, וויל איך אײַך אַליין אַ ביסל דערציילן, וואָס מיר האָבן איבערגעטראָגן, ווײַל ווער וועט עס פֿאַר מיר טאָן? ווער וועט זיך וועלן גריבלען אין דער נעשאָמע בײַ אַ פּראָסטן בלעכער, וועלכער האָט אויף דער מילכאָמע ניט פֿאַרנומען קיין גרויסע שטעלעס און ניט געהאַט קיין גרויסע טשינעס — געווען בײַ די פּושקאַרעס אַן אונטערטראָגער פֿון סנאַריאַדן און מיט וועלכן מע האָט דאָ פֿאַרשטעקט אַלע לעכער: „שפּרינג אַרײַן אין שטאַב, פּאַפּאַשאַ, און גיב איבער, אַז עס לאָזן זיך אויס די סנאַריאַדן", „גיי, באַטיאַ, אין כאָזראַטע, דערוויס זיך, פֿאַרוואָס איז נאָך נישטאָ די קיך מיטן וואַרמעס...", „כאַפּ דאַרטן אַ קוק, וואָס איז דאָרט געשען מיט די פֿאַרבינדלער, די ליניע איז איבערגעריסן..."

און איך בין אַ מענטש אָן אַ האָנער און ניט קיין שמעוודיקער. איך גיי! ווי איר פֿאַר־שטייט, האָב איך די סטראַטעגישע פּלענער אויף דער מילכאָמע ניט צונויפֿגעשטעלט, און ניט איך האָב קאָמאַנדעוועט מיט די מיליטער־קויכעס, קיין גרויסע פּאַגאָנעס האָב איך אויך ניט געטראָגן. איז „פּאַפּאַשאַ, לויף צו אין שטאַב", „באַטיאַ, גיי כאַפּ אַ קוק..."

עמעס, ניט איין מאָל איז געשען פֿאַר דעם יאָר, אַז אין דער באַטאַרייע זײַנען געבליבן געציילטע לעבעדיקע אַרטילעריסטן און מיר איז אויסגעקומען זיך שטעלן צום האַרמאַט און שיסן אין די פֿײַנטלעכע טאַנקען, וואָס זײַנען געקראָכן אויף אונדז, און ניט איין מאָל, ווען די סנאַריאַדן האָבן זיך אויסגעלאָזט, איז אונדז אויסגעקומען מיט די קאַראַבינען, מיט די פּריק־לאַדן, גראַנאַטעס אָפּשלאָגן דעם סוינע, וואָס איז געקראָכן אויף דער שטילגעוואָרענער באַטאַ־רייע, און ניט איין מאָל זײַנען מיר געשטאַנען, אָפּגעגאָסענע מיט בלוט, קוים די נעשאָמע האָט זיך אין אונדז געהאַלטן, און ניט געלאָזט, די פֿריצן זאָלן פֿאַרכאַפּן אונדזערע האַרמאַטן.

אַז דער האַרבסט האָט זיך אָנגעהויבן מיט זײַנע בלאָטעס און סליאָטעס, איז געוואָרן עטוואָס שטילער אויף אונדזער פֿראָנט. אַלץ הייסט שטיל — די דײַטשישע באָמבאַרדירער האָבן ניט געלאָזט רוען, אַלעמאָל אָנגעפֿלויגן און פֿאַרשאָטן מיט באָמבעס. נאָר צו די זאַכן האָבן מיר זיך שוין לאַנג צוגעוווינט.

אונדזערע האַרמאַטן האָבן זיך אָפּגערוט. געשוויגן. עמעס, די זעניטקעס האָבן געהאַט אַרבעט — אָפּטרײַבן די פֿײַנטלעכע אַעראָפּלאַנען. נאָר ווי עס זאָל ניט זײַן, האָט זיך פֿאַר מיר שטענדיק געפֿונען אַרבעט. איך האָב דאָ און דאָרטן צונויפֿגעשלעפּט אַ ביסל אינסטרו־מענט — אַ זעג, אַ האַק, אַ האַמער, סטאַמעסקעס — און פֿאַרוואַנדלט אונדזערע בלינדאַזשן אין עמעסע פּאַלאַצן. צונויפֿגעקלאַפּט. הייסט עס, נאַרעס, עס זאָל זײַן ווו צושפּאַרן דעם קאָפּ, צונויפֿגעשלאָגן טישלעך, טאַבורעטקעס, ווו אונדזערע כעוורע זאָלן האָבן ווו אַ קוק טאָן אין

א סאָלדאַטסקע בלאַט, אַרײַנקוקן אין א ביכל, אָנשרײַבן א בריוול אַהיים, כאַפּן א שלאָף. איך האָב אויסגעאַרבעט פון בלעך לעמפּלעך, פון אָן אַראָפּגעקלאַפּטן דײַטשישן אַעראָפּלאַן האָב איך אַראָפּגעשונדן דעם אַלומיני און געמײַסטרעוועט פאַר אונדזער כעוורע פּאַפּיראָסן־קעסטלעך, וועלכע מע וואָלט געקענט שענקען דעם קייסער. וואָס זשע, כ׳וועל דערלאָזן, אַז מײַנע כעוורע זאָלן האַלטן די מאַכאָרקע אין די קעשענעס צוזאַמען מיטן שטיקל ברויט?

דאָס אַלץ האָב איך געטאָן מיט גרויס פאַרגעניגן. זיך אויסגעבענקט נאָך א שטיקל וואָכעדיקער אַרבעט. א בלעכער, האָב איך זיך דאָס גאַנצע לעבן אַרומגעשלעפּט איבער די דערפער און געטרומט, אַז איך וועל לעבן בלײַבן, זאָל איך ווידער קריכן אַף די דעכער. און דערוויַיל האָב איך דאָ געטאָן דאָס און יענץ, מײַנע פינגער זאָלן ניט פאַרדוביעט ווערן און איך זאָל זיך ניט אָפּגעווינען פון דער אַרבעט. כאָטש באַ די האַרמאַטן, ווי איר פאַרשטייט אַליין, איז געווען גענוג האָרעוואַניע!

די פּרעסטעלעך האָבן פאַרקאָוועט די ערד, האָבן די דײַטשן זיך געוואָרפן אַף אונדזער אַבאַראָנע, געפרוווט זי דורכרײַסן. און דאָ איז אונדז אויסגעקומען שיין א האָרעווע טאָן! אָפּשלאָגן די פײַנטלעכע קאַהאַרטעס. גאַנצע קאַהאַרטעס טאַנקען און בראָנעוויקעס האָט דער היטלער אַף אונדז געלאָזט, און קײַלעכיקע מעסלעסן איז אויסגעקומען שטיין באַ די האַרמאַטן, אָפּשלאָגן איין אַטאַקע נאָך דער צווייטער.

און וואָס פאַרא רוכעס האָט דער דאָזיקער היטלער ניט געוואָרפן אַף אונדזערע פּאָזיציעס?! אָט גייען אַף אונדז די איטאַליענער — פאַרפּרוירענע, פאַרקאָוועטע, אַרומגעוויקלט די פיס מיט שמאַטעס, מיט שטרוי, פאַרבונדן די העלדזער מיט ראַגאָזשעס, מיט אָנעטשעס. מע קריכט צו אונדז! א ראַכמאָנעס געווען אַף זיי צו קוקן, נאָר זיי גייען מיט אויטאָמאַטן און קוילנוואַרפער. וואָס זשע, וועלן מיר אַף זיי קוקן?

נו, האָבן מיר זיי געגעבן פאַרזוכן א ביסל פעפער אַזוי, אַז זיי וועלן שוין פאַרזאָגן קינדסקינדער מער ניט קריכן האַלטן מילכאָמע מיט רוסלאַנד!

קוים באַוויזן באַגראָבן די געפאַלענע איטאַליענער, אָפּפירן אין הינטערלאַנד די הונדערטער געפאַנגענע, ווי עס הייבט זיך ווידער אָן. אין שטורעם גייען שוין אַנדערע סאָלדאַטן. מיט שוואַרצע הויכע שאַפּקעס היטלען און טונקעלע שינעלן, אַרומגעבונדענע העלדזער מיט שמאַטעס, באַשליקן, אַף די פיס שטריענע לאַפּטיעס און דער רועך ווייסט וואָס. וואָס איז דאָס פאַר א כאַיל? אַהאַ, רומענישע סאָלדאַטן, אַנטאָנעסקוס העלדן. נאָך די רומענער גייען דײַטשן מיט קוילנוואַרפער און אויטאָמאַטן, געצילטע אין זייערע פּלייצעס. מע טרײַבט זיי, די רומענער, ווי מע טרײַבט די שאָף אין בויניע אַרײַן. און זיי גייען, ווי מע גייט צו דער טליע.

נו, וואָס וועסטו טאָן? אומגעבעטענע געסט דאַרף מען ווי געהעריק באַגעגענען, און אונדזערע כעוורע האָבן זיי באַגעגנט, געמאַכט זיי אַזאַ באָד, אַז זיי וועלן אויך פאַרזאָגן קינדסקינדער מער ניט קריכן קיין רוסלאַנד האַלטן מילכאָמע. בעסער זיצן באַ זיך אין דער היים און עסן מאַמעליגע, פאַרטרינקען מיט זויערן ווײַן, איידער גיין מיט אונדז זיך שלאָגן...

זיך נאַרוואָס באַקענט מיט די רומענער, ווי מע האָט אַף אונדז געלאָזט מאַדיאַרן, טשעכן, פינער... און ווו האָט דער היטלער זיי גענומען אַף אונדזערע קעפּ! עפּעס א מין אַנשיקעניש! עמעס, אָט די סאָלדאַטן האָבן זיך מאַסנווײַז איבערגעגעבן אין געפענקעניש, געשטימט מיט די הענט און געשריגן:

— ברידער רוסן, שיסט ניט, מיר גייען אין פּלען!

יאָ, כאָטש ווינטער איז דאָס געווען, נאָר אָפּטלעך איז אונדז געווען גאַנץ הייס, ניט קוקנדיק אַף די טיפע שנייען און בייזע פרעסט! מיר האָבן זיך אַף אונדזער פײַער־ליניע, אַף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, אָפּטלעך געפילט, ווי אין א גוטער שוויץ־באָד.

וואָס האָט דער דײַטש ניט געטאָן, קעדיי אונדז אָפּשטויסן פון אונדזערע פּאָזיציעס! וויפל קויכעס ער האָט ניט געוואָרפן, האָט עס אים געהאָלפן, ווי א טויטן באַנקעס. אונדזערע כעוורע האָבן אים שיין אַרײַנגעלייגט אין די זײַטן. ער האָט פאַרלוירן א גוט ביסל סאָלדאַטן, טאַנקען, האַרמאַטן, אַעראָפּלאַנען און זיך אָפּגעטראָגן.

און ווידער האָט זיך אַף א צײַט אײַנגעשטעלט די אַזויגערופענע רו.

די פראָנט־ליניע האָט זיך צעצויגן אַף טויזנטער קילאָמעטער. דאָ און דאָרטן זײַנען פאָרגעקומען אָרטיקע שלאַכטן. מע האָט זיך געגרייט צום זומער, און דער שטילשטאַנד האָט באַטײַט, אַז ס׳איז ערעוו א שטורעם.

פאַר דער צײַט האָבן די דײַטשישע כאַיאָלעס זיך אָנגענומען מיט קויכעס, און ווען דער זומער האָט זיך אָנגעהויבן — די וועגן זײַנען געוואָרן טרוקן, — האָבן הונדערטער טאַנקען,

באַמבאַרדירער דורכגעריסן דעם פראָנט ערגעץ לעבן כאַרקאָוו. און דאָס האָט אונדז געבראַכט א סאַך צאָרעס.

מעכטיקע דײַטשישע טאַנקען־קאָלאָנעס האָבן זיך דורכגעריסן אין אונדזער הינטערלאַנד, און עס איז אויסגעקומען איבערלאָזן די בלינדאַזשן, די טראַנשייען און אָפּטרעטן, קעדיי ניט אַרײַנפאַלן אין ארומרינגלונג.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן צום דאָן. ניט, כאַלילע, גלאַט אָפּטרעטן, נאָר דאָ און דאָרטן האָבן מיר אָפּגעהאַלטן די אָנגרײַפנדע קאָלאָנעס פונעם סוינע. אונדזערע כעוורע האָבן זיך געשלאָגן, ווי די ריזן, פאַרניכטעט א סאַך פאַשיסטישע סאָלדאַטן, טאַנקען, נאָר וואָס וועט טאָן, אַז איבער אונדזערע קעפּ זײַנען געהאַנגען הונדערטער פאַשיסטישע באַמבאַרדירער, פון אַלע זײַטן זײַנען געקראָכן, ווי פון דער הויט, אָנצאָליקע טאַנקען, דאָ און דאָרט האָט דער סוינע אַראָפּגעוואָרפן פון די אַעראָפּלאַנען דעסאַנטן, וואָס האָבן געזייט א פּאַניקע. אָף קיין מינוט האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט די שלאַכט. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער גאַנצער דאָ־נער סטעפּ איז אין פלאַמען. עס זײַנען געשטאַנען די צײַטיקע ברויטן, און די קייטן פון די טאַנקען, די רעדער פון די מאַשינעס האָבן זיי געדראָשן, געמאַכט פון אַלץ אַש און פּאָ־רעך. און דערפון איז דאָס האַרץ שיר ניט צעריסן געוואָרן אָף פּיצלעך. די ערד, וואָס איז געווען געדיכט באַגאָסן מיט בלוט, האָט געקרעכצט פון די באָמבעס און סנאַרידאַן, פונעם גרילצערײַ פון טאַנקען און מאָטאָרן. און דער הימל איז געווען ווי פון בלײַ — די געדיכטע שוואַרצע רויכן האָבן אים געהאַלטן אין געפּענקעניש.

וואָס וועלן מיר זיך שעמען? ניט פריילעך האָבן מיר אויסגעזען, ביז מיר האָבן זיך דער־קליבן צום דאָן. גאָר ניט שיין! און טאָמער מיינט איר, אַז דער באַרימטער טײַך האָט געהאַט א שענערן אויסזען, האָט איר אויך א טאָעס. דאָס וואַסער איז געווען אויסגעמישט מיט בלוט. איבערן טײַך האָבן זיך געטראָגן אופגעבלאָזענע קערפּערס, צעמאַזיקטע שיפלעך, ברעטער...

מיר האָבן זיך ווי־ניט־איז מיט שווערע שלאַכטן דערקליבן צום ברעג טײַך און דאָ זיך אָנגעהויבן אײַנגראָבן אין דער ערד. מע האָט אום יעדן פּרײַז געדאַרפט אָפּהאַלטן דעם סוינע.

קוקסט אָף אונדזער פאָלק, — אַך, וואָס איז פון אים געבליבן נאָך די לעצטע טעג פון שווערע שלאַכטן, — און דאָס האַרץ וויינט אין דיר! אזעלכע גאָלדענע כעוורע זײַנען געפאַלן! דאָס שענסטע און דאָס בעסטע.

מיר האָבן זיך ניט באַוויזן אײַנגראָבן, ווי עס זײַנען אָנגעפלויגן עטלעכע באַמבאַרדירער, גענומען פּיקירן, רײַסן שטיקער. ארום — רויך און וואָראָנקעס. די פּערעפּראַווע איבערן טײַך איז צעבאָמבירט. עס איז אומגעקומען דער קאָמאַנדיר פון צוועלפטן פאָלק, א גאָלדענער מענטש; שווער פאַרוווּנדעט איז סינילאָוו, אונדזער גענעראַל, דער קאָמאַנדיר פון דיוויזיע, א שרעק־לאָזער, זאָל אים גאָט געבן געזונט.

ווען מיר האָבן אונטערגעכאַפּט אָף די הענט דעם פאַרוווּנדעטן גענעראַל, אים יאַקאָס איבערבאַנדאַזשירט און געטראָגן צום שיפל, וואָס איז געשטאַנען אפּן ברעג, האָט ער צוגע־רופן מײַן זון, וואָס האָט זיך שוין אויך קוים געהאַלטן אָף די פיס, אים ארומגענומען און, קוים אײַנהאַלטנדיק די טרערן, געזאָגט:

— מאיאָר ספּיוואַק, מיר געפינען זיך אין א שווערער לאַגע... נאָר מע מוז זיך האַלטן ביזן לעצטן... נעם איבער די קאָמאַנדשאַפט מיטן צוועלפטן פאָלק. שטיי מיט דײַנע מענטשן וויפל דו וועסט קענען. איר מוזט פאַרהאַלטן דעם סוינע, געבן די מעגלעכקײַט, אַז די רעשט־לעך פון אונדזער דיוויזיע זאָלן זיך אַריבערקלײַבן אָף יענער זײַט דאָן.

— אײַער באַפעל, כאַווער גענעראַל, וועל איך אויספילן! — האָט מיט א ציטערנדיקער שטים געענטפערט דער אָפיצער, און דער גענעראַל זאָל ניט זען, אַראָפּגעשאַרט פון די פּאַר־שטויבטע וויִעס א ניט געבעטענע טרער.

ער האָט זיך אָפּגעזעגנט מיטן שווער־פאַרוווּנדעטן גענעראַל און א ווונק געטאָן צום שיפל, מע זאָל גלײַך אים אַריבערפירן אָף יענער זײַט און איבערגעבן אין מעדסאַנבאַט.

ביטער און שווער איז געווען אָף דער נעשאָמע.

פון פאָרנט, ערגעץ אין סטעפּ, שטייען מוירעדיקע נעפּלען שטובּ, רויך, און עס דער־טראָגט זיך אהער דאָס אומופהערלעכע גרילצערײַ פון טאַנקען. הינטער די פּלייצעס פליסט דער קאַלעמוטנער דאָן, ערגעץ רעכטס פאַריכטן די סאַפּיאָרן די צעשעדיקטע פּערעפּראַווע און אין הימל הודזשען דײַטשישע באַמבאַרדירער, די גאַנצע ערד ציטערט, רעוועט פון די באָמבעס, פון אַלע זײַטן באַוועגט זיך אהער צום טײַך א מוירעדיקער קויעך און וויל אַלץ אָפּ־ווישן, פאַרניכטן, פאַרטיליקן.

און אונדזער פאָלק מוז אָפּהיטן אָט דאָס שטיקל ערד. דאָ מוז מען שטיין אָף לעבן און אָף טויט.

מיר האָבן אוועקגעשטעלט די האַרמאַטן. דער מאַיאָר ספּיוואַק איז אַרופגעלאָפן אַפן בערגל, צונויפגענומען די געבליבענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אַף די פיס, באַוויזן, ווו מע זאָל זיך פאַרגראָבן. יעדערער האָט פאַרנומען זײַן אָרט. אַליין האָט מײַן איציק אַראָפּגענומען פון קאָפּ די פאַרשטויבטע און דורכגענעצטע פון שווייס פּילאָטקע און אָנגעטאָן דאָס גרינע גרענעצלער־היטל, וואָס ער האָט געהאַלטן די גאַנצע צײַט אין רוקזעקל, ניט וועלנדיק זיך דערמיט צעשיידן. ער איז מיט דעם דורכגעגאַן הונדערטער קילאָמעטער פון זײַן גרענעץ־זאַסטאַווע אין די שווערסטע אומשטענדן און געגלייבט, אַז אויך איצט וועט ער זיך האַלטן ביזן סאָף, ניט פאַרשעמען דעם מונדיר פון אַ גרענעצלער. אַף אים קוקנדיק, האָבן אָנגעטאָן זייערע גרינע היטלען נאָך אַ פּאָר צענדליק סאָלדאַטן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, יענע, וועלכע זײַנען מיט אים, מיט ספּיוואַקן, געגאַנגען פון דער סאַמע מײַרעוו־גרענעץ און צוזאַמען מיט אים אין די גרויסע שלאַכטן פאַרזוכט סײַ קאַלטס, סײַ וואַרעמס.

אַלץ, וואָס איז איבערגעבליבן פונעם פּאָלק, איז געשטאַנען אַרום דעם נײַעם קאָמאַנדיר. ער האָט געזאָגט עטלעכע געציילטע ווערטער, איבערגעגעבן דעם באַפעל פונעם גענעראַל. ניין, דאָס איז ניט געווען קיין רעדע, ער האָט ניט געקאָנט האַלטן קיין רעדעס, דער מאַיאָר ספּיוואַק. ער איז געווען פון די שווײַגעוודיקע, אינגאַנצן ניט ענלעך אַף זײַן טאַטן. נאָר זײַן אַרבעט האָט ער שטענדיק געטאָן ראַיעל, שטילערהייט, מיט האַרץ, מיט נעשאָמע, באַלעבאַטיש...

אַ פּאָר מינוט זײַנען אַלע געשטאַנען שטיל, ניט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט. מע האָט אַלץ אַליין גוט פאַרשטאַנען, און קיין ווערטער האָט מען דאָ ניט געדאַרפט. מע איז געשטאַנען פאַרטראַכט, גלײַך ווי אין דער דאָזיקער רגע וואָלטן אַלע געגעבן אַ שווּע, אַז יעדער איינער וועט אויספילן זײַן הייליקע פליכט ביזן סאָף.

און דאָ איז וואַסיע ראָגאָוו אַרויסגעשפּרונגען פון דער טראַנשײַ מיט דער פאָן פונעם פּאָלק. ער האָט אַראָפּגענומען דעם ברעזענטענעם טשעכאָל און צעלאָזט דעם זײַדענעם לײַוונט. דאָס קנאַפּע ווינטל האָט אונטערגעכאַפּט די פאָן, און זי האָט לײַכט געגומען פלאַטערן. אַלע האָבן געווענדט די בליקן אַף דער פאָן, וואָס איז געווען דורכגעשאָסן אין אַ סאַך ערטער. ניט איין מאָל אין די שווערסטע מינוטן האָט מען אַרויסגעטראָגן די פאָן אין שלאַכט.

דער מאַיאָר ספּיוואַק האָט אַ ווײַלע באַטראַכט די פאָן, און זײַנע מידע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אומרו. ער האָט איבערגעפירט דעם בליק אַף זײַנע שלאַכט־פרײַנט, און דער בליק האָט ווי געזאָגט: „נו, מײַנע טײַערע כעוורע, איר זעט אונדזער פאָן, די פאָן פון פּאָלק? איר געדענקט, ווען אונטער דער דאָזיקער פאָן האָט איר געגעבן די סאָלדאַטישע שווּע? צי דען וועלן מיר פאַרשעמען אונדזער שווּע, אונדזער פאָן? צי דען וועלן מיר ניט אָפּהאַלטן דעם סוינע, ניט אויספילן דעם באַפעל, ניט נעקאָמע נעמען פאַר אונדזערע געפאַלענע שלאַכט־כאַווײרים, פאַר אונדזער ערד?”

און אַלע האָבן פאַרנומען זייערע ערטער, צוגעגרייט דאָס געווער צום שלאַכט.

טראַסקענדיק איבער די איבערגעטריקנטע הרודעס ערד, האָבן זיך צו דער פּערעפּראַווע געטראָגן וועגענער, מאַשינעס, אַף וועלכע עס זײַנען געזעסן און געלעגן פאַרווונדעטע סאָלדאַטן. פאַר אַ סאַך איז קיין אָרט ניט געווען, און מע האָט געשפּאַנט צופוס מיט פאַרבאַנדאַזשירטע קעפּ, הענט און פיס. מע איז געגאַן איבער די פאָנטאָנעס, אָנהאַלטנדיק זיך איינער אינעם אַנדערן. מע האָט געאײַלט אַף יענער זײַט. מיט ווייטעק און צאָרן געקוקט אַף די סאָלדאַטן, וועלכע שטייען און פאַרגראָבן זיך אין דער ערד, צו יענע, וואָס מוזן האַלטן די פּערעפּראַווע, אָפּשלאָגן דעם סוינע, וואָס רוקט זיך אָן אַהער צום ברעג, ווי אַ געוויטער.

וואַסיע ראָגאָוו, וואָס איז געשטאַנען אַפן ראַנד פון דער טראַנשייע, האָט דערזען אינמיטן פון די קאָלאָנעס שיפרען. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן. זי האָט געשפּאַנט, אַ פאַרווונדעטע, מיט אַן איבערגעבונדענעם פוס. אַליין אונטערהינקענדיק, האָט זי נאָך אונטערגעהאַלטן אַ פאַרווונדעטן סאָלדאַט, בא וועלכן דער קאָפּ איז געווען איבערגעבונדן מיט מאַרליע.

וואַסיע האָט זיך פאַרלוירן. די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן. ווער ווייסט, עפּשער זעט ער דאָס מיידל צום לעצטן מאָל?

ער האָט געבעטן אַ סאָלדאַט איבערנעמען בא אים אַף עטלעכע מינוט די פאָן און שנעל אוועקגעלאָפן צו דער פּערעפּראַווע. דורכשטויסנדיק זיך דורך דער געדיכטעניש, האָט ער קוים דעריאָגט שיפרען. זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, און ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט איר, גענומען אונטער דער האַנט, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר עס האָט זיך דערטראָגן אַ מוירעדיקע הודזשערײַ פון דײַטשישע באָמבאַרדירער, און שיפרע האָט מיטן בליק באַוויזן וואַסיען, ער זאָל זיך שנעלער אומקערן אַף זײַן אָרט.

וואסיע ראַגאַוו איז נאָך אַ פּאָר רעגעס געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו דער פּאַרענטשע. עמעצער האָט אים אויסגעזידלט, לעמיי ער פּלאָנטערט זיך דאָ. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ מויר־רעדיקע שיסעריי פון די זעניטקעס, קוילנוואַרפער. דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין געריסן באָמבעס אַרום דער פּערעפּראַווע, און פאָנטאַנען וואַסער האָבן פאַרפּלייצט די בריק. וואַסיע ראַגאַוו האָט זיך ענגער צוגעשפּאַרט צו דער פּאַרענטשע, דורכגעלאָזט די אײַלעוודיקע קאַ־לאָנעס. ער האָט געקוקט אין יענער ריכטונג, וווּהין עס איז אַוועק זײַן מיידל, און געוואָלט נאָר איינס — זי זאָל זיך דערקלײַבן צו יענעם ברעג, זי זאָל בלײַבן לעבן.

אַ שווערער שטיין איז געבליבן אַפן האַרצן. ער האָט פריִער שיפּרען ניט געקאָנט אַרויס־זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, און זיך אַפילו רעכט ניט געזעגנט מיט איר.

ווען די אַראָפּלאַנען זײַנען אָפּגעטריבן געוואָרן און עס איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט זיך אומגעקערט אויף זײַן אָרט וואַסיע ראַגאַוו, אַ צעבראָכענער און דערשיטערטער:

— דו האָסט געזען, באַטיאַ, — האָט ער מיר געזאָגט, — אונדזער שיפּרען? אונדזער סאַ־ניטאַרקע איז אויך אַוועק אַהין. זי איז אויך פאַרוווּנדעט.

— יאָ, געוויס האָב איך זי געזען, דײַן שיפּרען, — האָב איך זיך אָנגערופן צום דערשי־טערטן באָכער, כאָטש איך האָב זי ניט געזען. און כאָטש אַרום איז געווען שווער און ביטער, וואָס ערגער קאָן גאָר ניט זײַן, דאָך איז מיר אַ ביסעלע פרייִלעכער געוואָרן אַפן האַרצן. ווײַל אויב אין אַזאַ שאָ קאָנען נאָך מענטשן טראַכטן וועגן ליבע, הייסט עס, אַז די מענטשן זײַנען נאָך גאַנץ שטאַרק בײַ זיך און וועלן נאָך קערן וועלטן, בײַ זיי זײַנען נאָך געבליבן קויכעס. און ווי קויכעס, דאָרטן איז דער ניצאָכן. אַ גרויסע זאַך — ליבע! און דאָ האָב איך געזאָגט וואַסיע ראַגאַוון, וועלנדיק אים מאַכן אַ ביסעלע גרינגער אַפן האַרצן:

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, נאָר בעסאָד־סודעס, צווישן אונדז ביידן זאָל דאָס בלײַבן? נעכטן האָב איך צופעליק זי באַגעגנט, דײַן שיפּרען. און לויט אירע אויגן האָב איך געזען, אַז זי האָט דיך זייער ליב. זי האָט, אייגנטלעך, געגעבן אָן אָנדײַטונג, אַז אָן דיר קאָן זי ניט לעבן. און נאָך האָט זי מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַ מענטש מיט אַ גאָלדענער נשאָמע, אַ שרעקלאָזער באָכער, און פון אַזעלכע האַלט זי. און נאָך האָט זי געזאָגט, אַז אויב איר וועט בלײַבן לעבן, וועט איר איינס דאָס אַנדערע געפינען, קעדיי זיך מער קיינמאָל ניט צעשיידן. יאָ, זי האָט דיך עמעס ליב, שיפּרע. און מעגסט איר גלייבן.

דער באָכער איז אַוועק פון מיר אַ שײַנענדיקער. דאַכט זיך, עטלעכע פּאַשעטע ווערטער. און דער מענטש איז געוואָרן גאָר אָן אַנדערער. אַ גרייטער צו גיין אין פײַער און אין וואַסער. באַליידיקט זיך ניט אָף מיר, טײַערע מענטשן, נאָר אין יענער מינוט, קוקנדיק אָף אים, אַזאַ צעבראָכענעם, און וויסנדיק וועגן וואָס ער טראַכט, האָב איך אים עפּעס אַנדערש ניט געקאָנט זאָגן. איר דאַרפט אַליין פאַרשטיין, אַז קיין בעסערע זאַך פון אַ גוט וואָרט אין אַ שווערער מינוט איז אָף דער וועלט ניטאָ.

מיר האָבן זיך געגרייט באַגעגענען דעם סוינע. צונויפגעשלעפּט פון אַלע עקן סנאַריאַדן, קעסטלעך מיט קוילן, גראַנאַטעס, פאַרקערעוועט צו זיך אַלע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אָפּ־געשלאָגן פון זייערע טיילן, ״געגראָבן אָקאָפּעס, טראַנשייעס — אום יעדן פּרײַז דאַרף מען אָפּשטעלן דעם פײַנט, אים דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ, ער זאָל זיך ניט רײַסן צום דאָן!

נאָר פאַרוואָס רוקט זיך ניט אַהער דער דײַטש? פאַרוואָס האָט ער זיך דאָרט אָפּגעשטעלט? וואָס דאַרף דאָס באַטײַטן?

ווען עס איז פינצטער געוואָרן, האָט מען אָוועקגעשיקט עטלעכע אויסשפּירער נאָך אַ „צונג״, און די כעוורע האָבן געבראַכט אָן אָפיצער, וועלכער האָט דערציילט, אַז די דײַטשן וואַרטן אָף די רעזערוון און גאַנצפרי וועלן זיי זיך פּרווון אַריבערגיין דעם דאָן.

קיינער איז די נאַכט ניט געשלאָפן. יעדער האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ שווערע אויס־פּרווון עס שטייען, אַלעמען פאָר. און מע האָט אָנגעשטרענגט געוואַרט.

ערעוו באַגינען האָט זיך אַרײַנגעריסן אין דער אַרומיקער שטילקײַט דער געריוש פון פײַנטלעכע אַראָפּלאַנען. ער איז אָנגעוואַקסן, ווי דער יאַם־צופלוס. דאָ און דאָרטן האָבן די זעניטקעס געגומען קלאַפּן. און די שוואַר־געלאָדענע באַמבאַרדירער מיט די שוואַרצע קרייצן זײַנען זיך צעפלויגן אין פאַרשיידענע זײַטן, שלײַדערנדיק די באָמבעס ווו עס האָט זיך גע־מאַכט.

פונעם סטעפּ האָט זיך דערהערט אַ ליאַזגערײַ פון טאַנקען־קייטן. אופהייבנדיק וואָלקנס שטויב, רויך, האָבן זיך אַהער צום דאָן באַוועגט שווערע טאַנקען.

דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק האָט זיך אַרויסגערוקט פון זײַן טראַנשיי און געקוקט אינעם בינאָקל.

ער האָט באַפֿוילן, די האַרמאַטן זאָלן זיך גרייטן צום שלאַכט, די סאָלדאַטן זאָלן צוגרייטן די קעגנטאַנק־גראַנאַטעס און צולאָזן דעם סוינע נעענטער, ניט שיסן אָן זײַן באַפֿעל.

אָט האָבן זיך באַוויזן די גרילצנדיקע מאַשינעס. נאָך זיי זײַנען געגאַנגען אָן די פּילאָט־קעס, מיט פֿאַרקאַטשעטע אַרבל, די אױטאָמאַטן אין די הענט — קייטן דײַטשן. זיי זײַנען גע־גאַנגען, ווי אױף אַ שפּאַציר, פֿרעך, מיט ביטל זיך אַרומגעקוקט. און עס האָט זיך אַזוי געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן איבער די קלאָווים, זיי אַנלערנען, אױסלייגן זיי אױף דער ערד, זיי זאָלן האָבן דערעכערעץ פֿאַר אונדזער געווער, ניט מיינען, אַז ס'איז שוין הפֿקר פּעטערשקע, אַז זיי זײַנען שוין אױפֿן פֿערדל. נישקאָשע, מיר וועלן צונויפֿנעמען די קויכעס און ניט איין הונט לערנען באַלעק, איר וועט נאָך פֿאַרשעלטן דעם טאָג, וואָס איר זײַנט אָנגעפֿאַלן אױף ראַסיי.

אונדזער קאָמאַנדיר פֿון דער באַטאַרייע האָט געשפּירט, ווי עס דערנעענטערן זיך די פֿײַנטלעכע קייטן, די טאַנקען, געקוקט אױפֿן קאָמאַנדיר פֿון פּאָלק, געוואַרט אױף זײַן באַפֿעל.

סאָפּקאָלסאָף איז דער סיגנאַל געקומען. מיר האָבן שוין געזען, ווי די טאַנקיסטן האָבן זיך אַרויסגערוקט פֿון די ליוקן, געפּאַטשעט מיט די הענט. דאַן האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט. פֿון אַלע האַרמאַטן האָט מען אַ זעץ געטאָן איבער די מאַשינעס. די קוילנוואַרפֿלער אונדזערע האָבן גענומען קאָסיען די אױטאָמאַטלער זייערע. און אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן די האַנערדיקע פֿריצן אונדז באַוויזן די פּיאַטעס. עטלעכע טאַנקען האָבן פֿײַן גענומען בלאָזן פֿון זיך גערדיכטע קנוילן רויך, פֿײַער. זיי האָבן גאַנץ שיין געברענט. איבערן סטעפּ זײַנען געבליבן הונדערטער אױטאָמאַטלער.

מיר האָבן ניט געזשאַלעוועט קיין פֿײַער. דאָס פֿעלד איז פֿאַרשאָטן געוואָרן מיט דערשאָ־סענע און פֿאַרוווּנדעטע. דאָ און דאָרטן האָבן געברענט טאַנקען — אַ מעכײַע געווען צו קוקן! און נאָך שענער איז געווען קוקן, ווי די עטלעכע גאַנצע טאַנקען און לעבעדיקע דײַטשן זײַ־נען געלאָפֿן פֿונעם דאַן!

אַ מעכײַע מאַמעש געווען צו קוקן, מיט וואָס פֿאַר אַ פּאַכעד עס האָבן געדראַפּעט די פֿריצן, וואָס האָבן צוריק מיט עטלעכע מינוט געמיינט, אַז זיי האָבן שוין אָנגעכאַפּט דעם גאָט זייערן פֿאַר דער באָרד און פּייעס.

איז אָט ווי די היטלערישע קלאָווים קאָנען לויפֿן פֿון אונדז, אָט ווי זיי קאָנען באַווײַזן זייערע הינטנס!

אויב אַזוי, איז נאָך דער הימל ניט בײַ דער ערד!

די ערשטע גרויסע אַטאַקע איז געווען אָפּגעשלאָגן. נאָר דער קאָמאַנדיר פֿון פּאָלק האָט איבערגעגעבן, מע זאָל זיך ניט באַרויִקן. זיך גרייטן צו אַ נײַער שלאַכט.

ווידער האָבן זיך געלאָזט די רעשטלעך פֿון דער דיוויזיע איבער דער פּערעפּראַווע, אַלץ, וואָס איז געבליבן אױף דעם ברעג, האָט געײַלט אַהין, און נאָר אונדזער פּאָלק איז געשטאַנען, אָפּגעהיט די פּערעפּראַווע, אָפּגעהאַלטן די אָנגרײַפֿנדיקע דײַטשישע כאַיאַלעס, וואָס האָבן זיך אַהער געריסן, ניט זשאַלעווענדיק קיין מאַשינעס און מענטשן.

נאָך עטלעכע מאָל פֿאַר דעם טאָג האָבן די דײַטשן זיך געפּרוּווט דורכשלאָגן צום ברעג, צו דער פּערעפּראַווע, נאָר ווידער געכאַפּט פֿײַנע קלעפּ און זיך אָפּגעטראָגן.

עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. און צווישן די לײַכטע וואָלקנדלעך האָט זיך באַוויזן די לעוואָנע און באַלויכטן דעם ברעג, דעם טײַך, און דאָס האָט גראָדע קיינעם פֿון אונדז ניט געפֿרייט. וועהאַרײַע, עס האָבן זיך געיאַוועט עטלעכע דײַטשישע אַעראָפּלאַנען און אָנגע־האַנגען איבער דער פּערעפּראַווע „לאַמטערנס" אױף פּאַראַשוטן, וועלכע האָבן באַלויכטן, ווי באַטאָג, דעם גאַנצן אַרום. כאָטש אַלע זײַנען מיר געפֿאַלן פֿון די פֿיס, עס האָט זיך געוואָלט כאַפּן אַ דרעמל, כאָטש אױף אַ פּאָר שאָ, נאָר וויאַזוי וועסטו צומאַכן די אויגן, אַז דער סוינע איז צערייצט, ווי אַ ווילדע כײַע, און גרייט זיך אונדז אָפּצאָלן פֿאַר די קלעפּ, וואָס ער האָט אַרײַנגעכאַפּט פֿאַרן טאָג.

דער הימל האָט מוירעדיק געהודעט פֿון די באָמבאַרדירער. דאָ און דאָרטן האָבן זיך געריסן שווערע פֿוגאַסן און אונטערגעהויבן די ערד. אין פֿאַרשיידענע זײַטן האָבן געקלאַפּט די זעניטקעס, צעטריבן, ניט צוגעלאָזט די באָמבאַרדירער צו דעם ברעג.

וויפֿל באָמבעס, סנאַריאַדן האָבן געריסן שטיקער פֿון דעם דאָזיקן שטיקל ערד, וואָס מיר האָבן פֿאַרטיידיקט. אַרום האָט געהאָגלט מיט פֿײַער, און אונדזערע טראַנשייעס האָבן אונדז אָפּגעהיט, ווי אַ געטרײַע מאַמע...

איך האָב אַמאָל געהערט זאָגן, אַז קעדיי האַרגענען אַ מענטשן, דאַרף מען אײַנגאַנצן נײַן גראַם בלײַ, אײַזן... נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אַזאַ שטיקעלע קאָן אָוועקלייגן נאָר אַ מענטשן, וואָס שלאָגט זיך ניט, וואָס שטעלט זיך ניט אַנטקעגן דער טויט־געפֿאַר, וואָס שטייט און גענעצט. אונדזערע כעווערע האָבן געטראַכט וועגן לעבן, ניט געכאַפּט קיין פֿליגן. מע איז

געשטאַנען אין די טראַנשייעס, און קיינער האָט געטראַכט אָפּטרעטן, אלעמאָל באַגעגנט דעם סוינע מיט פייער. אונדזערע כוורים, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך טויזנט טויטן, האָבן גוט געוווּסט, אַז אין שלאַכט קאָן זיי ראַטעווען די סאָלדאַטסקע סמעקאַלקע און דרייסטקייט. דעריקער דאַרף מען ניט פליִען אין די הימלען, זיך האַלטן נענטער צו דער מאַמעניו־ערד.

אויב דו ווערסט בעשאַס דעם איבעררייס צווישן צוויי שלאַכטן, ווען עס קומט אויס אַ שטיקל מינוט, ניט טראַכטן וועגן רו, נאָר גוט אויסרייניקן דיין אויטאָמאַט, צוגרייטן קוילן, סנאַריאַדן, נעמען די לאָפּעטקע און פאַרטיפערן דיין טראַנשיי, פאַרטיפערן דעם אָקאָפּ. די קוילן און שפּליטערס זאָלן דיך ניט פאַרטשעפּען, מעג דער סוינע אויסשיטן אַרום דיר עטלעכע פוד בליי און אייזן, וועט עס דיך אַלציינס ניט פאַרטשעפּען...

אַנטקעגן אונדזערע טראַנשייען האָבן זיך געריכערט די אונטערגעשלאָגענע דייטשישע טאַנקען, אַרום האָבן זיך געוואַלגערט אָנצאָליקע קערפּערס פון אויטאָמאַטלער. איבער אונדז זיינען געהאַנגען „לאַמטערנס" און באַלויכטן די פּאָזיציעס. אַלעמאָל זיינען אָנגעפלויגן שווערע באָמבאַרדירער, געשליידערט פוגאַסן און שפּליטער־סנאַריאַדן. אַרום די ערד איז געשטאַנען אין טיפע גריבער — וואָראָנקעס פון די באָמבעס, די ערד האָט געברענט, נאָר מיר זיינען געלעגן אין אונדזערע טראַנשייען און אָקאָפּעס, און די באָמבעס האָבן קיינעם ניט אָנגערירט. עמעס, עס זיינען דערהאַרגעט געוואָרן דריי דייטשישע געפאַנגענע, וועלכע אונדזערע כוורים האָבן בעשאַס דער לעצטער אַטאַקע פאַרכאַפּט. מע האָט געוואַרט, ביז עס וועט ווערן עטוואָס רויִקער און מע וועט זיי אַריבערפעקלען אויף יענעם ברעג טייך, אין שטאַב, נאָר די קלאָוּוים האָבן זיך דערפּרייט, ווען זיי האָבן דערזען, ווי זייערע אַעראָפּלאַנען פליִען אַהער, אַרויסגעקראָכן פון דער טראַנשיי, האָבן זיי אָנגעהויבן טומלען, מאַכן מיט די הענט. ניט ווייט האָט זיך צעריסן אַ באָמבע, און באַ דריי פּריצן האָבן די שפּליטערס אַראָפּגעריסן די קעפּ. די איבעריקע זיינען פאַרווונדעט געוואָרן, איך בעט איבער אייער קאָוועד, אין יענע ערטער, אויף וועלכע זיי זיינען אַמאָל געזעסן אין בערלין און געהערט די גרויסאַרטיקע ספּיטשן פון זייער כאַכעם דעם פיורער.

דערציילן אייך מיט אַלע פּישטשעווקעס, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ נאַכט, איז אומעגלעך, קיין פּאַפּיר וועט ניט סטייען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט קערט זיך איבער און אַלץ וועט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד. און דער רועך ווייסט עס, ווי האָבן זיך צו אונדז גענומען קויכעס אַריבערטראָגן אַזאַ גהענעם!

אָבער אַ סאָלדאַט איז בעקויעך אַלץ איבערטראָגן, אויב ער פאַרשטייט, וואָס ער פאַרטיידיקט און פאַר וואָס ער שלאָגט זיך.

איר מעגט מיר גלייבן, ווען מע זאָגט מיר איצט, אַז מענטשן, געוויינלעכע מענטשן, דערבייַ נאָך טויט־מידע, אויסגעמאַטערטע פון לאַנגע וואָכן אָפּטרעטן, דערצאָרנטע און דערשיטערטע פון זייערע גרויסע פאַרלוסטן, זיינען פייִק אַזוינס איבערטראָגן, וואָלט איך יענעם אָנגעקוקט ווי אַ מעשוגענעם! יאָ, ניט אומזיסט האָט געזאָגט יענער כאַכעם, אַז אַ מענטש איז שטאַרקער פון אייזן.

מיר שטייען אויף אונדזערע פּאָזיציעס און האָבן שוין פאַרגעסן, וויפל אַטאַקעס מיר האָבן אָפּגעשלאָגן. פון פאָרנט שוואַרצן זיך די אונטערגעשלאָגענע דייטשישע טאַנקען, עס וואַלגערן זיך דערהאַרגעטע פאַשיסטן אָן פּילאָטקעס, מיט קאַסקעס, אויף וועלכע עס זעען זיך אָן די גרויסאַרטיקע הערבן — מענטשן־שאַרבנס מיט איבערגעקרייצטע ביינער — ריינע אַריער, עסעסאָווצעס.

אונדזערע רייען זיינען שוין אויך שטאַרק שיטער געוואָרן פאַר די שלאַכטן. עטלעכע האַרמאַטן שטייען שוין צעוואָרפן מיט די רעדער אַרויף, די סנאַריאַדן ענדיקן זיך, און קוילן, גראַנאַטעס זיינען שוין אויך געבליבן ווייניק. מיר ווערן אָפּגעגאָסן מיט בלוט. אָן אַ שיר פאַרווונדעטע באַ אונדז פון די פיינטלעכע מינעס, וואָס רייסן זיך די גאַנצע צייט. נאָר די פאַרווונדעטע בינדט מען וווּ־ניט־איז איבער, און קיינער פאַרלאָזט ניט די פּאָזיציע. מיר וועלן פון דעם פלאַץ ניט אָפּטרעטן, קאָלזמאַן עס וועט ניט אָנקומען קיין באַפעל.

ווידער און ווידער וואַרפן זיך די דייטשן אין אַטאַקע, און ווען עס דאַכט זיך, אַז קיין קויעך איז שוין ניטאָ זיי אָפּצושטעלן, שפּרינגט אַרויס פון זיין טראַנשיי וואַסיע ראַגאָזו מיט דער פאָן פון פּאָלק, וואָס איז שוין צעלעכערט פון פיינטלעכע קוילן און שפּליטערס, ווי אַ זיפּ. און סאָלדאַטן, דערזען זייער פאָן פלאַטערן, נעמען זיי זיך אָן מיט נייע קויכעס און קלאַפּן איבערן פיינט, האַלטן זיך שטאַרקער.

צוויי גאַנצע האַרמאַטן זיינען איבערגעבליבן. איך ווער אָפּגעגאָסן מיט שווייס, שלעפּנדיק אויף זיך די סנאַריאַדן. איך פיל, ווי איך פאַל פון די פיס, נאָר וואָס ווערסטו טאָן, געציילטע מענטשן

זײַנען מיר געבליבן. מיטאַמאָל האָט זיך ניט ווײַט אופגעריסן אַ באָמבע, און די לופט־כוואַליע האָט מיך אונטערגעכאַפּט, ווי אַ פעדער, און אָפּגעשלײַדערט ווײַט פונעם הארמאַט. פליִענדיק, האָב איך דערזען דעם טויט פאַר די אויגן, זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט דער וועלט. ווען איך בין געפלויגן, האָט זיך מיר געדוכט, אַז מע וועט מײַנע ביינער ניט צונויפנעמען. איך בין געפאַלן אינעם בוריאַן. געעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך דעם פאַרייכערטן הימל מיט דער ערד. אַ טאַפּ געטאָן די הענט און פיס. די ריפּן... זשיוו קורילקאַ! פון טויט לעבעדיק! אַ רעגע צוריק געווען אונטערן פערד, און איצט — אָפן פערד! יאָ, כאָטש אַלץ האָט מוירעדיק ווײַ געטאָן, נאָר דאַנקען גאָט, אַלע ביינער זײַנען אָפן אָרט... שמײַע גאזלען לעבט!

זיך אופגעהויבן פון דער ערד און אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שטויב, האָב איך זיך אומגע־קערט צו די לעבנגעבליבענע כעוורע מײַנע. ניטאָ קיין באַפעל אָפּטרעטן. און מישטיינסגעזאָגט, וווהין וועסטו אָפּטרעטן, אַז הינטער דײַנע פּלייצעס איז דער דאָן. די פּערעפּראַווע, די בריק האָבן די דײַטשישע באָמבאַרדירער שוין צעקלאַפּט, און פּרווו איבערשווימען אַזאַ ברייטן טײַך! פון יענער זײַט טײַך שטעקן נידעריקע קוסטעס, און פון דעם הויכן בארג זעט מען די גלײַכע פאַרבלאָטיקטע פּאַימע אף עטלעכע קילאָמעטער, אַלץ איז ווי אף דער דלאָניע. איך בין צוגעגאַנגען צו מײַן הארמאַט, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין קיוועט אַ צעמאַזיקטער, מיט די רעדער אַרוף.

די ערד הודעט. די דײַטשישע מינענוואָרפער פאַרשיטן זי מאַמעש מיט מינעס. שפּליטערס פײַפן אַרום אונדז מיט אַ מוירעדיקער קוויטשערײַ, ווי טויזנטער רוכעס וואָלטן זיך פאַרגאַנגען אין געיאָמער.

עס האָט גענומען שאַרײַען אף טאָג. איך דערזע מײַן בענאַק, איציקן, און עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַ פאַרוווּנדעטער, מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, הינקענדיק אף אַ פוס, נאָר ער האַלט זיך! ער איז צו צו וואַסיע ראַגאָוון, וואָס איז געשטאַנען אין דער טראַנשײַ, האַלטנדיק הויך די פאָן, קעדײַ די לעבעדיקע סאָלדאַטן און די דײַטשן זאָלן זי זען, און אין דעם גערויש אַרײַנגעשריגן אין אויער דעם באָכער:

— ברידערל, וואַסיע, כאָוער סערזשאַנט! מער קאָנען מיר זיך ניט האַלטן... נישטאָ קיין קוילן, גראַנאַטעס... נעם די פאָן און שווים מיט איר אַריבער צו אונדזערע. איך באַפעל דיר ראַטעווען די פאָן פון פּאָלק!

— פאַראַן, ראַטעווען די פאָן פון פּאָלק! —האָט זיך אַ הייב געטאָן דער פאָנענטרעגער, אַראָפּגענומען דעם לײַוונט פונעם שטאָק, פאַרהויבן די גימנאַסטיאָרקע, די דורכגענעצטע פון בלוט און שווייס, זיך אַרומגעוויקלט מיט דער פאָן, און אַ שאָקל געטאָן צו אונדז מיטן קאָפּ, ניט אײַנהאַלטנדיק די טרערן, האָט ער זיך געוואָרפן אין וואַסער אַרײַן. אין אַ פּאָר רעגעס אַרום האָבן מיר דערזען, ווי וואַסיעס בלאָנדער קאָפּ טוקט זיך אין די כוואַליעס, ווי ראַגאָוו שווימט צו יענעם ברעג מיט דעם סאַמע הייליקסטן פון אונדזער פּאָלק.. און פונעם האַרצן האָט זיך געריסן אַ טפילע: „העלף אים, גאָט, אויב דו ביסט דאָ אף דער וועלט, ער זאָל זיך דערקלײַבן בעשאָלעם!"

מיר זײַנען געשטאַנען דערשיטערטע עטלעכע רעגעס און געקוקט אָפן טײַך, זוכנדיק מיט די בליקן וואַסיען.

— וואָס שטייט איר?! — האָט ווי ניט מיט זײַן שטים אויסגעשריגן דער קאָמאַנדיר פון פּאָלק און אַ ווײַז געטאָן אף די סלופּעס, ברעטער, סקאָטן פון אויטאָ־רעדער, — שנעלער פאַרסירן דעם טײַך! זיך צונויפזאַמלען אָט דאָרטן אין דער סטאַניצע ראַזדעלנע!

עטלעכע קוילנוואָרפער און מינענוואָרפער זײַנען דאָ געבליבן אָף אָפּשלאָגן די דײַטשן, אויב זיי וועלן זיך ווידער לאָזן צום ברעג, און די לעבנגעבליבענע האָבן זיך געלאָזט אין וואַסער, שווימען צו יענעם ברעג.

די פיס האָבן זיך בא מיר אונטערגעשניטן. איך האָב אַ קוק געטאָן אָפן טײַך — אַ געוויינ־לעכער טײַך, — נאָר איצט האָט ער מיר זיך אויסגעוויזן ווי אַ גאַנצער יאַם. וויאַזוי וועסטו אים אַריבערשווימען? ווו וועלן זיך צו דיר נעמען קויכעס? און נאָך האָב איך אַ טראַכט געטאָן: עס וועט אויסקומען אַראָפּוואַרפן די שטיוול. שפּאָגל־נײַע יוכטאָווע שטיוול, וואָס איך האָב יענע וואָך באַקומען, אָנשטאָט די קירזעווע. אָן אַווירע פאַרסירען אַזעלכע טײַערע שטיוול. און וואָס וועל איך טאָן מיט דעם בריוו, וואָס איך האָב ניט באַוויזן אָפּשיקן דעם ווײַב און וואָס ליגט אין קעשענע פון דער גימנאַסטיאָרקע? זי וועט דאָך צעווייקט ווערן...

אין דער רעגע, ווען איך האָב זיך אַזוי פאַרטראַכט, דערהער איך דאָס געשריי פון די כעוורע, וואָס לויפן צום וואַסער:

— היי, פּאַפּאַשאַ, באַטיאַ, וואָס גענעצסטו, וואָס כאַפּסטו פליגן? דו זעסט ניט, ווי דער דײַטש טרעט אונדז אָן אף די פּיאַטעס? שנעלער אין וואַסער! שנעלער, באַטיאַ!

דאָ האָב איך דערפילט, ווי עמעצער האָט מיך אַנגעכאַפּט פאַרן ארבל און מיך א שלעפּ געטאָן צום וואסער. זיך אומגעקוקט און דערקענט דאנילאָ לוקאַטש, מײַנעם א זעמליאַק, א נאָענטן שכן, מײַן אלטן פרײַנט דאנילאָ.

— וואָס שטייסטו? זעסט ניט, ס'טוט זיך! ווארף אראָפּ די שטיוול!

און אָט שווימען מיר שוין מיט אים, אַנהאַלטנדיק זיך אין א בערווענע, אין אונדזער רעטער, שטויסן זיך אָפּ מיט די פיס און שווימען צו יענעם ברעג. רעכטס און לינקס פון אונדז שווימען אונדזערע כעווריע. ווער עס האלט זיך פאַר א ברעט, א קאַסטן, א דייזשע. דאָ און דאָרט אין טײַך רײַסן זיך מינעס, עס פײַפן קוילן — דער דײַטש דערנענטערט זיך צום ברעג און באַשיסט אונדז. עמעצער שרײַט, רופט הילף, עמעצער טרינקט זיך, גייט צום דעק, איבערלאָזנדיק אָף דער וואסער שנירלעך בלוט.

איך האָב דערפילט א שטאַרקן ווייטעק אין דער האַנט און דערזען אַפן ארבל בלוט. יאָ, א שפּליטער האָט א ריס געטאָן דאָס פלייש, און דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן. נאָר דאָס פעלט מיר — א פאַרווונדעטער דערטרונקען ווערן אין טײַך. איך דערפיל, ווי עס ווערט פינצטער אין די אויגן, די אָפּגעשוואַכטע האַנט לאָזט ארויס די בערווענע און עס ציט מיך צום דנאָ. איך האָב צום לעצטן מאָל א קוק געטאָן אַפן הימל און זיך אָפּגעזעגנט מיט דער וועלט: „אַלץ... פאַרטיק...” נאָר דאָ האָב איך דערפילט, ווי דאנילאָ לוקאַטש האָט מיך אונטערגעכאַפּט, געגומען עפּעס שרײַען. עס האָבן זיך צו מיר א לאָז געטאָן נאָך א פּאָר כעווריע, גענומען מיך שטויסן צום ברעג:

— היי, באַטיאַ, האַלט זיך! נאָך א ביסעלע! גיב זיך ניט אונטער!

און דאָס פײַער ארום ווערט גערדיכטער. איבער די קעפּ וואָיען קוילן, שפּליטערס. ווו האָבן זיך גענומען קויכעס, הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין, און דאנילאָ, די כעווריע לאָזן מיך שוין ניט אָפּ, שלעפּן מיך צום ברעג.

ווי‌אזוי מיר האָבן זיך דערקליבן צו דער יאַבאַשע, פאַרשטיי איך נאָך אדהײַעם ניט. מע האָט מיך ארויסגעשלעפּט מיט גוואַלד, ארײַן אין דער גערדיכטעניש פון די קוסטעס, אראָפּגע־שלעפּט פון מיר די גימנאַסטיאָרקע, צעריסן אָף מיר דאָס העמד, איבערגעבונדן, אויסגעדרייט די גימנאַסטיאָרקע, זי ארופגעשלעפּט אָף מיר, און האָבן זיך געלאָזט ווײַטער.

דער דײַטש איז שוין געווען דאָרטן, ווו צוריק מיט א האלבער שאָ זײַנען מיר געשטאַנען. מיר האָבן געזען אַפן בארג זײַנע טאַנקען, וואָס האָבן געשאָסן אהער. מע דאַרף שנעלער אוועק פונדאַנען. דער דײַטש זעט אונדז און וועט באַלד א שאָט טאָן מיט פײַער. טאַקע קעדײַ נאָך דעם, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט איבערגעטראָגן, בלײַבן אין דער בלאָטע.

מיט דאנילען האָבן מיר זיך געלאָזט איבער דער בלאָטע, צווישן די טשערעטן, באַמי‌ענ־דיק זיך ניט אָפּשטיין פון די כעווריע, וואָס שפּאַנען פאָרויס, ווײַטער פונעם אומגליק.

ווען מיר זײַנען ארויס אָף דער טריקעניש, ניט ווײַט פונעם שליאַך, האָבן אָף א נאָווינע איבערן קאָפּ ווידער אַנגעהויבן וואָיען סנאַריאַדן. פּלוצעם האָב איך דערהערט א מוירעדיקן געשריי, א קרעכצן. זיך אומגעקוקט, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. עטלעכע טריט פון מיר איז געלעגן א פאַרבלוטיקטער מײַן פרײַנט, מײַן רעטער דאנילאָ לוקאַטש. דאָס פּאָנעם איז געווען איבערגעקרימט פון מוירעדיקן ווייטעק. די ברוסט אינגאַנצן פאַרבלוטיקט, דער רעכטער פוס איבערגעהאַקט.

איך האָב זיך א וואָרף געטאָן צו אים, געכאַפּט דעם סאָלדאַטישן רימען, געוואָלט איבער־בינדן דעם פוס, דאָס בלוט זאָל זיך אָפּשטעלן, נאָר דאנילאָ האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מיט די לעצטע קויכעס ארויסגעזיפּט:

— אַלץ... איך שטאַרב, ברודערקע... — האָט ער ארויסגעבראַכט מיט די איבערגעטריקנטע ליפּן, — זאָלסט נעקאָמע נעמען פאַר דאנילען. אויב דיר וועט אָפּגליקן ארויס פון דעם געהע־נעם, זיך אהיים אומקערן, זאָג מײַן ווײַב, מײַן אַליען, די קינדער... זיי זאָלן ניט וואַרטן. זאָג זיי, אז...

און די שטים האָט זיך איבערגעריסן אַפן האַלבן וואָרט. ער איז שטיל געבליבן, און זײַנע אויגן האָבן זיך צוגעמאַכט.

איך בין געשטאַנען אָף די קני פאַר אים, געמײַנטערט, געוועקט, נאָר אומזיסט. סאַראַ מענטש איז אומגעקומען! א גאָלדענע נעשאָמע! א סאַך פרײַנט זײַנען בא מיר געווען, נאָר אזא, ווי דאנילאָ לוקאַטש, — ניט געווען און וועט שוין געוויס ניט זײַן.

איך האָב ניט קיין טעווע צו וויינען, נאָר דאָ האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און זיך צעוויינט, ווי א קינד.

אין קוסטארניק האָב איך מיט די כעוורע געפונען א פארזשאווערטן זאסטופּ, צעגראָבן א וואראָנקע פון א באָמבע, געמאכט א שטיקל קייווער און באערדיקט דעם סאָלדאט אונטער אן אלטער, אויסגעדליבעטער ווערבע, וואָס איז געשטאנען באם סאמע וועג. אף דער קאָרע האָב איך געמאכט א טיפן צייכן — גאָט וועט געבן מיר וועלן זיך אומקערן, וועלן מיר אים ברענגען צו קוורע ווי עס געהער צו זײַן, ווי עס האָט פארדינט דער פּראָסטער, טרײַער האָרעפּאשניק, סאָלדאט דאנילאָ לוקאטש, וואָס האָט אָפּגעגעבן זײַן לעבן פארן זיג פון אונדזער ארמיי... און עפשער וועלן מיר ניט צעשטערן זײַן רו און אָט דאָ אים אוועקשטעלן א שטיין און אויסקריצן עטלעכע ווערטער, וואָס פאר א מענטש דאָ ליגט, מע זאָל זיך פאר אים פארנייגן און אראָפּנעמען די היטלען...

א פּאָר מינוט זײַנען מיר שטילערהייט געשטאנען באם פרישן קייווער פון אונדזער שלאכט־כאווער און זיך געלאָזט צום דאָנער סטעפּ — אהין, ווו מע האָט אף אונדז געוואַרט מיט אומגעדולד. מיר זײַנען שוין געווען ווײַט פונעם ברעג. אין דער געדיכטעניש פון סעדער האָט מען אָנגעזען די הײַזער פון דער סטאניצע, ווו מיר האָבן זיך געדאַרפט צונויפזאמלען. מיר האָבן דעריאָגט א מענגע סאָלדאטן, וואָס זײַנען געגאנגען פארמאטערטע, פארוווּנדעטע נאָך א שלאנקן אָפיצער מיט א פארבאנדאזשירטן קאָפּ. פון זײַן אויסגעווייקט אָנטאָן האָט געשלאָגן א פּארע. די זון האָט שוין גענומען פײַן ווארעמען. דאָס הארץ האָט זיך בא מיר שיר ניט אָפּגעריסן — איך האָב דערקענט איציקן, מײַן זון. ער האָט אָפּגעקערט דעם בליק — צי ער האָט מיך ניט דערקענט, צי עפּשער איז אים געווען א ווייטעק מיט א ביזאָיען — א קאָמאנדיר פון פאָלק אָן א פאָלק...

מיר זײַנען געגאַן נאָך אים שוויַיגנדיקע, דערשלאָגענע, קוים געפּלאָנטערט מיט די פיס. איין זאך האָט זיך געוואָלט — א פאַל טאָן אף דער ערד און אײַנשלאָפן, זיך א ביסל פארגעסן, שטילן די ווייטעקן פון די וווּנדן.

קיינער פון אונדז האָט קיין וואָרט ניט ארויסגעבראכט. מיר האָבן זיך געצויגן צום עקסטן סאָד, ווו אפן גראָז זײַנען געלעגן אין פארשיידענע פּאָזעס די סאָלדאטן — די רעשטלעך פון אונדזער פּאָלק.

פּלוצעם האָבן מיר דערהערט א הייזעריק געשריי פון די קוסטעס. פאָכענדיק מיט דער האנט אינדערלופטן, האָט א סאָלדאט געשריגן.

מיר האָבן זיך אומגעקוקט. ווער לויפט עס אהער און וואָס שרײַט ער? וואָס פאר א גדולה איז אף אים? מיר האָבן באלד דערקענט וואסיע ראַגאָוון. פּאַלנדיק פון די פיס, א דורכגעווייקטער, א טויט־מידער, נאָר מיט שײַנענדיקע גליקלעכע אויגן, האָט ער זיך דערקליבן צום מאיאָר און געבליבן שטיין, א הייב געטאָן די פארוווּנדעטע האנט צו דער פּילאָטקע און מיט די לעצטע קויכעס אויסגעאָטעמט:

— כאווער מאיאָר, אײַער באפעל אויסגעפילט! די פאָן פון פּאָלק געראטעוועט. סערזשאנט ראַגאָוו...

ער האָט זיך פארקרימט פון ווייטעק, ארויסגענומען פון אונטער דער גימנאסטיאָרקע די פאָן און מיט שטאָלץ זי אופגעהויבן.

אלע האָבן געקוקט אף דער פאנאנדערגעוויקלטער פאָן, אפן שײַנענדיקן, אופגערעגטן סערזשאנט. איציק איז צוגעפאלן צו אים, אײַנגעקלעמט אין זײַנע אָרעמס, צוגעדריקט צום הארצן, אים א קוש געטאָן און געזאָגט:

— א גרויסן דאנק, סערזשאנט ראַגאָוו! איך האָב געוווּסט, אז דו וועסט ניט אונטערפירן. דו האָסט געראטעוועט דעם קאָוועד פון פאָלק. ער וועט לעבן, אונדזער פאָלק, כאָטש מיר זײַנען געבליבן א הײַפל. אויב אונדזער פאָן לעבט, וועט לעבן אונדזער פאָלק. א דאנק, מײַן פרײַנט!

וואסיע איז נאָך א מינוט געשטאנען און מיטאמאָל זיך אינגאנצן אײַנגעקאָרטשעט פון ווייטעק. מיר האָבן אים ניט באוויזן אונטערכאפּן. ער איז אומגעפאלן אף דער ערד.

די כעוורע האָבן אים איבערגעבונדן די וווּנדן. איך האָב זיך אויך אָנגעבויגן איבער אים, גענומען בארויִקן. איך ווייס פון אלע יאָרן, איך האָב שוין אײַך געזאָגט וועגן דעם, אז א גוט וואָרט איז אמאָל בעסער פונעם בעסטן דאָקטער, פון דער שענסטער רעפוּע. און איך האָב אים געזאָגט:

— האלט זיך, ברודער־לעבן וואסיע, אָט דאָ ניט ווײַט געפינט זיך ערגעץ שיפרע. זי וועט דיך גיך שטעלן אף די פיס. שטארק זיך...

און איך האָב דערזען אף זײַנע ליפּן א שמייכל.

די כעוורע האָבן געגומען פון וואַסיעס אָפּגעשוואַכטע הענט די פאָן און זי באַטראַכט אַזוי, גלײַך ווי מע זעט זי דאָס ערשטע מאָל. זי איז געווען נאַס, געשמעקט מיט ווינט און פּולווער, זי איז געווען דורכגעלעכערט פון קוילן אין פיל ערטער, און די לעכער האָבן אויסגעזען, ווי פרישע ווונדן, פון וועלכע עס האָט גערונען בלוט. מיר האָבן געקוקט אויף דער פאָן, זיך דערמאָנט, וויאַזוי זי האָט געפלאַטערט אונטערן האָגל פײַער אויף יענעם ברעג, ווי טויט־מידע, פאַלנדיק פון די פיס, האָט דער פּאָלק אָפּגעהאַלטן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס. מיר האָבן זיך דערמאָנט, ווי אונטער דער פאָן האָבן מיר אָפּגעשלאָגן אַנצאָליקע אַטאַקעס און ווי מיר האָבן אונטער דער פאָן געגעבן אונדזער סאָלדאַטישע שוווע — געשוווירן טרײַ זײַן דער פאָן און דעם היימלאַנד, דער לײַבלעכער ערד אונדזערער.

און איך בין שוין געשטאַנען אָן א זײַט און געטראַכט, אַז עס איז שוין פאַוואָלינקע דורכגעגאַנגען א גאַנץ יאָר, אַז איך האָב זיך געשטעלט צום הארמאַט. און וואָס פאַר א יאָר איז דאָס געווען! פּרווו, זײַ א בעריע, וואָרף אַראָפּ פונעם כּעזשבן אַזאַ יאָר. עס האָט איבערגע־לאָזט באַ יעדן פון אונדז אין האַרצן אַזאַ שפּור, וואָס וועט פאַרבלײַבן אויפן גאַנצן לעבן!

א קליין הײַפל איז געבליבן פון אונדזער פּאָלק, נאָר אַלצײַנס האָבן מיר געזיגט, אויסגע־פּילט דעם באַפעל, געראַטעוועט דעם קאָוועד פון פּאָלק. נישקאָשע, אַלץ טרעפט אויף דער מילכאָמע — אָט ביסטו אויפן פערדל און אָט — אונטערן פערד. נאָר מיר זײַנען ניט באַזיגט! און איר מעגט מיר גלייבן אויפן וואָרט, אַז נאָך אָט דעם שווערן יאָר וואָלט מען פאַר יעדן איינעם געשלאָגענעם סאָלדאַט אונדזערן געקענט געבן הונדערט ניט געשלאָגענע!

דאָס זאָגט אײַך שמײַע גאַזלען, אַן אַלטער סאָלדאַט, וואָס וואַרפט ניט קיין ווערטער גלאַט אַזוי אויפן ווינט...

## צווייטע נאָוועלע

### ווען ס'איז געקומען די שטילקײַט

מאַדנע, ווי שנעל עס פאַרהײַלן זיך אויף דער מילכאָמע די ווונדן!
אין פרידלעכער צײַט, ווען דו כאַפּסט אַרײַן א שטיקל פּאַרקילונג, א קאַטער, א גריפּ, דו צעדראַפּעסט זיך א פינגער, ליגסטו צו בעט און פעסטעסט זיך דער רועך ווייסט וויפל. דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער קישקען אַרום דיר. מע פּאָמפּעט אין דיר אַרײַן פאַרשײַ־דענע רעפּועס, אוקאָלן, מע מאַכט אַנאַליזן, רענטגען — און וואָס ניט! דערנאָך, אַז דו קומסט א ביסל צו־זיך, האָבן אַלע אויף דיר ראַכמאָנעס און מע שיקט דיך אין אָפּרו־הויז, אין סאַנאַ־טאָריע...

און דאָ, אויף דער מילכאָמע, זעט עס אויס גאַנץ אַנדערש! דאָ איז מען ניט קראַנק, מע באַמערקט אַפילע ניט, ווען מע קילט זיך צו, עטלעכע מעסלעס זיך געוויקט אונטערן רעגן, געשלאָפן אין די הורבעס שניי, און כאַטש א הערעלע זאָל פון דיר אַראָפּפאַלן!

ביסטו פאַרוווּנדעט געוואָרן, וועט דער סאַניטאַר אַראָפּשלעפּן פון דיר די גימנאַסטיאָרקע צי די שטיוול, אַרויסכאַפּן א מאַרליע־בינט, איבערבינדן די ווונד און — הײַדאַ צו דײַן האַרמאַט, דײַן קוילנוואַרפער, צום טאַנק, צום אויטאָמאַט!

לאַנג האָט זיך אונדזער שמײַע גאַזלען געבראָכן דעם קאָפּ — פונוואַנען נעמט זיך עס. און וואָס מיינט איר, געקומען צום אויספיר, אַז די נערוון אויף דער מילכאָמע זײַנען גאָר אַנדערע נערוון! און נאָך נעמט זיך עס דערפון, וואָס דאָס בלוט זידט אין דיר, דער האַס ברענט די נעשאָמע, די גרויסע סינע צום פאַרשאָלטענעם סוינע, וואָס טאָפּטשעט דײַן לײַבלעכע ערד, וואָס האָט אונדז צעבראָכן אַזאַ שיין לעבן.

און אינדערעמעסן, צי האָט מען געקאָנט רויִק ליגן אין האָספּיטאַל, ווען דאָס בלוט פון דײַנע געפאַלענע פרײַנט האָט גערופן טאָג ווי נאַכט: „נעם נעקאָמע פאַר אונדז!". אַז דו דערמאָנסט זיך, וויפל שטעט און דערפער האָט דער סוינע פאַרניכטעט, וויפל פאַרברעכנס זײַנען באַגאַנגען די היטלערישע טאַליאַנים, ווערט דיר דושנע ליגן אויפן בעטל, קענסט ניט רוען און קערסט זיך גלײַך אום אין דײַן טייל.

ווען מע האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין סטאַניצע, האָט מען די רעשטלעך פון דער דיוויזיע אָפּגעפירט ווײַטער, טיפער פונעם פראָנט, קעדיי קומען צו־זיך, זיך אָפּרוען, פאַרמירן, פאַר־פולן די שיטער־געוואָרענע פאַלקן און באַקומען נײַ געווער, זיך וואָס גיכער צוגרייטן צו די נײַע שלאַכטן.

עס האָט געדויערט ניט לאַנג, און עס האָבן זיך אומגעקערט פון מעדסאַנבאַט שמײַע גאַזלען, וואַסיע ראַגאָוו, דער מאַיאָר ספּיוואַק און א סך אַנדערע. מע האָט ניט געקענט רויִק אײַנליגן אין דער צײַט, ווען דאָ האָט מען זיך געגרייט — מע האָט געדאַרפט איבערוואַרפן די דיוויזיע אַף א נײַעם פראָנט, און אָפּשטיין האָט זיך קײנעם ניט געוואָלט.

עס זײַנען אָנגעקומען אין דיוויזיע נײַע סאָלדאַטן, אָפיצערן. זיי האָבן זיך שנעל צונויפ־געמישט מיט די ביוואַלע סאָלדאַטן און פאַרוואַנדלט געוואָרן ביסלעכווײַז אין איין מישפּאָכע.

די נײַינקע האָבן פאַרווּנדערט געקוקט אַפן שלאַנקן, שוואַרצבײנעוודיקן מאַיאָר איציק ספּיוואַק און שטילערהייט זיך נאָכגעפרעגט בא זײַן טרײַען אָרדינאַרעץ וואַסיע ראַגאָוו:

— פאַרוואָס טראָגט ער א גרין היטל, דער קאָמבאַט? ער איז א גרענעצלער?

— געוויס! — האָט וואַסיע ראַגאָוו פאַרזשמורעט זײַנע כיטרעוואַטע אויגן. — ער איז געווען א נאַטשאַלניק פון א גרענעץ־זאַסטאַווע... אונדזער מאַיאָר איז א שרעקלאָזער מענטש. איר פאַרשטייט, אינגיכן וועלן מיר זיך אומקערן צו אונדזער גרענעץ, איז אַט גרייטן מיר זיך... פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען, — האָבן געענטפערט די נײַינקע, קנייטשנדיק מיט די אַקסל. מע האָט ניט געקאָנט באַגרײַפן, וועגן וואָס פאַר א גרענעץ קאָן איצט גיין א רייד, אז מיר טרעטן אָפּ, מע איז אַזוי ווײַט פון דער גרענעץ, נאָר קײנער האָט וואַסיען ניט דערווידערט: פאַרט א ביוואַלער סאָלדאַט און וועט ניט רעדן אין דער וועלט אַרײַן.

אין דער ווײַטער סטאַניצע, אין הינטערלאַנד, ווו אַלץ האָט נאָך אויסגעזען פרידלעך, איז מען ביסלעכווײַז געקומען צו־זיך, זיך א ביסל אָפּגערוט. דאָ האָט זיך פאַרמירט די דיוויזיע. מע האָט געוווינט אין די קלוניעס, אַף די טויקן, קלאַל אין די סעדער. אַלע האָבן געוווּסט, אז ניט לאַנג וועט מען דאָ רוען. שאָענלאַנג האָבן די קאָמאַנדירן דורכגעפירט מיט זייערע טיילן מיליטערישע איבונגען, מע האָט זיך געלערנט האַלטן מילכאָמע, דאָ און דאָרט האָט מען געראַדט וועגן די לעצטע שלאַכטן, דערלערנט די סיבעס פון די ניט געלונגענע אָפּעראַציעס. מע האָט דערלערנט דאָס נײַע געווער, וואָס מע האָט אָקאָרשט באַקומען, און יעדער האָט געטראַכט, ווּהין וועט מען איצט אַריבערוואַרפן די דיוויזיע.

אין די קורצע איבערײַסן צווישן די לימודים האָט זיך אין באַטאַליאָן פונעם מאַיאָר ספּי־וואַק געיאָוועט שיפרע מיט איר גרויסן סאַניטאַר־רענצל אַפן אַקסל. א קליינע, זשוואַווע, מיט א פאַרברוינט כיינעוודיק פּאָנעם, אין אירע שווערע סאָלדאַטישע קירזעווע שטיװל מיט דער פּילאָטקע, וואָס איז ווּיליוונגעריש געזעסן אַף איר גלענצנדיקער קוטשמע שוואַרצע האָר, האָט זי אומעטום באַוויזן זײַן — דעם איבערגעבונדן די ווונד, יענעם געגעבן א רעפּוע, ניט געקראָכן נאָך א וואָרט אין קעשענע, ווען די סאָלדאַטן האָבן זי פאַרטשעפּעט מיט א וויץ, א שפּאַס, אָפּגעהאַקט יענעם די פליגל, ווער עס האָט זי געפּרוווט א גלעט טאָן, זיך צושאַרן, און זיך ניט געשעמט דערלאַנגען א פּאַטש אין באַק אָן אײַנגעגעסענעם אוכאַזשאָר, וואָס איז זיך שטאַרק צעגאַנגען. ווען זי האָט זיך געיאָוועט אין באַטאַליאָן, האָט מער פון אַלעמען זיך געפרייט וואַסיע ראַגאָוו. שמײַעס ווערטער וועגן דעם, אז שיפרע האָט אים ליב, וועלכע דער אַלטער סאָלדאַט און איר, שיפרעס, לאַנדסמאַן האָט געזאָגט דעם באַכער נאָך דעמלט, אַף דער פּערעפּראַווע, איז אים גוט אַרײַן אין האַרצן און אים ניט געלאָזט רוען. אין איר אָנוועזנהײַט האָט וואַסיע זיך שטאַרק געגרויטלט, פאַרלוירן די פײַיקײַט זיך ווּיצלען, און אים האָט זיך אַלץ מער אָנגעהויבן דוכטן, אז שיפרע איז צו אים אויך ניט גלײַכגילטיק.

שמײַע גאַזלען איז אַלץ אָפּטער געקומען אַהער אין באַטאַליאָן.

דאָ האָט ער געהאַט א סך גוטעפרײַנט און מע האָט דעם אַלטן סאָלדאַט באַזונדערס געאַכטעט. דאָס, וואָס מע האָט איבערגעלעבט בא דער פּערעפּראַווע, אַפן דאָן, האָט אַלעמען שטאַרק פאַרברידערט. די סאָלדאַטן און די אָפיצערן פון די אָרומיקע טיילן פון דיוויזיע האָבן מיט גרויס אָפּשײַ געקוקט אַפן קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן, מאַיאָר ספּיוואַק, וועלכער האָט פאַר־ביטן דעם קאָמאַנדיר פון פּאָלק און געגעבן די מעגלעכקײַט דער דיוויזיע און אַנדערע טיילן פון דער אַרמיי אַריבערגיין דעם טײַך, געגעבן די מעגלעכקײַט זיך אָפּרוען און זיך גרייטן צו נײַע שלאַכטן.

דעם פאָטער האָט זייער האַנאָע געטאָן, וואָס מע גיט אָפּ דעם זון קאָוועד — ער האָט זיך ניט מיט וואָס צו שעמען, און ווי נאָר ער האָט געהאַט א פרײַע שאָ, אַזוי פלעגט ער

קומען אין באטאליאָן צו זײַנע פרײַנט און מיט זיי א ביסל פארברענגען, רייכערן, ריידן, דערמאָנען זיך אין די לעצטע שווערע אויספּרוּוון.

אין באטארייע, ווו שמײַע האָט געדינט, זײַנען אומגעקומען ניט ווייניק טײַערע פרײַנט. אזא מאזל האָבן שוין אָף דער מילכאָמע די הארמאטלער און יענע, וואָס ליגן בא די קוילנוואר־פערס! דאָס גאנצע פײַער פונעם סוינע איז אין דער ערשטער ריי געווענדעט אָף זיי. ניט אלע פארוווּנדעטע האָבן זיך שוין אומגעקערט אין באטארייע פונעם מעדסאנבאט, און אהער האָט מען צוגעשיקט נײַיִנקע הארמאטלער, יונגע כוורע, וועלכע האָבן נאָך קיין פולווער ניט גע־שמעקט און האָבן נאָך ניט באוויזן אויסשמירן זייערע פרישינקע סאָלדאטישע גימנאסטיאָרקעס.

מיט זיי האָט דערוויַיל שמײַע גאזלען ניט געפונען קיין געמיינזאמע שפראך, און דערפאר האָט ער זיך בעסער געפילט דאָ, אין באטאליאָן, ווי בא זיך אין באטארייע צווישן די נײַיִנקע.

דערצו האָט מען נאָך ניט געבראכט קיין נײַע הארמאטן, און ער האָט ניט געהאט קיין סאך ארבעט.

מע האָט געוואַרט מיט אומגעדולד. ניט געוווינטע צו רו, האָט מען זיך דאָ אין סטאנציע, ווו מע האָט געדארפט שאָענלאנג זיך לערנען פון סאמע אלעפבייס, גאנץ פײַן געגנודיעט.

מע האָט די דיוויזיע איבערגעוואָרפן צו דער וואָלגע, וווהין דער סוינע האָט זיך געריסן, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ערשטע שלאכטן.

מיט ווייס איך וויפל יאָר צוריק, ווען שמײַע גאזלען איז נאָך געווען א שנעק, האָט דער טאטע פארזעצט די קאפּאָטע און באשטימט מאכן פון אים א שטיקל מענטש. ער האָט אים אוועקגעפירט אין „רעמעסלענע אוטשילישטשע״ — עפשער וועט מען אים צולאָזן צו די ביכלעך.

און טאקע, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז די גאנצע מישפּאָכע ספּיוואק, פון דאָר צו דאָר, מוזן זײַן בלעכער און דאָס גאנצע לעבן זיך דראפען איבער די דעכער! זאָל כאָטש איינער זײַן א געלערנטער.

און שמײַע, איז מען זיכער געווען, האָט א גוטן קאָפּ צום לערנען.

אוועקגעגאן אָפּגעבן דעם עקזאמען, און ווען עס האָט שוין געהאלטן, אז אָט־אָט נעמט מען אים ארײַן, איז ער אפּן לעצטן עקזאמען שיין דורכגעפאלן!

אָף געאָגראפיע...

מע האָט אים א פרעג געטאָן, ווו געפינט זיך דער דאָן און ווו די וואָלגע, איז דער באָכער נעבעך געבליבן שטיין, גענומען שטאמלען און ארײַנגעכאפּט דעם שיינעם באל, מיט וועלכן מע דארף קריכן נאָר אפּן דאָן!

גיי זײַ א כאָכעם, טרעף, אז אין יאָרן ארום וועט אים אויסקומען פארזוכן דעם טאם פון אָט די טײַכן — פונעם דאָן און דער וואָלגע.

אָ, וואָלט אים איצט אויסגעקומען אָפּגעבן עקזאמענעס, וואָלט ער אָף געאָגראפיע פארדינט א פינף! ער, זאָגט שמײַע, איז בייס דער מילכאָמע דורכגעגאנגען צופוס די גאנצע געאָגראפיע אין דער ברייט און אין דער לענג!

וועקט אים אוף אינמיטן נאכט, וועט ער אײַך געבני דערציילן, זיך אפילע ניט פארהיקען קיין איין מאָל, ווו געפינט זי זיך, די וואָלגע, וואָס איז דאָס פאר א טײַך, אירע ברעגן, יעדער קער אירער...

אפן ברעג פון דער וואָלגע האָט דער אלטער סאָלדאט געזען א שיינע שטאָט מיט גאסן און פלעצער, פילצאָליקע זאוואָדן און פאבריקן, דעם בארימטן טראקטאָר־זאוואָד, וואָס האָט געשעמט אָף דער גאנצער וועלט מיט זײַנע טראקטאָרס און טאנקען. זי האָט זיך אזוי פרעכטיק געראם פאנאנדערגעשפרייט, די שטאָט, לענגויס דעם שיינעם גרינעם ברעג! ער האָט זי געזען אין איר גאנצער פראכט און האָט זי שפּעטער געזען ליגן אין שרעקלעכע רוּינעס, אײַנגעהילט אין פײַער און רויכן.

צווישן רוּינעס, צווישן אײַנגעוואלגערטע ווענט האָט די דיוויזיע זיך געשלאָגן מעסירעס־נעפעשדיק, אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט, נאָר ניט אָפּגעטראָטן.

אָפּטלעך האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז אלע ביז־איצטיקע שלאכטן זײַנען געווען א פאָרשפּיל צו דער גרויסער שלאכט, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט אָף די ברעגן פון דער וואָלגע.

מעגלעך, אז אונדזער שמײַע גאזלען וועט נאָך אמאָל דערציילן געבני מיט אלע פּישטשעוו־קעס וועגן דעם, וואָס ער האָט דאָ געזען, געפילט און איבערגעלעבט, נאָר פון אלע צײַטן איז באוווסט, אז אונדזער פריילעכער בלעכער פון דער ראקעווקע האָט בעסער ליב צו דער־ציילן וועגן פריילעכע זאכן — וואָס וועסטו מאכן, אזא מענטש איז ער!

און כאָטש עס איז געווען אלעמען מוירעדיק שווער, פֿרייען זיך איז נאָך ניט געווען מיט וואָס, דאָך איז געקומען אהער דער יאָמטעוו, די גרויסע פֿרייד פֿון זיג.

מער פֿון אלץ האָט זיך אים איינגעקריצט אין זיקאָרן דער פּראָסטיקער פּרימאָרגן, ווען ארום־און־ארום איז פּלוצעם געוואָרן אזוי שטיל, אז פֿון דער שטילקייט האָט מען געקאָנט טויב ווערן. יאָ, יאָ, עס איז דאָ מיטאמאָל שטיל געוואָרן, אָף דער סטאַלינגראַדער ערד. פֿריער מיט א פּאָר שאָ האָט אָפּגעהילכט דער לעצטער זאַלפּ און אופגעהויבן א מוירעדיקן שניי־ווירער, עס האָבן אָפּגעשפּילט די „קאַטיושעס".

צוגעווויינטע צום אייביקן געבריל פֿון סנאַריאַדן, צום רעווען פֿון שווער־געלאָדענע באָמבאַרדירער איבערן קאָפּ, צו די אטאַקעס פֿון פֿײַנטלעכע טאַנקען, האָבן זיך די סאָלדאַטן מיט וווּנדער און אומרו צוגעהערט צו דער ארומיקער שטילקייט, און יעדן האָט זיך געדאַכט, אז דאָס איז א שיינער כאָלעם, ניט מער.



נאָר דאָס איז געווען די עמעסע רו. די לאַנגדערוואַרטע, די געגאַרטע רו, יענע שטילקייט, ווען מע דאַרף ניט צעשמעטערן קיין פֿײַנטלעכע טאַנקען, וואָס טראָגן זיך אָף דיר, ווען מע דאַרף זיך ניט טוליען צו דער ערד, קיין קויל זאָל דיך ניט פּאַרטשעפּען.

דער אומענדלעכער ארום איז געווען אײַנגעהילט אין שניי, אין פּראָסט. ווי פֿון אונטער דער ערד זײַנען אופגעשטאַנען מענגעס דײַטשישע סאָלדאַטן און אָפיצערן, איבערגעפֿרוירענע, פֿריטשמעליעטע, פּאַרקוטעטע פֿון קאָפּ ביז פֿיס אין שמאַטעס, ראָגאָזשעס, זעק... זיי האָבן פֿאַרשאָלטן דעם טאָג, ווען מע איז געבוירן געוואָרן, ווען זיי זײַנען פּאַרקראָכן אזוי טיף אין רוסלאַנד. פֿון אלע זײַטן האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען: „קאַפּוט! קאַפּיטול־יאַציע!", און מע איז געגאַן, דראָפּענדיק זיך איבער די הורבעס שניי מיט אופגעהויבענע הענט.

שיס ניט, רוס. פֿריץ קאַפּיטולירט, ער גיט זיך איבער אין פּלען! ער וויל שוין מער ניט קיין מילכאָמע. ער האָט זי שוין פֿאַרזוכט און איז מיט איר זאַט!

דערשיטערטע, טויט־דערשראָקענע, ציטערנדיק פֿאַר שרעק און קעלט, האָבן זיי, די פֿריצן, זיך געטראָגן איבערן סטעפּ, איבער די צעהאַרגעטע גאַסן פֿון דער שטאָט און זיך נאָכגעפֿרעגט, ווו איז דאָ דער פּלען.

צום ערשטן מאָל פֿאַר די שווערע כאָדאָשים האָט שמײַע גאָזלען געזען, ווי אונדזערע כעווירע קאָנען זיך פֿרייען, ווי זיי קאָנען זיך גרויסן מיט זייער ניצאָכן.

דער גאַנצער סטעפּ, די גאַסן און רויִנעס פון דער שטאָט זײַנען געווען פאַרוואַלגערט מיט פאַרקאַװעטע, פאַרשנייטע דערהאַרגעטע פאַשיסטן. אומעטום האָבן זיך געוואַלגערט צעקלאַפּטע מאַשינעס, טאַנקען, האַרמאַטן; די מעכטיקע דײַטשישע טעכניק, וואָס איז געקומען אַהער פון אויסערײַסעניש, איז איצט געלעגן אָנמעכטיק, זיך געוואַלגערט, פאַרשאָטן מיט שניי, און די לעבנגעבליבענע דײַטשן, יענע, וואָס זײַנען לויט א נעס אַרויס לעבעדיקע, זײַנען געגאַנגען זיך איבערגעבן אין געפענקעניש. „קאַפּוט! קאַפּיטוליאַציע!". מענגעסווײַז איז מען געגאַנגען מיט ווײַסע שמאַטעס אין די הענט. און רוסישע סאָלדאַטן האָבן געקוקט אַף די פאַרפרוירענע צורעס, און דאָס האַרץ האָט זיך געפרייט.

אָט איז ער, דער ניצחון, אַזוי ווײַט זײַן מיט אַלע פאַשיסטן, וואָס זײַנען צו אונדז געקומען. עס זײַנען געגאַנגען סאָלדאַטן און אָבערס, אָפיצערן און גענעראַלן.

— אַלע האָבן זיי געהאַט אַ שיין פּנים, — האָט געזאָגט שמײַע גאַזלען, קוקנדיק אַף זיי, — אַזאַ פּנים זאָלן זיי שוין האָבן אַף יענער וועלט, סאַראַ פּנים זיי האָבן דאָ, בײַ סטאַלינגראַד...

אָבער לאַנג שטיין אַפן פראָסט און קוקן אַף די צורעס פון די היטלעראַװצעס, האָט שמײַע געטראַכט, האָט ניט קיין זין, און ער מיט טעלעכע האַרמאַטלער, זײַנע יונגע שלאַכט-כאַװײרים, האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ פאַרלאָזטן דײַטשישן בלינדאַזש, פון וועלכן עס זײַנען אָקאָרשט אַרויסגעקראָכן אַ פּאָר אָפיצערן, קעדײַ זיך איבערגעבן אין געפענקעניש.

אַרײַנגעקומען אין דעם געוועזענעם ערדשטיבל פון די דײַטשן, האָט שמײַע זיך מאַמעש צעשײַנט. זע נאָר, אַפן טיש איז געשטאַנען אַ גאַנצע באַטאַרייע פון פלעשער מיט שיינע קאָלירקע עטיקעטלעך, קעסטעלעך מיט קאָנסערוון, צוקערקעס, שאָקאָלאַד — עטיקעטלעך אַף אַ סאַך שפּראַכן — אָנגערויבט גוטס פון דער גאַנצער וועלט. דאָ זײַנען געשטאַנען פראַנצויזישע ווײַנען און שוועדישע קאָנסערוון, טשעכישער שאָקאָלאַד און עסטרײַכישער וווּרשט, בודאַפּעשטער געבעקס און דעניִשער קעז, פּוילישער בראַנפן און בעלגישער קאָניאַק. די פאַשיסטן האָבן זיך דאָ געגרייט פראַוועון אַ ליאַמע, נאָר די רוסישע סאָלדאַטן האָבן זיי צעשטערט זייער סימכע און געבעטן אַרויסקריכן און אופהייבן די הענט.

און אין דער צײַט, ווען יענע האָבן זיך געדראַפּעט איבער די שניי-הורבעס, ציטערנדיק פון שרעק, שעפּטשענדיק „קאַפּוט... היטלער קאַפּוט, קאַפּיטוליאַציע", האָט שמײַע גאַזלען מיט זײַנע פרײַנט באַשטימט נעמען אַ קויסע פאַר דער מאַפּאָלע פון היטלערן און פאַרן זיג איבערן פאַשיזם אין דער גאַנצער וועלט.

מע האָט מיט געשמאַק אויסגעטרונקען צו גלעזלעך שטאַרקן, ברענענדיקן קאָניאַק, פאַרביסן מיט וווּרשט און ווידער אויסגעטרונקען פאַרן קאָוועד און אָנדענק פונעם קאָמאַנדיר פון דער באַטאַרייע, אַדזשאַנאָוון, דעם טײַערן מענטשן, דעם באַשיידענעם לערער פון פיזיק אין אוזבעקיסטאַן, וועלכער איז אין דער לעצטער שלאַכט אומגעקומען, אָפּשלאָגנדיק אַן אַטאַקע פון דײַטשישע טאַנקען. אַ גאָלדענער מענטש געווען, דער ליבלינג פון די האַרמאַט-לער. אַזאַ וועג איז מען צוזאַמען דורכגעגאַנגען, און אָט דאָ, עטלעכע שאָ פאַרן ניצחון, געפאַלן.

האָט מען פאַר אים אויסגעטרונקען, שטייענדיק מיט פאַרנייגטע קעפּ. מע האָט אויך גענו-מען אַ קויסע פאַרן אָנדענק פון דאַנילאָ לוקאַטשן און אַ סאַך אַנדערע גוטפרײַנט, געפאַלענע אין סטאַלינגראַד און בײַ דער שטאָט, אַפן דאָן און דאָנעץ...

דאָ, צווישן די אָנגעוואַלגערטע טראָפּייען, האָט שמײַע דערזען אַ שפּיגעלע, אַרײַנגעקוקט אין דעם און זיך דערשראָקן — פאַרוואַקסן, ווי אַ בער! ער האָט פון זײַן זעקל אַרויסגענומען די אַלטע בריטווע, דאָס פענדזל און, ניט קוקנדיק אַפן פראָסט, וואָס האָט דערלאַנגט אויך אַהער, אינעם בלינדאַזש, זיך גוט אָנגעזייפט און גענומען זיך גאָלן.

אַרויסגעלאָפן אַפן פראָסט און גענומען אַ זשמעניע שניי, קעדײַ זיך אַרומוואַשן, האָט ער דערהערט אַ טומל, אַ געלעכטער און זיך אומגעקוקט. פון דער טיפער פאַרשנייטער באַלקע האָט ער דערזען, ווי עס דערנענטערן זיך עטלעכע אָפיצערן אין שפּעפּסענע פעלצלעך און אַ וווּסיקער גענעראַל אין אַ באַראַשקענער פּאַפּאַכע. שמײַע גאַזלען האָט זיך אויסגעצויגן אין פראָנט, גרייטנדיק זיך באַגריסן, ווי עס געהער צו זײַן נאַטשאַלסטווע. דערהערט אַ טומל, זײַנען די כעווערע אויך אַרויסגעשפּרונגען פונעם בלינדאַזש. עמעצער האָט מיטגעכאַפּט מיט זיך אַ פלאַש קאָניאַק.

דער גענעראַל מיט זײַנע כאַווײרים איז שוין געווען נאָענט, און שמײַע האָט דערפילט, ווי דאָס האַרץ האָט אומרויִק אַ טיאַכקע געטאָן. ער וועט, געוויס, באַמערקן, דער גענעראַל, אַז מע האָט געכאַפּט אַן איבעריקע קויסע, אַז מע איז עטוואָס בעגילופן. מע קאָן דערפאַר אַרײַנכאַפּן אַ פּסאַק. כאָטש אין יעדער צײַט וועט שמײַע גאַזלען געפינען אַ סיבע, אָט וועט ער זאָגן, אַז דאָס האָט מען אויסגעטרונקען די הונדערט גראַם נאַרקאָמאָווסקע — דאָס הייסט

דעם פראָדוקט „66", וואָס עס באַקומען ווינטער־צײַט אַלע סאָלדאַטן, מע זאָל דערוואַרעמען אין פראָסט די נעשאַמע. אָבער דערזען, ווי די כּעוורע שטייען לעבן אים מיט די פלעשער, האָט ער זיך פאַרקרימט.

דער גענעראַל האָט אָפּגעמאָסטן די סאָלדאַטן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל און פאַרהאַלטן דעם בליק אויפן אַלטן סאָלדאַט.

שמײַע האָט זיך עטוואָס פאַרלוירן און אַ טראַכט געטאָן: „יאָ, באַלד וועט ער אַרײַנכאַפּן אַ פּעטשאַטעק", און נאָך האָט ער אַ טראַכט געטאָן — „דער רועך זאָל אים נעמען, דעם קאָניאַק. פאַרברענט זאָל ער ווערן. אַזאַ שטאַרקער. טרינקסט אויס אַ גלעזל, און דאָס בלוט גיט אַ שפּאַר צום קאָפּ, צום פּאָנעם און די אויגן נעמען פאַרטעטעריש גלאַנצן". און שמײַע גאַזלען איז געשטאַנען, אויסגעצויגן, אַ געגאָלטער, אַן אונטערגעצויגענער, און געוואַרט אויף אַ פּסאַק.

דער גענעראַל האָט געמאַכט אַ שפּאַן נעענטער צום אַלטן סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען אין זײַן צעכראַסטעטן שעפּסענעם ווײַסן פּעלצל, אין דער צעבוזונדענער „אושאַנקע".

— וואָס זשע, דו דערקענסט שוין ניט קיין אַלטע פרײַנט? — האָט זיך אָנגערופן דער גענעראַל, אַראָפּשאַרנדיק פון די קורץ געשוירענע וואָנצעס דעם שניי. — דערקענסט מיך שוין ניט, כּאַווער ספּיוואַק? אויב איך האָב ניט קיין טאָעס... — און דער גענעראַל האָט צו אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

שמײַע גאַזלען איז דערשטוינט געוואָרן, דערהערנדיק אַזעלכע רייד. ער האָט ברייט צעעפנט די אויגן, דער האַנטעך איז אַרויסגעפאַלן פון זײַנע הענט, און ער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער דאַרף טאָן.

שוין לאַנג איז מיט אונדזער גאַזלען ניט געשען אַזוינס, ער זאָל זיך אַזוי פאַרלירן און ניט וויסן, וואָס צו ענטפערן.

שמײַע האָט געדריקט דעם גענעראַלס האַנט, נאָר מוירע געהאַט עפענען דאָס מויל, יענער זאָל ניט דערשמעקן דעם רייעך פונעם אויסגעטרונקענעם קאָניאַק.

— נו, וואָס שווײַגסטו, סערזשאַנט? — האָט דער גענעראַל אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע. — עפּעס דערקען איך דיך ניט, שמײַע גאַזלען.

דערהערט, ווי דער גענעראַל האָט אים אָנגערופן מיטן צונעמעניש, האָט שמײַע דערפילט, ווי אין מויעך האָט זיך עפּעס איבערגעדרייט.

די אויגן האָבן זיך צעשײַנט פון פרייד און איבעראַשונג. יאָ, ער האָט זיך דערמאָנט, ווער עס שטייט פאַר אים און קוקט אויף אים אַזוי. יאָ, געוויס האָט ער זיך דערמאָנט, ווער עס שטייט פאַר אים. זיך דערמאָנט! און אויסגעפּראַלט:

— אויב איך האָב ניט קיין טאָעס — ראַטנער דובראַווין!?

די אַרומיקע האָבן זיך דערשראָקן, קוקנדיק, ווי מע האָט זיך אַרומגעכאַפּט. נאָר קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער סאָלדאַט רופט דעם קאָמאַנדיר פון קאָרפּוס, דעם גענעראַל־לייטענאַנט „ראַטנער דובראַווין".

— טאַק טאַטשנאָ! ראַטנע דובראַווין! — האָט דער גענעראַל זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט. — דו געדענקסט, שמײַע גאַזלען, דעם סיוואַש? איך בין דעמלט געווען דײַן ראָטע־קאָמאַנדיר... דו געדענקסט, ווי מיר זײַנען אַריבערגעגאַנגען דעם סיוואַש, דעם טערקישן וואַל? דאַכט זיך, באַ פּערעקאָפּ האָט עס דיך פאַרוווּנדעט. דער קאָמאַנדאַרם פרונזע האָט דיך אָפּגעשיקט אין לאַזאַרעט, און דו האָסט ניט געוואָלט גיין.

— טאַק טאַטשנאָ! — האָט זיך אָנגערופן שמײַע גאַזלען און מיט די אויגן געגעסן דעם מענטשן, וואָס האָט פאַרגעדענקט פון יענער צײַט אַפילו דאָס, וואָס ער אַליין, שמײַע, האָט שוין לאַנג פאַרגעסן.

— יאָ, עפּעס אַ נעס, — האָט געזאָגט דער גענעראַל, ניט אָפּרײַסנדיק דעם בליק פון זײַן אַלטן סאָלדאַט, — וויפל יאָרן שוין אַריבער! און אַזאַ באַגעגעניש! און איך האָב ניט געטראַכט, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען. זײַנען מיר מיט דיר ווידער צוזאַמען? אין וועלכער דיוויזיע ביסטו?

— טאַק טאַטשנאָ... איך בין באַם גענעראַל סיניאַוו.

— הייסט עס, באַ מיר אין קאָרפּוס! אויסגעצייכנט! האָט אונדז דער גורל ווידער צונויפגעפירט? זייער גוט!

און אויסגעקערט זיך צו די אָפיצערן, וועלכע האָבן אים באַגלייט, אָן אויפגערעגטער, פאַרגעזעצט:

— ווי געפעלט אײַך די באַגעגעניש? מיט דעם סאָלדאַט האָבן מיר געהאַלטן מילכאָמע בײַס דעם בירגערקריג. מיר האָבן וואַנגעלן געשלאָגן אין קרים און אים דערטרונקען אין שוואַרצן יאַם. אָט וואָס הייסט אַן אַלט שלאַכט־פערדל.

און ווידער אָנגעשטעלט דעם בליק אויף זײַן סאָלדאַט, געפרעגט:

3—2735

— נו, ביסטו שוין לאַנג אַפּן פראָנט?

— לאַנג. קימאַט פון סאַמע אָנהייב. זיך געגוג אָנגעשמעקט מיט פולווער אין דאָנבאַס, דערנאָך אַפּן דאָן.

דער גענעראַל דובראַווין האָט אים פרײַנטלעך אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע:

— נו, מיר וועלן זיך מיט דיר איצט אַפּטער באַגעגענען, כאַווער ספּיוואַק. זיך דערמאָנען אין יענע יאָרן. פאַרשטאַנען? אַט!

„פאַרשטאַנען? אַט...״ — האָט אַ שניט געטאָן אין אויער דעם גענעראַלס ווערטער, וועלכע שמײַע גאַזלען האָט נאָך פאַרגעדענקט פון יענע ווײַטע צײַטן, — דאָס זײַנען געווען דעם ראָטנע דובראַווינס סאַמע באַליבטע ווערטער. און שמײַע האָט זיך געוווּנדערט, וואָס אויך איצט האָט יענער זיי אַפּט באַנוצט.

דער גענעראַל דובראַווין האָט אַרומגענומען דעם אַלטן סאָלדאַט, באַגריסט מיטן ניצאַכן, געזאָגט נאָך עטלעכע גוטע ווערטער און זיך געלאָזט גיין ווײַטער.

שמײַע גאַזלען האָט אַן אופגערודערטער נאָכגעשפּירט אַ פּאָר רעגעס נאָכן גענעראַל, און אין די אויגן האָבן זיך געיאַוועט טרערן פון פרייד. די אומדערוואַרטע באַגעגעניש האָט צע־בויטעט שמײַעס געדאַנקען.

ער האָט אַ צאַפּל געטאָן, ווען עמעצער פון זײַנע כאַווערע האָבן אים אַ טאַרע געטאָן מיטן עלנבויגן און אַ זאָג געטאָן:

— ע־ע, באַטיאַ, וואָס זשע איז דאָס פאַר אַ באַגעגעניש פון ביוואָלע סאָלדאַטן? דו וואָלסט געדאַרפט אָנגיסן דעם גענעראַל אַ גלעזל...

און ער האָט אַ הייב געטאָן אינדערלופטן די פלאַש קאָניאַק.

— וואָס רעדסטו, ביסט באַ די געדאַנקען? אַ גענעראַל, — האָט אָפּגעהאַקט שמײַע, — אַ קאָמאַנדיר פון קאָרפּוס, אַ גענעראַל־לייטענאַנט וועט זיך שטעלן מיט דיר טרינקען? נו, און סובאָרדינאַציע? פאַניעבראַטסטוואָ... ניין, דול ניט דעם קאָפּ. — נאָר שמײַע גאַזלען האָט זיך פאַרכאַפּט און אַ טראַכט געטאָן: „נו, און אַז אַ גרויסער נאַטשאַלניק, איז וואָס? אַלטע פרײַנט. דערצו נאָך אין הײַנט באַ אונדז אַזאַ גרויסער יאָמטעוו. דער זיג! צעקלאַפּט אַף טויט די דײַ־טשישע כאַיאַלעס״. מאַכנדיק עטלעכע טריט איבערן טיפן שניי, האָט ער אויסגעשריגן:

— כאַווער גענעראַל! כאַווער דובראַווין, איין ווײַלעטשקע!

יענער האָט זיך אָפּגעשטעלט, פאַרייכערט.

שמײַע איז אונטערגעלאָפן, אַ הייב געטאָן די האַנט צום שטערן און ניט דרייסט אַ זאָג געטאָן:

— אַנטשולדיקט, פאַרשטייט זיך, כאַווער גענעראַל־לייטענאַנט, נאָר אונדזערע כאַווערע האָבן מיט אײַך געוואָלט... נו, ווי זאָל איך זיך אויסדריקן, — מיר ווילן אויסטרינקען מיט אײַך אַ קאַפּעלע פאַרן זיג.

דער גענעראַל, קוקנדיק אַפן פאַרויטלטן און צעשטרייטן אַלטן סאָלדאַט, מיט וועלכן ער האָט זיך הײַנט אַזוי אומדערוואַרט באַגעגנט, האָט זיך פריילעך פאַנאַנדערגעלאַכט, און, אַף אים קוקנדיק, האָבן זיך צעלאַכט זײַנע באַגלייטער.

געוואָרפן אַ שנעלן בליק אַפן האַנטזייגער, האָט ער געזאָגט:

— נו, וואָס טוט מען מיט דיר, ברודערקע, כאַטש איך אײַל זיך, נאָר אַזאַ באַגעגעניש טרעפט זעלטן און מע קען זיך פאַרגינען נעמען צו קאַפּעלעך.

אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, האָט ער זיך אומגעקערט צום נאָענטן בלינדאַזש.

שמײַע איז אים פאַרלאָפן דעם וועג, אַרײַן אין פאַרשנייטן ערדשטיבל און אין אַ מינוט אַרום אַרויסגעקומען פון דאָרט, האַלטנדיק אין די הענט אַ גרויסן פּעמפּיקעוואַטן בוטל מיט אַ סאַק עטיקעטקעס און מעדאַלן, עטלעכע אַליומיני־קווערטלעך, אַ צוגעפּרוירן לעבל ברויט מיט אַ שטיק וווּרשט.

אַוועקגעשטעלט אַפן שניי דאָס גוטס, איז ער צוגעלאָפן צו אַ צעשמעטערטער דײַטשישער באַטאַרייע, געכאַפּט קאַסטנס פון סנאַריאַדן, און דער „טיש״ איז געווען פאַרטיק.

פאַריכט די „אושאַנקע״ אַפן קאָפּ און אַ וויש געטאָן מיטן אַרבל דאָס פאַרשוויצטע פּאָנעם, האָט שמײַע גאַזלען פלינק מיט די ציין אַרויסגעשלעפּט פונעם בוטל דעם קאָרעק, אָנגעגאָסן אַ פול קווערטל קאָניאַק און דערלאַנגט דעם גענעראַל, אונטערוויינקענדיק:

— דאָס מעג מען טרינקען. אַ גוטע רעפּוע פון אַ נאָסמאַרק און אַ גריפּ. עכטער פראַנצוי־זישער קאָניאַק. מיר האָבן מיט די כעוורע אים שוין געפּרוווּט. און קיינער האָט זיך, כאַלילע, ניט אָפּגעסאַמט. די דײַטשן האָבן פאַרגרייט. אַ סאַך פון דעם מין. זיי האָבן געמיינט, אַז מירן זיי לאָזן איבערוווינטערן. זיך ניט געריכט אַף אַזאַ זעץ אין די ציין!

ער האָט דערלאַנגט פולע קווערטלעך קאָניאַק די איבעריקע געסט, אַליין אופגעהויבן א קווערטל און זיך אָנגערופן:

— נו, כּאַווער ראַטנער, אַנטשולדיקט, כּאַווער גענעראַל, פאַר אײַער געזונט!

— נו, נו, פאַר מײַן געזונט! — האָט זיך א בייזער געטאָן דער גענעראַל. — אין אזא טאָג דאַרפן מיר צום ערשטן אויסטרינקען פאַר אונדזער גרויסן ניצאָכן. און, פאַרשטייט זיך, פאַר אונדזער באַגעגעניש.

די אָפיצערן און סאָלדאַטן, וואָס זײַנען אונטערגעקומען א קוק טאָן, וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן פריילעכע און פאַרגאַפּטע געקוקט אויף דעם אופגעלעבטן גענעראַל און דעם אופגערעגטן סערזשאַנט.

ווען דער גענעראַל האָט זיך געזעגנט און אוועק זײַן וועג, האָבן די כּעוורע אַרומגערינגלט דעם בלעכער, אים פרײַנטלעך געקלאַפּט איבער דער פּלייצע.

— אָט דאָס הייסט שמײַע גאָזלען! — האָט א קליינוווּקסיקער, פּולבלעכער יעפרייטאָר, רײַבנדיק די פאַרפרוירענע הענט, געזאָגט: — מיט גענעראַלן טרינקסטו קאָניאַק! דער גע-נעראַל קאָן נאָך דיך מאַכן פאַר זײַן רעכטע האַנט.

— וואָס רעדט איר, כּעוורע! דובראָווין איז געווען מײַן ראַטנער בא פּערעקאָפּ. מיר זײַנען מיט אים אַריבערגעגאַנגען דעם סיוואַש, געגעריקט צוזאַמען דעם באַראָן וורואַנגעל אין צוואַנציקסטן. און דאָ, זעט איר, האָבן מיר זיך באַגעגנט און ער האָט מיך דערקענט!



— אין ווײַל אַזוי! — האָט זיך אַרײַנגעמישט עמעצער פון דער זײַט, וואָס האָט זיך אָנגעגאָסן פון דער פלאַש אין קווערטל. — קען ער דיך אויך מאַכן פאַר א גענעראַל, פּאַפּאַשאַ!

די אַרומיקע האָבן זיך פריילעך פאַנאַנדערגעלאַכט. שמײַע גאָזלען האָט לעכאַטכילע זיך עטוואָס פאַרשעמט, נאָר זיך גלײַך גענומען אין די הענט:

— ניין, קינדערלעך, — האָט ער, אויסלײַדיקנדיק זײַן קווערטל און אָפּווישנדיק מיטן אַרבל פונעם שינעל די צוגעפּאַראַשעטע מיט שניי וואָנצעס, געענטפערט, — איר זײַנט נאָך יונגע, און גאָט אַליין האָט אַזוי געפּאַסט, איר זאָלט ווערן נאַטשאַלניקעס. איך וועל שוין יאָקאָס ענדיקן די מילכאָמע אַזוי. גענוג פונמײַנטוועגן מײַן טשין. איך בין א פּראָסטער מענטש. אויב איך וועל לעבן בלײַבן, אַרויס פון דער מילכאָמע מיט הענט און פיס, וועל איך זיך אומקערן אַהיים, צו זיך אין יישעווע, און זיך שטעלן פאַריכטן דעכער, ווי אַמאָל, די מענטשן זאָל ניט קאַפּען אַפן קאָפּ. פאַר מיר איז גענוג פיר מילכאָמעס. איך בין שוין זאַט!

— נו, וואָס וועלן מיר זיך שעמען...— האָט מאַמזעריש אונטערגעוווּנקען מיט איין אייגל דער דיקער סאָלדאַט,— ניט נאָר נאָך די דעלבער האָט זיך אונדזער שמיע גאָזלען פאַרבענקט. נאָר אויך נאָך דער אַלטיטשקער. א הארץ איז ניט פון קלאָטשע...

— אוודאי, וואָס זשע!— האָט אָף אים קרום א קוק געטאָן דער בלעכער.

— דיר איז גוט, אליאשע, כאַפּסט זיך אַרײַן אין מעדסאַנבאַט צו א שוועסטערל. זי טוט א קוק אָף דײַן פּעמפּיקל, האָט אָף דיר ראַכמאָנעס, דעם אַלטן כאַלאַסטיאַק, און שענקט דיר א קאַפּעטשקע לאַסקע...

— נו, כעוורע, אַצינד — האַלט זיך! איר זאָלט האָבן אָפּשײַ, דערעכערעץ פאַר דעם פּאַ־פּאַשאַ! אַזאַ פּרײַנט האָט ער באַגעגנט — דעם גענעראַל דובראַווין!— האָט זיך ניט אונטערגע־געבן דער פּעמפּיק און געריבן אָףביידע באַקן דעם וואָרשט, פאַרבײַסנדיק געשמאַק, נאָך דעם ווי ער האָט אַזוי פײַן אויסגעטרונקען,— וויפל מיר זײַנען מיטן פּאַפּאַשאַ אין איין באַטאַרייע און האָבן ניט געוווּסט, אַז ער האָט דאָ אַזאַ פּרײַנט — א גענעראַל!

שמײַע גאָזלען האָט זיך שוין ניט צוגעהערט צו די וויצן. ער איז געוווען מוירעדיק אויפ־געוווּדערט נאָך דער באַגעגעניש. פאַררייכערט א ציגאַר מאַכאָרקע, האָט ער גענומען דאָס סאָל־דאַטישע זעקל אָף די פּלייצעס און מיט די אויגן א זוך געטאָן דעם קאָמאַנדיר פון דער באַ־טאַרייע, קעדיי פרעגן א דערלויבעניש צוגיין אָט אין יענער פאַרשנייטער באַלקע, ווו עס שטייט דעם זונס באַטאַליאָן, דאָרט איז דער זון און וואָסיע ראַגאָווו. ער וועט זיי דערציילן וועגן זײַן באַגעגעניש מיט דובראַווינען. וואָס דו זאָלסט ניט זאָגן, טרעפן דאָך אַזעלכע באַ־געגענישן איין מאָל אין הונדערט יאָר!

אומגעווײנלעך איז געוווען די אַרומיקע שטילקײַט, וואָס האָט פּלוצעם אַרומגעכאַפּט דעם פאַרשוואַרצטן סטאַלינגראַדער סטעפּ. פון אַלע לעכער זײַנען געקראָכן, געפּויזעט לעבנגעבלי־בענע דײַטשן, אײַנגעקוטעטע אין שמאַטעס — אָף קיין מענטשן זײַנען ניט ענלעך געוווען די ריינע אַריער. קיין שיינס האָט דער ניט געזען, וואָר עס האָט ניט אָנגעקוקט אין יענעם טאָג די צורעס פון די אויבערמענטשן, וואָס האָבן זיך געדראָפּעט איבערן שניי קויטיקע, לײַזיקע, מיט סטרעמפּ אונטער די נעזער, פריטשמעליעטע און פריהלושעטע פון די רוסישע האַרמאַטן, געגאַנגען מיט אופגעהויבענע הענט, מיט ווײַסע שמאַטעס און געשריגן: „היטלער קאַפּוט”, „שיס ניט, רוסי”, „קאַפּיטוליאַציע!”.

מענגעס, אָנצאָליקע מענגעס פאַשיסטישע הענקער, ציטערנדיק און פּאַכנדיק מיט די נע־שאָמעלעך, האָבן נעבעך געבעטן, מע זאָל אָף זיי ראַכמאָנעס האָבן — זיי ווילן שוין ניט קיין מילכאָמע! זאַט!

צום ערשטן מאָל פאַר א סאַך כאַדאָשים בלוטיקע שלאַכטן האָבן אונדזערע סאָלדאַטן ניט געדאַרפט ליגן אין דער פאַרקאַוועטער ערד, היטן די קעפּ פון שפּליטערס, קוילן, ניט גיין מיט די שמאָלע טראַנשייעס. צום ערשטן מאָל איז מען געגאַנגען פראַנק־און־פרײַ איבערן פאַר־שנייטן סטעפּ, ווו עס האָט אָקאָרשט זיך געענדיקט די שלאַכט. און איצט האָבן די סאָלדאַטן מיט שטאָלץ באַטראַכט דאָס ראָכוועסדיקע שלאַכטפעלד, וואָס האָט געפרייט דאָס האַרץ. צום ערשטן מאָל פאַר אַזאַ צײַט האָט מען געקאָנט געניסן פון דער שטילקײַט.

נאָר אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָך ווײַט ניט דער סאָף פון דער מילכאָמע, די היטלערישע כאַיאָלעס אָף אַנדערע פראָנטן זײַנען נאָך ניט צעשמעטערט. גענוג בלוט וועט נאָך פאַרגאָסן ווערן, ביז מע וועט פאַרטרײַבן די פאַשיסטישע כײַע קיין בערלין און איר דאָרטן דערגיין די יאָרן, זי פאַרניכטן, זי זאָל זיך מער קיינמאָל ניט אופהייבן.

די שווערע בלוטיקע שלאַכט האָט זיך געענדיקט אָט דאָ בא די ווענט פון סטאַלינגראַד, און מיטאמאָל האָבן די רוסישע אַרמייען זיך דערפילט ווײַט פון די פאָדערשטע פּאָזיציעס! דער פראָנט האָט זיך אָפּגערוקט פונדאַנען אָף עטלעכע הונדערט קילאָמעטער. ערגעץ לעבן קורסק...

אומגעווײנלעך מאָדנע. נאָר דאָס איז דאָך מילכאָמע, ווו אַלץ קאָן טרעפן און צו אַלץ דאַרף מען זײַן גרייט.

און דובראַווינס קאָרפּוס האָט זיך האַסטיק גענומען גרייטן אין א ווײַטן מאַרש. ער וועט זיך ציִען עטלעכע הונדערט ווערסט איבער שנייען און פּאַרוויעטע וועגן און שטעגן. אָבער פאַר יענע, וועלכע האָבן דאָ, בא דער וואָלגע, אָפּגעהאַלטן און דערנאָך צעשמעטערט הונ־דערטער טויזנטער פאַשיסטישע הענקער, צעשמעטערט טאַנקען־קאָלאָנעס, פאַרניכטעט און געפאַנגען, איבערגעמאָלט הונדערטער טויזנטער היטלערישע הענקער, איז שוין גאָרניט ניט געוווען שווער.

מע האָט געײַלט אָף א נײַעם פראָנט.

# דריטע נאָוועלע

## די באַקאַנטשאַפט מיט איוואַן באַריסיוקן

אין אַט דעם טאָג, ווען מע האָט שוין געדאַרפט לאָדן די האַרמאַטן, סנאַריאַדן, די גאַנצע באַלעבאַטישקײַט פון דער באַטאַרייע אַפן עשעלאָן און זיך אָוועקטראָגן אַף אַ נײַעם פראָנט, האָט מען צוגעשיקט אַ נײַעם קאָמאַנדיר פון דער באַטאַרייע — איוואַן באַריסיוקן, אַ יונגן שלאַנקן בלאָנדהאָריקן לייטענאַנט מיט אַן אָפן, שטרענגלעך פּאָנעם און אַ פּאָר וואַנצעלעך, וואָס האָבן געדאַרפט, זעט אויס, צוגעבן דעם יונגן פּאָנעם מער סאָלידקײַט.

ער האָט נאָך ניט באַוויזן אויסשמירן אין די אַקאָפּעס דעם שפּאָגל־נײַעם שינעל מיט די כראָמאָווע שטיוול, די נײַע אושאַנקע, אָקאָרשט פון דער נאָדל, וועלכע מע האָט אים אַרויסגעגעבן אין מיטלאַזיע, אַף די קורסן פון לייטענאַנטן, אין דער מיליטער־שול.

עס איז גאַנץ שווער געווען באַגרײַפן, פאַרוואָס די אַרטילעריסטן, וועלכע האָבן שוין פאַרזוכט פולווער, זיך אויסגעוואַלגערט אין די אַקאָפּעס און אַנטיילגענומען אין פיל שלאַכטן, האָבן באַגעגנט דעם לייטענאַנט, דעם נײַעם באַטאַרייע־קאָמאַנדיר אַזוי קאַלט און צוריקגעהאַלטן. מעגלעך דערפאַר, ווײַל קיינער האָט זיך ניט געקאָנט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז זייער קאָמאַנדיר אַרזשאַנאַוו, דער ליבלינג פון פאָלק און שרעקלאָזער שלאַכטמאַן, איז געפאַלן אין לעצטן שלאַכט, עטלעכע שאָ פאַרן ניצאָכן, און וועט זיך שוין אַהער, אין זײַן באַטאַרייע, קיינמאָל ניט אומקערן און מע וועט ניט הערן זײַן הילכיקן געלעכטער, די וויצן אין אַ מינוט פון שטילשטאַנד, ניט זען, ווי אין די שווערסטע מאָמענטן שטעלט ער זיך אַליין צום האַרמאַט און, ניט קוקנדיק אַף די שפּליטערס, וואָס פליִען און פײַפן אַרום, שטייט ער און קלאַפּט איבער די פאַשיסטישע טאַנקען. און עפּשער איז דעם אוילעם ניט געפעלן געוואָרן, וואָס איוואַן באַריסיוק האָט ניט געהאַט קיין אויסזען פון אַ „ביוואַלע" סאָלדאַט, און אין אונטערשייד פון די אַרומיקע, זעט מען ניט אַף זײַן גימנאַסטיאָרקע קיין איין אָרדען, קיין איין מעדאַל.

„עפּעס אַ האָנערעוואַטע שטאַביסט", — איז געווען אָנגעשריבן אַף די פּנעמער פון די אַרטילעריסטן. און ווי מע וואָלט אָנגענומען וואַסער אין מויל, געשוויגן. אַפילו שמײַע גאָזלען, וואָס וועט ניט דורכלאָזן די געלעגנהײַט אַרײַנשטעלן אַ וויץ, איז אויך געווען אָנגעדראָלן און געשוויגן.

— זעט אויס, אַ גרינער. נאָך קיין פולווער ניט געשמעקט.

— כּײַ וואָלט ער נאָך אַ שטיקל צײַט געזעסן דאָרטן, אין מיליטער־שול, צי אַף זײַנע קורסן, וואָלט ער שוין פאַרשפּאָרט פאָרן אַפן פראָנט. די מילכאָמע וואָלט זיך געענדיקט.

— וואָס איז דאָ פאָראַן צו ברײַען, אַזאַ, ווי אַרזשאַנאַוו, וועט שוין באַ אונדז ניט זײַן. — אַזוי האָט מען שטילערהייט גערעדט וועגן איוואַן באַריסיוקן און זיך באַמיט אים אויסצומײַדן.

דער יונגער אָפיצער, דער נײַער קאָמאַנדיר פון דער באַטאַרייע, האָט געכאַפּט אַף זיך מאָדנע בליקן און זיך געמינעט, ניט געקאָנט זיך אָנשטויסן, וואָס טראַכטן זיי וועגן אים, אַט די עלטערע שלאַכטלײַט, באַהאָנגענע מיט אָרדענס און מעדאַלן, פאַררייכערטע פון שלאַכטן, פאַרברוינטע פון ווינטן און פרעסט.

ער האָט אַף די מענטשן געקוקט מיט קינע. ער איז געווען מעקאַנע אַף די באַלוינונגען, אַף די שיינע סאָלדאַטישע אָפּצייכענונגען, דעריקער איז ער אַלעמען מעקאַנע געווען אַף די צאַפּלדיקע פרישע באַגילדעטע צייכנס, אַף וועלכע עס איז אויסגעקריצט „גוואַרדיִא".

קיינער פון זײַנע סאָלדאַטן האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וויאַזוי איוואַן באַריסיוק האָט זיך געריסן אַפן פראָנט, וויפל ראַפּאָרטן ער האָט דערלאַנגט דער קאָמאַנדשאַפט פון דער מיליטער־שול, און יעדן מאָל האָט מען אים געשריבן רעזאָליוציעס, אַז ער וועט ענדיקן די שול, וועט מען אים גלײַך אָפּשיקן אַפן פראָנט. דאָרטן דאַרף מען האָבן עכטע אָפיצערן. און לעסאָף, ווען ער האָט געענדיקט די שול און מע האָט אים געשיקט קיין סטאַלינגראַד, דאַרף ער אָנקומען, ווען אַלץ איז שוין פאַרענדיקט! ער האָט דאָס שווער איבערגעלעבט, זיך געבייזערט אַף דער גאַנצער וועלט!

נאָר ווער האָט איצט געקאָנט אַרײַנקריכן אין זײַן נעשאָמע.

די ערשטע באַקאַנטשאַפט פונעם נײַעם באַטאַרייע־קאָמאַנדיר און שײַע ספּיוואַקן האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ קליינינקן סקאַנדאַל.

מע האָט זיך, דאַכט זיך, צעקריגט און ניט אָפּ קיין קאַטאָוועסל. מע האָט גראַדע דעמלט גענומען אַנלאָדן דעם עשעלאָן. אַלע האָבן געהאַרעוועט ביזן זיבעטן שווייס. מע האָט געדאַרפט וואָס גיכער זיך לאָזן אין וועג אַריין. באַ די וואַגאָנעס האָט געהאַוועט דער נײַער קאָמאַנדיר איוואַן באַריסיק. וועלנדיק נאָכטאָן זײַנע בראַווע אַרטילעריסטן, האָט ער, ווי זיי, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שינעל און געשלעפּט אָפּ זיך די האַרמאַטן. אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע. כאָטש ער האָט געליטן פונעם שטאַרקן פראָסט, נאָר ניט אָנגעטאָן דעם שינעל — זאָל מען זען, אַז ער איז פונקט אַזוי פאַרהאַרטעוועט, ווי אַלע.

צוגעגאַנגען צו דער טעפּלושקע, ווו עס האָבן זיך אײַנגעאָרדנט זײַנע כעווריע, האָט ער דערזען, ווי שמײַע מיט נאָך אַ סאָלדאַט שלעפּן אין טעפּלושקע אַ שווערן היפּשן קאַסטן.

דער לייטענאַנט איוואַן באַריסיק האָט אופגעהויבן דאָס דעקל פון קאַסטן און דערזען אַקוראַט אײַנגעוויקלטע דעטאַלן צו טראַקטאָרס, באַראַנעס, זיי־מאַשינעס, און דאָס פּנים האָט זיך באַם באַכער אויסגעצויגן פון פאַרוווּנדערונג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ כלאַם, כאַווער גוואַרדיע־סערזשאַנט? וואָס שלעפּט איר אין טעפּלושקע אַרײַן? דאַרט איז אַזוי אויך נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען. צוליב וואָס שלעפּט איר די קו אָפּן בוידעם?

שמײַע גאַזלען האָט זיך אַ ביסל פאַרקרימט, דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער. ער האָט אַראָפּגענומען די „אושאַנקע״ און אויסגעווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן.

— דאָס איז ניט קיין כלאַם, כאַווער לייטענאַנט, — האָט געענטפערט אומצופרידן שמײַע, — דאָס זײַנען זייער וויכטיקע דעטאַלן צו טראַקטאָרס און קאָמבײַנען. אויב עס וועט זײַן אַ מעגלעכקײַט, וועלן מיר דאָס איבערשיקן אין קאָלווירט, און דאָס וועט זײַן די בעסטע מאַטאָנע...

איוואַן באַריסיק האָט ביטערלעך אַ שמייכל געטאָן:

— וואָס נאָך וועט איר צוטראַכטן? — און מײַסע נאַטשאַלניק, שטרענגער צוגעגעבן, — אָנו, שלײַדערט אַראָפּ דעם קאַסטן, ער זאָל קיין פּלאַץ אין טעפּלושקע ניט פאַרנעמען! מיר דאַרפן דאָ ניט קיין איבעריקע מאַסע. שנעלער, שנעלער!

— פאַרוואָס זשע איז דאָס איבעריקע מאַסע? — איז שמײַע אין קאַס געוואָרן, — וואָס זשע, איר זעט ניט, וואָס עס איז איבערגעבליבן פון דער שטאָט און פון דעם טראַקטאָר־זאַוואָד? אַ שטיין אָפּ אַ שטיין. ביז מע וועט אופשטעלן דעם זאַוואָד און אָנהייבן אַרויסלאָזן נײַע טראַקטאָרס און רעזערוו־דעטאַלן, וועט איבערגיין ניט ווייניק צײַט. און דאָ, אונטערן שניי, וואַלגערט זיך אַ גאַנצער מאַיאָנטעק. אַזאַ גוטס גייט צו גרונט, וועל איך דערלאָזן, עס זאָל פאַרפאַלן ווערן? מיר וועלן עס אָפּגעבן אין אַ קאָלווירט. איר שטעלט זיך פאָר, וואָס דאָס באַטײַט פאַר אַ ווירטשאַפט?

— איר דאַרפט מיך ניט אַגיטירן, גוואַרדיע סערזשאַנט. איך בין שוין אַ געלערנטער. און אין אַרמיי איז פאַרווערט, דאַכט זיך, דערווידערן אַ קאָמאַנדיר. מיט ווירטשאַפטלעכע איניאַנים וועלן מיר זיך פאַרנעמען נאָך דער מילכאָמע, און דערווײַל וועלן מיר אַרויסוואַרפן פון וואַגאָן דעם קאַסטן.

שמײַע גאַזלען איז געוווען דערשיטערט פונעם באַפעל. די באַטאַרייצעס האָבן געקוקט אָפּן אַלטן סאָלדאַט מיט טיפן מיטלײַד. „וואָס איז דאָס פאַר אַ מײַסע? שמײַע האָט אַזוי זאָרגזאַם צונױפגעקליבן אין שניי די דעטאַלן, און ניט פאַר זיך, פאַר עמעצן, לעמײַ דאַרף מען אים מאַכן אַזאַ ביזאָיען?״

פילנדיק אָפּ זיך אומצופרידענע בליקן, האָט דער לייטענאַנט זיך עטוואָס פאַרלוירן — עס וואָלט ניט געווען שרעקלעך, האָט ער געטראַכט, אויב מע וועט פירן מיט זיך דעם קאַסטן, — נאָר ער האָט גערעכנט, אַז עס וועט זײַן ניט שיין אָפּשאַפן דעם באַפעל. און ווען? איצט, ווי נאָר ער איז געקומען אַהער.

עס איז אויסגעקומען אַראָפּשלײַדערן אין שניי דעם קאַסטן. שמײַע גאַזלען האָט עס געטאָן מיט גרויס האַרצווייטעק.

שמײַע, וואָס איז די גאַנצע צײַט געווען לעבעדיק און פריילעך, צופרידן, וואָס ער האָט דערלעבט די מאַפּאָלע פון די פאַשיסטן באַ סטאַלינגראַד, איז שטאַרק געפאַלן באַ זיך נאָך דעם דאָזיקן אינצידענט. זיך פאַרקליבן אין אַ ווײַט ווינקל, אָפּן צווייטן שטאָק פון דער נאַרע, האָט ער געררייכערט איין ציגאַר נאָכן צווייטן און געטראַכט, געטראַכט. שווערע מאַכשאָוועס האָבן אים געמאַטערט.

עס איז צו אים פּלוצעם געקומען אָפּן געדאַנק, אַז ער וועט זיך ווענדן צו נאַטשאַלסטווע, מע זאָל אים איבערפירן אין אַ צווייטער באַטאַריע, ווײַל מיט דעם באַכער וועסטו קיין קאַשע ניט אָפּקאָכן. אויב מע וועט אים אָפּזאָגן אין שטאַב, וועט ער זיך ווענדן צום גענעראַל

דובראווין. יענער האָט אים נעכטן אַרויסגערופן צו זיך און פֿאַרגעלייגט אַריבערגיין צו אים אין שטאַב — ער וועט פֿאַר אים אַרבעט צוזוכן, נאָר שמײַע האָט אָפּגעדאַנקט און זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם פֿאָרשלאָג. ווי קאָן ער זיך צעשיידן מיט זײַנע שלאַכט־פֿרײַנט, מיט וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען אַזאַ וועג? דערצו נאָך, איז דאָ ניט ווײַט דעם זונס באַטאַליאָן און ער קאָן זיך אָפּטלעך באַגעגענען מיט אים.

כּוץ אַלעמען, האָט ער געוווּסט. אַז ער וועט זיך ניט צעשיידן מיט זײַן באַטאַרייע און זײַנע פֿרײַנט — מע וועט זען, וואָס וועט זײַן ווײַטער. אַוועקגיין וועט ער שטענדיק באַוויזן. ער איז דאָך ניט קיין געפֿאַנקעוועטע באַרישניע, וואָס וואַרפֿט גלײַך דעם געט פֿאַר די פֿיס.

אַזוי איז ער געלעגן אין זײַן טונקל ווינקל אויף די נאַרעס און געטראַכט, געריכערט. ווי די כעוורע האָבן זיך ניט געסטאַרעט אים באַרויקן, אַרײַנציִען אין אַ געשפּרעך, האָט זיי גאָרנישט ניט געהאָלפֿן.

אָבער איוואַן באַריסיק האָט זיך נאָך מער געמאַטערט, זיך אופֿגעגעסן לעבעדיקערהייט, זיך ניט געקאָנט מויכל זײַן, וואָס ער האָט אַזוי ניט פֿאַרדינט באַליידיקט אָט דעם באַאַרטן, גוטמוטיקן סאָלדאַט, צו וועלכן, ווי ער האָט באַמערקט, אַלע באַציִען זיך מיט גרויס אָפּשײַ און אַכטונג. איוואַן באַריסיק האָט מוירעדיק איבערגעלעבט און ניט געוווּסט, וויאַזוי מע פֿאַרענטפֿערט זיך פֿאַר אים, וויאַזוי בעט מען אים איבער, וויאַזוי אַנטשולדיקט מען זיך פֿאַר אים, פֿאַרן באַטיאַ.

דער עשעלאָן איז מעשוגענערווײַז געפֿלויגן אויף מיִרעוו, פֿון יענער זײַט פֿענצטערל האָט געברענט דער פֿראָסט, און דאָ, אין דער הייס אָנגעהייצטער טעפּלושקע, איז געווען וואַרעם, ווי אין אַ גוטער שוויץ־באָד. אַלע זײַנען געשמאַק געשלאָפֿן, נאָר איין שמײַען האָט דער שלאָף ניט גענומען, ער איז געלעגן מיט אָפֿענע אויגן און זיך אײַנגעהערט אינעם קלאַפּערײַ פֿון די רעדער.

ער האָט זיך אַראָפּגעדראַפּעט פֿון דער נאַרע און זיך צוגעזעצט אינמיטן דער טעפּלושקע באַם אויוון, וואָס סאָלדאַטן האָבן אוועקגעשטעלט — אַ גרויסע אײַזערנע פֿאַס מיט אַ קוימען, אַרויסגערוקט אין דעכל פֿון דער טעפּלושקע.

פֿאַרטאָן אין זײַנע אומרויִקע געדאַנקען, האָט שמײַע ניט באַמערקט און ניט דערפֿילט, ווי עמעצער האָט זיך צוגעזעצט לעבן אים אויף אַ סלופּ.

שמײַע האָט זיך באַגעגנט מיטן שמייכלענדיקן בליק פֿונעם לייטענאַנט.

— וואָס זשע, באַטיאַ, איר בייזערט זיך אויף מיר? — האָט יענער פֿאַרזיכטיק זיך אָנגערופֿן, צורירנדיק זיך מיט דער האַנט צו שמײַעס פּלייצע...

— ווי קאָן מען זיך עס ניט בייזערן? אַזאַ גוטס אַראָפּגעוואָרפֿן אין שניי אַרײַן. צום טײַוול...

— מיר האָבן פֿאַרלוירן גרעסערע מאַיאָנטקעס, ווי די שטיקער אײַזן, — האָט שטיל, נאָך אַ לאַנגער פּויזע, געזאָגט דער לייטענאַנט, — נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. נאָך דעם ווי מירן צעשמעטערן דעם סוינע, וועלן מיר אַלץ אויפֿשטעלן. און דעמלט וועלן זײַן מאַשינעס, טראַקטאָרס און רעזערוו־דעטאַלן. ניט געזאָרגט, גוואַרדיע סערזשאַנט. צום ערשטן דאַרפֿן מיר אָפּצאָלן פֿאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן. איך בין אַליין אַ קיִעווער... מײַן פֿאָטער האָבן די געסטאַפּאָווצעס פֿאַרמוטשעט אויף טויט, אויסגעשטאָכן אים די אויגן, אָפּגעהאַקט די הענט. די מוטער מיט צוויי שוועסטערלעך פֿאַרטריבן אין באַבי יאַר און דאָרט זיי דערשאָסן. דער פֿאָטער האָט געאַרבעט אָפּן זאַוואָד „באָלשעוויק", אַ קאָמוניסט געווען, און מע האָט אים איבערגעלאָזט אויף אונטערערדישער אַרבעט אין שטאָט. אַ פֿאַררעטער האָט אים אויסגעגעבן, און מע האָט אים געכאַפּט. פֿון דער מישפּאָכע בין איך איינער איבערגעבליבן. איר זײַנט עטוואָס ענלעך אויף מײַן פֿאָטער, נאָר ער איז געווען אַ בלאָנדער... מער האָב איך איצט קיינעם ניט. קיינעם. איך האָב ניט געוואָלט אײַך באַליידיקן. נאָר עס איז פֿאַראַן אַ שטרענגער באַפֿעל, מע זאָל מיט זיך ניט שלעפּן אין די טעפּלושקעס קיין איבעריקע זאַכן, כּוץ געווער, סנאַריאַדן, די טעכניק... איך האָב אײַך ניט געוואָלט פֿאַטערן די שטימונג, גלייבט מיר! איר פֿאַרשטייט, פֿאַפּאַשאַ, ווי אינווייניק ברענט אין מיר? איך וועל קיינמאָל ניט קענען רויִק לעבן, אָטעמען, ביז איך וועל ניט אָפּצאָלן פֿאַר אַלץ. איך האָב זיך געריסן מיט אַלע קויכעס אָפֿן פֿראָנט, און דאָ, דאָ האָט זיך שוין געענדיקט די מילכאָמע, און איך האָב אַפֿילע ניט באַוויזן כאָטש איין מאָל אויסשיסן! איך קוק אויף אײַך און אויף אײַערע כאַווייריִם און בין אײַך מעקאַנע. איר זײַנט שוין אַלע אין וויפֿל שלאַכטן אויסגעווען. בייזערט זיך ניט, פֿאַפּאַשאַ...

— איך בייזער זיך ניט, — האָט ניט מיטאַמאָל אַרויסגעבראַכט שמײַע גאַזלען און פֿאַרצויגן אין זיך דעם טערפּקן רייעך פֿון זײַן ציגאַר. ער האָט שוין מיט גאָר אַנדערע אויגן

אָנגעהויבן קוקן אפֿן יונגן לייטענאַנט. יאָ, לאָזט זיך אויס, מע טאָר ניט מישפּטן קיין מענטשן, קאַלוזמאַן דו דערלערנסט ניט זײַן נעשאָמע. מע טאָר ניט אַרויסטראָגן דעם אור־טייל, ביז דו דערקענסט ניט דעם מענטשן.

שמײַע האָט שווער געשאָקלט מיטן קאָפּ. די ווערטער פֿונעם באָכער האָבן אָנגערירט זײַן נעשאָמע. ער האָט געזוכט און ניט געקענט געפֿינען פֿאַר אים די נייטיקע טרייסט־ווערטער. ער האָט געוווּסט, אַז יעדער איינער האָט זיך זײַן פּעקל צאָרעס, נאָר דאָס, וואָס ער האָט נאָרוואָס געהערט, האָט אים אינגאַנצן צערודערט, און ער איז ווידער געוואָרן אין קאַס אַף זיך, וואָס ער האָט שלעכט געטראַכט וועגן דעם קאָמאַנדיר און זיך באַליידיקט אַף אים אומזיסט.

— יאָ, לייטענאַנט, איך פֿאַרשטיי, וואָס עס טוט זיך בא דיר אפֿן האַרצן, — האָט שטי־לערהייט זיך אָנגערופֿן שמײַע, — אַוואַדע דאַרף מען נעמען נעקאָמע, נאָר וועסט נאָך באַווײַזן עס צו טאָן. דערווײַל פֿאָרן מיר אַף אַן אַנדער פֿראָנט. דער סאָף פֿון דער מילכאָמע איז נאָך ווײַט, און וועסט אַלץ באַווײַזן. אַף דײַן אָרט איז געווען דער לייטענאַנט אַרזשאַנאָוו. אַ גאָלדענער מענטש. ער האָט געוווּסט, ווי‍אַזוי מע דאַרף זיך באַציִען צו מענטשן. אַ טאַטע געווען פֿאַר אַלעמען, און אַלע האָבן אים געצאָלט מיט ליבשאַפֿט. און מענטשן זײַנען בא אונדז אין באַטאַרייע — איין מישפּאָכע. איינער פֿאַרן צווייטן איז גרייט גיין אין פֿײַער און אין וואַסער. מיר דאַכט זיך, אַז דו וועסט בא אונדז אויך אויסהאַלטן דעם עקזאַמען, און מירן דיך אַרײַנעמען אין אונדזער געטרײַער מישפּאָכע, ליב באַקומען, ווי אַרזשאַנאָוון. נאָר פֿאַרגעדענק דעם אײַזערנעם געזעץ פֿון פֿראָנט־לעבן — ניט פֿאַרײַסן די נאָז. דאָ, עמעס, פֿאָדערט זיך שטרענגקײַט, ווײַל מיר זײַנען אַף דער מילכאָמע און ניט בא דער שוויגער צוגאַסט, נאָר צו דײַנע מענטשן דאַרפֿסטו זײַן ווי אַ טאַטע — שטרענג, נאָר געטרײַ.

אויסגעהערט די פּראָסטע, האַרציקע ווערטער פֿון דעם אַלטן סאָלדאַט, האָט איוואַן באָריסיוק דערפֿילט אַ מין וואַרעמקײַט אין דער נעשאָמע. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און זיך אָנגערופֿן:

— געוויס, פּאַפּאַשאַ, ביסטו גערעכט. אַ דאַנק פֿאַר דײַן גוטן לימעד. מיר וועלן, מיין איך, געפֿינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך, אַנדערש קאָן עס ניט זײַן.

שמײַע גאַזלען האָט ווידער פֿאַרצויגן דעם טערפּקע רויך פֿון זײַן מאַכאָרקע־ציגאַר און זיך דערמאָנט באָריסיוקס ווערטער וועגן דעם פֿאַרמוטשעטן פֿאָטער, וועגן דער מוטער און די צוויי שוועסטערלעך, און מיט טיפֿן מיטלײַד געזאָגט:

— יאָ, לייטענאַנט, הייסט עס, דו ביסט אויך אומגליקלעך, צעבראָכן, דו האָסט אויך אויסגעטרונקען אַ פֿולן קאָס ווייטעק און שוידער. זעלטן וועסטו באַגעגענען עמעצן, וועמ עס האָט ניט געליטן פֿונעם פֿאַרהאַסטן העגקער. יעדער פֿון אונדז האָט זיך מיט אים אַ באַזונדערן כעזשבן.

און שמײַע האָט גענומען דערציילן זײַן יונגן כאַווער, וויפֿל צאָרעס ער האָט פֿאַר דער צײַט איבערגעטראָגן. ווי ער האָט געטריבן די קאָלווירטישע טשערעדע אין טיפֿן הינטערלאַנד — ער, די מעלקערן שיפֿרע, וואָס איז איצט אַ קראַנקן־שוועסטער דאָ, אין מעדסאַנבאַט, דאַנילאָ לוקאַטש; ווי מע איז אַרײַנגעפֿאַלן צו די פֿאַשיסטן אין די לאַפּעס, ווי מע איז אַלע דרײַ פֿאַרשפּאַרט געווען אין לאַגער און דערנאָך זיך אַרויסגעריסן פֿון דאָרטן. און נאָך האָט ער דערציילט וועגן דעם זון, איציק ספּיוואַק, דעם קאָמאַנדיר פֿון באַטאַליאָן, דעם געוועזענעם נאַטשאַלניק פֿון אַ גרענעץ־זאַסטאַווע, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַף דער גרענעץ דעם ערשטן קלאַפּ פֿון די דײַטשישע כאַיאָלעס, דערנאָך מיט די גרענעצלער געגאַנגען צו דער פֿראָנט־ליניע, שמעטערנדיק אפֿן וועג די דײַטשישע טילן, ווי דער אָטריאַד זײַנער האָט זיך אין וועג פֿאַרברייטערט, זיך פֿאַנאַנדערגעוואַקסן און אָנגעוואָרפֿן אַ פּאַכעד אין הינטערלאַנד אַף די דײַטשן, ווי‍אַזוי ער איז אַריבער די פֿראָנט־ליניע און קאָמאַנדעוועט איצט מיט איינעם פֿון די בעסטע באַטאַליאָנען.

שמײַע האָט אויך דערציילט וועגן זײַן באַגעגעניש מיטן זון טאַקע באַם אַריבערגיין די פֿראָנט־ליניע, וועגן זײַן אַמאָליקן ראָטנעם און איצטיקן קאָמאַנדיר פֿון קאָרפּוס גענעראַל דובראַווין; וועגן די שלאַכטן אפֿן דאָן, ווו עס איז אומגעקומען אין שלאַכט זײַן בעסטער פֿרײַנט דאַנילאָ לוקאַטש.

מיט פֿאַרטײַעטן אָטעם האָט איוואַן באָריסיוק אויסגעהערט די דערציילונג פֿון דעם אַלטן סאָלדאַט און זיך דורכגעדרונגען צו אים מיט גרויס אַכטונג און ליבשאַפֿט.

ביידע האָבן ניט באַמערקט, ווי עס איז איבערגעלאָפֿן די נאַכט. אינעם קלייניקן פֿענצטערל פֿון דער טעפּלושקע האָט אַרײַנגעקוקט דער ערשטער שטראַל פֿון דער זון און אָנגעזאָגט, אַז דער פֿרימאָרגן איז אָנגעקומען. עס האָבן אָנגעהויבן זיך אויפֿכאַפּן פֿונעם שלאָף די

סאָלדאַטן און מיט פאַרוווּנדערונג געקוקט אויפֿן פּאַרל, וואָס איז געזעסן לעבן אײוועלע און ניט באמערקט, אַז די קוילן לעשן זיך אויס. „זע נאָר, ווי מע זיצט זיך, ווי די טײַבעלעך... אַזוי גיך זיך איבערגעבעטן?“

די סאָלדאַטן זײַנען גראָדע געווען צופֿרידן דערפֿון. זיי האָבן ניט ליב, אַז בײַ זייער שמײַען איז אַ שווערע שטימונג. אין אַזעלכע רעגעס איז דאָ אַלעמען אומעטיק. מע האָט בעסער ליב, ווען ער איז לעבעדיק און פֿריילעך, ווען ער דערציילט פֿריילעכע געשיכטעס און וויצלט זיך. און נאָך איז מען געווען צופֿרידן, וואָס יענער האָט זיך באַפֿרײַנדעט מיטן נײַעם יונגן באַטאַרײ־קאָמאַנדיר. בײַ אים וועט אויך זײַן אַ גוטע שטימונג, און אַז עס איז ניט אָנגעזאָלעט אויפֿן האַרצן, ווייסן אַלע, גייט די אַרבעט פֿריילעכער.

איין זאַך האָט נאָר געקימערט, וואָס זיצנדיק אַזוי זאָרגלאָז באַם אויוון, האָט מען פֿאַרגעסן אונטערוואַרפֿן האָלץ און קוילן און מע וועט איצט כאַפּן אַ גוטן ציטער פֿון דער קעלט, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך די שפּאַרונעס.

דער צוג איז געגאַנגען וויכערדיק־שנעל און אויפֿגעהויבן אַרום זיך אַ מוירעדיקן שנײ־ווירבל. אונטער די וואַגאָנעס האָבן געקלאַפּט די פֿאַרפֿרוירענע רעדער, ווי זיי זאָלן אָנזאָגן דער גאַנצער וועלט: „מיר פֿירן די זיגער... מיר פֿירן די זיגער... מיר אײַלן... מיר אײַלן דערלאַנגען דעם סוינע דעם לעצטן קלאַפּ!“

דער עשעלאָן האָט זיך געטראָגן אויף אַ נײַעם פֿראָנט.

עס זײַנען פֿאַרגעשטאַנען נײַע שלאַכטן.

דעם זעלבן טאָג האָט דער לייטענאַנט איוואַן באַריסיוק איבערגעשלעפּט זײַן שינעל און דאָס זעקל אויף דער צווייטער פּאָלקע, אויף די הויכע נאַרעס, אַהין, אין ווינקל, ווו עס איז געלעגן שמײַע גאַזלען. און ביז מע איז דערפֿאָרן צום נײַעם פֿראָנט, האָט מען זיך אַזוי באַפֿרײַנדעט, גלײַך ווי די גאַנצע מילכאָמע וואָלטן זיי דורכגעגאַנגען צוזאַמען.

און דאָך האָט איוואַן באַריסיוק נאָך לאַנג זיך געפֿילט שולדיק פֿאַרן סאָלדאַט און פּראָסטן פּאָלקסמענטש. ער האָט זיך ניט געקענט מויכל זײַן, וואָס ער האָט בעשאַס דער ערשטער באַגעגעניש אומזיסט און אומגישט באַליידיקט דעם ביוואָלן סאָלדאַט, פֿון וועלכן ער האָט פֿאַר דער קורצער נעסיִע אין דער טעפּלושקע זיך דערוווּסט אַזויפֿיל, וויפֿל ער האָט, דאַכט זיך, ניט דערוווּסט זיך פֿאַר אַלע לאַנגע כאָדאָשים, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין דער מיליטער־שול.

## פּערטע נאָוועלע

### ערעוו דעם שטורעם

ווער און אויף וועמענס קאָפּ האָט אויסגעטראַכט אַזאַ מין בייזן ווינטער, ווייסט נאָר דער טײַוול! עפּעס אַזאַ מיִעסער, בײַסיקער, אומראַכמאָנעסדיקער. וועמען האָט דער פֿראָסט זיך געקליבן פֿאַרפֿירן, וועמען דינען — איז פֿון אָנפֿאַנג שווער געווען טרעפֿן. נאָר זעט אויס, ער האָט באַשטימט דערגרייכן די יאָרן, זיך אײַנבײַסן אין די ביינער דעם אומגעבעטענעם גאַסט, וואָס האָט געבראַכט די מענטשן אַזויפֿיל צאָרעס און שוידער.

שנײ האָט ער אָנגעוואַלגערט אַזויפֿיל, אַז מע האָט ניט אַרויסגעזען קיין ערד, קיין בוים — אַ דורכויסיקע ווייסטע אַרום־און־אַרום, בלויז אין פֿאַרשיידענע זײַטן, אויף די בערג־לעך, האָט מען אָנגעזען סימאָנים פֿון פֿאַרברענטע דערפֿער, צעבאָמבירטע טורעמס פֿון אײַזנ־באַן־סטאַנציעס, איבערגעקרימטע, אײַנגעקאָרטשעטע לאָקאָמאָטיוון, מאַשינעס, טאַנקען. אויף יעדן שריט און טריט האָט מען געזען סימאָנים פֿון גרויזאַמע שלאַכטן, וואָס זײַנען דאָ ניט לאַנג אָפּגעהאַלטן געוואָרן.

ערגעץ דאָ ניט ווײַט איז געלעגן, אײַנגעוויקלט אין שנייען, אין מוירעדיקן פֿראָסט, קורסק, אָריאָל, בריאַנסק, ווו דער דײַטש איז געלעגן פֿאַרגראָבן אין דער ערד און אַרויסגע־קוקט, עס זאָל שוין גיכער אונטערקומען דער זומער, ווען די וועגן וועלן טרוקן ווערן און ער וועט קענען זיך לאָזן אויף מאָסקווע.

בײַ אַ צעמאַזיקטער, פֿאַרברענטער באַן־סטאַנציע האָבן זיך די עשעלאָנען אָפּגעשטעלט —

ווײַטער איז קיין וועג נישטאָ. די רעלסן זײַנען אופגעריסן. ביז דער פראָנט־ליניע איז נאָך גאָר ווײַט, און איצט וועט אויסקומען גיין צופוס איבער די הורבעס שנײ.

דעם גענעראל דובראַווינס קאָרפּוס האָט שנעל געגומען אויסלאָדן פון די וואַגאָנעס די גרויסע באַלעבאַטישקײַט. די אַרבעט איז געגאַנגען געשיקט, כאָטש עס האָט שרעקלעך געדרייט די זאַווערוכע און געמאַרדעוועט פון די פּיס.

אַנדערע וואָלטן זיך געבייזערט אַף דעם שלעכטן וועטער, נאָר פאַר די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט באַפרײַען די וואַגאָנעס, איז דאָס געווען אַ גליק. אין אַזאַ וועטער וועלן די דײַטשישע באָמבאַרדירער ניט אָנפליִען און מע וועט קענען רויִק זיך לאָזן אין וועג.

שטויסנדיק פון דער פאַרשנייטער וואַגאָן־פּלאַטפאָרמע אַ האַרמאַט, האָט זיך שמײַע גאָזלען אָנגערופן צו איוואַן באַריסיקן, וואָס איז געגאַנגען באַנאַנד:

— זעסט, כאַווער לייטענאַנט, און דיר האָט זיך געדאַכט, אַז די מילכאָמע האָט זיך שוין געענדיקט. — ער האָט אַ קוק געטאָן אַפּן ווײַסן מידבער, צוגעגעבן:

— אָט זײַ אַ בעריע און דעריאָג דעם פאַניע פריץ... מע וועט זיך גוט דאַרפן אונטערגאַרטלען.

— נישקאָשע, מירן אים דעריאָגן, דעם הונט, און אים אָפּהאַקן דעם ווידל, — האָט אָפּגעענטפערט איוואַן באַריסיוק, אָפּווישנדיק מיטן אַרבל פונעם שינעל דאָס פאַרשוויצטע פּאָנעם.

פון אַלע זײַטן האָבן זיך געהערט פריילעכע אויסגעשרייען, אַ געלעכטער, וויצן. איוואַן באַריסיקן איז געווען מאָדנע. ער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אין אַזאַ צײַט קאָן מען לאַכן, זיך כאַכמענען.

— זעסט, נאַטשאַלניק, אין וואָס פאַר אַ פריילעכער קאָמפּאַניע דו ביסט אַרײַנגעפאַלן? — האָט אים אונטערגעמונטערט שמײַע. — עמעסע סאָלדאַטן, וואָס האָבן שוין געשמעקט פּולווער, האָבן אַזאַ טעווע — מע פאַלט באַ זיך קיינמאָל ניט אַראָפּ. אַ פריילעך ווערטל, אַ וויץ איז די בעסטע רעפּוע געווען אין אַלע צײַטן. זאָל איצט וויינען דער דײַטש. אין אונדזערע שנייען וועט ער באַקומען אַ וויסטע מאַפּאָלע, פּונקט ווי דאָרטן, אין סטאַלינגראַד.

— פון דײַן מויל, פעטער שמײַע, אין גאָטס אויערן, — האָט עמעצער פון זײַנע פרײַנט אַרײַנגעשטעלט.

אַרום־און־אַרום — וויסטע שנייען, הורבעס. ניט קיין וועגן, ניט קיין שטעגן.

דער גענעראַל דובראַווין איז געגאַנגען איבער די הורבעס לענגויס די עשעלאָנען און אונטערגעײַלט דעם אוילעם. דאָרטן ווײַט, אונטער קורסק, איז געגאַנגען אַ שווערע שלאַכט, מע האָט געדאַרפט שנעלער זיך דערקלײַבן אַהין, קעדיי צעשמעטערן די דײַטשישע גרופּירונג, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען, און אָנגרײַפן ווײַטער, אַף אָריאָל, קעדיי באַפרײַען די שטאָט.

פון דער סטאַנציע האָבן זיך גלײַך געלאָזט אין מאַרש די קאָלאָנעס. מע איז געגאַנגען ביז איבער די קני אין שניי, טראָגנדיק אַף די פּלייצעס סנאַריאַדן, קעסטלעך מיט פּאַטראָנעס און פּראָוויאַנט. זיך אײַנגעשפּאַנט אין די ליאַמקעס, האָט מען, ווי די בורלאַקעס, געשלעפּט די שווערע האַרמאַטן, ווײַל די מאַשינעס און וועגענער זײַנען אײַנגעזונקען געוואָרן אינעם שניי און די פערד האָבן ניט געקענט זיך שלעפּן איבער די שניי־וואַלן.

פון ווײַט האָט זיך אַהער דערטראָגן דער שווערער אָטעם פון שלאַכט. מע האָט דאָרטן געטריבן, געמײַמעסט די אָקופּאַנטן, געצוווּנגען אָפּטרעטן, וואַרפן אַלץ, און קעדיי אַנטוויקלען דעם אָנגריף, האָט מען געדאַרפט אײַלן צום שלאַכטפעלד, פאַרבײַטן די שיטערגעוואָרענע אָנגרײַפנדיקע טיילן.

דובראַווינס קאָרפּוס האָט געדאַרפט גלײַך נאָכן שווערן מאַרש אַרײַנטרעטן אין שלאַכט. דאָס האָבן אַלע פאַרשטאַנען, און אָנשטרענגענדיק אַלע קויכעס, געײַלט אַהין, ווו מע האָט אַף זיי געוואַרט מיט אומגעדולד.

אַרויסשלאָגנדיק זיך פון די קויכעס, האָט מען זיך געצויגן איבער דער שניי־מידבער צום פראָנט. די וויוגע האָט געדרייט, און דער פראָסט האָט אומראַכמאָנעסדיק געקנײַפּט דאָס פּאָנעם, געריסן שטיקער פלייש.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער וועג וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. און כאָטש די וויוגע האָט געדרייט, האָבן ערגעץ אונטער די וואָלקנס געהודעט פײַנטלעכע אַעראָפּלאַנען. די פאַשיסטן האָבן אָנגעשמעקט, אַז עס גייען צום פראָנט רוסישע רעזערוון, און מע דאַרף זיי באַגעגענען, ניט צולאָזן צום פראָנט. דאָס האָבן אויך פאַרשטאַנען אונדזערע סאָלדאַטן. זיי האָבן אָנגעשטרענגט די לעצטע קויכעס, זיך געצויגן אַלץ פאָרויס איבער די שניי־הורבעס, איבער די הויכע וואַלן.

און ווידער האָט שמײַע באַמערקט, אַז דער לייטענאַנט איז עפּעס אַנטוישט.

און אנטוישט איז ער, זעט אויס, דערפון, וואָס אים האָט זיך געדאַכט, אַז ווי נאָר מע וועט אַרויס פון די וואַגאָנעס, אַזוי וועט מען אײַנשפּאַנען די האַרמאַטן אין די מאַשינעס און זיך אַוועקלאָזן גלײַך אין שלאַכט. לאָזט זיך אויס, אַז מע דאַרף די מאַשינעס איבערלאָזן און זיך אַליין אײַנשפּאַנען אין די ליאַמקעס און שלעפּן אויף זיך די האַרמאַטן, טראָגן אויף די פּלייצעס די סנאַריאַדן.

באַריסיוק האָט זיך געדאַכט, אַז פון יענער זײַט אײַזנבאַן־סטאַנציע הייבט זיך אָן די פאַר־דערשטע פראָנט־ליניע, און ער וועט גלײַך אַרײַנטרעטן מיט זײַן באַטאַרייע אין שלאַכט, דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ די פאַשיסטן. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ביז דער פראָנט־ליניע איז פאַלג מיך אַ גאַנג!

אָט איז שוין באַלד דורכגעלאָפן דער טאָג, און מע איז ערשט דורכגעגאַנגען עטלעכע קילאָמעטער. אַלעמאָל איז אויסגעקומען אַרויסשלעפּן די האַרמאַטן פון די שניי־הורבעס. ער־געץ ווײַט פאָרויס איז געגאַנגען די פּראַקשנטע שלאַכט מיט די פאַשיסטישע כאַיאָלעס, און דאָ האָט מען דערווײַל געפירט מילכאָמע מיט די שנייען, מיט דער בייזער זאַווערוכע, וואָס האָט ניט אויפגעהערט דרייען, וואַיען, רײַסן שטיקער.

ווען וועט זיך שוין ענדיקן דער שרעקלעכער וועג? וואָלט כאָטש ערגעץ נאָענט געווען אַ הויז, מע זאָל קאָנען אַרײַנגיין זיך אָנוואַרעמען. נאָר אין אַלע זײַטן האָבן געשטעקט פון אונטערן שניי שוואַרצע ציגל־קוימענס פון פאַרבראַנטע, פאַרסאַרפּעטע דאָרפישע שטיבלעך, הורבעס שטיינער, ליים, געהילץ, געדיכט צוגעדעקט, פאַרוויעט פון שניי. קיין לעבעדיקער נעפעש! ניט לאַנג צוריק איז דאָ דורכגעגאַנגען דער דײַטש און אַלץ פאַרניכטעט, פאַרבראַנט.

באַטראַכטנדיק דאָס אַלץ, האָבן די סאָלדאַטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, די הערצער זײַנען פול געווען מיט צאָרן. דאָס האָט צוגעגעבן נײַע קויכעס, דאָס האָט לײַכטער געמאַכט דעם שווערן מאַרש.

דער וועג האָט אַלעמען אויסגעגלײַכט — סאָלדאַטן, אָפיצערן, גענעראַלן. יעדער האָט עפּעס געטראָגן אויף זיך — אַ סנאַריאַד, אַ קעסטל מיט קוילן, אַלע האָבן פון מאָל צו מאָל זיך אָנגעוואַלגערט אויף די אײַנגעזונקענע אין שנייען האַרמאַטן און געהאָלפן זיי אַרויסשטויסן. בייס די קורצע פּריוואַלן האָבן זיך אַלע אַרײַנגעוואַלגערט אין שניי און געכאַפּט אַ דרעמל. אָט די שניי־געלעגערס זײַנען געווען די בעסטע אין דער וועלט.

דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט מען זיך געשלעפּט איבער די שנייען, דורכשלאָגנדיק זיך אַ וועג צו דער פראָנט־ליניע. עס זײַנען אָפּגעשטאַנען די קיכן, די וועגענער מיט די פּראָ־דוקטן, וואָס די סאָלדאַטן האָבן געטאַסקעט אויף זיך. פאַרבײַ דער וויוגע זײַנען פון מאָל צו מאָל איבער די קאָלאָנעס דורכגעפלויגן נידעריק איבער די קעפּ איינצלנע אַראָפּלאַנען — קוקורוזניקעס און אַראָפּגעוואָרפן אַ זעקל זאַלץ, ברויט, הירזש... ניט אָפּשטעלנדיק זיך, האָט מען אין וועג געגעסן די שטיקער ברויט מיט זאַלץ, ווי־ניט־איז געשטילט דעם הונגער, פאַרביסן מיט שניי און געגאַנגען ווײַטער.

דער לייטענאַנט באַריסיוק האָט זיך אַלץ געערגערט. אין קיין איינעם פון די מיליטערישע אוסטאַוון האָט ער ניט געלייענט וועגן אַזעלכע מאַרשן. אַפילו אויף קיין אָנדײַטונג ניט גע־טראָפן. עס האָט דערמאָנט דעם מאַרש פון סוואָראָווס זעלנער איבער די אַלפּן. נאָר דאָרטן איז, דאַכט זיך, געווען לײַכטער.

ניט וויסנדיק פון קיין שלאָף, פון קיין אָפּרו, זײַנען געגאַנגען סאָלדאַטן מיט די אומוועגן, פאַלנדיק פון די פיס פון מידקײַט. נאָר ווי מע האָט זיך ניט געסטאַרעט, האָט מען ניט גע־קאָנט גיין שנעלער פון דער פּעכאָטע — יענע האָבן זיי אַריבערגעיאָגט און באַוויזן זיך אײַנ־שליסן אינעם שלאַכט, נאָר ניט אויף לאַנג. דאָס, וואָס מע האָט ניט געקענט צו דער צײַט אונ־טערצײַען די רעזערוון, האָט געגעבן די מעגלעכקײַט דעם פײַנט זיך פאַרטשעפּען פאַר די קרומע הייכן און זיך אײַנגראָבן אין דער ערד. אָבער פון דער שטאָט קורסק האָט מען אַרויסגעשלײַדערט דעם סוינע און איבער דער שטאָט האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאָן.

די אַרטילעריסטן זײַנען געקומען, ווען די שלאַכט האָט זיך שוין געענדיקט, און עס איז געקומען דער באַפעל זיך נעמען פאַר די לאָפעטעס, אָפּרייניקן פון שניי די וועגן, זיך גרייטן צו אַ נײַעם אָנגריף.

און די סאָלדאַטן האָבן זיך גענומען פאַר די לאָפעטעס.

— אַ מאָדנע מילכאָמע! — האָט אומצופרידן געזאָגט באַריסיוק. — איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן אַ זעץ טאָן פון אַלע האַרמאַטן און זיך אַרײַנרײַסן קיין אָריאָל. איז האָסטו דיר גאָר!

און פאַר זיך האָט ער געטראַכט, אַז עס האָט אים ביכלאַל ניט אָפּגעגליקט מיט דער מיל־

כאַמע. ווען מע שיקט אים אַף אַן אַנדער פראָנט־באַצירק, וואָלט אַזוינס ניט פּאַסירט. ער וואָלט שוין לאַנג געווען אין אַן עמעסער שלאַכט.

— כּאָווער לייטענאַנט, וואָס דאַרפסטו איר זיך אַזוי ערגערן און זיך נעמען צום האַרצן, — האָט אים אַלץ געפּרוּווט באַרויקן שמעיע גאָזלען, — דאַרפסט וויסן זײַן, אַז אַף דער מילכאָמע האָט זיך יעדער סאָלדאַט אָדער אָפיצער, גענעראַל, מאַרשאַל זײַן פּאַרציע, און קאַלזמאַן ער האָט די פּאַרציע זײַנע ניט באַקומען, וועט ער אַהיים ניט פאָרן! דײַן פּאַרציע וועסטו באַקומען פּינקטלעך ביז א גראַם! וועסט נאָך פאַרזוכן קאַלטס און וואַרעמס. איצט זײַנען גאָר אַנדערע מילכאָמעס, ניט אַזעלכע, ווי אַמאָל. איך בין אַן אַלטער סאָלדאַט און וויס גאַנץ גוט, מיט וואָס מע עסט א מילכאָמע. אין יענער מילכאָמע, וואָס האָבן מיר געוווּסט? „ביי פּריקלאַ־דאָם, קאָלי שטיקאָם". איצט האָסטו אַף זיך אַזאַ טעכניק, און קעדיי אָנפירן מיט א שלאַכט, ווו עס אַרבעטן טויזנטער האַרמאַטן, טאַנקען, אַעראָפּלאַנען, דאַרף מען האָבן א קאָפּ פון א מי־ניסטער. אָבער אַזוי־ווי מיר פירן די מילכאָמע ניט אַפן הימל, נאָר אַף דער זינדיקער ערד, מוז מען האַרעווען, ווי א פּויקער אַף א כאַסענע, גראָבן אָקאָפּעס, טראַנשייעס, באַהעלטענישן פאַר די האַרמאַטן, פאַר די סנאַריאַדן. וואָס מער דו וועסט זיך אײַנגראָבן אין דער ערד, אַלץ בעסער וועסטו זיך פילן אונטערן פײַער. דאָס, וואָס מע האָט אונדז באַפוילן זיך אײַנ־גראָבן, רייניקן די וועגן, איז דער בעסטער סימען, אַז דאָ וועלן מיר א ביסל אויסרוען די ביינער און איניינוועגס וועט נאַטשאַלסטווע דאָ צוגרייטן פאַר פּריצן א געשמאַקן קאַמפּאָט. האָסט דען ניט געהערט, וואָס אונדזער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר גענעראַל דובראַווין האָט געזאָגט? אָט דאָ, ווען אונדזער האַרמאַט איז פאַרקראָכן אין א הורבע שניי און א גענעראַל אין א וויַסן שפּעסענעם פּעלץ האָט אונטערגעשטעלט די פּלייצע און אונדז געהאָלפן אַרויסשטויסן די פּושקע, אַזאַ וווּקסיקער, ברייטפּלייציקער גענעראַל אין מײַנע יאָרן? נו, וואָס זשע? אָט־אָט! דאָס איז געווען דובראַווין. ער האָט געזאָגט, דער גענעראַל, אַז דעם ווינטער וועט דער דײַטש זיך דאָ גוט אָנפרירן, און דערנאָך וועלן מיר אים אַזוי דערלאַנגען, אַז ער וועט פאַרשעלטן זײַנע יאָרן, וואָס ער איז געקומען אַהער.

— טאַקע אַזוי, מיט די ווערטער האָט געזאָגט דיר דער גענעראַל? — האָט מיט כשאַד אַף אים א קוק געטאָן דער לייטענאַנט.

— יאָ! וואַרט אין וואָרט גיב איך דיר איבער... פּונקט אַזוי האָט ער מיר געזאָגט, און אַלע כּעוורע האָבן עס געהערט!

— און וואָס קער ער זיך מיט דיר אָן, דער גענעראַל דובראַווין, א בראַט אָדער א סוואַט? שמעיע האָט זיך שיר ווידער ניט באַליידיקט אַפן לייטענאַנט, נאָר באַמערקט, אַז יענער זאָגט עס אין א שפּאַס און דערבײַ גאַנץ גוטמוטיק, האָט ער געענטפערט:

— ווי דו ווילסט, אַזוי מעגסטו טראַכטן! מיר זײַנען מיטן גענעראַל עפּשער א ביסעלע נעענטער, ווי א בראַט מיט א סוואַט. מיט אָט דעם גענעראַל, ווען ער איז נאָך געווען א ראָט־נער, זײַנען מיר דעם סיוואַש אַריבער און גענומען דעם פּערעקאָפּ. אַף וורַאַנגעלן, אַפן באַראָן וורַאַנגעל, זײַנען מיר צוזאַמען געגאַן אין צוואַנציקסטן יאָר. איך בין געווען באַ אים אין ראָטע.

— וואָס רעדסטו, באַטיאַ! — האָט זיך צעשײַנט דעם לייטענאַנטס פּאָנעם און, צוזשמורענדיק די אויגן, צוגעגעבן אין א רעגע אַרום:

— פאַרוואָס זשע איז ער א גענעראַל און דו א סערזשאַנט?

— אַ־אַ! ווען אַלע וואָלטן ווערן גענעראַלן, וואָלטן גאָר קיין סאָלדאַטן ניט געווען, — האָט איבערגעשלאָגן שמעיע, — פּאַרשטייסט, מײַן טײַערינקער, נאָך דער מילכאָמע מיט וורַאַנגעלן בין איך אַוועק מיט מײַן וועג און דובראַווין מיט זײַנעם. צום ערשטן האָב איך אויך געקלערט ווערן א גענעראַל אָדער גאָר א מאַרשאַל, נאָר געקומען אַהיים און דערזען, וויפל הײַזער עס שטייען אָן דעכער און ווי־אַזוי עס קאַפּעט די מענטשן אַפן קאָפּ, האָב איך באַטראַכט, אַז פון אָנפאַנג דאַרף מען פאַריכטן די דעכער און דערנאָך שוין ווערן א גענעראַל. איך האָב זיך, ברוך־דערקע, אַזוי אַרײַנגלאָזט אין דער אָווידע, אַז איך האָב גאָר פאַרגעסן ווערן א גענעראַל. עס הייסט, ווען דו זעסט מײַן אַרבעט, מײַנע דעכער, באַ אונדז אין יישעווו, דערקענסטו די דעכער אַף די שטאָלן, וואָלסטו געזאָגט: „גענעראַלסקע דעכער". אין מײַן פאַך בין איך, גלייב מיר, ניט ווייניקער פון א גענעראַל!

די סאָלדאַטן, וואָס זײַנען אונטערגעקומען הערן, וואָס עס דערציילט דער באַטיאַ, האָבן געקײַכט פון געלעכטער. שמעיע, וואָס איז ניט אַראָפּגעפאַלן באַ זיך דערפאַר, וואָס ער איז ניט געוואָרן קיין גענעראַל, האָט דערציילט פאַרשיידענע געשיכטעס וועגן דעכער.

וואָס־וואָס, נאָר אין דעכער האָט ער געוווּסט א טאָלק.

...ווי דער ווינטער האָט זיך ניט געמאַרדעוועט, ווי די וויוגעס האָבן ניט געריוועט, געבור־שעוועט, געוואָיעט, האָט עס ניט געהאָלפן.

עס האָט שוין אַרײַנגעשמייכלט אַהער דער פרילינג, און דער ווינטער האָט זיך געמוזט נעמען קלײַבן אין זײַן רו.

די זון האָט גענומען וואַרעמען — אַ מעכײַע געוווען צו לעבן אַף דער וועלט. די שנייען, וואָס האָבן ערשט ניט לאַנג אַזוי גרויסאַרטיק געגלאַנצט, זײַנען פאַרשוואַרצט געוואָרן, זיך אײַנגעקאַרטשעט.

אַף די וועגן האָבן אָנגעהויבן בורטשען די שטראָמען. די שנייען האָבן זיך געשמאָלצן אונטער דער זון. עס זײַנען שוואַרץ געוואָרן די אַרומיקע וועלדער און פעלדער, און די וועגן און שטעגן זײַנען צעפאַרן, צערעפּעט געוואָרן.

אין די דאָזיקע טעג פלעגט דער גענעראַל דובראַווין אָפטער, ווי ערגעץ אַנדערש, אַרײַנפאָרן צו באַריסיוקן אַף דער באַטאַרייע. ער האָט ליב געהאַט אין אַ פרײַער מינוט זיצן און רייכערן מיט זײַן אַלטן כאַווער, אויסהערן זײַנע פריילעכע געשיכטעס, זיך דערמאָנען אין יענע ווײַטע יאָרן, ווען מע האָט געקעמפט פאַר דער ראַטנמאַכט, ווען מע איז געווען יונג — ער און אָט דער באַריידעוודיקער, פריילעכער סאָלדאַט ספּיוואַק.

אַפן פראָנט האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ שטילשטאַנד — אויב מע קאָן אָנרופן שטילשטאַנד, ווען עס קלאַפּן אָן אופהער די האַרמאַטן און מינענוואַרפער, ווען אין הימל רוישן דראַענדיק די אויסשפּיר־עראָפּלאַנען און פאָטאָגראַפירן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אַרום...

ווען דער שניי איז אַראָפּ און פון דער ערד האָט גענומען זיך הייבן אַ לײַכטער דאַמף, האָבן זיך אַלע ווידער גענומען פאַר די לאָפּעטעס — גראָבן טראַנשייעס, אָקאָפּעס, בלינדאַזשן. אַלץ און אַלע האָבן זיך געדאַרפט באַהאַלטן, פאַרמאַסקירן אין דער מאַמעניו־ערד. מע האָט געדאַרפט אויסבויען פעסטע פּאָזיציעס, ווײַל קיינער ווייסט ניט, וויפל דאָ וועט אויסקומען שטיין. אַלץ, אָנהייבנדיק פונעם מעדיצין־פונקט און ענדיקנדיק מיט די סקלאַדן פון קוילן, מינעס און סנאַריאַדן — אַלץ האָט געדאַרפט זײַן ווײַט פונעם סוינעס אויג. אַלץ איז אַוועק אונטער דער ערד, זיך באַהאַלטן פון דער אַוויאַציע, זיך מאַסקירט.

אין די פרײַע שעהן האָבן זיך אַלע געלערנט, גלײַך ווי דעם ערשטן טאָג וואָלט מען געווען אַפן פראָנט און מע האָט נאָך אין קיין פולווער ניט געשמעקט. פאַר די ביוואַלע סאָלדאַטן האָט די לערע אויסגעזען מאָדנע.

— וואָס זשע טוט זיך דאָ? — האָבן שטילערהייט גערעדט צווישן זיך די סאָלדאַטן. — דער גענעראַל מיינט, אַז מיר וועלן דאָ זיצן אייביק? צי עפּשער האָט ער באַשטימט דאָ עפענען אַ מיליטער־אַקאַדעמיע?

און שמײַע, וואָס האָט די גאַנצע צײַט עפּעס געמײַסטרעוועט אין בלינדאַזש — געמאַכט צינד־מאַשינקעס פון גילזן, טאַבאַק־קעסטעלעך פון אַליומיני, קווערטלעך און קריגעלעך פון קאָנסערוון־באַנקעס, האָט געענטפערט מיט אַזאַ שטעל, גלײַך דער גענעראַל וואָלט זיך מיט אים געייעצט.

— זאָרגט זיך ניט, קינדערלעך, דער גענעראַל דובראַווין ווייסט, וואָס ער טוט. מע דאַרף זיך אַף אים ניט בלאָזן. סוּוואָראָוו האָט אַמאָל געזאָגט — און יענער האָט געוווּסט אַ טאָלק אין מילכאָמע: „שווער אין דער לער — גרינג אין שלאַכט". און כוץ דעם, דאַרף מען געדענקען, ווען דער סאָלדאַט פאַרזיצט זיך לאַנג אָן אַרבעט, ווערט ער אַרומגעוואַקסן מיט שמאָלץ, און דאָס איז אַ געפערלעכע זאַך — מע קען דערנאָך דעם הינטן ניט אופהייבן. זיצן אין די אָקאָפּעס אָן אַרבעט — קאָן נאָך, כאַלילע, אויסוואַקסן אַ מאָזאָליע אַף יענעם אָרט, אַף וועלכן דער קייסער אַליין איז געזעסן. איז בעסער, עס זאָלן אויסוואַקסן מאָזאָליעס אַף די הענט, איידער אַפן איך בעט איבער אײַער קאָוועד. דעמלט וועט גרינגער זײַן דערלאַנגען קלעפּ דעם פאַשיסט.

איינמאָל, ווען די סאָלדאַטן האָבן געגראָבן אַ לאַנגע טראַנשייע, קעדיי פאַרייניקן עטלעכע אָקאָפּעס, איז געקומען דער גענעראַל דובראַווין מיט זײַנע געהילפן. זעט אויס, די דײַטשן, וואָס זײַנען געווען ניט ווײַט פונדאַנען, בא דער גרויסער פּאַליאַנע, האָבן באַמערקט אַ באַוועגונג און געעפנט אַ שטאַרק פײַער. דובראַווין איז אַראָפּגעשפּרונגען אין דער טראַנשיי, וואָס האָט אים דערגרייכט ביזן בויך. ער האָט זיך אויסגעצויגן אַפן דעק, און עמעצער פון די סאָלדאַטן האָט אים צוגעדעקט מיט זײַן קערפּער.

ווען די שיסערײַ האָט אופגעהערט, האָט דובראַווין זיך אופגעהויבן און ניט צופרידן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ טראַנשיי? פאַר קינדער פון קינדערגאָרטן גראָבט איר? וועמען נאַרט איר אַף — זיך? — פאַררייכערנדיק אַ ציגאַר, האָט ער צוגערופן די עלטסטע און אַ ווײַז געטאָן אַף די טראַנשייעס:

— איך באַפֿעל גראָבן טראַנשייען לויט מײַן וווּקס!

— בײַ אונדז זײַנען די סאָלדאַטן ניט קיין הויכוווּקסיקע, כאָטש גענעראַל, — האָט זיך אָנגערופֿן מיט אַ שמייכל שמײַע גאָזלען.

— נישקאָשע! טראַנשייעס דאַרפֿן זײַן טיפֿע. פֿאַרשטאַנען, אָט...

און אַלע האָבן זיך ווידער גענומען צו די זאַסטופּעס...

שנעל אַרודווענדיק מיט די קירקעס און לאָפּעטעס, האָבן די כעווראַ אין שפּאַס פֿאַרגעוואָרפֿן שמײַען:

— נו, דו זעסט, באַטיאַ, אַז דײַן פֿרײַנטשאַפֿט מיטן גענעראַל קאָסט אונדז טײַער. אַזעלכע הויכע, ווי דער גענעראַל, זײַנען פֿאַראַן בײַ אונדז געציילטע.

— איז וואָס, זייערע קעפּ זשאַלעוועסטו ניט? — האָט ער אַ שפּײַ געטאָן אויף די הענט און גענומען גראָבן האַסטיקער.

איוואַן באַריסיוק האָט געשוויגן. ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקאָנט צוגעוווינען צו דעם, אַז ער עסט אומזיסט ברויט. כאָטש ער האָט אַלע טאָג דורכגעפֿירט מיט די מענטשן פֿון זײַן באַטאַרייע לימודים, פֿאַרשיידענערליי איבונגען, די כעווראַ זאָלן אין יעדן פֿאַל קענען פֿאַרבײַטן איינער דעם צווייטן בײַ די האַרמאַטן. און נאָך האָט מען זיך געלערנט — זיך אויסציִען אויפֿן דעק פֿון דער שמאָלער טראַנשיי און אַ טאַנק זאָל אַריבער איבער דיר, אָדער זיך אָפּשטעלן און דיך „פּרעסן“. כאָטש מע איז אַ ביסל פֿאַרשאָטן געוואָרן מיט זאַמד, ערד, נאָר די טאַנקען־קייטן האָבן זיך צו דיר ניט געקענט דערקלײַבן.

מע קאָן ניט זאָגן, אַז „די אַקאַדעמיע פֿונעם גענעראַל דובראַווין“ זאָל שטאַרק געפֿעלן זײַן דעם לייטענאַנט. נאָר ער האָט פּינקטלעך אויסגעפֿילט דעם באַפֿעל און געוואַרט אויף בעסערע צײַטן, ווען ער וועט מיט זײַן באַטאַרייע, וואָס שטייט פֿאַרמאַסקירט הינטערן וואַלד, אַרײַנטרעטן אין שלאַכט קעגן סוינע.

...און דער פֿרילינג האָט אָנגעגרײַפֿט אויף אַלע פֿראָנטן. מע האָט ניט געקאָנט צומאַכן קיין אויג דאָ בײַם וואַלד, וווּ די טייל האָט פֿאַרנומען די פּאָזיציעס. די פֿויגלען האָבן אײַנגעאָרדנט אַזעלכע קאָנצערטן — געזונגען און צוויריטשעט אויף אַלע קוילים אַזוי, אַז כעווראַ האָט פֿאַרגעסן אין דער מילכאָמע, אין די בלוטיקע שלאַכטן און זיך דערמאָנט די פֿרידלעכע צײַטן, ווען אַלץ אַרום האָט פּונקט אַזוי געזונגען און געשפּילט.

די פֿויגלען האָבן ניט געלאָזט רוען.

שמײַע גאָזלען שווערט און מע קען גלייבן אַ מעשומעד, אַז ווו ער איז ניט אויסגעוועזן, האָט ער אַזעלכס ניט געהערט. אין ערגעץ האָבן די פֿויגלען אַזוי ניט געזונגען, ווי אין די קוסטעס פֿון די קורסקער וועלדער. ניט אומזיסט זאָגט מען: „ער זינגט, ווי דער קורסקער סאָלאָוויי“.

יאָ, געוויס! דער נאַכטיגאַל זינגט דאָ גאָר אויף אַן אַנדער אויפֿן, ניט אַזוי ווי זײַנע קאָלעגן אין אַנדערע וועלדער. אָט דער מאַמזער נעמט מיט אַ פּאָר טענער העכער פֿון יענע, און דאָס געזאַנג איז קיינעווודיקער, שפּילעווודיקער.

ווי דו זאָלסט ניט זײַן אויסגעמאַטערט פֿונעם טאָג שווערע אַרבעט, נאָר קוים טוט אַ זונג דאָס קליינע מאַמזערל, אַזוי פֿאַרלירט גלײַך דער סאָלדאַט דעם שלאָף און די רו און הערט זיך אײַן אינעם קאָנצערט, ביז עס ווערט ניט שטיל אַרום.

און די פֿייגעלעך האָבן געזונגען ביז טאָג. די דײַטשן האָבן זיך שטאַרק אויף זיי געבייזערט און אויפֿגעהויבן אַ שיסערײַ. דעמלט זײַנען די פֿייגעלעך שטיל געבליבן, אָבער ווי נאָר דאָס פֿײַער האָט אויפֿגעהערט, האָבן זיי ווידער גענומען זינגען ווי אָפּצולאָכעס.

אין איינעם פֿון אַזעלכע שטילע פֿאַרנאַכטן, ווען די פֿייגעלעך זײַנען געשטאַנען אויף זייערע קוסטעס, פֿאַרכלינענדיק זיך פֿון פֿאַרגעניגנדיקן געזאַנג, וועקנדיק די שענסטע טרוימען, איז אויף דער באַטאַרייע געקומען דער בריווטרעגער און געבראַכט בריוולעך פֿון דער ווײַטער היים, און בעסוכעם צוויי בריוו שמײַען.

די בריוו האָבן לאַנג געוואַנדערט, ביז זיי האָבן געפֿונען דעם אַדרעסאַט.

אַלפּי־סייכל וואָלט מען זיך געדאַרפֿט פֿרייען, נאָר שמײַע האָט עפּעס דערפֿילט, אַז די בריוו וועלן אים ניט פֿאַרשאַפֿן קיין פֿרייד.

און דער פֿאַרגעפֿיל האָט אים ניט אָפּגענאַרט.

אין דעם ערשטן בריוו האָט רייזל געשריבן וועגן איר גרויסן צאַרן. זי האָט באַקומען אַ „פּאַכאַראָנקע“ — איר עלטערער זון איז געפֿאַלן אין שלאַכט בײַ דער וואָלגע. ער האָט זיך געוואָרפֿן מיט אַ גראַנאַטע אויף אַ דײַטשישן טאַנק, אים אונטערגעצונדן און אַליין געפֿאַלן. זײַנע כאַווערים, וואָס זײַנען מיט אים געווען אין דער שלאַכט, האָבן באַשריבן אַלץ, ווי דאָס איז געשען. זיי האָבן מיטגעטיילט, אַז אויף זייערע הענט איז ער אויסגעגאַנגען.

בא דער וואָלגע איז ער געפאַלן, איר עלטערער זון. לאָזט זיך אויס, אַז מע איז געווען נאָענט איינער פון צווייטן און מע וואָלט זיך עפּשער געקענט באַגעגענען, זיך זען, נאָר גיי זײַ אַ כאָכעם.

אין דעם צווייטן בריוו האָט זי מודיִע געווען, אַז איר צווייטער זון איז געווען מיט אַ דעסאַנט אין קרים און מע ווייסט ניט, וואָס איז מיט אים און וווּ ער איז אַהינגעקומען. און פון דעם דריטן קינד איר, מישקען, איז שוין אַ כעזשבן פון דרײַ כאָדאָשים ניטאָ קיין אײַנגעטונקטע פּען. און זי ווייסט שוין ניט, וואָס איבערצוטראַכטן.

שמײַע איז געזעסן אויפן קעסטל פון סנאַריאַדן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געלייענט נאָכאַמאָל די בריוו, פּילנדיק, ווי דאָס האַרץ ווערט צעריסן אויף שטיקער. עס זײַנען צוגעגאַנגען כאַוויירים, געוואָלט אים באַגריסן מיטן באַקומען די בריוו, נאָר דערזעענדיק זײַנע פאַרטרויערטע אויגן, אַנשוויגן געוואָרן, גלײַך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט באַקומען פונעם ווײַב אַ שלעכטע יעדיִע — וואָלטן דאָס געווען פריילעכע בריוו, וואָלט ער געשײַנט פון פרייד, זיי גלײַך געגומען לייענען פאַר אַלעמען. און דאָ...

ניט אַרויסברענגענדיק קיין וואָרט, האָט שמײַע זיך שווער אופגעהויבן פון אָרט און מיט אַן אָנגעבויגענער פּלייצע און שווערן, ניט זיכערן טראָט זיך געלאָזט מיט דער סטעזשקע אין יענער ריכטונג, וווּ עס איז געווען דעם זונס בלינדאַזש.

ווען איציק האָט דערזען דעם פאָטער, איז אים געוואָרן אַ לאָך אין האַרצן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מיט יענעם איז געשען. ער האָט זיך דערשראָקן אויף טויט.

— וואָס איז געשען, טאַטע? — איז דער זון אַראָפּ פון דער נאַרע, פאַריכט מיט דער האַנט די צעפּאַטלטע האָר, דערנאָך אָפּגערוקט אויפן טישל די אַפּעראַטיווע מאַפּע. — וואָס איז מיט דיר? זעץ זיך צו. נעם אַ ביסל וואַסער, — האָט ער אים אָנגעגאָסן פונעם קאָטיעלאָק.

ניט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט שמײַע זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון דער נאַרע, וואָס איז געווען באַדעקט מיט יעלן־צווײַגן, און אַרויסגענומען פון דער גימנאַסטיאָרקע־קעשענע ביידע בריוו.

— לייען, איציק. אַ גרויסער אומגליק האָט אונדז געטראָפן.

איציק ספּיוואַק האָט אַרויסגעצויגן דאָס קנײַטל פונעם קאָנווערט און איבערגעלאָפן מיטן האַסטיק־צעשטרייטן בליק ביידע בלעטלעך.

ער האָט לאַנג געלייענט און זיך געסטאַרעט ניט באַגעגענען מיטן פאָטערס ווייטעקדיקן בליק. ער האָט ניט געוווּסט, ווי ער זאָל אים באַרויִקן. לעסאָף האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער נאַרע באַנאַנד מיטן פאָטער און שטילערהייט זיך אָנגערופן:

— און עפּשער איז דאָס אַ מיספאַרשטייעניש? עס טרעפט, דער שרײַבער אין שטאַב פאַרפּלאָנטערט אַמאָל די אַדרעסן. עס טרעפט אַמאָל, אַ טעמפּער קאָפּ זיצט בײַ די פּאַפּירן.

— יאָ. אַ טעמפּער קאָפּ. ער האָט אָנגעשריבן דער מאַמען, — האָט שמײַע אופגעהויבן אויפן זון די פאַרווייִנטע אויגן. — איך ווייס, זינו, עס טרעפט אַ פעלער אויף דער מילכאָמע, נאָר דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז דאָס איז ניט קיין טאָעס. מיר זײַנען סאָלדאַטן און האָבן זיך געוווּנט אָנגעזען, ווי מענטשן פאַלן אין די שלאַכטן. פאַררייכערט אַ ציגאַר מאַכאָרקע, האָט ער מיט אַ געפּאַלענער שטים, פאַרגעזעצט:

— מיר איז אַ גאָטס ראַכמאָנעס אויף דער מאַמען. געבליבן איינע מיט קליינע קינדער אין דער פרעמד, ווײַט פון דער היים, ווײַט פון אונדז. לעבן איר איז קיינער נישטאָ, ווער עס זאָל איר זאָגן אַ טרייסט־וואָרט, זי באַרויִקן.

— יאָ, איר איז איצט שווערער, ווי אונדז. זייער שווער. וויפל אומגליקלעכע מענטשן — אַ פּאַכעד אַ טראַכט צו טאָן!

ער איז געבליבן שטיל, אָפּגעקערט דאָס פּאָנעם פונעם קאָנווערט, כּדי דער פאָטער זאָל ניט זען די טרערן אויף זײַנע אויגן.

פונעם שכייניש׳ן בלינדאַזש האָט זיך דערטראָגן אַ שטיל געזאַנג פון עטלעכע סאָלדאַטישע שטימען:

Ты сейчас далеко-далеко,
Между нами снега и снега,
До тебя мне дойти нелегко,
А до смерти четыре шага...

(סאָף קומט)



# פונעם ליטעראַטור־אוצער

## כאַים טשעמערינסקי (רעב מאָרדכעלע)

### יאָסל, זופּ ראָסל![1]

— כלעבן, זופּ אויס, יאָסל,
נאָך אַ טעלער פיש און ראָסל.
— געוואַלד, איך בעט אײַך,
פיל איז נאָך דער שיר?
איך האָב אויסגעזופּט שוין פיר...
— פאָלג זשע מיך,
אַן עלטערן און אַ געניטערן,
פּאַק די מילכיקע געריכטן
סייכלדיק, אין שיכטן;
אויסגעלייגט אַ פּאַק געדיכטן,
און פאַרגאָסן באַלד מיט שיטערן:
קער אַרײַן אַ טראָפּן זיך אַ ביטערן
און פאַרבײַס מיט הויזנבלאָזן,
הייס, אין פּוטער פּעט צעלאָזן,
רײַב אַרײַן אַ קעז אויך אַ געקנאָטענע,
אײַנגעטונקט אין סמעטענע,
און לעש אָפּ דעם דאָרשט
מיט אַ טעלער באָרשטש...
אַזוי קעכלט מוכסן יודע
שוועס צו דער ווײַסער סודע,
מײַסע באַלעבאָס קעאַלויס
דעם אָפּגעאַכטן כאָסן.
יענער, נעבעך, זיצט פאַרשוויצט,
פּיטש־נאַס,
אָנגעגאָסן ווי אַ פאַס,
רויט ווי צונטער,
אונדזער ליבלעכער מעכוטן

[1] געקירצט.



אײנער פון די באַגאַבטע און פאַרגעשריטענע ייִדי־שע שרײַבער אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד איז געווען כאַים טשעמערינסקי (באַקאַנט אונטערן פסעוו־דאָנים רעב מאָרדכעלע), וועלכער איז געבוירן אין שטעטעלע מאָטיל, לעבן פינסק, אין 1862 און איז געשטאָרבן אין יעקאַטערינאָסלאַוו (איצט — דניעפּראָ־פּעטראָווסק) דעם 13 יאַנוואַר 1917. רעב מאָרדכעלע איז געווען פאַרבונדן מיט די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרײַבער פון זײַן דאָר. וווינענדיק אין אָדעס אין אָנהייב פונעם איצטיקן יאָרהונדערט, פלעגט ער זיך טרעפן מיט מענדעלע מויכער־ספאָרימען, ביאַליקן, ראַווניצקין, דובנאָוון און מיט אַנדערע שרײַבער. זײַ־ענדיק ווײַט ניט קיין ראָש־האַדאַברים אין די ליטע־ראַריש־קינסטלערישע קרײַזן, איז ער אָבער געגאַנ־גען מיט זײַן אייגענעם דערעך און איבערגעלאָזט אַ געוויסן שפּור אין פאַרשיידענע זשאַנרען פון דער ביזרעוואָליוציאָנערער ייִדישער ליטעראַטור.

זײַן ליטעראַרישן דעביוט האָט כ. טשעמערינסקי געמאַכט אין יאָר 1903 אין דער פּעטערבורגער צײַ־טונג „פרײַנט" מיט זײַן מאָשל „די מאַגייפע־אַסי־פע" — אַ פרײַע באַאַרבעטונג פון קרילאָווס „מאָר זווערײ". אין יאָר 1919 — צום צווייטן יאָרצײַט פונעם שרײַבער — האָט דער יעקאַטערינאָסלאַווער ייִדישער פאַרלאַג „וויסנשאַפט" אַרויסגעגעבן אין אַ בוך־פאָרם זײַנע „מעשאָלים" (דער זעלבער פאַרלאַג, וואָס האָט אין יאָר 1919 פאַרעפנטלעכט פּערעץ מאַרקישעס לי־דער־בוך „פּוסט־און פאַס").

קיין פעסטן אידעאָלאָגישן גאַנג האָט כ. טשעמע־

טרײַבט אים אונטער
אָט מיט בייזן, אָט מיט גוטן:

— קנישעס! קניידלעך! באַבקעס!
שטשיפּקעס! טייגלעך! לאַטקעס!
פּאַמפּושקעס! ווערטוטן!
טייגעכצער! וואַרעניקעס מיט קרעפּלעך!
— גוואַלד, עס פּלאַצן אַלע
קנעפּלעך!
— הייבט זיך אָן מיט די
געמאָרע־קעפּלעך!
מוזט פאַרזוכן נאָך דעם קוכן.
הײַנט דײַן שפּרינצעס
האַנט־אַרבעט — מלינצעס!
...די מעכוטענעסטע אין בורקע
טוט אים שטילערהייט א פורקע:
„אוי, דײַן פּיסק, דאָס טרייפעו!"
און דער באָכער, נעבעך, גאַרט
צוליב־טאָן דער יעפייפיִע,
נאָר טו, מאַך — עס שפּאַרט!
אָט באַקומט ער די מאַגייפע!
און דאָ שטייט רעב יורקע
און שרײַט מיט ווילד אַזאַרט:
„קוק אָקאָרשט נאָר אָן א באָרשטש:
פעט פאַרצויגן, פול מיט אויגן,
ווי א מאַלעך־האַמאָוועס, קיין קאַטאָוועס!"
מײַנער מאַכט זיך א לעוואָוועס
און נעמט ווידער אָן א טעלער.
„אָט אַזוי האָב איך דיך האָלט:
ניט קיין קענער — כאָטש א וועלער!
זײַ זשע ניט קיין יאָלד
און זופּ אויס דאָס לעצטע ביסל
פונעם שיסל".
יענער זעט, עס האַלט דאָ מיִעס,
אָט באַלד עקט זיך אים דאָס כיִעס —
מאַכט ער ניט קיין שיִעס:
קנאַק די שויבן!
און פון פענצטער — האָפּ,
א שפּרונג גאַלאָפּ
אין א יאַרמעלקעלע אַפן קאָפּ.
נאָך האַוודאָלע שיקט ער אָפּ
די טנאָיִם מיטן זייגער,
און שפּרינצע זיצט שוין אַפן שטייגער
ביזן גרויען צאָפּ.

## כאַנפּענען און גאַנווענען

א הונגעריקער רעבל
דערטאַפּט אַמאָל צו זיך אין שנעבל
א קאָשערע מעציִע, אַן אַנטיק —
קעז א שטיק:
פעט און ווייך,
ווערעמדיקלעך אויך,
און א רייעך אַף א מײַל.
מײַנעם גלייבט זיך קוים —
אַזא האַצלאָכע!
ער כאַפּט אַרויף זיך אין געײַל

רינסקי ניט געהאַט. זײַן באַדײַטונג איז געווען אינעם אָפּלייקענען און דעמאַסקירן אַף א סאַטירישן אויפן די אידעאַלן און די טעטיקײַט פון די ציִעניסטן אין יענער צײַט. אין זײַן פאָרוואָרט צו רעב מאָרדכעלעס אויבנדערמאָנטן בוך „מעשאָלים" שרײַבט זײַן לעבנס־פרײַנט, דער שרײַבער יעהודע נאָוואַקאָווסקי: „מיט א גיפטיקן שמייכל פון אַן „אויסגערייכערטער ליולקע" פּלעגט ר' מאָרדכעלע אויסשפּאָטן אכאַד־האָאָמס באַרג סינײַ, וואָס שטייט אין א וויסטן מידבער אָן א פאָלק, אויסלאַכן דעם אָדעסער „נאַציאָנאַלן קאָמיטעט", וואָס דײַגעט וועגן אַלץ, כוץ דער נאַציע גופע, דעם פּאָליטישן ציִעניזם און אויך דעם פּאַלעסטינער קאָמיטעט, וועלכער שרײַט קויל קוירעס, רופט צונויף אַסיפעס און צוזאַמענפאָרן, רײַסט אײַן א וועלט און ענדיקט מיט דעם, וואָס ער פאַרשטוקעוועט אָן אײַנגעפאַלענעם דאַך בא א קאָלאָניסט אָדער קויפט פאַר אים א ציג" (זע „א ביסל זיכרוינעס" אין אויבנדערמאָנטן בוך „מעשאָלים", 1919, ז. 11). נאָוואַקאָווסקי זעצט פאָר: „ר' מאָרדכעלעס טיף אויג איז געווען געווענדעט אין די אָדעסער פּאָדוואַלן, אין די באַסע פינצטערע קעלערס פון דער אָדעסער יִדישער אָרעמשאַפט, וואָס נייטיקט זיך ערשט אין ברויט, הייצונג און אָנטאָן".

כאַיִם טשעמערינסקי האָט געלעבט בעסאַכאַקל 55 יאָר, איבער דײַגעס־פּאַרנאָסע איז זײַן גאַנץ לעבן געווען נאַווענאַד. ער איז „געווען א גרינטלעכער קענער פון יִדיש, פון זײַנע פאַרבאָרגנסטע שפּראַך־אויצרעס" (זאַלמען רייזין), אַן ערודירטער און פייִקער שרײַבער. זײַנע אַרטיקלען זײַנען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע פּעריִאָדישע אויסגאַבעס. אים איז אויך ניט פרעמד געווען בעלעטריסטיק פאַר קינדער. גרויס דערפאָלג האָט געהאַט אין יענער צײַט זײַן קינדער־מײַסע „שלוימע האַמעלעך און דער אַשמעדײַ". ער האָט אויך איבערזעצט אין יִדיש וויקטאָר הוגאָס „דער מענטש, וואָס לאַכט", ב. קעלערמאַנס „דער טונעל", סטעפאַן צווייגס „דער ברענענדיקער סאָד" און דעם ערשטן באַנד „יִדישע אַגאָדעס", צונויפגעזאַמלט און אַרויסגעגעבן פון כ.־נ. ביאַליק און י. ראַווניצקי. ער האָט געשאַפן א ריי אַרבעטן אַפן געביט פון שפּראַך־פאָרשונג: „יִדישע גראַמאַטיק בא מענדעלען" און „די יִדישע פאָנעטיק".

באַזונדערס האָט זיך ר' מאָרדכעלע אויסגעצייכנט אַלס מעשאָלים־שרײַבער. ער האָט זיך געפונען אונטער דער האַשפּאָע פון דעם גאָען פון דער רוסישער פּאַבוליסטיק איוואַן אַנדרייעוויטש קרילאָוו (1769—1844).

איוואַן קרילאָוו האָט, ווי באַוווּסט, פאַררוסישט דעם מאָשל, אים צוגעגעבן נאַציאָנאַלע אייגנאַרט און טראַדיציִע. „אין די בעסטע קרילאָווס מעשאָלים זײַנען ניט פאַראַן קיין בערן און קיין פוקסן — נאָר עס זײַנען דאָ מענטשן, רוסישע מענטשן" (וו. בעלינסקי). דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן טשעמערינסקיס

אױף אַ הױכן בױם,
פֿאַרטראַכט זיך נאָך אַ װײַל
און װיל שױן מאַכן דאָ די בראָכע —
מײַסע סאָטן לױפֿט דאָרט דורך אַ פֿוקס,
װערט אַ באַלן
אױף דעם פֿעטן ביסן
און טאַקע באַלד געפֿאַלן
אױף אַ האַמצאָעלע אַ קלוגס.
ער שטעלט זיך אָפּ און מאַכט אַ קניקס
און הײבט אַזױ אָן זיך צו שמועסן:
— אױ, נעשאָמע טרײַע,
ביסטו שײן, מעכײַע,
אַ זעלטנהײַט צװישן אַלע פֿײגעלעך,
קײנענאָרע!
ליבע קראָע,
האָסטו אַ פּאָר פֿליגלען בלאָע,
דערצו נאָך אַ פּאָר אײגעלעך —
אַ הימל מיט צװײ שטערן!
הײַנט אַ העלדזעלע, אַ גײדער,
יעדער אײװער, יעדער פֿעדער,
איטלעכס פּיצעלע קעסײדער —
קײן בײז אױג זאָל דיר ניט שאַטן:
אָפּגעטאָקט,
װי אַ ליאַלקע,
טאַקע װי דאָס װערטל זאָגט:
„שװאַרץ, װי אַ האַלקע,
און כײנעװודיק, װי אַ באַסמאַלקע!“
איך מעג הײליק שװערן,
געװיס איז אױך דײַן קעלע,
דײַן שטימע — גאָר אַ פֿעלע,
אַ הילכיקע, אַ העלע,
לױטער זילבער־קלאַנג!
לאָז זיך נאָר ניט בעטן לאַנג,
לאָז מיר הערן דײַן געזאַנג!
און ביסטו באַ דײַן האַדרעס־פּאָנעם
אױך אַ שטיק יױדײע־נאַגן —
װי איך האָף, מיט אַלע טאַגן —
אַ קאַפּאָרע אַלע קאָר־כאַזאָנים!
איך שװער באַ מײַנער זעלע,
עס װערט אַזאַ מין קעלע
אױסגעקליבן באַלד
פֿאַרן איבער־כאַזן דאָ אין װאַלד!

מײַנער שמעלצט זיך דאָרטן אַלץ,
דער נאַר
טוט אים אַ שפּאַר
אַזש ביזן האַלדז,
ער גיט אַ קראַקע מיטאַמאָל
אױף אַ װילדן מיסע־מעשונעדיקן קאָל,
עפֿענענדיק אַ געמבע גאָר אַ ברײטע,
װי אַ רעכטער כאַזן־שױטע,
און בלײַבט שטײן טױט, װי אַלע טױטע:
דער קעז אַרױס פֿון מױל!
דאָס פּיקסל איז ניט פֿױל —
כאַפּ־לאַפּ און פּלײטע...
איר פֿרעגלט זיך, רעב קאָרעװ,
און שמײכלט זיך בעניִמעס,
אַז יענער מאַכט פֿון אײַך אַ צימעס, —
איך בין אײַך אָרעװ,
אַז זײַן גאַנצער צװעק
איז כאַפּן דאָ אַ לעק!

---

איבערגעאַרבעטע פֿאַבלען, פֿון װעלכע עס לײַכטן אַרױס ייִדישע פֿאָלקס־כאָכמע, ייִדישע לײדן און פֿײַן. אָט זײַנען בײַשפּילן. טשעמערינסקיס מאָשל „הינטישע אַכדעס“ איז אַנטליִען פֿון קרילאָװס „סאָ־באַטשאַיאַ דרוזשבאַ“. אין בײדע שפּראַכן איז דער אַנטראָפּאָמאָרפֿיזם (די פֿאַרמענטשלעכונג פֿון דער באַ־לעכאַיִם־װעלט) אָן ענלעכער, באַ קרילאָװן פֿיגורירן די הינט פּאָלקאַן און באַרבאָס, אין ייִדישן מאָשל הײסן זײ ראַבקע און צוציק... אױך דער מוסער־האַסקל איז דער זעלבער: „טו אַ װאָרף אַ בײנדל — און די מילכאָמע פֿלאַמט“. דאָס ייִדישע פֿאָלקס־װערטל: „ייִכעס אָװעס — נאַ בײס האַקװאָרעס“ איז די אידײ פֿון ר׳ מאָרדכעלעס מאָשל „ייִכעס“, װאָס איז איבערגעדיכטעט פֿון קרילאָװס „געענדז“ („גור־סי“). אױף בײדע שפּראַכן װערן אױסגעלאַכט באַרי־מערײַ און פּוסטער ייִכעס. אָבער אין ייִדישן עקװי־װאַלענט איז דער סיפּער־האַמײַסע פֿאַנאַנדערגעאַר־בעט אױפֿן סמאַך פֿון דעם אַלט־ייִדישן רעליגיִעזן שטײ־גער — מע שלאָגט אין דעם פֿאַל קאַפּאָרע ערעװ יאָמ־קיפּער מיט אַ גרױסהאַלטערישן גאַלאַגאַנער האָן.

טשעמערינסקיס דיִאַלאָגיש געבױטער מאָשל „יאָסל, זופּ ראָסל“ איז אינספּירירט פֿון קרילאָװס „דעמיאַנאָװאַ אוכאַ“ („דעמיאַנס פֿיש־יױך“), נאָר אין ייִדיש װערט די טעמע באַהאַנדלט אױף אַן אײגענעם אַלטשטײגערישן פֿאָלקסטימלעכן אױפֿן. באַ קרילאָװן זײַנען די העלדן צװײ שכײנים: דער באַלעבאָס דע־מיאַן און זײַן אורעך — פֿאָקאַ. טשעמערינסקיס פּער־סאָנאַזש איז דאָ גאָר אַן אַנדערער; די גאַסטגעבער זײַנען דער מעכוטן און די מעכוטענעסטע און דער אײַנגעלאַדענער גאַסט איז דער כאָסן־באָכער, װאָס איז געקומען אָנקוקן די קאַלע. ענלעך איבערגעדיכ־טעט פֿון קרילאָװס מאָשל „די קראָ און דער פֿוקס“ איז רעב מאָרדכעלעס „כאַנפֿענען און גאַנװענען“, האַגאַם די הױפּט־העלדן זײַנען געבליבן די זעלבע, װי באַם גרױסן רוסישן שרײַבער.

מיר ברענגען דאָ װײַטער טשעמערינסקיס צװײ מעשאָלים.

מ. גלײזער





אלעקסאנדער ליזען

# פון יענעם ברעג, פון קאַיאָריקן

## 1

גיטל איז קראַנק. האָב איך האַנאָ. זי זיצט די גאַנצע צײַט אין דער היים, גייט אין ער־געץ ניט, ליגט אין בעט, דער קאָפּ אירער איז פאַרוואָרפן אויף דער קישן, דאָס גריבעלע אָפּן האַלדז זעט אויס טיפער און טונקעלער, גלײַך ווי אַלע שאָטנס פון איר פּאָנעם, וואָס מינעט זיך און פיבערט, וואָלטן זיך דאָרטן צונויפגעזאַמלט. אויף די אויגן זײַנען טאָמיד אַראָפּגעלאָזט צוויי שוואַרצע פאַרהענגלעך, און לאַנגע לאָקנס שלענגלען זיך איבער דער ווײַסער קישן.

איינמאָל נעמט זי, אָט די גיטל, צעלאָזט אירע לאָקנס און לאָזט זיך גיין שפּאַצירן איבערן דאָרף, אַ שטאָלטנע, אַ שטאָלצע, שיין ווי די וועלט, טיר־און־טויערן עפענען זיך, מע קוקט אַרויס, קליין און גרויס, דערנאָך נעמט מען איר נאָכגיין, צוערשט אָפּגעווײַטערט, דערנאָך נעענטער און נעענטער, דעריקער דאָס קליינוואַרג. האָט דאָס אויסגעזען, ווי עפּעס אַ קרייץ־פּראָצעסיע מיט אַ לעבעדיקער גאָטס־מוטער, מאַריִע, בעראָש. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ווײַס קלייד, און זונען־שטראַלן האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט אין אירע געדיכטע האָר.

אַצינד ליגט זי אין בעט. האָב איך מיט איר קיין דײַגעס ניט. צווישן דעם אוילעם איז דעמלט געווען אויך גאָרדי, אונדזער שאָכן. איז מיר ניט געפעלן, מיט וואָס פאַרא באַלעכעס האָט ער אויף איר געקוקט.

מײַן שוועסטערקינד גיטל איז עלטער פון מיר אויף גאַנצע פיר יאָר. דײַגענען אָבער פאַר איר מוז איך. ווער דען?

עפשער איך מוטער? זאָגט זי, אז זי איז אליין קראנק, די מומע זעלדע. כ׳פארשטיי ניט, צו וואָס דארף מען אזוי ציטערן איבערן געזונט, ווען מ׳איז ניט זיכער מיטן לעבן? אוואדע האָט די מומע זעלדע שטארק ליב איר גיטעלען, אניט וואָלט זי ניט פארלאָזט די שטאָט און געקומען צו אונדז אין דאָרף, אין אויסרײַסעניש, קעדיי איר קינד, ס׳הייסט גיטעלע, זאָל אָטעמען מיט פרישער לופט, וואָס דער דאָקטער האָט איר צוגעשריבן. אזוי זאָגט זי, די מומע זעלדע. איז ערשטנס, די שטאָט, פונוואנען די מומע האָט זיך אין איינעם א שיינעם טאָג געיאוועט, איז גאָרניט אזא גרויסע שטאָט, גיכער א גרויס שטעטל. און צווייטנס, איז דאָס דאָרף אונדזערס שוין ניט אזא פארוואָרפנס, עס ליגט אפן טראקט, און דער מערכעק צווישן ליובאטש, ס׳הייסט די „גרויסע שטאָט", און ראקיטנע איז קארגע צען ווערסט. און דריטנס, סטארעט זיך די מומע אויסנוצן אזא געלעגנהײַט, קעדיי צו אָנדעכען זיך מיט דאָרפישער לופט. זיצט די מומע מער באם טײַך צי אין סאָד, ווי בא איר טאָכטערס בעט.

עפשער דער זיידע? וואָרעם קיין פאָטער האָט זי ניט, גיטל האָט ניט קיין פאָטער, און איך האָב נישט קיין מוטער. מיר האָבן אָבער בעשוטפעס א זיידן, ס׳הייסט דער פאָטער פון מײַן טאטן און איר מאמען. נאָר ער איז פארבליבן, דער זיידע, אין ליובאטש, גיט אכטונג אף דער שטוב, מע זאָל זי כאָלילע ניט באגאנווענען. איר וואָלט געמעגט, אף טשיקאוועס, כאפּן א קוק אף דער שטוב, אף דעם זיידנס פארמעגן! א צימערל, פול מיט ביכער. קאָלערליי ביכער. אף די פאָליצעס פון א זייער אלטן, נאָר בעקאָוועדיקן שראנק. פון אויבן — אפן שראנק. אפן צעפאָרענעם טיש, אף די הינקענדיקע בענקלעך. ס׳א סוואָרע, אז איבער די דאָזיקע ביכער האָבן די מומע זעלדע און גיטל געמאכט די פלייטע צו אונדז, אין דאָרף. די מומע זאָגט, אז די ביכער נעמען אוועק די גאנצע לופט פון דער שטוב, האָט נישט גיטל מיט וואָס צו דעכען. איז זי קראנק געוואָרן אף די לונגען. דעם זיידן, ווידער, שאדט דאָס נישט. די ביכער קערן אים אום א ביסל לופט, וואָרעם ער פאָרעט זיך מיט זיי טאָמיד, לייענט און גלעט זיי. אלעמאָל, ווען איך קום צום זיידן, טרעף איך אים זיצן באם טיש און לייענען עפעס א סייפער מיטן לינקן אויג. דאָס רעכטע אויג איז בא אים דערבײַ פעסט פארזשמורעט.

עפשער מײַן פאָטער? וואָס זאָגט איר אזוינס! ער איז, נעבעך, אזוי פארטאראראמט מיט זײַן באלעבאטישקײַט, פארהאָרעוועט. די מאמע איז געשטאָרבן, איז דער גאנצער אָל געפאלן אף זײַנע פלייצעס. קען ער דען האָבן אין זינען א פלעמעניצע?

נו, און דער קאוואלער אירער, מאקס רומער? ער מוז דאָך דײַגענען פאר זײַן... וואָס זײַן? קאלע? געליבטע? — דאָס ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אז ער טוט זיך אמאָל א יאָווע, א פארשטויבטער, א באָרוועסער. די שיך באָמבלען זיך אף אן אקסל, צונויפגעבונדענע מיט שווארצע בענדלעך. אָט אזוי־אָ קומט ער צופוס פון ליובאטש און טוט א קאָמאנדעווע:

— הער נאָר, קונדעסעוויטש! ברענג מיר אן עמער וואסער, וועל איך זיך א וואש טאָן די פיס.

כ׳האָב אים ניט ליב, דעם־אָ קאוואלער. ערשטנס, וואָס רופט ער מיך עפעס „קונדעסעוויטש"? צווייטנס, נאָך דעם וואָס ער וואשט זיך אָפּ ווי־סע־ניט־איז די פיס מיט דער לינקער האנט, גייט ער ארײַן אין שטוב, צעזעצט זיך ברייטלעך בא גיטלס בעט און כאפּט אף מיר א קוק מיט א מיין. ס׳הייסט, טראָג זיך אָפּ, קונדעסעוויטש, פונדאנען. דו שטערסט אונדז. „אונדז" — באטײַט: אים, דעם קאוואלער, און גיטלען. די רעכטע האנט רומענס בייגט זיך ניט — געווען פארווונדעט אינעם עלנבויגן, א שפּליטער פון א הארמאטן־קויל האָט אים געטראָפן בעשאס א שלאכט מיט די פעטליוראָווצעס. די שלאכט, דערציילט ער, איז געווען א שווערע, א פארביטערטע, פון הארמאטן איז מען אריבער אף קוילנוואָרפערס און פון קוילנוואָרפערס — אף ביקסן, און פון ביקסן — אף באגנעטן, און ווען ער הייבט אָן אזוי־אָ דערציילן, בין איך גרייט מויכל זײַן אים, וואָס ער רופט מיך קונדעסעוויטש. כ׳מוז אָבער אָפּטראָגן זיך, וואָרעם זיי ווילן זיך א סוידע טאָן, עפשער ניט אזוי גיטל, ווי מאקס. דערווײַל נעמט ער ארויס פון דער קעשענע מיט דער לינקער האנט א רויטן בלײַער, שטעקט אים ארײַן צווישן די פינגער פון דער רעכטער האנט און הייבט אָן פירן מיט אים איבער א שטיקל פאפיר. מיין איך, אז ער שרײַבט עפעס גיטלען. גיי איך צו נעענטער, רוק קלוימערשט ארונטער אונטערן בעט א גלעזערנע באנקע מיט גיטלס שפּײַעכץ, סע פאסט ניט, פאָרט א גאסט — כאפּ איך א קוק מיט איין אויג, לאָזט זיך אויס, אז ער מאָלט גאָר, רומער. מיט ברוינע פינגער מאָלט ער רויטע פערדלעך. א סאך רויטע פערדלעך. און רויטע רײַטערס אף די פערד. מיט רויטע שפּיציקע היטלען. מאָלט און טופּעט אונטער אומגעדולדיק מיט די שיך אף די הוילע פיס. כ׳מאך זיך אָבער נאָך אלץ ניט וויסנדיק. ערשט ווען די טופּערײַ ווערט ענלעך אף א קוילנוואָרפער־שיסערײַ, טו איך א פרעג גיטלען מיט די אויגן: „דארף איך שוין ארויסגיין?" ענטפערט זי מיר מיט א שמייכל: „יאָ". פאר אָ־דעם בלייכן שמייכעלע אירן בין איך

גרייט אין פײַער און אין וואַסער. לויף איך באַלד אַרויס אין הויף אַרײַן און נעם זיך האַקן האָלץ.

## 2

האַק איך האָלץ און טראַכט זיך בעשאַסמײַסע: וואָס טוט ער אַצינד, רומער, מיט גי־טעלען? ער קושט זי? און עפּשער אַפּילע נעמט ער זי אַרום?

איך טו אַ צאַרנדיקן פּאַטש מיט דער האַק. טרעפֿט זי אָבער אין אַ סוק. די האַק שפּרינגט אָפּ פֿונעם קלאָץ מיט אַ שאַרפֿן קלונג, און איך ווער באַרויִקט אַף זיך אַליין. ביסט דאָך טאַקע אַ קונדעסעווויטש! זי איז דאָך קראַנק, גיטעלע. איז ווער קושט זיך און האַלדזט זיך, ווען מע איז שלאָף? איז וואָס זשע האָט ער געוואָרפֿן אַף מיר אַזאַ רעציכעדיקן קוק? און וואָס האָט גיטל אַ פּינטל געטאָן מיר מיט אַ ליב בלייך שמייכעלע? סודעס האָבן זיי מיסטאַמע און קאַ־לערליי סעקרעטן. ווילן זיי ניט, אַז איך זאָל זיך דערוויסן וועגן זיי. ס׳הייסט, איך בין נאָך יונג, אַ קונדעס. אַזוי זאָגט מאַקס רומער, און גיטל שטימט אײַן מיט אים מיט אַ בלייך שמיי־כעלע אַף די ליפּן. אָבער בלויז אין דעם שטימען זיי אײַן. אָבער ביכלאַל האַלטן זיי זיך אין איין שפּאַרן. כ׳ווייס ניט גענוי, וועגן וואָס אַמפּערן זיי זיך, נאָר עפּעס האָב איך פֿונדעסטוועגן געכאַפּט. ווען ער זאָגט, אַז די ענדגילטיקע ישועה וועט ברענגען די וועלט־רעוואָליוציע, — זאָגט זי, אַז רעוואָליוציע שמעקט מעסוקן מיט בלוט. פֿרעגט ער זי: „און וואָס שמעקט ניט מיט בלוט?" פֿאַרטראַכט זי זיך און ענטפֿערט מיט איין־און־איינציק וואָרט: „שײנקײַט".

כ׳ווייס ניט, וואָס זי מיינט מיט דעם. נאָר עס געפֿעלט מיר. רומער ווידער ווערט אויסער־זיך. וואָס אַרט עס אים, אַשטייגער? ער איז אָבער אַ גרויסער אַקשן און נאָך אַ היציקער דערצו. צינדט ער זיך אָן, הייבט אָן מאַכן ווילדע סנועס מיט דער לינקער האַנט, כ׳פּיל, אַז ער וויל אַ הילך טאָן אַף אַ קאָל, טאָר מען דאָך ניסט, רעדט ער אויס פֿאַרשטיקט:

— שײנינקע גוטינקע גוטמוטיקע גוטווילקייַט...

פֿאַרשטיי איך ווידער ניט. וואָס מיינט ער מיט די דרײַ מאָל אויסגערעדטע „גוט"? אַזאַ וואָרט, מיין איך, דאַרף אַרויסגעבראַכט ווערן מיט אַ מילד קאָל. און ניט מיט אַ שטימע, וואָס איז אויסגעווייקט אין גיפֿט און אין איראָניע.

גיטעלע שווײַגט. זי האָט, נעבעך, ניט קיין קויעך צו קריגן זיך מיט אַ־דעם בלוטדאָר־שטיקן מאַקסן. און עפּשער וויל זי פֿאַרלעשן דעם פֿלאַם פֿון זײַן צאָרן מיט וואַסער פֿון שטיל־שווײַגן. איך האַלט זיך אין איין כידעשן אַף דער טעמפּערײַט פֿון דעם דאָזיקן רומערן, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַ גרויסן קאַפּמענטש. זאָל ער ניט קוקן אַף דעם מיידלס שײנעם האַלדז. זאָל ער אַף אַ ווײַלע אַראָפּלאָזן זײַנע אויגן אָפּן דיל און אַ קוק טאָן אַף דער באַנקע מיט שפּײַעכץ, וואָס כ׳האָב אַרונטערגערוקט אונטערן בעט. זאָל ער, דער בלינדער, דערזען די ראָזעווע הײַט־לעך, וואָס שווימען פֿון אויבן. וועט ער עפּשער דעמלט פֿאַרשטיין, איבער וואָס גיטעלע האָסט אַזוי אַלץ, וואָס שמעקט מיט בלוט.

מיטאַמאָל דערהערט זיך מיקס האַוקערײַ. לאָז איך דאָס צוערשט דורך פֿאַרבײַ די אויע־ערן. כאָטש מיק איז אַן ערנסטער הונט, נאָר ער האָט אַ טעווע אַ ביל טאָן אַמאָל גלאַט אַזוי, אין דער וועלט אַרײַן. איבערהויפּט ווען ער דערזעט מיך אין הויף. כ׳ווייס, וואָס ער וויל. ער וויל, אַז איך זאָל צוגיין צו אים, אָפּבינדן פֿון דער לאַנגער קייט און דורכשפּאַצירן זיך מיט אים. מיק איז שוואַרץ, ווי די נאַכט, און האָט צוויי גרויסע ברוינע אויגן. מיק איז מײַן בע־סטער כאַווער. כ׳האָב ביכלאַל ליב כײַעס. בא אונדז אין הויף איז פֿאַראַן פֿיר באַלעכאַים. דער הונט — מיק. אַ פֿערד — ניק. אַ קעצל — טיק. און אַ קו — קאַלינע.

זיי זײַנען אַלע שיין, באַשיידן און שווײַגן, אויב קיינער טשעפּעט זיי ניט.

ניק איז אַ בולאַנער, אַ געלבלעכער, מיט אַ שוואַרצן ווידל און אַ שוואַרצער גריווע. ער זעט אויס, ווי אַ בלאָנדינקע מיט שוואַרצע האָר.

טיק איז אַ ווײַס ברי׳עלע מיט אַ גרויסן גרויען פֿלעק איבער ביידע זײַטן פֿונעם רוקן, גלײַך ווי עס וואָלט געווען אָנגעטאָן, דאָס קעצל, אין אַ קראַליק־פּעלצעלע. אַמאָל איז דאָס אויך געווען באַשיידן. נאָר פֿון זינט גיטל איז געקומען צו פֿאָרן, איז דאָס געוואָרן צעפּעסטעט און ליגט טאָג און נאַכט אונטער דער קאָלדרע צוזאַמען מיטן שוועסטערקינד. גיטל גלעט דאָס מיט אירע ווײַסע דורכזיכטיקע פֿינגער, און דאָס קעצל מורקעט זיס און זינגט איר אַ לידל. דאָס לידל איז אַ ביסל ענלעך אַף דעם סאַמאָוואַרס זעמערל, ווען ער הייבט אָן זידן.

די קו רופט מען קאַלינע, וואָרעם זי איז דורכויס רויטלעך. זי האָט אַ פּאָר גרויסע קײַ־לעכיקע גרויסאַרטיקע הערנער, און ווען זי פאַרגײַסט אַמאָל שטאָלץ דעם קאָפּ און טוט אַ מעקע, איז אַ מעכײַע אַ קוק טאָן אויף איר.

מיק אָבער נעמט זיך ווידער האַווקען. טו איך אַ הייב די האַק אינדערלופטן, לאָז זי אַראָפּ מיט קויעך אויפן קלאָץ, בלײַבט זי שטעקן אין אים, און איך גיי צו צום הויף־טירל. מיק סטאַרעט זיך, שפּרינגט אַרום מיר, קלינגט מיט דער קייט און ווײַזט מיר אָן מיט זײַנע ברוינע פאַרשײַטע אויגן, ווּעמען ער מיינט מיט זײַן בילערײַ. ערשט אַצינד דערזע איך פון יענער זײַט פּלויט, אונטער די צווײַגן פון אַ ווײַנשל־בוים, וואָס הענגען אַריבער איבער די שטאַכעטן מיט רויטע געשמאַקע שמייכלענדיקע ווײַנשל צווישן די בלעטער, — דערזע איך, הייסט עס, גאַרדיען. מיק האַלט זיך אין איין דרייען אונטער די פיס, קלינגט מיט דער לאַנגער קייט, אין ווּלכער ער פאַרפּלאָנטערט זיך. מאַכמעס גרויס פלײַס זײַנעם און אייפער. גלעט איך אים איבערן שוואַרצן קאָפּ און זאָג אים: „וואָס איז דער טאַראַראַם? וואָס אַרט דיך? גאַרדי וויל מיסטאָמע קוויקן דאָס האַרץ מיט זויערלעכע ווײַנשל נאָכן ביטערן טראָפּן. איז זאָל אים ווויל באַקומען. וואָסי, עס וועט אונדז ניט שטײַגן?"

מיק הערט מיך אויס און נעמט זיך ווידער האַווקען. אַפּאַנעם, אַז ער איז מער קריגעריש געשטימט, ווי איך.

טײַנע איך צו אים ווײַטער:

— הער מיך אויס, מיק. דו ביסט דאָך אַ קלוגער קעלעוו. מיר טאָרן זיך ניט צעקריגן מיט אונדזערע שכיינים. און ביכלאַל מיט קיינעם נישט אין דאָרף. ווייסט דען נישט, אין וואָס פאַר אַ צײַט מיר לעבן?

ווערט מיק אַנשוויגן.

איך ווידער קוק נאָך אַלץ אויף גאַרדיען. ניין, ער רײַסט ניט און עסט ניט קיין ווײַנשל. איז וואָס האָט ער זיך דאָ פאַרטײַעט? ער שטייט אומבאַוועגלעך, ווי אַ בוים אונטער אַ בוים. ער איז טאַקע קרעפּטיק, ווי אַ דעמב, ברייטפּלייציק און געזעצט. דאָס פּאַנעם איז אָנגע־שטרענגט, די ברעמען שוואַרץ און געדיכט, די אויגן פאַרלאָפן און שיקער. דעריקער — די אויגן. זיי קוקן עפּעס מיט טײַווע און רעציכע אין אָפענעם פענצטער. איצט טוט מיר באַנק, וואָס כ'האָב פאַרהויבן דאָס פאַרהענגל. כ'האָב דאָס געטאָן צוליב גיטעלען. לופט! פרישע לופט! וואָס מערער פרישע לופט, ריינע לופט זאָל פליסן פונעם שמעקנדיקן סאָד צו גיטעלעס בעט, צו גיטעלעס לונגען. פונוואַנען האָב איך געקאָנט וויסן, אַז צוזאַמען מיט דער לופט וועט אַרײַנפליסן אין צימער שיקערער אָטעם? וואָלט כאָטש רומער אָנגעשטויסן זיך און אופגעהערט גלעטן גיטעלעס הענט! וואָלט כאָטש גיטל אָנגעשטויסן זיך און פאַרשטעלט איר שוואַנגן־האַלדז מיט דעם ווײַס־גרויען קעצל! נעם איך אַרום מיקן פאַרן האַלדז און רוים אים אַרײַן אין זײַן שוואַרצן סטאַרטשענדיקן אויער:

— טרײַב אים אוועק! זאָלסט אָבער אים ניט בײַסן.

דערנאָך בינד איך אָפּ דעם הונט פון דער קייט און כאַזער ווידער איבער:

— בײַס אים ניט! טרײַב אים נאָר אוועק.

כ'עפן דאָס טירל. מיק רײַסט זיך אַרויס מיט אַ האַווקערײַ און פאַלט אָן אויף גאַרדיען. דער באַכער מאַכט אַ פלייטע. ניט אויס פּאַכעד, פאַרשטייט זיך, נאָר מאַכמעס בושע, וואָס מע האָט אים געכאַפּט פאַר דער האַנט. וואָרעם אין פענצטער באַווײַזט זיך רומערס גרויסער קאָפּ מיט בלאָנדע קרויזלעך באַ די שלייפן. ער שפּאַרט זיך אָן אויפן פענצטער־ברעט מיט צע־שפּרייטע פינגער, קוקט זיך אַרום, דאָס פּאַנעם איז באַ אים פאַררויטלט, זעט מען ניט די שי־טערע קלײַנע אַרום דער נאָז.

— מיקי! — טוט ער אַ רוף. — וואָס איז געשען?

אַצינד באַמערקט ער, ווײַזט אויס, גאַרדיען, וואָס שפּאַנט האַסטיק אוועק. טוט ער אַ ברום:

— האַ!

ער איז אַ קײַסן, מאַקס. וואָס עפּעס — צינדט ער זיך באַלד אָן און דאָס פּאַנעם ווערט אים רויט. נאָר באַלד טוט ער אַ שמייכל. זייער מילד צעשמייכלט זיך פּלוצעם זײַן קלײַנדיק פּאַנעם. אַ סימען, הייסט עס, אַז ער האָט כאַראַטע פאַר זײַן היציקײַט. נאָר מוידע זײַן זיך אין דעם שטייט אים פונדעסטוועגן ניט אָן. פאַרענטפערט ער דאָס מיט אַ שמײַכל. איך קען די דאָזיקע מידע זײַנע. גיטל — אויך. גאַרדי אָבער קען זי ניט. מוז איך וואָרענען מאַקסן, ער זאָל זײַן פאַרזיכטיקער. עס קען זיך מאַכן, אַז גאַרדי ווייסט, איבער וואָס רומערס רעכטע האַנט בייגט זיך ניט.

## 3

פרי׳ער פלעג איך גיטעלען מוסערן. ס׳הייסט, א ביסל געמוסערט, א ביסל געוואָלט איבער־בעטן. פאַרוואָס עפּעס איבערבעטן? איז די מײַסע דערפֿון געווען אזא. איינמאָל, ווען כ׳האָב דערזען רומערן א פּאַרשטויבטן, א באַרוועסן, מיט די שיך, וואָס באַמבלען זיך אפֿן אַקסל, צוניפֿגעבונדענע מיט שוואַרצע בענדלעך, בין איך צוגעלאָפֿן צו מיקן, אים אָפּגעבונדן פֿון דער קייט, אים אַרומגענומען פֿאַרן האַלדז און אײַנגערוימט אין זײַן שוואַרצן אויער:

— טרײַב אים אוועק צו אַלדי רוכעס! נאָר בײַס אים ניט.

מיק האָט אָפּגעטאָן זײַן שטיקל אַרבעט גאָר פֿײַן. איך, ווידער, האָב זיך געוואָלט מאַכן ניט וויסנדיק. ס׳האָט מיר אָבער ניט געהאָלפֿן. די מומע האָט געטײַנעט א ביסל צו הויך און צו קוויטשיק פֿאַר א גרויסשטאָטישער:

— וואָדען! דער הונט האָט זיך אוואַדע אַליין אָפּגעבונדן... הער נאָר, גערשן, — טוט זי א זאָג צו מײַן טאַטן, — אויב דו וועסט ניט געבן קיין פּעטש, נאָר טאַקע באַלד, דײַן קאַדעש. פֿאַר איך מיר טײַקעף אוועק מיט גיטעלען.

מײַן פֿאָטער איז א גרויסער שווײַגער. און ביפּראַט, אז ער עסט וואַרעמס. האָט ער פֿאַר־טראַכט אונטערגעכאַפּט מיט דער אויסגעשטאַרצטער אונטערשטער ליפּ א לאַנגן לאָקש, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פֿונעם לעפֿל, און פֿויל א זאָג געטאָן מיר:

— וואָס טראַכסטו זיך?.. ביסטעך שוין א באַרמיצווע, ביסטעך...

קיין פּעטש אָבער האָט ער מיר ניט געגעבן, נאָר צוגעזאָגט זײַן שוועסטער, אז ער פֿירט א געגוּיעם כּעזשבן פֿון מײַנע אוויירעס, וועט ער שוין צערעכענען זיך מיט מיר פֿאַר אַלץ אײַנעם. ער האָט פֿאָשעט ניט קיין צײַט איצטער לערענען מיט מיר באַלעק.

זאָגט אים די מומע זעלדע מיט א כײַנדל:

— אז דו ביסט שטאַרק פֿאַרנומען — ווייס איך. ווער איז דיר אָבער שולדיק? וויפֿל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אז זאָלסט כאַסענע האָבן. א שטוב קען זיך דען פֿירן אָן א פֿרוי? ס׳איז אַפֿילע ניטאָ, ווער עס זאָל די קו אויסמעלקן, מײַנע סאַנים.

דער פֿאָטער שווײַגט.

בעט איך זיך באַם פֿאָטער אין מײַנע געדאַנקען:

„הער זי ניט, די מומע. האָב ניט כאַסענע, מע דאַרף ניט. קאַלינען וועל איך אַליין מעלקן".

ערשט דערנאָך, ווען ער האָט זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט מיט די לאָקשן, האָט דער טאַטע א כאַפּ געטאָן זיך מיט דער האַנט פֿאַרן קין (אמאָל איז דאָרטן געוואַקסן א בערדל, שוין לאַנג, ווי ער האָט עס אָפּגעגאָלט, די טנוע איז אָבער פֿאַרבליבן) און פֿרעגט שטילערהייט די שוועס־טער:

— און דו? וואָס האָסטו ניט כאַסענע? אָן א מאַנצבל קען זיך דען פֿירן א שטוב?

פֿרעגט — און האָט באַלד כאַראָטע. וואָרעם די מומע הייבט אָן גלײַך וויינען. איר מאַן איז אומגעקומען, קעמפֿנדיק אין א זעלבשוץ־אָטריאַד. עפּשער איבער דעם אויך טראָגט גיטל ניט איבער, ווען עס נעמט שמעקן מיט בלוט.

ס׳איז אַף כידושים, וואָס אַליין מאַקס, דער היציקער מאַקס, האָט זיך באַצויגן צו מײַן שפּיצל קאַלטבלוטיק. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט פֿון דער פּלייצע די שיך און א מאַך געטאָן מיט זיי אַפֿן הונט. דאָס האָט מעסוקן צערייצט מיקן, און ער האָט זיך א וואָרף געטאָן נאָך מיט א גרעסערער רעציכע אַף רומערן. האָב איך זיך געמוזט אַרײַנמישן, וואָרעם ווער ווייסט, ער האָט אים נאָך געקאָנט צעבײַסן, דער שוואַרצער שעד. האָב איך אים אוועקגעשלעפּט, צוגע־בונדן צו דער קייט, און רומער האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן גלײַך ווי גאַרנישט:

— אַנו, קונדעסעוויטש! ברענג מיר אָן עמער וואַסער. אָבער אַף איין פֿוס!

גיטל האָט זיך דעמלט פּלוצעם באַוויזן אַף דער שוועל, דאָס פּאָנעם שמאָל און בלייך, ווי בא א היילקער, און די אויגן — שײַנענדיקע. זי האָט אָבער ניט קיין שמייכל געטאָן צו מיר, ווי געוויינלעך. האָב איך פֿאַרשטאַנען, אז זי איז באַרויגעז אַף מיר. זי האָט א כאַפּ גע־טאָן דאָס קעצל, וואָס לויפֿט איר שטענדיק נאָך, און אוועקגעזעצט זיך אין סאָד אַף א באַנק. מאַקס, ווי נאָר ער האָט אָפּגעוואַשן די פֿיס, האָט זיך באַלד צוגעזעצט צו איר. מע זיצט אַף דער באַנק, די זון שײַנט און ברינט, רוקט מען זיך און מע רוקט זיך אַף דער באַנק, מע ראַ־טעוועט זיך פֿון דער גלײַענדיקער זון, אהין, ווו אָן אַראָפּהענגענדיקע צווײַג פֿאַרהיט א ביסל שיטערן שאָטן, מע רוקט זיך אזוי לאַנג, ביזוואַנען ס׳איז שוין נישטאָ וווהין צו רוקן זיך, זיצט מען אײַנצווייען אַף א שטיקעלע באַנק, וואָס אַפֿילע איינער קען זיך נישט אײַנמאָסטען, מע זיצט אזוי ענג צוגעטוליעט, אז איצטער האָב איך שוין ניט קיין כאַראָטע, וואָס כ׳האָב אָפּ־געבונדן מיקן און אָנגערייצט אים אַף רומערן.

אפדערנאַכט אָבער, ווען מאַקס האָט אָראָפּגעצויגן די שיך און געלאָזט זיך גיין באַר־וועס צוריק אין שטאָט אַרײַן, האָב איך זיך אַרײַנגעכאַפּט צו גיטלען, קעדיי אַ ביסל מוסערן זי און אַ ביסל איבערבעטן. ס'איז שוין געווען פינצטערלעך. שוין לאַנג, ווי די זון איז פאַר־גאַנגען, דער הימל־ראַנד אָבער האָט נאָך אַלץ געפלאַקערט, און דער גוטסעסדיקער טאָג ווערט זיך און וויל נישט אָפּטרעטן זײַן אָרט דער יונגער שוואַרצכיינעוודיקער נאַכט, און די שוואַרצ־כיינעוודיקע גיטעלע שטייט ווי אַ שטיקעלע נאַכט, ווי אַ דינינק טיילעכל אירע, און שנײַדט מיט אַ מעסער אַ דינינק ריפּעטעלע לימענע. אַ, די לימענע! ס'האָט זיך געטאָן כוישעך, ביזוואַ־נען מע האָט זי געקראָגן. און איך האָב געמוזט מאַטרײַען זײַן ניקן און אַ פּאָר טאָן רײַטנדיק אין שטאָט אַרײַן צוליב איין־און־איינציקער לימענע, וואָס די מומע האָט ערגעץ אָפּגעזוכט. האָב איך פאַרגעסן, וואָס איך דאַרף זאָגן גיטלען, און אויסגעשטאַמלט עפּעס אומגעריכט:

— פאַרן שטאַרבן האָט מײַן מאַמע זיך אַלץ געבעטן: „גיט מיר אַ שטיקל ציבעלע, כ'בעט אײַך...” ס'איז איר, ווײַזט אויס, זייער ניט גוט געווען אָפּן האַרצן. איר איז אַפּילע אָפּן זינען ניט געקומען, אַז ס'איז פאַראַן אַף דער וועלט לימענעס.

גיטל האָט געכאַפּט אַף מיר אַ מאָדנע קוק. און איך — אויכעט. אַף זיך אַליין. צוליב דעם אָבער האָב איך געמוזט צוגיין צום שפּיגל, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וואַנט. דאָרטן האָב איך דערזען גיטעלעס האַלדז, מיט אַ מאַלעטאַמעדיקן אויסבייג, זייער אַ ווײַסן, אַ בלייכן, האָב איך באַקומען ראַכמאָנעס אַף איר. שטיי איך אַזוי אַקעגן דעם שפּיגל און וואַרט, ביז איר גע־שטאַלט ווערט פאַרשווונדן. ווײַזט אויס, צוגעלייגט זיך אַ ביסל. אָפּרוען זיך? וואָס דאַרף זי זיך אָפּרוען, אַז זי טוט גאָרניט. נאָר מוסערן מוסער איך זיך, אָנשטאָט זי: „ביסטעך טאַקע אַ קונדעסעוויטש! וואָסי, האָסט פאַרגעסן, אַז זי איז, נעבעך, קראַנק”. עט, קראַנק־שמאַנק. אַלע שלאָפּקייטן נעמען זיך פון צעפּעסטעטקייט.

און טראַכטנדיק אַזוי, קער איך זיך אום מיטן רוקן צום שפּיגל. יאָ, זי ליגט טאַקע אַף דער סאָפע. זי איז עלטער פון מיר אַף פיר יאָר, דאָס בלייכקייט אָבער מאַכט איר פּאָנעם קינדעריש־אומבאַהאָלפן. זי איז העכער פון מיר, דעריקער איבערן האַלדז און די האָר. זי האָט אַ לאַנגן האַלדז און גערדיכטע געקרויזלטע האָר. און איך האָב אַ מיטלמעסיקן האַלדז און בין קורץ געשוירן. און כוץ דעם — איבער די שיך. זיי זײַנען מיט זייער הויכע אָפּצאַסן, און אַז גיטל טוט זיי אָן, ווערט זי מיטאַמאָל העכער עפּשער אַף צוויי ווערשקעס. אַצינד אָבער ליגט זי, און איך שטיי לעם דער סאָפע און קוק אַף איר פון אויבן־אַראָפּ. דערנאָך פּאַרקאַטשע איך דעם אַרבל פון מײַן רעכטער האַנט, נעם איר האַנט און לייג אוועק אירע נאָכגיביקע פינגער אָפּן עלנבויגן־אויסבייג פון מײַנער. דערנאָך דריק איך צונויף מײַן האַנט שטאַרק פעסט, קעדיי אירע פינגער זאָלן דערפילן, וואָס פאַרא גרויסע שטײַפע מוסקולן איך פאַרמאָג. ניט מאַכמעס באַרימערײַ. כאַטש... ניין... כ'וויל פּאַשעט, אַז זי זאָל זיך אָנשטעקן מיט מײַן געזונט, וועט איר ווערן גרינגער. איך זאָג איר:

— קום, גיטל, מיט מיר. כ'וויל דיר ווײַזן, וויאַזוי דו זאָלסט זיך אויסהיילן.

גיטל פרעגט מיך:

— ביסט דען אַ דאָקטער?

ענטפער איך איר ניט באַשטימט:

— וועסט שוין זען.

איך העלף איר אופהייבן זיך. דער קאָפּ פאַרדרייט זיך מיר פונעם רייעך פון אירע האָר. כ'נעם זיך אָבער פעסט אין די הענט, שטעל זי אוועק אָפּן דיל און זאָג שטרענג:

— קום מיט מיר.

גיטל פאָלגט מיך. זי שמייכלט. זי רופט מיך ניט „קונדעסעוויטש”, ווי איר קאַוואַלער. כ'פיל אָבער, אַז זי האַלט מיך פאַר אַ קינד. אַ סימען — דאָס שמייכעלע אירס.

אין סאָד איז אָפּדערנאַכט מעכײַעדיק פריש. גיטל זעצט זיך אוועק אַף דער באַנק פראַנק־און־פרײַ, אין דער סאַמער מיט, וואָרעם מע דאַרף זיך אַצינד ניט ראַטעווען פון דער סאַר־פּעדיקער זון. זי פאַרוואַרפט איר קאָפּ און קוקט דער לעוואָנע גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. ביידע פּנעמער זײַנען בלייך, און ווייך, און לויכטנדיק — גיטלס און דער לעוואָנעס. עפּעס ווי צוויי אויסטערליש־שיינע בילדער. איינס איז אָבער ווײַט אין הימל. און דאָס צווייטע... דאָס צווייטע איז אויכעט ווײַט. זייער ווײַט. אַ מערכעק פון פיר יאָר, און עפּשער נאָך מערער. מײַן האַנט איז אָבער פעסט. פעסט און לאַנג. ריר איך זיך ווילנדיק ניט ווילנדיק צו מיט איין פינ־גער צו איר כיינעוודיק אויסגעבויגענעם האַלדז און אײַל זי צו:

— קום ווײַטער, גיטל.

אין עק סאָד, צווישן צוויי פעסטע צווײַגן, איז איבערגעלייגט אַ לאַנגער גראָבער דראָנג. ער ליגט אַ ביסל הויך פאַר מײַן וווקס. איז וואָס? כ'צעלויף זיך, שפּרינג אונטער, כאַפּ זיך אָן

מיט בײדע הענט פארן דראַנג, װאָס דינט מיר, װי אַן עמעסער טורניק, צי זיך אונטער און פיל, װי די מוסקולן אונטער מײַן דין העמדל גיסן זיך אָן מיט פרײַלעכער שפּילנדיקער קראַפט. פּאַרװאָרף איך די פיס איבערן דראַנג און זע, אַז זײ זאָלן דערבײַ זײַן אױסגעצױגן גלײַך און שטײַף, װי א װירע, װאָרעם גיטעלע שטײט באַנאַנד און שפּירט מיט שײַנענדיקע שמײכלענ־דיקע אױגן נאָך מײַנע איבונגען. דערנאָך שפּרינג איך אַראָפּ פונעם „טורניק" און זאָג גיטלען:

— האָסט געזען? אצינד פּרוּװ דו. ס'איז די בעסטע רעפּוע פאַר דיר.

גיטל שטרעקט אױס אירע הענט. זי איז העכער פון מיר, נאָר אַלצײנס דערלאַנגען ניט די פינגער ביזן דראַנג. טו איך א קאָמאַנדעװע:

— שפּרינג אונטער, נ־נו!

דאָס קען זי ניט. דער שפּרונג באַקומט זיך בא איר לעפּישעװאַטע. אַז מע שפּרינגט, דאַרף מען שפּרינגען מיטן גאַנצן קערפּער, עלעהײ װאָלסט געװאָלט זיך אַנשטױסן מיטן קאָפּ אין הימל. בא איר, װידער, שפּרינגען נאָר די פיס אַלײן. באַקומט זיך ניט. לױף איך אין שטוב און ברענג איר צו טראָגן די שיך מיט די הױכע אָפּצאַסן. איך זעץ אַנידער גיטלען אַף דער באַנק, שלעפּ אַראָפּ פון אירע פיס די פּאַנטאָפּל און גיב איר די שיך. נאָר עס העלפט אָבער ניט, װער איך אין קאַס און ברענג צו טראָגן פונעם הױף א קלאָץ.

— שטעל זיך אַפן קלאָץ און צי זיך אונטער! — באַפעל איך װידעראַמאָל און אַזױ הױך, אַז מיק רופט זיך אָפּעט מיט א בילערײַ.

מײַן שװעסטערקינד סטאַרטעט זיך, נעבעך, מיט אַלע קױכעס, און װען זי ציט זיך א ביסל אונטער, װאַלגער איך אַװעק דעם קלאָץ, שלעפּ אַראָפּ די שיך פון אירע פיס, בלײַבט זי די הענגען אינדערלופטן.

— סימ־כע־לעו — שרײַט זי. — כ'פאַל אַראָפּ. העלף מיר אַראָפּלאָזן זיך.

לױף איך צו, כאַפּ זי אָן מיט די הענט, און זי גליטשט זיך אַראָפּ אין מײַנע אָרעמס. גיטל לאַכט, מיק בילט, און איך קען שױן ניט מער אױסהאַלטן און טו זי א קוש אין האַלדז. גיטל זאָגט מיר גאָרניט. כ'פיל אָבער, װי דאָס בלוט האָט זיך מיר א װאָרף געטאָן אין פּאָנעם אַרײַן, א גליק, װאָס ס'איז געװאָרן פינצטערער, שטאַרק איך זיך און רעד אַרױס מיט א פרעמד קאָל:

— אָט אַזױ... דאַרפסט איר... איבן זיך... יעדן טאָג... גי...

כ'האָב געװאָלט זאָגן — „גיטעלע", און געשעמט זיך. אַזאַ אָנשיקעניש! כ'בין מיט איר די גאַנצע צײַט אַף „דו", און איצטער הײב איך פּלוצעם אָן זי אירצן. זאָג איך איר אומיסטן:

— דו פאַרשטײסט, גיטעלע... דו פאַרשטײסט, גיטעלע... װען דו ביסט געהאַנגען אינ־דערלופטן, האָט זיך דיר ניט אױסגעװיזן, אַז דײַנע לונגען אָטעמען פרײַער?

אומיסטן און באַטאַנט רעד איך אױס דרײַ מאָל „דו", און ניט װאַרטנדיק אַף איר ענט־פער, גיב איך צו:

— אצינד לאָמיר א לױף טאָן צום טײַכל באָדן זיך. דאָס װאַסער איז מעכטײַעדיק װאַרעם.

איך רײַס אַראָפּ פונעם װײַנשל־בױם צװײ פּאָרלעך װײַנשל מיט שטענגעלעך, טו זײ אָן גיטעלען אַף די אױערן, װי רױטע אױרינגלעך, װאָס מינען זיך אין דער לעװאָנע־שײַן. מיר נעמען זיך פאַר די הענט, לאָזן זיך צו דער פירטקע, הײבט אָן מיק שפּרינגען און האװקען און סקאַװוטשען, ניט ער האװקעט, נאָר ער װײנט פּאַשעט, בינד איך אים אָפּ פון דער קײט, שפּרינגט ער אַזש אונטער פון פרײד, און מיר לאָזן זיך אינדרײַען צום טײַך, װאָס רופט זיך ניט מער און ניט װײניקער, װי גרױס־סאַטע, קעדײ צו אונטערשײדן אים פון קלײן־סאַטע, װאָס איז נאָך קלענער פון גרױס־סאַטע, רינט אָפּגעזונדערט עטלעכע װערסט און פאַלט אַרײַן אין גרױס־סאַטע.

װען מיר זײַנען אַרױס אין דרױסן, האָט מיק א האװקע געטאָן. זאָג איך אים:

— הער אױף פּראַװען דײַנע שטיק, אַניט בינד איך דיך באַלד װידער צו.

כ'זאָג דאָס אָבער אַף יױצע־זײַן. און עפּשער אױך צוליב באַװײַזן גיטעלען, װאָס פאַר א מאַכט כ'האָב איבער מיקן. װאָרעם די האױקערײַ פונעם הונט איז געװען אָנגעזאָפּט מיט גרױ־סער פרײד. מיק בילט ניט טאָמיד אַלצײנס. אױב דו, גיטעלע, מײנסט אַזױ, האָסטו א גראָבן טאָעס, װײַל דו ביסט א שטאָטישע און פאַרשטײסט ניט די הינטישע שפּראַך. איך אונטערשײד עפּשער א שאַק מינים בילערײַ. װען מיק איז דערצאָרנט — איז דאָס אײן מין האַװקען, װען ער איז הונגעריק — א צװײטער. װען ער בענקט א צוגעבונדענער און קוקט אַף דער לעװאָנע מיט טריבע אױגן, — א דריטער. װען סע הײבט אָן דונערן און בליצן און ער באַהאַלט זיך געשװינד אין זײַן קאָנורע, — א פערטער. װען ער דערזעט א פרעמדן, — א פינפטער. װען ער דערזעט אָן אײגענעם, — א זעקסטער... אצינד איז ער מאָלע־געדולע, װאָס ער פילט נישט

אפן האלדז דעם פאראהאסטן אײַזערנעם האלדזבאנד, שפּרינגט ער און וויל דיך ארומנעמען מיט זײַנע שווארצע לאַפּעס.

ער איז אָבער שטענדיק אַף דער וואַך, דער טרײַער הונט. איך באַמערק באלד, איבער וואָס ער האָט פּלוצעם א האוקע געטאָן. לעבן שאַכנס פּלויט שטייט א וועגעלע. אינעם וועגעלע זיצט מיט זײַנע געלײמטע פיס וואסיל, גאַרדיס עלטערער ברודער. זײַנע פיס האָט ער געפאַטערט אַף דער מילכאַמע. ער האָט זיך צוקראַבקעט מיט זיי ווי־עס־איז אהיים און אליין אויסגעמײַסטערט זיך דאָס דאַזיקע וועגעלע, קעדיי מיט צאַרעס קאָנען זיך באַוועגן איבערן הויף און פּראַוּוען מיט זײַן באַלעבאַטישקײַט. דער הויף איז צעטיילט אַף צוויי טיילן. און די שטוב — אויך. איין האַלב שטוב איז אָפּגעפאַרבט ווײַס, די צווייטע — געל. וואסיל באַגריסט אונדז מונטער און מיט סימכע:

— דאָברי וועטשער!

מיר ענטפערן אים, און איך טראַכט בעשאַסמײַסע — הערט א מײַסע! צוויי לײַבלעכע ברידער זאָלן זיך אזוי אונטערשיידן! גאַרדי איז א כמורנער און א פאַרביסענער. זײַנע גרויע אויגן קוקן פון אונטער די געדיכטע צונויפגעוואַקסענע שווארצע ברעמען עפּעס וואָלפיש, מיט אומצוטרוי. וואסיל, ווידער, האָט אַן אָפן פּאָנעם, א פאַרברוינטס, — כוץ דעם שטערן, וואָס זעט אויס ווײַסלעך, מאכמעס אים פאַרשטעלט פון דער זון א פּאַסמע בלאָנדע האָר — און צוויי קאָרע שמייכלענדיקע אויגן. די ברידער זײַנען צעקריגט צווישן זיך, איז דערפאַר טאַקע דער הויף צעטיילט, און די שטוב זעט אויס ווי א קלאָון.

כ'האָב ליב זיך דורכשמועסן מיט וואסילן איבערן פּלויט. עפּעס איינמאָל, דאָ ניט לאַנג, רופט ער מיך צו און טוט א פרעג:

— ווען דאַרף קומען מאַקס רומער?

פונוואַנען זאָל איך וויסן? אז כוץ „אנו, קונדעסעוויטש! ברענג מיר אַן עמער וואַסער" זאָגט ער מיר גאָרנישט ניט.

זאָג איך אים א ביסל באַרויגעזלעך:

— כ'ווייס ניט.

כ'ווייס טאַקע בעעמעס ניט. און וואסיל מיינט, אז איך מאַך זיך ניט ווויסנדיק. פרעגט ער מיך מיט א שמייכעלע:

— אָבער גיטל מוז דאָך געוויס וויסן?

ער איז בעפּיירעש געדערכט. לויף איך צו גיטלען. פרעגט זי מיך:

— וואָס דאַרפסטו וויסן?

ווער איך אַף איר אין קאַס. א סאַד פאַר גאַנץ בראַד! מע וואָלט געקאָנט מיינען...

וויל מיך גיטל איבערבעטן. זאָגט זי בענימעסדיק, מיט א שמייכל:

— כ'ווייס אליין נישט.

גיי ווייס, צי זי ווייסט טאַקע ניט, צי זי מאַכט זיך ניט ווויסנדיק. מיך קאַרטעט אָבער שטאַרק טאָן א טויווע וואסילן. לויף איך צו צו וואסילס וועגעלע און זאָג אים שטילערהייט:

— אָדער מיטוואָך, אָדער דאָנערשטיק, אָדער פרײַטיק.

לאַכט ער און זעצט פאָר מיט דעם זעלבן נוסעך:

— ...אָדער שאַבעס, אָדער זונטיק...

דערנאָך טוט ער מיך א קלאַפּ איבער דער פּלייצע און זאָגט:

— דו ביסט א פײַן באָכערל. פונוואַנען ווייסטו, אז מע דאַרף ריידן וועגן דעם שטילערהייט?

כ'ווייס ניט. איך שטויס זיך פּאַשעט אָן. מאַקס און וואסיל שמועסן טאָמיד צווישן זיך שטילערהייט. איבערהויפּט, ווען גאַרדי סטאַרטשעט אין זײַן האַלבן הויף. כ'האָב אליין געהערט, ווי וואסיל האָט געזאָגט מאַקסן, אז גאַרדי איז א פאַרברענטער פעטליוראָוועץ. כ'האָב זיך דעמלט אומיסטן געגומען פלײַסיק האַקן האָלץ, קעדיי כ'זאָל זײַן נעענטער צו זיי. וואסיל האָט מיר דעמלט געמאַכט אפילע א באַמערקונג, אז כ'זאָל ניט האַקן איבערן סוק, אניט וועל איך נאָך צעברעכן די האַק און מער גאָרניט. כ'ווייס דאָס אליין. איך בין אָבער דעמלט געווען מעסוקן אין קאַס אַף דער מומען, וואָס האָט געוואָלט אוועקפאָרן און מיטנעמען מיט זיך גיטלען. ווילסטו אוועקפאָרן? מאַכטייסע. גיטעלען אָבער לאָז אונדז איבער. זי איז געזעסן מיט מײַן פאָטער, די מומע, און אַלץ אײַנגעטײַנעט:

— מיר דאַרפן אַלע אריבערפאָרן קיין ליובאטש. דאָ, אין דאָרף, איז ניט בעספּעטשנע. יעדן טאָג קען עפּעס טרעפן.

די מומע זעלדע איז נאָך שיין. זי האָט שווארצע אויגן, וואָס שײַנען קימאַט אזוי, ווי בא גיטלען. אצינד זײַנען זיי א ביסל פײַכטלעך, בלישטשען זיי נאָך מער.

דער טאַטע טוט זיך פֿויל א גלעט איבערן קין, דאָרטן, ווו ס'איז אַמאָל געוואַקסן א בערדל, און פֿרעגט זײַן שוועסטער:

— אייסעך־וואָס... נו, און אין ליובאַטש איז שטאַרק בעספּעטשנע?

די מומע ענטפֿערט אים א ביסל צערייצט:

— פּאַרט א שטאָט. און ווײַנסט צווישן יידן. איז טאַקע היימלעכער. דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס...

שלאָגט זי דער טאַטע איבער. כ'מיין, ער האָט זיך פֿאַשעט איבערגעשראָקן, וואָס זי האַלט ערשט באַם „צווייטנס", זאָגט ער איר:

— מיר איז דאָ אויכעט היימלעך. אין א דאָרף זענען מענטשן בעסערע, צוגעלאָזטער, ווי אין א שטאָט.

— וואָדען! — זאָגט די מומע זעלדע מיט א כיינדל. — כ'זאָג דיר — אַזוי צוגעלאָזט, כאַטש לייג זיי צו צו א מאַקע. ערשטנס, לאָמיר טאַקע אָנהייבן פֿון דײַן שאָכן, פֿון גאָרדיען, דער רוער זאָל אים נעמען! ס'אי געגנוג נאָר איינמאָל כאַפּן א קוק אַף אים, אַף אָט דעם כוליגאַן, אַף זײַן געמבע, אַף זײַנע רעציכישע באַלעכעס, בעשאַס ער קוקט אַף מאַקסן אָדער אַף גי־טעלען, קעדיי צו האָבן א פֿאַרשטעלונג וועגן זײַן צוגעלאָזטקייט, מישטיינסגעזאָגט, וועגן זײַן טײַערער נעשאָמע. צווייטנס...

מײַן פֿאָטער אָבער האָט דאָס מאָל אויך געהאַט אין „ערשטנס" און א „צווייטנס". ערשטנס — האָבן מיר געוווינט דאָ דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס, מיר, אונדזערע פֿאָטערס, אונדזערע זיידעס, איז וויאַזוי נעמט מען און מע רײַסט אַרויס פֿון אַזאַ אײַנגעפּונדעוועטער טיפֿעניש די צעצווײַגטע וואָרצלען? צווייטנס, וואָס וועט זײַן מיט גיטעלען? ווו נאָך וועט זי קענען אָטעמען מיט אַזאַ פֿרישער רײַנער לופֿט?

דאָס „צווייטנס" האָט, זעט אויס, רעכט פּריטשמעליעט די מומע. זי איז אַנשוויגן גע־וואָרן. אין אירע נאָך שײַנע אויגן האָט זיך באַוויזן א שטילע טרער. אָט אַזאַ פֿלעגט מיר די מומע געפֿעלן. כ'בין אָבער געווען זיכער, אַז מאָרגן וועלן זיך ווידער אָנהייבן פּונקט אַזעלכע ריידערײַען. ס'הייסט, מיר דאַרפֿן אַלע אַריבערפֿאָרן קיין ליובאַטש. דאָ אין דאָרף איז ניט בעספּעטשנע. יעדן טאָג קען עפּעס טרעפֿן...

4

האָבן מיר זיך, הייסט עס, אײַנדרײַען געלאָזט צום טײַך, גיטל, איך און מיק. ס'איז געווען נאָך דעמלט, ווען אין דער גלעזערנער באַנקע מיט גיטלס שפּײַעכץ האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן קיין ראַזעווע הײַטלעך. און די גאַנצע היילונג איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָס שלאָבעריקע מיידל האָט געדאַרפֿט וואָס מערער פֿרישע לופֿט און אויסטרינקען דרײַ מאָל אין טאָג א גלאָז קאַלינעס נאַרוואָס אויסגעמאָלקענע מילך. איז ווו קען א לופֿט זײַן פֿרישער, ווי זומער־לעבן אַפּדערנאַכט באַם טײַך גרויס־סאַטע?

ווען מיר האָבן זיך א ביסל דערווײַטערט פֿון אונדזער שטוב, האָב איך זיך פּלוצעם אין עפּעס דערמאָנט און געזאָגט גיטלען און מיקן:

— וואַרט צו א רעגע, כ'קער זיך באַלד אום.

כ'האָב זיך א לאָז געטאָן צוריק. דאָס ווענעלע איז נאָך געשטאַנען לעבן פּלויט. האָב איך געפּרעגט וואַסילן:

— עפּשער ווילט איר אויך צום טײַך?

וואַסיל האָט א גלעט געטאָן מיט זײַן אָדערדיקער אויסגעהאָרעוועטער האַנט די בלאָנדע פּאַסמע האָר אַפּן פֿאַרברוינטן שטערן און א קוק געגעבן אַף מיר מיט שמייכלענדיקע אויגן.

— מיט פֿאַרגעניגן. כ'וועל אײַך אָבער פֿאַרהאַלטן. מײַן ווענעלע רירט זיך קוים.

— נישקאָשע, כ'וועל אײַך העלפֿן, — האָב איך אים געענטפֿערט און גענומען זיך אונטערשטופּן דאָס ווענעלע פֿון הינטן.

אָט אַזוי האָבן מיר זיך געלאָזט אײַנפֿירן צום טײַך. פֿון פֿאָרנט איז געלאָפֿן ווי א שוואַרצער שאָטן מיק. אַלעמאָל שטעלט ער זיך אָפּ, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, טוט א שמעק אַף רעכטס און אַף לינקס און נעמט זיך גלײַך ווידער לויפֿן א צופֿרידענער, מיט א באַשיידענער הינטישער פֿרייד, וואָס ער איז פֿרײַ פֿון דער קייט, און ער לויפֿט מיטן גלײַכן ווייך־שטויביקן וועג, און טאָמער פֿאַרגלוסט זיך אים, קען ער אַף א רעגעלע פֿאַרקערעווען צו עפּעס א פּלויט, א שמעק

טאָן, וואָס עס הערט זיך דאָרטן, און ווידער ארויס מיט א האסטיקן שפרונג אפן גרוי־ווארעמ־לעכן פון דער לעוואָנע באשײַנטן שליאך, אומקוקן זיך, צי איך גיי אים נאָך, און נעמען זיך ווידער יאָגן.

גיטעלע האָט פאמעלעך שפאצירט אפן וועג־ראנד, דער קאָפּ א ביסל פאריסן צום הימל, געקוקט אַף דער לעוואָנע, וואָס האָט זיך לײַכט געשיפּלט צווישן ווײַסע קימאט דורכזיכטיקע פוכיקע כמארעלעך. אירע שווארצע לאָקנס האָבן זיך צעשיט איבערן ווײַסן קלייד. איך שטופּ אונטער וואסילס וועגעלע פון הינטן און פרעג זיך פארכידעשט, ווער איז זי, אָט דאָס אומבאקאנט־אומבאגרײַפלעך מיידל, וואָס פאר א קישעף, פאר א צויבער באזיצט זי, אויב טיר־און־טויערן עפענען זיך און קליין און גרויס קוקן ארויס מיט ברייט־צעעפנטע פארכידעשטע אויגן אַף דעם שפרײַזנדיקן ווונדער, און אפילע וואסיל אליין רײַסט איבער פלוצעם זײַן מילכאָמע־געשיכטע וועגן אָקאָפּעס, באדעקטע מיט א שיטערן שניי, וואָס זעען דעריבער אויס פון אויבן אומשולדיק־ווײַס, און אינווייניק זײַנען זיי רויט, רויט פון בלוט, וואָס רינט פון די ווונדן פון די נאָרוואָס פארווונדעטע סאָלדאטן, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער אטאקע־כוואליע פונעם אַנגרײַפנדיקן סוינע. ער רײַסט איבער, דער בלאָנד־פארברוינטער וואסיל, זײַן מילכאָמע־געשיכטע און קוקט מיט פארכאָלעמטע אויגן אפן פרעכטיקן ווײַסן געשפענסט, וואָס זעט אויס אזוי זויבער־ווײַס איבער די שווארצע געקרויזלטע האָר, וואָס זעען אויס אזוי פעך־שווארץ איבערן בלייך־ווײַסן קלייד, וואָס איז ווי אויסגעוועבט פון לעוואָנע־שײַן. באקומט זיך, אז איר שלאנקער דינער קערפער שווימט ווי אן אײַנגעהילטער אין ליכט, וואָס באשטייט פון שטילע און מילדע לעוואָנע־שטראלן. וויל איך אראָפּוואָרפן פון זיך אָ־די קינ־דערישע כאלוימעס, עס פּאסט שוין עפּעס ניט, כ'בין דאָך שוין א גרויסער, טו איך א געשריי צו גיטלען פון הינטער דעם וועגעלע:

— מאָרגן זאָלסטו זיך ניט וואלגערן אין בעט. שטיי אוף גאנצפרי און מעלק אויס די קו.

מיר שטייען אינפירן לעבן א בריקל, דרייען מיט די קעפּ אַף רעכטס און אַף לינקס און קוויקן זיך מיט די בלישטשענדיקע פינטעלעך, וואָס טאנצן אַף די ראנדן פון שוימיקע כוואליעלעך. ווען אומעטום איז שא־שטיל, בלאָזט סײַווי באם טײַך א ווינטעלע. עס קומט צו פליִען פון יענעם ברעג און נעמט שויבערן גיטעלעס שווארצע און וואסילס בלאָנדע האָר. ווען מיר האָבן זיך אראָפּגעלאָזט צום טײַך, האָט מיר גיטל געהאָלפן, וואָרעם דאָ האָט מען ניט געדארפט אונטערשטופן דאָס וועגעלע, נאָר, פארקערט, אײַנהאלטן עס מיט אלע קויכעס, עס זאָל זיך ניט אראָפּקײַקלען שוואליאָם. דערנאָך האָבן מיר זיך צעטיילט: וואסיל און איך זײַנען פארבליבן באם אָפענעם ברעג, און גיטל האָט זיך געלאָזט גיין צום אָטשערעט. מיקן האָב איך געהייסן גיין מיט גיטעלען, קעדיי צו באוואכן זי.

איך האָב געשווינד אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס העמדל און די מײַטקעס, צעלאָפן זיך, א שפרונג געטאָן אין טײַך און גענומען זיך כליופען אין דעם מילד־ווארעמען וואסער. מיטאמאָל האָב איך זיך אָפּגעשטויסן מיטביידע פיס פונעם זומפיקעוואטן גרונט און א לאָז געטאָן שווימען צום אָטשערעט, וואָרעם מיך האָט א ביסל באומרויִקט די פולקומע שטילקײַט, וואָס האָט דאָרטן געהערשט. קיינע קלאנגען.

פונדערווײַטנס באמערק איך א שטאלטנע זויבער־ווײַסע סטאטוע, וואָס שטייט אומבא־וועגלעך אין פליטקער וואסער, אומבאוועגלעך און אומאנטשיידן: צי לאָזן זיך ווײַטער, צי ניין? און פונקט אזוי שטיל־אומבאוועגלעך איז געשטאנען באם צופוסנס פון דער סטאטוע א שווארצער שוימער. וויבאלד אזוי, בארויִק איך זיך, פארקערעווע צוריק, שווים צו צום ברעג, טרייסל אָפּ פון זיך, פונקט ווי מיק טוט עס, פליסנדיקע טראָפּנס וואסער, העלף וואסילן אראָפּשלעפן פון זיך די פארשטויבטע בגאָדים און טו א שטופּ דאָס וועגעלע אין טײַך ארײַן. וואסיל זיצט ווי א קינד אין א וואנע, קוועלט פון נאכעס, און מיט פריידיקע אויסגעשרייען אַף יִדיש און אוקראַיִניש נעמט ער זיך שעפן מיט האלב־צוגעמאכטע דלאָניעס פולע זשמעניעס וואסער און באגיסט מיט זיי זײַן קרעפטיקע ברוסט און געזעצטן רוקן. דורכזיכטיקע טראָפּנס וואסער רינען אראָפּ פון זײַנע ברוינע מוסקולן, ווי פערל. איז מיר אן אוויירע, כ'באדויער זייער, וואָס אזא גוווּרעדיקער קערפער שטייט אַף א געליימטן פאָסטאמענט.

— אוי, גוט! אײַ, דאָברע! א מעכײַע! האָראזד! טשודאָוואָ!..[1] — שרײַט אויס וואסיל און פליעסקעט זיך מיט זײַנע גרויסע הענט אינעם זילבערנעם וואסער, וואָס איז דורכגעוועבט מיט מילדער לעוואָנע־שײַן.

זאָג איך אים אַף האלב אוקראַיִניש און האלב יִדיש:

— יאק בי טאָ דאָברע בולאָב, קאָליב זאוושדע בולאָב, יאק טעפּער![2] מילדע וואסער,

[1] גוט. ווויל. ווונדערלעך.

[2] ווי גוט וואָלט געווען, ווען סע וואָלט שטענדיק געווען, ווי איצטער.

פרישע לופט, א הימל איבערן קאָפּ, אײַנגעהילט אין א גרױלעך־בלױען לעװוש, באַצירט מיט א לעװאָנע, און...

כ׳האָב נאָך געװאָלט צוגעבן: און א שטאָלטנע זיבער־װיִסע סטאַטוע, א פּראַגאָסנע מיט לעװאָנע־שײַן... נאָר איך האָב זיך מעיאשעװ געװען. װאָרעם כ׳האָב זיך געשעמט מודע זײַן, אַז איך האָב געזען גיטעלען א נאַקעטע.

## 5

װען איך האָב ארױסגעשטױסן דאָס װעגעלע אפּן ברעג און געהאָלפן װאסילן אָנטאָן זיך, האָט ער מיר געזאָגט:

— הער נאָר, סימכעלע, װילסט זיך א שיפּל טאָן?

כ׳האָב אזש א שפּרונג געטאָן פון פרײד:

— אױ, װיל איך!

האָט װאסיל אױסגעשטרעקט די האַנט און געװיזן מיר:

— אָט זעסטו דאָרטן, באַם ברעג, צװײ צוגעקײטלטע שיפלעך?

— כ׳זע, יאָ, כ׳זע.

— אײנס, פון רעכטס, איז מײַנס, און דאָס צװײטע איז גאַרדיעס.

— איך פאַרשטײ! — שלאָג איך אים איבער מאָלע־געדולע, טו זיך געשװינד אָן און לױף צום שיפּל.

כ׳פּאָר ארױס מיטן שיפּל אפּן טײַך, לײג אװעק די װעסלעס, מאַך פון דער האַנט א רערל און שרײַ צום אָטשערעט:

— גי־טע־לע! טו זיך אָן! מיר װעלן זיך שיפּ־לע־ען...

נאָכדעם פאַרקערעװע איך דאָס שיפּל, און באַם סאַמע ברעג טו איך א האַסטיקן שטױס מיטן רודער איבערן טײַך־גרונט, און דאָס שיפּל קאַטשעט זיך גלאַטיק ארױס אפּן ברעג אקוראַט לעם װאסילס װעגעלע. כ׳מוז אָבער צװוואַרטן אף גיטלען, זי זאָל מיר העלפן ארופשטעלן דאָס װעגעלע אפּן שיפּל.

גיטעלע טױכט פּלוצעם ארױס פונעם אָטשערעט װי א טײַך־נימפע, מיט צעלאָזטע פײַכטע האָר, א באָרװעסע, מיט די שיך אין די הענט. מיק האָט זי איבערגעיאָגט און א שפּרונג געטאָן מיט די פאָדערשטע לאַפּעס אף מײַן ברוסט. מיר האָבן זיך לאַנג געמאַטערט, איך און גיטל, ניט געקאָנט אָבער אײַנמאַסטען װאסילס ברײטלעך װעגעלע אינעם שמאָלן שיפּל. האָט װאסיל גוטמוטיק געזאָגט:

— האָדיו שיפּלט זיך אלײן, און איך װעל אף אײַך דאָ צוװאַרטן.

װען גיטעלע איז מיט ניט זיכערע טריט, אין די שיך אף די הױכע אָפּצאַסן, ארײַנגע־טראָטן אין שיפּל, האָט זי זיך א װאַקל געטאָן, און כ׳האָב געמוזט זי ארומכאַפּן, קעדײ זי זאָל ניט פאַלן. כ׳האָב זי אװעקגעזעצט אף דער קאַרמע, און אלײן זיך אײַנגעמאַסטעט אף דער ברעט אינמיטן שיפּל, אײַנגעקלאַמערט זיך פעסט מיט די פיס אין א ברעטל פון דעק, שאַרף א בײג געטאָן זיך אף אהינטער מיטן גאַנצן קערפּער און טיף א גראַב געטאָן מיט בײדע װעסלעס אין דעם רױקן װאסער. דאָס שיפּל האָט זיך לײַכט א גליטש געטאָן פונעם אָרט, און אָט זײַנען מיר שױן אינמיטן טײַך צװישן הימל און װאסער, גיטעלע און איך, און ניט נאָר אין שיפּל, נאָר אף דער גאַנצער װעלט, װאָס ליגט צװישן צװײ ריזיקע ברײטע פלאַכן, אלצײַ־נע קימאַט, כאַטש טונקל־גרױע, נאָר עטװאָס דורכזיכטיקע, פאַרשפּיליעטע אף בלישטשענדיקע, פינטלענדיקע שטערן־קנעפּלעך, מיט א העלער לעװאָנע־שפּראָנצקע אינדערמיט, א װעלט, װאָס איז אײַנגעהילט אין א שײַנענדיקער שטילקײַט, א מילדע, װי גיטעלע.

װען עס װאָלט געװען געװענדט אין מיר, װאָלט איך זיך געשיפּלט אזױ שװײַגנדיק דאָס גאַנצע לעבן. נאָר כ׳פיל הינטער מײַן רוקן גיטעלעס אָטעם. רײַס איך זיך ארױס פון דער געבענטשטער פאַרגליװערטקײַט, דרײ אױס דעם קאָפּ צו איר און פרעג:

— נאָך װאָס האָסטו געדאַרפט די שיך מיט די הױכע אָפּצאַסן? ביסט דאָך געגאַן באָדן זיך, ניט אף קײן שפּאַציר.

ענטפערט מיר גיטל מיט א געלעכטער:

— כ׳האָב געװאָלט געפעלן װאסילן.

פאַרטראַכט איך זיך עפּשער אף פינף מינוט און זאָג איר:

— האָסט דען געװוּסט, אז װאסיל װעט גײן מיט אונדז?

ענטפערט זי מיר מיט א גלעקל־געלעכטערל:

— כ'האָב געוואָלט געפעלן די שטערן.

פארטראכט איך זיך נאָך מער. דערנאָך פרעג איך זי:

— נו, אז דו וועסט געפעלן די שטערן?

אפּאָנעם, אז זי האָט גאנץ גוט פארשטאנען מײַן מיין. וואָרעם זי האָט מיר געענטפערט, און שוין אָן א געלעכטער:

— שיינקײַט ברויכט ניט קיין נוץ, סימכעלע.

ווען כ'האָב זיך ווידער פארטראכט, האָבן זיך צווישן די ווימלענדיקע מאכשאָוועס אויסגע־טיילט צוויי: זי האָט מיך אָנגערופן „סימכעלע"; איך פארגיב איר נארישע פראגעס („וואָס האָסטו געדארפט די שיך מיט די הויכע אָפּצאסן?"), און זי ענטפערט מיר מיט טיפזיניקע ווערטלעך („שיינקײַט ברויכט ניט קיין נוץ"). האָב איך זיך אופגעהויבן פונעם אָרט און געזאָגט גיטעלען:

— זעץ זיך איבער צום רודער.

דאָס מיידל האָט פארוווּנדערט געקוקט אַף מיר.

— וואָס פלוצעם?

האָב איך פארטײַטשט:

— עס באקומט זיך, אז איך רעד צום לאָמפּ, ס'הייסט, צום טײַך, און דו — צו מײַן רוקן. ניט גוט אזוי. כ'מוז זען דײַן פּאָנעם, קעדיי צו פארשטיין דיך.

איך האָב אוועקגעזעצט גיטעלען מיטן פּאָנעם צו זיך, גענומען זיך ווידער פאר די וועסלעס און אייַנצײַטיק א פרעג געטאָן:

— גיטל, האָסט ליב רומערן?

די פראגע האָב איך אויסגעשאָסן מיטאמאָל, קעדיי דערוויַזן זיך אליין, אז איך בין שוין א בארמיצווע און קען כאפּן אָן ערנסטן שמועס. גיטעלע אָבער האָט זיך גענומען אזוי לאכן, אז זי האָט זיך אזש פארכליִנעט פאר געלעכטער, און איר שמאָל בלייך פּענעמל האָט זיך צערויטלט.

כ'האָב געוואַרט און געוואַרט אַף אָן ענטפער, און זי האָט געלאכט און געלאכט. האָב איך זיך אָנגעלייגט אַף די וועסלעס מיט אזא אומגעלומפּערטן אימפּעט, אז דאָס שיפל האָט זיך שיר ניט איבערגעקערט. גיטלס פּאָנעם איז ווידער בלייך געוואָרן פון שרעק, און זי האָט גלײַך אופגעהערט לאכן.

זי האָט דערנאָך לאנג געשוויגן און שפּעטער געענטפערט מיט א פראגע:

— פארוואָס האָסטו ניט ליב מאקסן?

גיב איך א טראכט און ענטפער איר אויך מיט א פראגע:

— פארוואָס מאָלט ער רויטע פערד מיט רויטע רײַטערס?

ענטפערט זי מיר ווידער מיט א פראגע:

— וואָסי, זיי געפעלן דיר ניט?

ענטפער איך אויך מיט א פראגע:

— און דיר?

און אָט אזוי פירן מיר א שמועס, וואָס באשטייט פון הוילע פראגעס. א גליק, וואָס וואסיל האָט פארצויגן א לידל. זײַנען מיר אנשוויגן געוואָרן און אויסגעקערט די אויערן צום ברעג, און די אויגן — אויכעט. ער האָט א שיין קאָל, וואסיל, א נעשאָמעדיקס. אָט זיצט ער אין זײַן וועגעלע, זיצט און זינגט א לויבגעזאַנג דער שיינער וועלט. פארגעס איך, אז וואסיל מיט אנדערע סאָלדאטן האָבן געמוזט אריבערגיין אַף יענער זײַט טײַך איבער דעם דינעם אײַז, ווײַל די בריק האָט מען אופגעריסן. דאָס אײַז האָט ניט אויסגעהאלטן, געפּלאצט, און וואסיל האָט אָנגעהויבן זינקען אין דער אײַז־קאלטער וואסער. נאָר וואסיל איז ניט גיטל, וואסיל קען שווימען. האָט ער זיך ווידער ארויסגעדראפּעט אפן גלאטן אײַז. און ווידער האָט דאָס אײַז געפּלאצט. וואסיל אָבער האָט זיך ווידער ארויסגעקאראבקעט, צוגעקראָכן צום ברעג און געלאָזט זיך לויפן צום נאָענטן וועלדל. און דאָ האָט אים אָנגעיאָגט דעם סוינעס קויל. איז ער געבליבן ליגן אין א דורכגענעצטער שינעל און אין שטיוול פול מיט וואסער. איבער דעם איז ער געקומען אהיים מיט געליימטע פיס. הער איך זיך צו צו וואסילס בענקענדיק קאָל און שווײַג. ער זינגט:

Віють вітри, віють буйні, аж дерева гнуться...
Ой, як болить моє серце, а сльози не ллються![1]

---

[1] בלאָזן ווינטן, בלאָזן שטורמיש, אזש די ביימער נייגן זיך... אוי, ווי ס'קלעמט דאָס הארץ און ווייטעקט, און קיין טרערן גיסן זיך ניט.

ווערט מיר אומעטיק אפן הארצן, אומעטיק און זיס. אומדערוואַרט כאַפּט גיטעלע אונטער מיט איר דין און קלינגעוודיק קעלעכל:

Де ти, милий, чорнобривий? Де ти? Озовися!
Як я, бідна, тут горюю, прийди, подивися![1]

און אַט אַזוי זינגען זיי — וואַסיל אַפן ברעג, גיטעלע אַפן טײַך, און איך — צווישן זיי. און ס׳איז מיר גוט אין דער קילבלעכער פינצטערקײַט, וואָס איז ניט איבעריק פינצטער, ווײַל זי גרענעצט מיטן הימל פון איין זײַט, און מיטן טײַך — פון דער צווייטער, מיט גיטעלען אינעם ווײַסן קלייד — פון דער דריטער, און מיט אַן אומעטיקער, נאָר ליכטיקער אוקראַיִנישער ליד — פון דער פערטער. איך אָטעם מיט דער לופט, וואָס שמעקט מיט אָטשערעט. אַ פאַרשײַט ווינטל נעמט אַרום מײַן לײַב דורכן צעשפּיליעטן קאָלנער, און דאָס שיפל גליטשט זיך איבערן וואַסער לײַכט, שוועבנדיק, עפּעס ווי פון זיך אַליין, אַזוי אַז איך קען אַפילע צומאַכן די אויגן און אַ טויך טאָן זיך אין מײַנע כאַלוימעס, וואָרעם פון אַ ייִדיש באַרמיצווע־ייִנגל ווער איך מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט אין אַן אוקראַיִנישן באָכער מיט שוואַרצע ברעמען, ניט אָבער אַזעלכע געדיכטע און צונויפגעוואַקסענע ווי בא גאָרדיִען. מוז איך זיך אָפּרופן אַף מאַריִעס צי אָקסאַנעס פאַרייִעשטן געבעט, און ענטפערן איר מיט אַ ליד, וואָס האָט ניט קיין ניגן, וואָרעם דאָס האַרץ זינגט, ענטפער איך איר מיט אַ ליד, וואָס כ׳האָב נאָרוואָס צוגעטראַכט, ס׳הייסט, דו פרעגסט די נאַכט: Де ти? Озовися! איז אָט בין איך! איך קום, איך פלי צו דיר אַף אָדלער־פליגל! צעשפּרייט די אָרעמס דײַנע, ליבע מײַנע, און פריידיק זײַ! איך קום, איך פלי צו דיר, איך בין דיר טרײַ!.. טרײַ... ווײַזט אויס, כ׳בין טאַקע אַף אַן עמעס אַנדרעמלט געוואָרן, וואָרעם איך זאָג גיטלען: „וואָס דאַרפסטו קאָקעטירן מיט אַלע, אַפילע מיט וואַסילן, וואָס האָט, נעבעך, געליימטע פיס?״, און בא גיטעלען איז דאָס שמאָלע פּענעמל פאַרקרימט פון גרויל. גלײַך אַף אונדז טראָגט זיך האַסטיק אַ צעיאָגט שיפל, ווי אַ לעבעדיקע בריִע, וואָס האָט גאָרדיעס פּאָנעם מיט שוואַרצע געדיכטע ברעמען און ווײַסע שטשירענדיקע ציין. וואַסיל שרײַט עפּעס פונעם ברעג און פאָכעט מיט די הענט. כ׳האָב זיך פאַרלוירן, ווײַל אַף אַזאַ מין שטורעם האָב איך זיך ניט געריכט, און איידער כ׳האָב באַוויזן קומען צו־זיך, האָבן מיר שוין ביידע — גיטל און איך, — געבאָבערעט זיך אין וואַסער אינמיטן טײַך. גאָרדי האָט זיך גאַלאַנט אַראָפּגעלאָזט אַף די קניִעס אין זײַן שיפל, אונטערגעכאַפּט מיט ביידע הענט דאָס איבערגעשראָקענע מיידל און אַרופגעשלעפּט זי אַף זײַן שיפל. מיר האָט ער אויסגעשטרעקט אַ וועסלע. כ׳האָב אָפּגע־שטויסן די וועסלע, האַסטיק אַ שווים געטאָן צום איבערגעקערטן שיפל, אופגעשטעלט עס, אַרײַנגעקראָכן, אַפּגיך אויסגעשעפּט דאָס וואַסער פון דער דעק און גענומען זיך אָניאָגן גאָרדיעס שיפל. וואַסיל האָט נאָך אַלץ עפּעס צאָרנדיק געשריגן און געפאָכעט מיט זײַנע פויסטן. גאָרדי האָט פאַרקערעוועט צום ברעג און צוגעשטאַנען האַרט לעבן זײַן ברודערס וועגעלע. האָב איך זיך באַרוִקט, ניט געאײַלט צושיפלען זיך צום ברעג, ווײַל ס׳איז מיר געווען אַ בושע צו קוקן אין גיטעלעס אויגן. אַ העלד! אַ רעטער, מישטיינסגעזאָגט! און אָט דער נימעסער גאָרדי, ניט נאָר ער האָט איבערגעקערט דאָס שיפל, נאָר קלוימערשט געראַטעוועט גיטעלען.

ווען כ׳האָב צוגעטריבן דאָס שיפל צום ברעג, איז גאָרדי שוין געשטאַנען אַף דער ערד. ער האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט און געהאָלפן גיטלען אַראָפּגיין פונעם שיפל. פון איר קלייד און פון די צעשויבערטע האָר רינען אַראָפּ שטרעמעלעך וואַסער. דאָס פּאָנעם אירס איז געוואָרן נאָך בלייכער, און זי האָט געציטערט מיט איר גאַנצן קערפּער. כ׳האָב זיך געשעמט אַ קוק געבן אַף איר. האָב איך אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אין דער וואַסער האָב איך דערזען גיטלען און גאָרדיען. זיי זײַנען געשטאַנען מיט די קעפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. כ׳האָב דערהערט, ווי גאָרדי שטאַמלט צום מיידל, מיט אַ שיקערן שמייכל:

— וויבאַטשטע, בוד לאַסקאַ, דאָראָגענקאַ... יאַ זאַנאַדטאָ ראָזיגנאַוו טשאָווען... נע אָבעראַ־כוואַוו יאַק סליד...[2]

גיטל האָט אַ שמייכל געטאָן מיט פאַרבלאָוועטע ליפּן, כ׳האָב אַליין געזען, ווי זי האָט אַ שמייכל געטאָן, און געזאָגט אים:

— ניטשאָהאָ. מאָגלאָ בוטי הירשע[3].

האָב איך אַ געשריי געטאָן צו גיטלען:

— קום גיכער! קענסט זיך נאָך צוקילן.

---

[1] ווו ביסטו, אָ, ליבער, מיט ברעמען מיט שוואַרצע? ווו ביסטו? רוף זיך אָפּ! קום צו מיר און טו אַ קוק, ווי איך לײַד און פּײַניק זיך!
[2] אַנטשולדיקט, מײַן טײַערינקע... כ׳האָב צעטריבן דאָס שיפל... ניט אויסגערעכנט ווי געהעריק...
[3] נישקאָשע. ס׳האָט נאָך געקאָנט זײַן ערגער.

5*

און גענומען אונטערשטופן דאָס ווײגעלע.
וואסיל האָט געהאַלטן אין איין זידלען זיך:
— אזא מענוווּל! אזא שיקערער כאַזער!
מיק איז געלאָפן פון פאַרנט מיט אן אראָפּגעלאָזטן שוואַרצן קאָפּ און געשמעקט זײַן אייגענעם שאָטן.

## 6

אפן דריטן טאָג האָט גיטעלע אָנגעהויבן שפּײַען מיט בלוט. צוויי טעג אָבער האָט זי נאָך אויסגעזען נישקשהדיק, כאָטש זי האָט געהוסט אָפטער ווי פריִער מיט א טרוקענעם הוסט.
ניט די מומע, ניט דער פֿאָטער האָבן ניט געוווּסט וועגן דעם, וואָס עס האָט מיט איר געטראָפן אפן טײַך. און איך האָב בישטיקע געהיילט גיטעלען אַזוי, ווי מײַן שווײַגנדיקער פֿאָטער פלעגט היילן מײַן מוטער. ס'איז אים געווען מעסוקן שווער ארויסריידן אן איבעריק וואָרט, פלעגט ער איר זאָגן קורץ:
— וואָס מער מע האָרעוועט, אלץ ווינציקער צײַט פאַרבלײַבט אַף צו קרענקען.
אויב אַזוי, וואָלט מײַן מאַמע געדאַרפט לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָרעם זי האָט, נעבעך, שווער געהאָרעוועט דאָס גאַנצע לעבן אירס.
כ'האָב זיך אופגעכאַפּט גאַנצפרי, ניט געוואַשן זיך, ניט פאַרקעמט, און אריינגעשטעקט מײַן צעשויבערטן קאָפּ צו גיטעלען אין איר אַלקער. כ'בין צוגעלאָפן צום בעט מיט אומיסטן האַסטיקע טומלדיקע טריט און געטראָפן זיך מיט צוויי פּאָר פאַרשלאָפענע אויגן. איין פּאָר — גרויסע, שוואַרצע, און די צווייטע קליינינקע, גרינינקע. האָב איך געכאַפּט דאָס קעצעלע און, בימכילע, ארויסגעוואָרפן פונעם בעט. דאָס קעצעלע האָט זיך ווייך אראָפּגעלאָזט אפן דיל מיט די סאַמעטענע לאַפּקעס און באַליידיקט א ניאַווקע געטאָן. כ'האָב אָנגעצויגן גיטעלעס קאָלדרע — אזש ביזן קין אירן, — זי האָט געשמייכלט צו מיר, ווי א קינד צו דער מאַמען. כ'האָב ברייט צעפּראַלט דאָס פענצטער. דערנאָך כאַפּ איך ארויס פון אונטערן בעט די גלעזערנע באַנקע מיטן שפּײַעכץ — ביכלאַל בין איך א גרויסער מעפּונעק, איך קערעווע זיך אוועק, ווען עמעצער טוט א שפּײַ אָדער שנײַצט די נאָז, דאָ אָבער הייב איך זיך אפילע ניט אָן צו מיִעסן, — לויף ארויס אין הויף, גיס דאָס אויס לעם אַפּטרעט, וואַש אויס די באַנקע, קער זיך אום צוריק אין אַלקער, פאַרמאַך דאָס פענצטער, עפן אוף די פאָרטקע און באַפאַל גיטעלען:
— טו זיך אָן און מאַרש מעלקן די קו. און זאָלסט ניט פאַרגעסן אויסטרינקען א פאַרנע גלאָז מילך.
די מומע זאָגט, אז דער דאָקטער האָט איר געזאָגט, אז דער בעסטער לונגען־רופֿע איז א קו. שטעל איך זיך פאָר אונבזער רויטלעכע קאַלינע מיט ריזיקע ברילן אַף אירע קײַלעכיקע גרויסאַרטיקע הערנער.
פונדעסטוועגן האָב איך יעסורים, וואָס דער קו־דאָקטער קען אמאָל א דוצקע טאָן מיטן הינטערשטן פוס, אויב עס געפעלט אים ניט, ווי:אַזוי מע מעלקט זי. בין איך צופרידן און שעפּ אפילע נאַכעס, ווען איך דערזע גיטעלען, ווי זי שווימט ארויס פון דער שטאַל מיט אן עמער שוימענדיקער מילך. איך בין זיכער, אז איידער גיטל האָט זיך גענומען מעלקן די קו, האָט זי א גלעט געטאָן קאַלינען אונטערן האַלדז. זי איז זייער א ליבלעכע, גיטעלע, און קען ניט צולאַשטשען צו אַלעמען, און זי טוט דאָס מיט עפּעס א נאַטירלעכער פײַנקײַט אָן שום מיין.
דערנאָך האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אין סאָד אַרײַן צו אונדזער „טורניק". אונטערוועגנס בײַג איך אָן צווײַגן, באַשאָטענע מיט ווײַנשל, פּײַטלעכע נאָך פונעם פרימאָרגן־טוי, און גיטעלע רײַסט אָפּ א ווײַנשעלע מיט די צײַן גלײַך פון א שטענגעלע.
— הײַנט מוזסטו זיך אונטערציִען שוין צען מאָל, — זאָג איך גיטלען.
גוט, וואָס די מומע שלאָפט נאָך. אניט וואָלט זי באַלד געזאָגט:
— וואָס מוטשעסטו דאָס קינד?
כ'וואָלט געצווונגען די מומע, זי זאָל זיך אויכעט פאַרנעמען מיט גימנאַסטיקע. וואָרעם ווי באַר זי כאַפּט זיך אוף, הייבט זי זיך גלײַך אָן קלאָגן, אז עס ברעכן איר אַלע ביינער. מײַן טאַטע הערט זי אויס קלוימערשט מיט איין אויער און שווײַגט. און איך וואָלט ניט געשוויגן.

איך וואָלט איר געזאָגט: אויב איר ציטערט אַזוי איבער גיטעלען, איז טראַכט וועגן אייערע ביינער.

פינף מאָל האָט זיך גיטעלע ווי־סע־ניט־איז אונטערגעצויגן. די אָרבל האָבן זיך איר פאַרקאַטשעט, און איך האָב דערזען צוויי קיילעכיקע צייכנס פון פּאַקן אויף איר רעכטער האַנט. דערנאָך האָט זי זיך פאַרהוסט. האָב איך זי געלאָזט צורו, צוגעוואַרט, ביז זי האָט זיך אויסגעהוסט, און דערלאַנגט איר אַ גרויסן בעזעם מיט אַ שטעקן. אַליין האָב איך געכאַפּט די גראַבליע, און מיר האָבן זיך גענומען אויפראַמען דעם הויף.

— איי, אַרבעטסטו היינט פלייסיק! — לויב איך גיטעלען. — דערפאַר וועל איך דיך מעכאַבעד זיין מיט יונגע קאַרטאָפל. דו מוזסט מיר אָבער העלפן אויסגראָבן זיי.

ס׳הייסט, כ׳האָב זיך געקענט באַגיין אָן איר. כ׳האָב אָבער געוואָלט, אַז אירע צאַרטע הענטעלעך זאָלן ווערן גרעבער, די פינגער שטייפער, און דער אָטעם טיפער. אָן אַנדערשמאָל האָט די מומע געזאָגט, אַז דער דאָקטער האָט איר געזאָגט, אַז דער בעסטער לונגען־רויפע איז לופט. האָבן מיר, הייסט עס, שוין צוויי דאָקטוירים — די קו און די לופט.

מיר האָבן פאַרזיכטיק אונטערגעגראָבן די קאַרטאָפל־קלובניעס — אָן אווירע, זיי זיינען נאָך קליין און נאַקעט, זייערע העמדעלעך זיינען דין און דורכזיכטיק — און די הינער גייען אונדז נאָך פוסטריט און פּיקן קונציק אויס מיט זייערע שנאָבלען די ווערעם, וואָס באַוויזן זיך מיטאָמאָל אויף דער שוואַרץ־פייכטער ערד. ס׳איז באַ זיי, אַפּאַנעם, אַ גרויסע נאַשערײַ, ווערעם וויפל איך טרײַב זיי ניט אַוועק, קערן זיי זיך באַלד אום צוריק, גייען אונדז נאָך פוסטריט און פּיקן די ווערעם מאַמעש פון אונטער די הענט, ס׳הייסט פון דער אײַזערנער לאָפּעטע, וואָס איז אַרומגעקלעפּט מיט פרישער ערד.

דאָס ביסל קאַרטאָפל האָב איך אָפּגעטראָגן דער מומען אין קיך. זי האָט געכאַפּט אַ שנעלן קוק אויף מיר מיט אירע שיינע אויגן און געזאָגט בענימעסדיק:

— ביסט טאַקע אַ ווילער באָכער, סימכע. כ׳בעט דיך, זע, אַז גיטעלע זאָל זיך כּאָלילע ניט צוקילן. זי הוסט עפּעס היינט מער ווי געוויינלעך.

די מומע זאָגט עס, גלײַך ווי איך טאָכטער וואָלט געווען ניט עלטער, נאָר ייִנגער פון מיר. פונדעסטוועגן האָב איך גאָרנישט ניט געענטפערט, געכאַפּט דעם גרויסן מעשענעם סאַמאָוואַר פאַר די הענטלעך, אַרויסגעטראָגן אים אין הויף אַרײַן און געזאָגט גיטלען:

— ט׳האָסטו דעם סאַמאָוואַר, און אָט איז זאַמד. פּוץ אים אויס, אַז ער זאָל בלישטשען ווי אַ נײַער.

און אָט אַזוי האָב איך געצוווּנגען גיטעלען אַרבעטן אַזש ביזן וואַרמעס. נאָך דעם האָב איך שוין אויף איר קיין שליטע ניט געהאַט, וואָרעם אין הויף האָט זיך באַוויזן מאַקס רומער, אַ פאַרשטויבטער, אַ באָרוועסער, מיט שיך, וואָס באַמבלען זיך פון ביידע זײַטן פּלייצע, צונויפגעבונדענע מיט שוואַרצע בענדלעך. ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— הער נאָר, קונדעסעוויטשו! ברענג מיר אָן עמער וואַסער, וועל איך זיך אָפּוואַשן די פיס.

ווער איך אויף אים • באַרוגעז און זאָג אים קימאַט מיט דעם זעלבן נוסעך, מיט וועלכן כ׳האָב נאָרוואָס געזאָגט זײַן קאַלע:

— אָט איז די קרענעצע, און אָט איז אָן עמער. ברענגט זיך אַליין וואַסער און וואַשט זיך אַליין אײַערע פיס.

ווען כ׳האָב אָבער דערזען, ווי ער שלעפּט אַרויס אומגעלומפּערט דעם עמער מיט דער לינקער האַנט, האָב איך כאַראָטע באַקומען, צוגעלאָפן צו דער קרענעצע, אַרויסגעריסן בא אים דעם שטריק און אַרויסגעצויגן ניט קיין פולן עמער, ווײַל כ׳האָב זיך געאײַלט צו פאַרגלעטן מײַן זינד, און צעכליופּעט עפּשער אַ העלפט. רומער האָט געכאַפּט אויף מיר אַ מאָדנע קוק, דערנאָך אַרויסגעשלעפּט מיט דער לינקער האַנט פון דער רעכטער קעשענע אַ צונויפגעלייגט צעקנייטשט פּאַפּירל און געזאָגט:

— הער נאָר, סימכע! (שוין! דאַנקען גאָט! אויס קונ־דע־סע־וויטש!) טראָג אָפּ דאָס קוויטל וואַסילן. גיב אַכטונג, אַז גאָרדי זאָל דיך ניט באַמערקן.

אָט דאָס איז עפּעס אַנדערש. כ׳בין מיטאָמאָל געוואָרן סטאַטעטשנע, אַרײַנגערוקט דאָס פּאַפּירל טיף אין דער הויזן־קעשענע און אויסגערעדט נאָר איין־און־איינציק וואָרט:

— גוט.

כ׳האָב געוואָלט גלײַך לויפן צו וואַסילן. פּאַסט דאָך אָבער ניט. האָב איך מיט פּאַמעלעכע סאָלידע טריט געלאָזט זיך גיין צום שאַכנס שטוב, וואָס איז געווען ענלעך אויף אַ קלאָון, וואָרעם איין העלפט איז געווען ווײַס און די צווייטע — געל. וואַסיל האָט געוווינט אין דער ווײַסער העלפט. די טיר איז געווען אָפן, ווי דער שטייגער איז. אַפילו אין יענע צײַטן, ווען

5—2735

קיינער איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן, זײַנען בא וואסילן די טירן געווען אָפן. בין איך אַרײַנגעגאַנגען און אויסגעשריגן גלײַך אַף דער שוועל:

— דאָבּרי דען!

ס'האָט מיר קיינער ניט געענטפערט, ווײַל קיינער איז ניט געווען אין צימערל. אין דרויסן איז געווען העל־ליכטיק. דאָס קליינע פענצטערל האָט קאַרגלעך דורכגעזײַט די דרויסנדיקע שײַן. איז געווען א ביסל פינצטערלעך. פון דער וואַנט האָט אַף מיר געקוקט די יונגפרוי מאַריִע. מיט איר שמאָלינק פּאָנעם, טונקעלע אויגן און זייער ווײַסן לענגלעכן האַלדז איז זי געווען שטאַרק ענלעך אַף גיטעלען.

כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דער באַלעבאָס פּאַרעט זיך ערגעץ אין הויף. בין איך אַרויסגעגאַנגען און דערזען וואסילן אין זײַן וועגעלע, בא דער שטאַל. ער האָט צורעכט געמאַכט לייצעס.

וואסיל האָט מיך באַמערקט, ברייט צעשמייכלט זיך, און מיר האָבן זיך באַגריסט. איך האָב געכאַפּט א קוק אַף דער געלער העלפט שטוב און דערלאַנגט וואסילן רומערס קוויטעלע.

וואסיל האָט אוועקגעלייגט די לייצעס אין א זײַט, צעוויקלט דאָס פּאַפּירל און גענומען זיך לייענען מיט א פאַרקנייטשטן שטערן. נאָכדעם האָט ער אונטערגעהויבן די רעדנע, מיט וועלכער ס'איז געווען אויסגעבעט דאָס וועגעלע, אַרונטערגעשטופּט דאָס פּאַפּירל און געזאָגט צו מיר מיט א שמייכל:

— וואַרט צו א ביסל, סימכע. באַלד וועט קומען די באַלעבאָסטע פונעם פעלד, וועלן מיר עפּעס איבערכאַפּן. מײַן גאַליע קאָן פאַר א ווײַלע אויסמײַסטרעווען עפּעס אַזוינס ווי אַזעלכס.

איך האָב געמאַכט א פאַרדרײַעט פּאָנעם.

— א דאַנק. כ'קאָן ניט וואַרטן. כ'האָב קיין צײַט נישט. כ'אײַל זיך.

„כ'אײַל זיך"! וואָס? ווען? וווהין אײַל איך זיך אַזוי? אַז עס הייבט זיך ניט אָן און עס לאָזט זיך ניט אויס.

וואסיל האָט אַף א רעגע אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער באַקוקט מיט פרעמדע אויגן זײַנע געליימטע פיס. דערנאָך האָט ער אויסגעגלײַכט דעם ברייטן, נאָר א ביסל אײַנגעהאָרבעטן רוקן, אופגעהויבן זײַן פּאָנעם, א פאַרברוינטס, כוץ דעם שטערן, וואָס זעט אויס ווײַסלעך, וואָרעם א פאַסמע בלאָנדע האָר פאַרשטעלט עס פון די זונען־שטראַלן, און האָט מיר געזאָגט:

— גיב איבער מאַקסן, אַז אַלץ וועט זײַן אָרדענונג.

כ'שטיי באַם וועגעלע און וואַרט. איך פיל, אַז וואסיל וויל מיר נאָך עפּעס זאָגן, כאָטש ער נעמט זיך ווידער פאַר די לייצעס.

— זאָג מאַקסן, אַז ער זאָל זײַן פאָרזיכטיק. בעסער, אַז ער זאָל זיך נישט לאָזן אין וועג שפּעט באַנאַכט.

שווײַג איך און פאַרגעדענק.

וואסיל טוט א שלײַדער אוועק די לייצעס און פרעגט מיך:

— דו גלייבסט אין ווונדער?

פאַרטראַכט איך זיך אַף א רגע און ענטפער אַנטשיידן:

— יאָ.

וואסילן געפעלט מײַן ענטפער.

— אויב אַזוי, — זאָגט ער מיר, — ביסטו א וווּל באַכערל. כ'גלייב אויך.

דערנאָך כאַפּט ער ווידער א בײַטלדיקן קוק אַף זײַנע אומבאַוועגלעך־צונויפגעלייגטע פיס און זאָגט מיר:

— אַצינד באַפעל מיר...

און ווערט אַנשוויגן. פרעג איך אים:

— וואָס באַפעלן?

ענטפערט ער מיר האַרב און קורץ:

— באַפעל מיר: „שטעל זיך אוף, וואסיל, אַף דײַנע פיס!"

באַפעל איך אים:

— שטעל זיך אוף, וואסיל, אַף דײַנע פיס!

טוט זיך וואסיל א ריר, פונקט ווי ער וואָלט טאַקע געוואָלט שטעלן זיך גלײַך אַף זײַנע פיס.

און זאָגט מיר:

— העלף מיר אַרויסקריכן פונעם וועגעלע.

האָב איך אים געהאָלפן. אַצינד זיצט ער אַף דער הווּלער ערד:

— כאַזער איבער.

באפעל איך אים ווידער:

— שטעל זיך אוף, וואסיל, אף דײַנע פיס!

הייבט ער זיך אָן אופשטעלן. דאָס פארברוינטע פּאָנעם ווערט אַזש טונקל־רויט פון אָנשטרענגונג. פּלוצעם דערהער איך, ווי עמעצער כליפּעט. קוק איך זיך אום. צוגעשפּארט מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט פון דער שטאַל, שטייט וואסילס פרוי, גאַליע, שטייט און וויינט.

וואסיל זיצט אף דער הוילער ערד און שרײַט אף גאַליען:

— וואָס ווייַנסטו, נארעלע?

גאַליע ווישט אויס די אויגן מיטן עק טיכל און לאָזט זיך שווײַגנדיק אין שטוב ארײַן. איך גיי איר נאָך. וואָס גיי איך איר נאָך?.. כ׳ווייס אליין נישט. איך מוז עפּשער זאָגן עפּעס א הארציק וואָרט דער דאַזיקער פרוי, וואָס טראָגט אף אירע ווײַבערשע פּלייצעס א שווערן אָל. און וואָס זאָל איך איר זאָגן?.. זי שטייט שווײַגנדיק אנטקעגן דער יונגפרוי מאריַע, וואָס הענגט אף דער וואַנט און וואָס איז אזוי ענלעך אף גיטעלען, שטייט און ציילעמט זיך. גיי איך ארויס שטילערהייט. וואסיל זיצט אף דער ערד און מאכט צורעכט די לייצעס. ער זעט שוין ווידער אויס רויק און שמייכלט.

— א ראַכמאָנעס אף גאַליען, — זאָגט ער.

דערנאָך כאַזוערט ער איבער:

— זאָג מאַקסן, אז אלץ וועט זײַן אין אָרדענונג.

ער זיפּצט אָפּ און טוט עמעצן א פרעג:

— ווו נעמט מען געזונטע פיס?

## 7

א גרויער הימל, שיטער באַדעקט מיט שטערן. אין הויף איז ליכטיקער, אין סאָד — טונקעלער, די ביימער פארשטעלן דעם הימל מיט זייערע געדיכטע קרוינען. א שטילקײַט, און אומבאַוועגלעכקײַט ארום־און־ארום. אינײנעם מיט דער זון פארגייט דאָס לעבן אין דאָרף. דאָס פענצטער איז אָפן, אָבער גאַרניט הערט זיך ניט פון עס צימער. וואָס טוען זיי, גיטל און רומער, אין דער האַלב־פינצטערניש? אָדער זיי קושן זיך, אָדער זיי קריגן זיך... דערנאָך דערהערט זיך א ניגן, און איך דערקען רומערס שטימע. ער זינגט שטיל און באַגײַסטערט:

От пролитой крови заря заалела,
Могучая всюду борьба закипела...[1]

איך שטיי צוגעשפּארט מיטן רוקן צו דער וואַנט, אז מע זאָל מיך ניט זען דורכן צעפּראַלטן פענצטער, שטיי און הער זיך צו. גיטל שלאָגט איבער זײַן ליד און בעט זיך בא אים:

— זינג עפּעס אנדערש, מאַקס.

רומער באַליידיקט זיך און ווערט אַנשווייגן. נאָכדעם טוט ער א פרעג, און איך הייב ניט אָן צו פארשטיין צוליב וואָס:

— האָסט ליב געהאַט דײַן פּאָטער?

„יאָ, — זאָג איך אונטער גיטעלען. — וואָדען?"

— יאָ, — ענטפערט זי.

— דו שאַנעוועסט זײַן אָנדענק? — פרעגט ער ווײַטער.

„יאָ", — זאָג איך אונטער גיטעלען.

— יאָ, — ענטפערט מײַן שוועסטערקינד.

— אין געדענקסטו, איבער וואָס ער איז אומגעקומען?.. איבער וואָס ער האָט זײַן בלוט פארגאָסן?

מיר שווײַגן ביידע, איך און גיטל. וואָרעם מיר ווייסן ביידע, וואָס ער מיינט. מאַקס שווײַגט אויך. אפּאָנעם, אז ס׳איז אים אלציינס, צי דאָס מיידל וועט אים ענטפערן, צי ניין. ס׳אזא פראַגע, וואָס אנטהאַלט אין זיך אָן ענטפער. כ׳בין זיכער, כאָטש כ׳קען דאָס ניט זען,

[1] דער באַגינען איז רויט פון בלוט געוואָרן, און אומעטום א שלאַכט א הייסע קאָכט...

אַז ער באַקומט אַצינד אַרויס פֿון דער קעשענע מיט דער לינקער האַנט אַ רויטן בלײַער, שטעקט אים אַרײַן צווישן די פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט און נעמט זיך מאָלן רויטע פֿערד. אַ סך רויטע פֿערד. מאָלט און טופּעט אונטער מיט די פֿיס איבערן דיל, ווי אַ געקאָ־וועט פֿערד מיט די פּידקאָוועס.

— דו שווײַגסט, ווײַל האָסט נישט וואָס צו ענטפֿערן, — דערהער איך רומערס צערײַצט קאָל.

קומט אויס, אַז ס'איז אים טאַקע ניט אַלצײַנס.

פּלוצעם דערהער איך אַ כליפּערײַ. ווער איך מאָלע־רעציכע אַף רומערן. וואָס שיט ער איר זאַלץ אַף די ווונדן, וואָס? אַ קלײניקײט! פֿאַרלאָרן אַ טאַטן, דאָס האַרץ בלוטיקט נאָך, און ער... לויף איך גלײַך אַרײַן אין צימער און זאָג רומערן:

— כ'דאַרף אײַך עפּעס זאָגן.

מיר גייען ביידע אַרויס, רומער און איך. נאָר פֿאַר דעם כאַפּ איך אַ גיכן בליק אַף גיטעלען. זי וויינט שוין מער ניט. זי קוקט אַף מיר מיט פֿײַכטע אויגן און שמייכלט. ווען זי שמייכלט, גיטעלע, ציטערן אַ ביסל אויף באַ איר די ליפּן, גלײַך ווי זי וואָלט געוואָלט לאַכן און זי האַלט זיך אײַן. זי וויל מיר עפּעס זאָגן און פֿאַרהוסט זיך מיטאַמאָל.

ווען מיר זײַנען אַרויסגעגאַנגען, האָב איך געזאָגט מאַקסן:

— וואָסיל האָט געזאָגט, אַז אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג.

רומער פֿאַרקנייטשט אומצופֿרידן די נאָז מיט די שיטערע קלײַנע קלײַען אַרום איר.

— האָסט עס געקענט מיר זאָגן אין גיטלס אָנוועזנהײַט אויכעט.

האָט איר געזען אַזאַ לעקיש! איך סטאַרע זיך שאַ־שטיל, בעסאָד־סוידעס, און ער האָט נאָך צו מיר טײַנעס. זאָג איך אים:

— וואָסיל האָט אויך געוואָרנט, אַז איר זאָלט זײַן פּאַרזיכטיק. בעסער, אַז איר זאָלט זיך ניט לאָזן אין וועג שפּעט באַנאַכט.

מאַקס טוט אַ מאַך מיט ביטל מיט דער לינקער האַנט:

— אײַסעך־וואָס! צו וואָס דאַרף איך זײַ, די וואָרענישן!

זאָג איך אים:

— איר קענט דאָך שלאָגן זיך נאָר מיט אײן האַנט.

כאַפּט ער אַף מיר אַ נײַגעריקן קוק. כ'פֿיל, אַז סע ווילט זיך אים אַ ווײַצל טאָן: „הער נאָר, קונדעסעוויטש!.. וואָס דײַגעסטו פֿאַר מיר? האָסט דען ניט מער פֿאַר וועמען צו דײַגע־נען?"

און אַזוי האָט ער טאַקע אָנגעהויבן:

— הער נאָר, קונדעסעוויטש!..

און פֿאַרהאַקט זיך. אַ קלאַפּ געטאָן מיך מיט דער האַנט איבער דער פּלייצע און אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— און דײַנע צוויי?

ס'איז מיר מעסוקן געפֿעלן. ער פֿאַרלאָזט זיך אַף מײַנע הענט, פֿאַרלאָזט ער זיך. כ'מאַך זיך אָבער ניט וויסנדיק. און פֿרעג אינמיטנדערינען:

— וואָס הייסט עס — אָט פֿראָליטאַי קראַווי זאַריאַ זאַאַליעלאַ? ווי קומט עס בלוט צום באַגינען?

קוקט ער מיך אָן נאָך נײַגעריקער. ער טוט אַ טראַכט און ענטפֿערט מיר, אַצינד שוין אָן אַ שמייכל:

— ווען מע פֿאַרגיסט אַ סך בלוט, גרייכט עס אַזש ביז צום הימל.

פֿרעג איך אים אײַנגעשפּאַרט:

— וואָס דאַרף מען עפּעס פֿאַרגיסן אַזויפֿיל בלוט?

ענטפֿערט ער מיר ערנסט, ווי זײַן גלײַכן:

— ליידער, קען מען זיך דערווײַל אָן דעם ניט באַגיין.

רומער איז אַ מעסוקענער קײַסן. ווען מיר קערן זיך אום אין צימער, זאָגט ער בעני־מעסדיק גיטלען:

— אויב דו ווילסט, וועל איך דיר עפּעס איבערלייענען.

ניט וואַרטנדיק אַף איר האַסקאָמע, צעעפֿנט ער עפּעס אַ בוך און נעמט זיך לייענען. כ'וואָלט געגרן אויך געהערט. מוז איך אָבער לויפֿן שטעלן דעם סאַמאָוואַר. כ'צעהייץ די קוילן, טו אָן אָפּן „קאַפּ" פֿונעם סאַמאָוואַר דעם טאַטנס שטיוול און נעם זיך רודערן מיט אים, ווי מיט אַ בלאָזזאַק. כ'וואַרט צו, ביז ער נעמט זיך זינגען אַ געמיטלעך ניגנדל, און דערמאָן זיך אין מײַן מאַמען. אַלעמאָל, ווען דער סאַמאָוואַר הייבט אָן זײַן זעמערל, דערמאָן איך זיך

אין איר. עפשער איבער א כאראַטע־גאַפּיל, וואָס הייבט אָן טיאַכקען אין האַרצן. טײַלמאָל פלעג איך ניט פאָלגן די מוטער, ווען זי פלעגט מיר הייסן שטעלן דעם סאַמאָוואַר. כ'פרעג זיך און שטראָף זיך: ווער דען האָט געזאָלט שטעלן? כ'האָב געהאַט א קליין ברודערל, וואָס איז געבוירן און געשטאָרבן אין איין טאָג, אזא קליינס, אזא פּיצל, האָט דאָס מיטגעשלעפּט מיט זיך אַף יענער־וועלט די מוטער. שטאַרבנדיק, האָט די מאַמע שטאַרק געבעטן, מע זאָל איר געבן א שטיקל ציבעלע, ס'האָט זי, ווײַזט אויס, מעסוקן גענודיעט. גאַליע, וואַסילס ווײַב, האָט אונדז געבראַכט צו טראָגן, דעם טאַטן און מיר, א גרויסן טאָפּ מיט הייסן באַרשטש, אפּדערנאַכט, ווען זי האָט זיך אומגעקערט פונעם פעלד. מיר האָבן אָפּגעגעסן, דערנאָך האָב איך איר אָפּגעטראָגן דעם ליידיקן טאָפּ, האָט זי מיך באַגעגנט אין הויף, א גלעט געטאָן מיר דעם קאָפּ און אָנגעוויזן מיר מיטן פינגער אַפן הימל. „זעסט, — האָט זי מיך געפרעגט, — אָ־די צוויי שטערן איבער אײַער כאַטע? איינער א גרעסערער און דער צווייטער א קלענערער. ס'איז, — זאָגט זי, — די נעשאָמעס פון דײַן מאַמען און דײַן ברודערל...” נו, די מאַמעס נעשאָמע — פאַרשטיי איך, נאָר וואָס פאַר א נעשאָמע קען האָבן א פּיצל אייפּעלע, וואָס איז אַלט געווען איין טאָג? זיי האָבן אויסגעזען רויט, די שטערן... יאָ, איך מוז פרעגן רומערן, וויפל פעטליוראָווצעס האָט ער דערהאַרגעט...

כ'האָב געבראַכט צו טראָגן דעם סאַמאָוואַר און מעכאַבעד געווען מאַקסן און גיטלען מיט טיי. מאַקס האָט געטרונקען אָן צוקער. דאָס ביסל ברוינע זאַמדצוקער, וואָס איז געווען אין א שעלעכל, האָט ער ניט געטשעפּעט, וואָרעם ס'איז געווען באַשטימט פאַר דער קראַנקער קאַלע זײַנער, אזוי האָט ער באַשלאָסן, כאָטש כ'מיין, אז איין לעפּעלע וואָלט ער זיך געקאָנט פאַרגינען, ער האָט געהאַט ניט קיין וואַזשנע אויסזען, עפּשער איבער גריזאָטע, און עפּשער איבער עפּעס א כאַלאַס, וואָס איז איבערגעגאַן צו אים פון גיטלען דורך די הייסע קושן.

ווען רומער האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים, זײַנען מיר אים נאָכגעגאַנגען, איך און מיק, א שיינעם שטיק וועג. מיר זײַנען אים נאָכגעגאַן פונדערווײַטנס, אַניט, ווען ער וואָלט אונדז דערזען, וואָלט ער גלײַך א שרײַ געטאָן:

— אַנו, קונדעסעוויטש! מאַרש אַהיים! אָבער טאַקע באַלד!

ער איז א מעסוקענער קײַסן, מאַקס. עמעס, סע גייט בא אים גיך איבער. וואָלט ער דער־נאָך א שמייכל געטאָן צו מיר, קעדיי צו פאַרגלעטן זײַן היציקײַט, און וואָלט געזאָגט:

— זאָרג ניט, ברודערל. מײַן לינקע האַנט איז פעסט.

מיר זײַנען אים נאָכגעגאַן פונדערווײַטנס אזש ביזן עק דאָרף. דערנאָך האָב איך זיך מע־יאַשעוו געווען און געלאָזט זיך גיין ווײַטער אזש ביזן וועלדל. דאָ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, איך און מיק, נאָכגעקוקט, ווי מאַקס שפּאַנט מיט פעסטע זיכערע טריט, און זײַן שאָטן, וואָס האָט אויסגעזען מאָדנע איבער די שיך, וואָס האָבן זיך געבאַמבלט אַף דער פּלייצע אַהין און אַהער, קריכט נאָך אַפן בויך נאָך אים, ווי א שוואַרצע שלאַנג. ווען ער איז צוגעקומען צום וועלדל, האָבן מיר פאַרקערעוועט אַהיים. די נאַכט איז געווען א ליכטיקע, א וואַרעמע. מיק איז געלאָפן פון פאַרנט מיט אַן אַראָפּהענגענדיקער לאַנגער צונג. כ'האָב געקוקט מיט גרויסע פאַרכידעשטע אויגן אַף דער וועלט, וואָס רינגלט מיך אַרום. עפּעס האָט מיר אָבער געקלעמט דאָס האַרץ. עפּשער די סודעספולע אָנגעשטרענגטקײַט פונעם וועלדל, וואָס האָט זיך געשוואַרצט ניט ווײַט פונעם וועג. האָב איך זיך אויסגעדרייט צו דעם מיטן רוקן, איבער־געשפּרונגען איבערן ריוו. דאָ הייבט זיך אָן א ברייט פעלד, א יאַם מיט זאַנגען. ערשט דאָ האָב איך דערפילט א לײַכט ווינטעלע. מיק האָט זיך פאַרציקאַוועט, וואָס בין איך פּלוצעם גע־בליבן שטיין. ער האָט אימפּעטדיק א שפּרונג געטאָן צו מיר און אופגעהויבן זײַנע ברוינע קלוגע אויגן. ער איז געווען שוואַרצער פון זײַן שאָטן, וואָרעם דער שאָטן, האָט זיך געוואַלגערט פון אונטן אין גרויען שטויב. די רויטע צונג איז אים איצט ניט נאָכגע־האַנגען, דאָס מויל איז געווען פאַרמאַכט, האָט זײַן שוואַרצע געמבע אויסגעזען פײַן און כיי־נעוודיק. כ'האָב א גלעט געטאָן דעם שוואַרצן קאָפּ פונעם הונט און די געלע קעפּלעך פון די זאַנגען. דאָס האַרץ האָט מיר אופגעהערט קלעמען. כ'האָב פאַרזשמורעט די אויגן, ווי דער זיידע, ווען ער לייענט א סייפער, און צוגעהערט זיך, ווי דאָס פעלד דעכעט. דאָ האָב איך זיך טייקעף דערמאָנט אין גיטעלעס לונגען און א טראַכט געטאָן, אז עס וואָלט געווען א סייכל אַרויספירן גיטעלען אַהער און אוועקשטעלן צווישן די זאַנגען. און... א נאַכט־פויגל, וואָס יאָגט זיך נאָך פלאַטערלעך, האָט זיך פּלוצעם צעצוויטשערט אַף א קאָל און געשטערט מיר דערטראַכטן, וואָס וואָלט גיטעלע געדאַרפט טאָן צווישן די זאַנגען. וואָס הייסט וואָס? דאָס פעלד איז מילד. ס'איז ברייטהאַרציק. עס וועט אָנפילן אירע לונגען מיט פרישער, מיט רייַ־נער לופט.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אהיים און כ'האָב אָפּגעפּירט מיקן צו זײַן בודע און צוגע־בונדן אים צו דער קייט, האָט ער פּלוצעם א ברום געטאָן און אָנגעשטעלט זײַנע אויערן. איבערן פּלויט איז איבערגעשפּרונגען עפּעס א שאָטן. כ'וועל ניט שווערן, אז ס'איז געווען גאַרדי, ווײַל כ'האָב באַמערקט נאָר דעם רוקן פונעם מענטשן. ווייס איך אליין ניט, וואָס עפּעס איז מיר גלײַך געקומען אפן סײכל גאַרדי. דאָס האַרץ אָבער האָט ווידער אָנגעהויבן קלעמען. נאָך מײַן שמועס מיט וואסילן איז דאָס די גאנצע צײַט אָנגעשטרענגט. עפּעס א פאַרגעפיל האָט געדריקט. א שווערער פאַרגעפיל און א מעטושטעשער אומרו. דער שפּרונג פונעם אומ־באוווסטן האָט צעפלאַכטעט דאָס קעצל אונדזערס, וואָס האָט ווייך שפּאַצירט בא די שטאַכעטן און געשמעקט דאָס גראָז. ס'איז ארויסגעלאָפן מיט א הויך אויסגעבויגענעם רוקן און מיט א מעסוקענער צישערײַ, וואָס איז באלד פאַרטויבט געוואָרן פון א לאַנגדויערנדיקן טרוקענעם הוסטן, וואָס האָט זיך דערהערט דורכן אָפענעם פענצטער.

כ'נעם דאָס קעצל, גיי ארײַן אין אלקער, הייב א קאַפּעטשקעלע אוף די קאַלדרע, מיט וועלכער גיטעלע איז צוגעדעקט, און לייג אנידער דאָס קעצל. גיטל הערט אוף הוסטן... כ'פאַר־מאַך דאָס פענצטער און עפן אוף די פאַרטקע. דאָס פענצטער וואָלט איך עפּשער ניט געדאַרפט פאַרמאַכן. נאָר דער שפּרונג איבערן פּלויט... כ'וועל בעסער אופשטיין גאַנצפרי און אופעפענען דאָס ווידער, ווען אין דרויסן וועט שוין זײַן ליכטיק.

באנאַכט האָב איך זיך פּלוצעם אופגעכאַפּט. כ'האָב אָנגעטאַפּט דעם טאַטנס ביינערדיקע פּלייצע און באַרויקט זיך. ס'איז געווען שטיל. וואָס זשע האָט מיך אופגעוועקט? אפּאַנעם, א בייזער כאַלעם. איבערן דאָרף, איבער דער באנאַכטיקער שטילקייַט האָט זיך מיטאַמאָל א קײַקל געטאָן א האַוקערײַ פון הינט. עס טרעפט זיך אָפּט. עפּעס איינעם א הונט דאַכט זיך אויס א געשפּענסט אין דער פינצטערניש, טוט ער א ביל. די שכיינישע הינט זענען גאַרניט. זיי האָבן אָבער דערהערט אן אליאַרעם־סיגנאַל פון זייער כאַווער, האַלטן זיי אים גלײַך אונ־טער, און איבערן דאָרף צעטראָגט זיך א מעסוקענע בילערײַ. כ'דערקען מיקס קאָל אויכעט. ער האַוקעט סטאַטעטשנע, באַסאָווע און דראַענדיק, מיט א כריפּענדיקן שאַלשעלעס צום סאָף. מיקס היימישע בילערײַ באַרויקט מיך, און כ'ווער ווידער אַנדרעמלט.

8

ווען כ'האָב גאַנצפרי דערזען אין דער באַנקע די ראַזשאָווע הײַטלעך, בין איך געוואָרן דערשיטערט. בלוט! בלוט זעט מען ניט פון אויבן. עס רינט ערגעץ אינווייניק. און קוים באַ־ווײַזט עס זיך, הייסט עס, אז עפּעס אינווייניק איז קאַליע געוואָרן.

איך האָב זיך שטאַרק איבערגעשראָקן.

— וואָס קוקסטו עפּעס אזוי אף מיר? — האָט מיך גיטעלע געפרעגט מיט א בלייכן שמייכל.

איך האָב זיך צעמישט.

— גאַרניט... גלאַט אזוי... וואָסי, מע טאָר ניט קוקן אף דיר? עפּשער ביסטו מיר געפעלן!

כ'בין ארויס מיט דער באַנקע אין הויף און א טראַכט געטאָן: מע דאַרף באלד זאָגן דער מומען. זי פאַפט אָבער נאָך. זי האָט ניט ליב, די מומע, אז מע וועקט זי. זי קאָן ניט, זי טאָר ניט פרי אופשטיין, — זאָגט זי, — איבער אירע קראַנקײַטן. האָב איך א סגולע. מיק.

כ'גיי צו צו אים, טו אים א ווונק, ווערט ער מאַלע־געדולע, הייבט אָן האַוקען און גרימפּ־לען מיט דער קייט מיט אזא אימפּעט, אז א טויטן וואָלט ער געקאָנט אופוועקן. די מומע באַ־ווײַזט זיך אף דער שוועל אין א כאַלאַטל זייער א דערצאָרנטע:

— ניט קיין הונט, מײַנע סאָנים. נאָר א בייז אָנשיקעניש! קענסט אים ניט זאָגן, אז ער זאָל פאַרמאַכן דעם פּיסק?

באַפעל איך מיקן:

— פאַרמאַך דעם פּיסק!

ווערט ער אנשוויגן.

זאָג איך דער מומען:

— כ'מוז אײַך עפּעס זאָגן.

שלאָגט זי מיך איבער:

— אצינד וועט מיר שוין דער קאָפּ ווײ טאָן א גאנצן טאָג. כ'מוז נאָך כאַפּן א דרעמל. אָט אזוי טוט זי א וואַרטשע און קערט זיך אום אין שטוב ארײַן. וועמען זאָל איך דערציילן דעם טאַטן? איז ער שוין אוועק אין פעלד ארײַן. איז וואָס?..

ווען איך בין געקומען צו לויפן צו אים א פאַרסאַפּעטער, האָט דער טאַטע אויסגעהערט מיך שווײַגנדיק. נאָכדעם זאָגט ער מיר:

— שפּאַן אײַן דעם בולאַנעם און פאָר נאָכן דאָקטער.

האָב איך זיך געלאָזט לויפן צוריק איבער סטעזשקעס, איבער מעזשעס, אַבי גיכער, געלאָפן פֿײַל־אויסן־בויגן דורך א שמאָלן קאָרידאָר צווישן צוויי זאַנגען־ווענט, און ווי נאָר כ׳בין געקומען צו לויפן, האָב איך גלײַך אײַנגעשפּאַנט ניקן און מיט דער בײַטש אין דער האַנט אַרײַן אין שטוב צו דער מומען:

— גיט אַכטונג אויף גיטלען, כ׳פֿאָר אין שטאָט אַרײַן.

די מומע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ פונעם קישן:

— וואָס עפּעס אַזוי פרי?

— נאָכן דאָקטער.

די מומע זעלדע האָט זיך האַסטיק א הייב געטאָן און אוועקגעזעצט זיך אין בעט:

— וואָס הייסט נאָכן דאָקטער? נאָך וואָס? נאָך וואָס?

— גיטל כראַקעט מיט בלוט.

כ׳האָב דאָס ווי אויסגעשאָסן. און גלײַך כאַראָטע געהאַט. צוויי אויגן, פול מיט גרויל און יִיעש, האָבן זיך אײַנגעשטאָכן אין מיר:

— וואָס? וואָס זאָגסטו?

האָב איך א פאָכע געטאָן מיט דער בײַטש און גענומען טרעטן אויף צוריק.

— ניט אַזוי מעסוקן. נאָר א ביסעלע... כ׳מיין, נאָר א קאַפּעטשקעלע בלוט.

די מומע איז שוין געשטאַנען אויף די פיס, געציטערט און בעשום־אויפן ניט געקאָנט טרעפן מיט דער האַנט אינעם אַרבל פונעם כאַלאַט. האָב איך איר געהאָלפן אָנטאָן אים, און די מומע האָט בעשאַסמײַסע געשלונגען טרערן. זי האָט זיך געלאָזט גיין צום אַלקער. האָב איך זי פאַרהאַלטן און געזאָגט, אַז זי זאָל אויסווישן די אויגן, גיטל דאַרף ניט זען אירע טרערן, און עפּשער האָב איך איר דאָס ניט געזאָגט. כ׳געדענק שוין ניט. נאָר אַצינד, מיט א פּופּציק יאָר שפּעטער, האַלט איך, אַז כ׳וואָלט דאָס געדאַרפט איר זאָגן, אַניט וואָלט זי געמוזט דער־ציילן איר טאָכטער די סיבע פון אירע טרערן. און גיטעלע, ווידער, האָט ניט געדאַרפט וויסן, אַז איר בלוט רינט אַרויס פון א צעבראָכענעם געפעס. די מומע האָט מיך געפאָלגט, אויסגע־ווישט די אויגן און געהאַלטן אין איין אונטערײַלן מיך:

— פאָר גיכער! פאָר גיכער! און קער זיך ניט אום אָנעם דאָקטער! און איך וועל איר דערווײַל שטעלן באַנקעס.

אין אַלקער האָב איך ווידער א מאַך געטאָן מיט דער בײַטש און געפרעגט גיטלען:

— כ׳פֿאָר קיין ליובאַטש. וואָס ברענגען דיר?

די מומע איז צוגעגאַן צום בעט, אײַנגעזויגן זיך מיט די ליפּן אין שטערן פון איר טאָכ־טער און געזאָגט:

— קיין היץ, דאַנקען גאָט, האָסטו ניט...

איר שטימע איז געווען טרוקן, קיין סימען פון טרערן. דערנאָך ענטפערט זי מיר אָנ־שטאָט דער טאָכטער:

— ברענג איר דאָס סעקל און די מופטע. די נעכט זײַנען שוין קילע.

די מומע זעלדע געפעלט מיר איצטער בעפיירעש. זי האָט, אַפּאָנעם, פאַרגעסן אין אַלע אירע קראַנקײַטן. געשטאַנען לעבן דער טאָכטערס בעט, געקוקט אויף איר מיט טרוקענע, שמייכ־לענדיקע, נאָך גאָר שיינע אויגן און געשוויגן אַזוי טיף, ווי נאָר מײַן טאַטע קען שווײַגן.

כאָטש כ׳האָב געהאַלטן די בײַטש אין דער האַנט, איז דאָס געווען ווי אויף יויצע־זײַן. ניקן האָב איך ליב געהאַט ניט ווינציקער פון מיקן, און כ׳וואָלט קיינמאָל ניט געפויעלט בא זיך א שמיץ טאָן אים מיט דער בײַטש. און נאָך וואָס? ס׳איז מיר גענוג געווען א צי טאָן די לייצעס, האָט ער שוין אַליין פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף אונטערײַלן זיך. א קלוג פערדל געווען און נאָך א שיינס דערצו. א געלבלעכס, מיט א שוואַרצן ווײדל און א שוואַרצער גריווע, זעט עס אויס ווי, לעהאַוודל, א בלאָנדינקע מיט שוואַרצע האָר. כ׳קען אָבער ניט טראַכטן וועגן ניקן. מײַן מויעך עגבערן שווערע געדאַנקען. ראָזעווע הײַטלעך... בלוט... בלוט... געשיקט זיך, אַז גיטעלע קאָן נעמען און שטאַרבן? עס ווערט מיר ניט גוט אַפן האַרצן פון דער דאָ־זיקער פראַגע. זידל איך זיך מיט די ערגסטע זידלערײַען: ווי?אַזוי האָט דיר געקאָנט קומען אויף דײַן נאַרישן סייכל אַזאַ שוידערלעכע מאַכשאָווע?.. איך בין געווען גרייט שענקען גיטעלען א העלפט פון מײַן בלוט, אַבי זי זאָל געזונט ווערן. דערמאָן איך זיך אין דער מומעס פאַריי־עשטן אָנזאָג: „קער זיך ניט אום אָנעם דאָקטער", — טו איך א צי פאַר די לייצעס, נעמט דאָס פערדל לויפן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די שוואַרצע גריווע זײַנע הייבט אָן אונטערטאַנצן. כ׳ווייס

גוט די טײַטש פון „קער זיך ניט אום אָנעם דאָקטער". כ'האָב געהאַט א קלײן ברודערל, וואָס איז געבוירן און געשטאָרבן אין אײן טאָג, אזא קלײנס, א פיצל, האָט דאָס מיטגעשלעפּט מיט זיך אַף יענער־וועלט די מוטער. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן האָב איך דעמלט א שמיץ געטאָן ניקן, ער זאָל יאָגן גיכער. ס'האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. ניק איז ניט שולדיק. דער דאָקטער איז שולדיק. ניט געוואָלט פאָרן אין דאָרף ראַטעווען מײַן מאַמען און מײַן ברודערל. און עפּשער איז דער דאָקטער אויך ניט שולדיק? עפּשער האָט ער ניט געקאָנט פאָרן? ס'איז געווען אקוראַט נאָך דער פּאָגראָם־נאַכט. א סאַך פאַרווּנדעטע געווען, און ער איז דער אײן־און־אײנציקער דאָקטער — אזוי האָט ער מיר געזאָגט. צווישן די שווער־פאַרווּנדעטע איז געווען גיטלס פאָטער, וואָס האָט צוזאַמען מיט רומערן און נאָך עטלעכע יונגען פאַרטײדיקט די ייִדן מיט געווער אין דער האַנט. איז וואָס זשע האָט ער געדאַרפט טאָן, דער דאָקטער? פאַרלאָזן די פאַרווּנדעטע און פאָרן מיט מיר אין דאָרף צו מײַן מאַמען און דעם אײפעלע?

ווען איך בין געקומען צו פאָרן מיטן פּוסטן פורל, האָט גאַליע, וואַסילס ווײַב, ארויסגע־ריסן פון מײַנע הענט די בײַטש, ארויף אַף דער קעלניע און א שמײַס געטאָן ניקן מיט אזא רעציכע, אז דאָס האַרץ האָט זיך מיר אָפּגעריסן. וואָסי? אויב אזוי — זאָגט זי — איז צו אלדי רוכעס דעם דאָקטער! מיר פאָרן צום זנאַכאַר, צו דעם שפּרעכער, צו דעם מעכאַשעף. וואָס? ווען? ווער? גאַליע האָט זיך א ביסל בארויִקט. זי זיצט באַנאַנד מיט מיר אַף די קאָזלעס און דערציילט מיר, אז אין בערעזיווקע, אין שכײנישן כוטאָר, הײסט עס, לעבט א באַרימטער זנאַכאַר אזוינס ווי אזעלעכס, מע פאָרט צו אים ווי צו א הײליקן אפילע פון ווײַטע דערפער, און ער הײלט אלעמען אויס. מע רופט אים „גאָט פון דער ערד". אזוי דערציילט מיר גאַליע און האַלט אין אײן אונטערטרײַבן דאָס פערד. ניק דערפילט א פרעמדע האַנט און נעמט זיך בריקעווען.

באַלד צעשפּילט זיך מײַן דימיען, און כ'שטעל זיך פאָר דעם מעכאַשעף, ווי עפּעס א גוואַר, א ריז מיט א לאַנגער באָרד און מיט צוויי ברענענדיקע אויגן. און עפּשער נאָר מיט אײן ברענענדיק אויג? בין איך געוואָרן שטאַרק אַנטוישט, ווען מיר זײַנען אַרײַנגעפאָרן מיט א טראַסק אין בערעזיווקע און אָפּגעשטעלט זיך קעגן דעם מעכאַשעפס „פּאַלאַץ", א כאַטקעלע מיט א שטרויענער סטרעכע. גאַליע איז גלײַך אַנשוויגן געוואָרן און מיט גרויס דרערכערעץ אָנגעוויזן מיר אַפן מעכאַשעף, וואָס איז געזעסן אײנזאַם אַף דער פּריזבע. אָ דאָס־אָ נעפּעשל איז דער גרויסער מעכאַשעף! עפּעס א קאַליקע, א קלײנס, אָן אײַנגעשרומפּנס, מיט א גרויסן קאָפּ, און א קלײניטשקן קערפּער, פּיצינקע פיסעלעך און הענטעלעך, מיט א בלײך פּאָנעם אָן א סימען פון א באָרד, נאָר מיט לאַנגע אראָפּהענגענדיקע בלאָנדע וואָנצעס. דאָס איקער־דיקס אין זײַן פּאָנעם זײַנען געווען צוויי גרויסע העלע בלויע אויגן. ווי נאָר כ'האָב זיך פאַר־טשעפּעט פאַר זיי, האָב איך גלײַך פאַרגעסן, וויִאזוי ער זעט אויס, און ווען ניט די לאַנגע וואָנצעס, וואָלט איך אים באַטראַכט, ווי א ייִנגל פון מײַן עלטער, ווי עפּעס א „קונדעסעוויטש", א ביסל א פאַרשײַטער, א ביסל א קאַפּריזער, וואָרעם ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פאָרן מיט אונדז, ווײַל — זאָגט ער — זײַן הײלונג־קויעך איז גילטיק נאָר פאַר פּראַוואָסלאַוונע.

גאַליע, א געזונטע פרוי מיט שטאַרקע מענערישע הענט — זי איז דאָך געווען דער מאַן אין איר באַלעבאַטישקײַט — האָט א כאַפּ געטאָן מיט קויעך דעם, מישטײנסגעזאָגט, גאָט פון דער ערד, און געגרעדט צו אים, ווי מע רעדט צו א צעפּעסטעטע קינד:

— איוואַנציו, דו טאָרסט אונדז ניט אָפּזאָגן. דו מוזט ראַטעווען צוויי לעבנס.

איוואַן האָט עפּעס נעבעכדיק געשטאַמלט, כ'האָב קוים פאַרשטאַנען:

— וואָס ווילט איר פון מיר? כ'בין אלײן קראַנק. כ'שטײ קוים אַף די פיס.

ער איז טאַקע, נעבעך, קוים געשטאַנען אַף זײַנע דינע פיסלעך.

גאַליע איז געוואָרן רעכט אופגעבראַכט. זי האָט אים א הײב געטאָן, אַרײַנגעשמיצט אין פורל, אוועקגעזעצט זיך לעבן אים, אַנידערגעלײגט איר שווערע האַנט אַף זײַן פּלײצע און א קאָמאַנדעווע געטאָן מיר:

— נאָ, פאָר שוין גיכער!

האָב איך א ציי געטאָן פאַר די לײצעס. ניק האָט דערקענט מײַן האַנט און א יאָג געטאָן גלײַך פונעם אָרט.

ווען מיר זײַנען ארויסגעפאָרן פונעם כוטאָר, האָט איוואַן געהײסן אָפּשטעלן זיך. ניט ווײַט פונעם וועג האָב איך דערזען א קלײנע לאָנקע, וואָס האָט אויסגעזען ניט גרין, נאָר שוואַרץ, איבערן לאַנגן פאַרנאַכטיקן שאָטן פונעם שכײנעסדיקן בערגל, וואָס האָט זי באַדעקט. גאַליע האָט געהאָלפֿן איוואַנען ארויסקריכן פונעם פורל און געלאָזט זיך גײן מיט אים, גלײַך ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, אז איר גאָט זאָל ניט מאַכן די פּלײטע. ער האָט אָבער שטרענג באַפוילן איר אומקערן זיך צוריק צו דער פור און אלײן געלאָזט זיך צום בערגל. ווי נאָר

זײַנע פּיסלעך האָבן אָנגעטאַפּט די פֿײַכטלעכע באַגראָזטע ערד פֿון דער לאָנקע, זײַנען זײַ געוואָרן ספּריטנער. פֿונדעסטוועגן האָב איך מוירע געהאַט, אַז ביז ער וועט זיך דערקלײַבן צום באַרג, וועט אונדז אויסקומען נעכטיקן אין פֿעלד. באַם באַרג־פֿוס האָט ער זיך אַראָפּגע־לאָזט אַף די קני — אין דער שטילער סורדעסדיקער בײַנהאַשמאַשעס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער נעמט זיך דאַוונען, — ער האָט אָבער ניט אופֿגעהויבן דעם קאָפּ צום הימל, נאָר אַראָפּ־געלאָזט אים נידעריק צו דער ערד, גלײַך ווי ער וואָלט געוואָלט אײַנעטעמען די רייכעס, וואָס זי דאַמפּט אויס. איצט האָב איך פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס די דאָרפֿסלײַט האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „גאָט פֿון דער ערד”. זײַנע פֿיצינקע הענטעלעך האָבן געגנומען רײַסן פֿאַרשיידענע גראָזן און פֿעלד־קווייטן. געטאָן האָט ער דאָס פּאַוואָלינקע. גאַליע איז אַרויס פֿון די קיילים און אים אָנגעהויבן זידלען. דערנאָך האָט זי טאַקע ניט אויסגעהאַלטן, אַ לויף געטאָן צו אים און געבראַכט אים צו שלעפּן אײַנינעם מיט די פּריש־אָנגעריסענע קרײַטעכצער.

מיר זײַנען פֿאַרפֿאָרן צו גאַליען. זי האָט זיך גלײַך גענומען קאָכן די קרײַטעכצער לויט איוואַנס אָנווײַזונגען, און איך בין איבערגעשפּרונגען איבערן פּלויט, אַרײַן אין שטוב צו מײַן מאַמען און מײַן קליין ברודערל, וואָס האָט אַפּגעלעבט זײַן לעבן אַף דער וועלט, ווי אַ פּלאַ־טערל, פּאָר איין מעסלעס.

די מאַמע איז געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און האָט געקרעכצט. דער טאַטע איז גע־שטאַנען באַם בעט און האָט געשוויגן. ווען כ׳בין צוגעגאַן צום בעט, האָט די מאַמע אופֿגע־עפֿנט די אויגן, און דריבנע טרערעלעך האָבן זיך אַ קײַקל געטאָן איבער אירע אויסגעמאָגער־טע באַקן.

— קום אהער... יאָסעמל מײַנס...

כ׳האָב זיך אײַנגעהאַלטן מיט אַלע קויכעס, כ׳זאָל זיך ניט צערעוועוון. מע טאָר ניט, כ׳קען נאָך אופֿוועקן מײַן ברודערל. מע הערט עס עפּעס ניט. עפּשער שלאָפֿט עס? כ׳האָב אַרײַנגע־לייגט דער מאַמעס הייסע האַנט אין מײַנער, וואָס האָט נאָך פֿאַרהיט אין זיך דאָס פֿעלד־קילבלעכקײַט, וועט דער מאַמען זײַן אָנגענעם. שטיל. ס׳איז צו שטיל. פֿאַרוואָס שווײַגט דער טאַטע? פֿאַרוואָס זאָגט ער גאָרניט? מע מוז דאָך צעווייען אַ ביסל די טויטע שטילקײַט. זאָג איך דער מאַמען:

— מיר האָבן געבראַכט אַן אַנדער דאָקטער.

די מאַמע שווײַגט. און איך הער זיך צו: פֿאַרוואָס שווײַגט דאָס ברודערל? מע שלאָפֿט דען אַזוי שטיל? ערשט אַצינד באַמערק איך אין אַ ווינקל, אַף אַ ברייטן טאַבורעט, ליגט עפּעס איבערגעדעקט מײַן מאַמעס יאָמטעוודיקער זײַדענער שוואַרצער שאַל.

אַף דער שוועל באַווײַזט זיך דער „דאָקטער” איוואַן מיט זײַן „אַסיסטענטקע” גאַליע, וואָס טראָגט אים נאָך אַ פּולע גלאָז מיט עפּעס אַ פֿליסיקײַט, אַפּאָנעם פֿון די געקאָכטע קרײַטעכ־צער. כ׳האָב געזען, ווי די מאַמע האָט געכאַפּט אַ האַסטיקן קוק אַפֿן קריפּל, און אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפֿילט מיט אַ גרויליקער בענקעניש. זי האָט געשווינד אַפּגעווענדט דעם בליק פֿונעם מעשונעדיקן מענטשעלע, און טאַקע דעמלט האָט זי, נעבעך, אויסגערופֿן:

— גיט מיר אַ שטיקל ציבעלע, כ׳בעט אײַך. עס מעלויעט מיך אַזוי אַפֿן האַרצן, אַז איך קען שוין ניט אויסהאַלטן.

איוואַן האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס זי זאָגט. נאָר ער האָט זיך, ווײַזט אויס, אָנגעשטויסן, ווי ביטער ס׳איז איר אַפֿן האַרצן. איז ער צוגעגאַן האַרט צום בעט און אָנגעשטעלט אַף מײַן מאַמען זײַנע גרויסע בלויע ליכטיקע אויגן, וועלכע האָבן געשײַנט אַף זײַן קינדעריש־אומבאַ־האָלפֿן געזיכט, וואָס איז געווען לעכערלעך פֿאַרגרימירט מיט צווײ לאַנגע אַראָפּהענגענדיקע וואָנצעס. דער מוטערס בליק איז געוואָרן ווייכער. איוואַן האָט גענומען באַ גאַליען די גלאָז, דערלאַנגט דער מאַמען און געזאָגט איר שטיל און ווייך, ניט אַראָפּלאָזנדיק פֿון איר זײַנע בלויע שײַנענדיקע אויגן:

— טרינקט אויס. עס וועט אײַך ווערן גרינגער.

די מאַמע האָט אים געפֿאָלגט, ווי אַ קינד. זי האָט אויסגעטרונקען די גלאָז מיט אַ טיפֿן זיפֿץ, און ס׳איז איר, אַפּאָנעם, טאַקע געוואָרן גרינגער. די אָנגעשטרענגטע קנייטשן אַפֿן שטערן האָבן זיך אויסגעגלעט, דער אָטעם אירער איז געוואָרן לײַכטער און רויִקער. נאָר ווען איך האָב זיך אומגעקערט צוריק אהיים נאָך דעם, ווי כ׳האָב אַפּגעפֿירט איוואַנען אין זײַן כוטאָר, האָב איך געטראָפֿן די מאַמע אַ טויטע. דער טאַטע איז געשטאַנען אָנגעלענט מיט ביידע הענט אַף דעם בעט־וועַנטל און געשוויגן. כ׳האָב געזען, ווי זײַן ברוסט ציטערט אוּף פֿון אינווייניקסטע שלוכצן. כ׳האָב אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר באַ מיר אַליין זײַנען געשטאַנען טרערן אין האַלדז. ערשט העט שפּעטער, נאָך דעם ווי איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט און פֿאַמעלעך אַנדרעמלט געוואָרן, זיצנדיק באַ דער מאַמעס בעט, האָב איך זיך פּלוצעם אופֿגע־

כאַפּט. דער טאַטע איז נאָך אַלץ געשטאַנען און געשוויגן. דעמלט בין איך צוגעגאַן צו אים און געזאָגט:

— טאַטע, גיי, שלאָף זיך אויס אַ ביסל. כ'וועל דאָ אַליין וואַכן.

דער טאַטע האָט מיר גאָרנישט ניט געענטפערט. האָב איך צוגעגעבן:

— עס זיך ניט אָפּ אַזוי דאָס האַרץ, טאַטע.

ער האָט אָבער אַלץ געשוויגן, און איך האָב שוין ניט געהאַט וואָס צו זאָגן אים. ערשט דערנאָך האָב איך זיך דערמאָנט און געפרעגט:

— טאַטע, די קו איז שוין געמאָלקן?

דער טאַטע האָט געכאַפּט אָף מיר אַ מעשונעדיקן קוק און מיטאַמאָל זיך מעסוקן צעוויינט. און מיר איז געוואָרן שטאַרק פּאַסקודנע אַפן האַרצן, וואָרעם כ'האָב קיינמאָל ניט געזען, אַז מײַן טאַטע זאָל וויינען.

## 9

דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז כ'וועל נישט טרעפן דעם דאָקטער אין דער היים. כ'האָב זיך געשעמט אופהייבן די אויגן אָף דער שלאַנקער פרוי, וואָס האָט מיר אופגעעפנט די טיר. כ'בין געשטאַנען אַ צעמישטער אָף דער שוועל, ניט געוואָלט פאַרשטויביקן מיט מײַנע שטי־וועלעך דעם ציכטיקן דיל, און דערנאָך האָב איך זי שטיל געפרעגט:

— זײַט אַזוי גוט... זאָגט מיר, ווען וועט זײַן דער דאָקטער?

די פרוי איז געשטאַנען מיט דער האַנט אָף דער קליאַמקע, אומגעדולדיק געענטפערט:

— כ'וויים אַליין ניט. אַ סאַך קראַנקע פּאַראַן, און ער מוז זיי אַלע באַזוכן.

כ'האָב מוירע געהאַט, אַז באַלד נעמט זי און טוט אַ פאַרמאַך די טיר. האָב איך געשווינד און אָפּגעהאַקט אַ געשריי געטאָן:

— איז וואָס זאָל איך טאָן?!

די פרוי האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט פון דער קליאַמקע, און איך האָב שטילער צוגע־געגעבן:

— מע האָט מיר באַפוילן ניט אומקערן זיך צוריק אָנעם דאָקטער. גיטעלע איז מעסוקן קראַנק...

די פרוי האָט אָפּגעטראָטן פון דער שוועל.

— גיי אַרײַן, ייִנגעלע. דו ביסט ניט קיין היגער?

— ניין, כ'בין פון ראַקיטנע.

— און ווער איז גיטעלע? דײַן שוועסטערל?

כ'האָב זיך אַ קווענקל געטאָן און געענטפערט:

— יאָ.

אַ שוועסטער צי אַ שוועסטערקינד — וואָס איז דער כילעק?

נאָר „שוועסטערל"? אַ שוועסטערל, וואָס איז עלטער פונעם ברודער אָף פיר יאָר. כ'האָב אָבער געוואָלט, אַז די פרוי זאָל מיר מיטפילן, וועט זי מיר העלפן אָפּזוכן דעם דאָקטער. זי האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— אַרום דרײַ אַזייגער וועט ער קומען צום מיטיק. דעמלט וועסטו אים טרעפן.

איז מיר געוואָרן אַ ביסל גרינגער אַפן האַרצן. איך בין אַרויס אָף דער גאַס כאַפּן אַ קוק, וואָס ניק טוט. כ'האָב אַנידערגעלייגט די האַנט אָף זײַן גריווע און זיך געהאַלטן מיט אים אַן אייצע, וואָס טוט מען ווײַטער. ביז דרײַ אַזייגער האָבן מיר נאָך קימאַט גאַנצע צוויי שאָ צײַט. וואָס זשע וועלן מיר זיך מאַטערן דאָ צוויי שאָ? לאָמיר צופאָרן צום זיידן, האָ? וועלן מיר געוווירע ווערן, וואָס ער מאַכט. זײַן שטיבל שטייט אין אַ קליין הייפל. וועלן מיר אַרײַנ־פאָרן, כ'וועל דיך אויספּאַנען, געבן דיר אין טאָרבע אַ ביסל האָבער, עס זאָל דיר ניט נאָגן דאָס האַרץ, און נאָכדעם וועלן מיר זען.

דעם זיידן האָב איך געטראָפן ווי טאָמיד אינעם צימערל, וואָס איז פול מיט קאָלערליי ביכער. אָף די פּאָליצעס פון אַ זייער אַלטער, נאָר בעקאַוועדיקער שאַפע. פון אויבן — אָף דער שאַפע. אַפן צעפּאָרענעם טיש, אָף די הינקענדיקע בענקלעך. זיצט ער, דער זיידע, באַם טיש און קוקט אַרײַן אין עפּעס אַ סייפער מיטן לינקן אויג. דאָס רעכטע איז באַ אים פעסט פאַרקוועטשט. אַדהײַנט ווייס איך ניט, צי ס'איז געווען בלינד, צי ער פלעגט דאָס פאַרזשמור־רען, קעדיי עס זאָל אים זײַן באַקוועמער לייענען מיטן לינקן.

ער איז שוין אַלט, דער זיידע, זײַן לאַנגע גראָווע באָרד איז צוויי מאָל גרעסער פונעם אײַנגעשרומפּענעם פּאָנעם, וואָס באַשטייט פון הוילע טונקעלע קנייטשן. ער איז געווען פאַר־

טיפט אינעם סייפער, און עפשער האט ער פּאַשעט געדרעמלט, און ער האט ניט געהערט, ווען איך בין אַרײַנגעגאַנגען.

— אַ גוט־העלף, זיידע! — האָב איך אויסגעשריגן אַ ביסל העכער ווי מע דאַרף. — וואָס זײַנען עפּעס די טירן באַ אײַך אָפן? מע קען נאָך, כאַלילע, באַגאַנווענען אײַך.

דער אַלטער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, דאָס רעכטע אויג איז באַ אים געווען נאָך אַלץ פאַרזשמורעט, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט איין אויג אַזוי גלײַכגילטיק, ווי ער וואָלט מיך ערשט נעכטן געזען, און אַ שטאַמל געטאָן מיט עפּעס אַ פאַרדומפּט־אָפּגעהאַקט קאָל פון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין עפּשער אַ וואָך צײַט מיט קיינעם ניט אויסגערעדט קיין איין וואָרט.

— אַ ראַכ־מאַ־נעס. אַ ראַכמאָנעס, נעבעך. אָף די גאַנאָווים... וואָס... וואָס האָבן זיי באַ מיר צו גאַנווענען?

שוין אָפּגערעדט, הייסט עס. און ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צום סייפער. עפּשער וויל ער עפּעס דערליינען? עפּשער האַלט ער באַ אַ פאַרדרייטער הילכע, וואָס מע טאָר ניט מאַפּסיק זײַן? פאַרבעט איך זיך אַליין: „זײַ אַזוי גוט און זעץ זיך אוועק אָף אַ הינקענדיק בענקל און וואַרט צו געדולדיק, ביז דער זאָקן וועט קומען צו־זיך". און כ'האָב טאַקע אַזוי געטאָן. כ'האָב זיך אָנידערגעזעצט מיטן פּאָנעם צום אַלטיטשקן וואַנטזייגער מיטן פאַרגעלטן ציפערבלאַט, פּאַשעט אָף ציקאַווס, געוואָלט וויסן, וויפל צײַט דאַרף האָבן מײַן זיידע, קעדײַ צו אומקערן זיך פון יענער־וועלט.

האָב איך געוואַרט און געוואַרט, און מיטאַמאָל האָט מיך פאַרדראָסן אָפן זיידן, און איך האָב אָף אַ קאָל אויסגעשריגן:

— כ'בין געקומען צו פאָרן נאָכן דאָקטער! גיטל כראַקעט מיט בלוט!

אויסגעשריגן און גלײַך כאַראָטע געהאַט. צו וואָס האָב איך געדאַרפט אָנזאָגן דעם זיידן אַזאַ גוטע בסורע? ער פאַרמאָגט אַזוי ווייניק לעבן אין זיך, אַזוי שלאַבעריק־שוואַך איז דאָס פּײַערל, וואָס טליִעט, — אַז דאָס מינדסטע ווינטעלע קאָן דאָס פאַרלעשן.

דער זיידע האָט שווער אופגעהויבן דעם ווײַסן קאָפּ אין דער שוואַרצער יאַרמלקע, אַ קער געטאָן צו מיר פּאַמעלעכן דאָס פּאָנעם מיט דער לאַנגער באָרד און דורכגעשטאַמלט עפּעס. כ'האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס. עפּעס אַ געמיש פון אומדײַטלעכע ווערטער, און צווישן זיי איינס אַזעלכס, וואָס האָט געמאַכט אָף מיר אַ מעשונעדיקן אײַנדרוק, וואָרעם עס האָט אַנט־האַלטן אין זיך אַזש פיר סווישטשענדיקע סאַמעכן, האָט עס דורכגעליאַסקעט מאָדנע ווילד און דראָענדיק.

דער ווײַזער פונעם זייגער האָט זיך ניט קיין ריר געטאָן פונעם אָרט אַפּילע אָף אַ האָר. עפּשער איבער דעם געדיכטן שטויב, וואָס האָט באַדעקט דעם זייגערס קײַלעכיק פּאָנעם. אוי, שטויב! אומעטום איז ער געווען. און איבערהויפּט אָף די טאָוולעך פון די פּילצאַליקע ספאָ־רים. מיט ליבע צו ציכטיקײַט האָב איך זיך אָנגעשטעקט פון מײַן מאַמען. און מיט ליבע צו ביכער — באַ רומערן. אַלעמאָל פלעגט ער ברענגען גיטעלען עפּעס אַ בוך, פלעגט אים לויבן אין טאָג אַרײַן. האָט שוין גיטל געמוזט אויס העפלעכקײַט איבערליינען, און ערשט דעמלט פלעגט זיך אָנהייבן אַ־סעדרע וויקוכים צווישן זיי מיקויעך דעם בוך. איך, ווידער, האָב אויי־כעט געוואָלט וויסן, איבער וואָס שפּאַרן זיי זיך אַזוי, פלעג איך אַרויסלאַקכענען בישטיקע דעם בוך און אים איבערליינען. האָבן מיר, הייסט עס, דאָ, באַם זיידן, פּיל ביכער און אַ סאַך שטויב. טו איך אַ קלער, אַז מיט איין אופּטו קאָן מען דערגרייכן צוויי צילן: אויסווישן דעם שטויב און איינצײַטיק באַקענען זיך מיט די ביכער. איך וויש אַרום בוך נאָך בוך און פרעג באַם זיידן, ווו איז גיטלס סעקל און איר מופּטע, וואָרעם כ'האָב באַקומען אַ שטרענגן באַפעל פון דער מומע ברענגען זיי צוזאַמען מיטן דאָקטער. אייצעט מיר דער זיידע, אַז איך זאָל אַליין אַ זוך טאָן. וואָרעם ער ווייסט ניט ווו. ווען מע זאָל אים פרעגן וועגן עפּעס אַ סייפער, וואָלט ער געוווּסט וואָס צו ענטפערן. סעקלעך און מופּטעס אָבער האָבן צו אים קיין שײַכעס ניט. האָב איך געמוזט אַליין אָפּזוכן די זאַכן אין אַ שאַפע, וואָס שטייט אין אַלקערל. ווען כ'האָב אָן עפן געטאָן דאָס טירל פון דער שאַפע, האָב איך דערפּילט אַ שטאַרקן רייעך פון פאַרפום און נאַפטאַלין. ערשט נאָכדעם, ווי דער גערוך האָט זיך אויסגעוועפּט, האָב איך דער־שמעקט גיטעלעס דופט. אי דאָס סעקל, אי די מופּטע האָבן אויסגעזען מאָדנע קליין און צאַרט.

פונקט דרײַ אַזייגער בין איך ווידער געווען באַם דאָקטער. איך האָב געדולדיק געוואַרט, ביז ער האָט געוואַשן און אויסגעווישט די הענט, און ערשט דערנאָך אופגעהויבן אָף מיר אַ פּאָר מידע אויגן און אַ קוק געגעבן אָף מיר גלײַכגילטיק דורך די גלעזלעך פון די פענסנע.

— פונוואַנען ביסטו?

— פון ראַקיטנע.

— איז וואָס ווילסטו?

— איר זאָלט פֿאָרן מיט מיר צו מײַן קראַנק שװעסטערל.
— כ׳קען ניט פֿאָרן.
— די מומע האָט געזאָגט, אַז אַז אײַך זאָל איך זיך ניט דערװעגן אומקערן.
— האָסט אַ שטרענגע מומע? װער איז זי?
— זעלדע גרױבערג.
— אָ! כ׳קען זי. מ׳האָט איר מאַן דערהאַרגעט?
— יאָ.
— איז װאָס איז מיט איר?
— מיט איר איז גאָרניט. מיט איר טאָכטער.
— איז װאָס איז מיט איר טאָכטער?
— זי איז קראַנק אױף די לונגען.
— איז נאָך װאָס דאַרף איך פֿאָרן קײן ראַקיטנע? זײ װױנען דאָך דאָ.
— ניין. אַצינד זײַנען זײ אין ראַקיטנע.
— װאָסי?
— איר האָט געזאָגט דער מומען, אַז דער בעסטער דאָקטער איז פּרײַ לופֿט און אַ קו. ערשט אַצינד איז דער דאָקטער געװאָרן אַ ביסל װײכער. ער האָט אַפֿילו אַ שמײכל געטאָן:
— האָט איר שױן צװײ דאָקטױרים. װאָס זשע דאַרפֿט איר נאָך אַ דריטן?
האָב איך אים שױן געמוזט זאָגן:
— גיטל כראָקעט מיט בלוט.
אַצינד װעט ער אַ פֿרעג טאָן: „װער איז גיטל?". ניין. ער פֿרעגט ניט. געדענקט, װײַזט אױס. עס קען דאָך ניט זײַן, אַז די מומע זאָל ניט געװען זײַן באַ אים. אַניט, איז װאָס האָט ער איר געדאַרפֿט זאָגן, אַז פֿרישע לופֿט איז דער בעסטער דאָקטער?
ער זעצט זיך צום טיש און פֿרעגט:
— זי ליגט?
— יאָ.
ער שנײַדט זיך אָפּ אַ ריפּטל ברױט און זאָגט:
— ניין. כ׳קען ניט פֿאָרן, כ׳האָב קײן צײַט ניט.
לאָזט זיך אױס אַ בױדעם! װאָס זשע האָט ער מיר געדרײט דעם קאָפּ און אַזױ געגנבֿעט אױסגעפֿרעגט?! ס׳איז מיר דערװידער געװאָרן קוקן, װי זײַנע קינבאַקן באַװעגן זיך, בעשאַס ער קײַט.
— װאָס הײסט איר קענט ניט פֿאָרן?..
— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב קײן צײַט ניט.
איך קאָן זיך שױן מער ניט אײַנהאַלטן, און ניט איך זאָג, נאָר איך שרײַ אױס דאָס, אַזױנס, װאָס כ׳האָב זיך אַלײן ניט געריכט:
— קײנמאָל האָט איר נישט קײן צײַט! איבער אײַך האָב איך פֿאַרלאָרן מײַן מוטער און מײַן ברודערל!
דער דאָקטער כאַפּט אױף מיר אַ קוק איבער די פּענסנע.
— ביסטעך אַן אַזעספּאַנעם! װאָס באַלעבעטשעסטו?! װאָס פֿאַר אַ מאַמע און װאָס פֿאַר אַ ברודערל?
— מײַן מאַמע! מײַן ברודערל!
לײגט ער אַװעק דעם לעפֿל און זאָגט מיר:
— װאָס זשע דאַרפֿסטו װײנען, נאַרעלע?.. אָט עס איך אָפּ, פֿאָרן מיר גלײַך קײן ראַקיטנע.
ניט עמעס. כ׳האָב ניט געװײנט. עפּשער האָט זיך אים אױסגעװיזן איבער די פּענסנע. ערשט דעמלט, װען די פֿרױ האָט מיר אָנגעגאָסן אַ טעלער יױך און ליבלעך אַ זאָג געטאָן מיר: „עס, קינד מײַנס. ערגער זיך ניט. דער דאָקטער װעט אומבאַדינגט צופֿאָרן צו אײַך...", ערשט דעמלט האָבן מיר זיך געשטעלט טרערן אין די אױגן. נאָר כ׳האָב סײַװי ניט געװײנט.
װי נאָר מיר זײַנען אַרױסגעפֿאָרן פֿון דער שטאָט, האָט דער דאָקטער געפֿרעגט:
— װאָס האָסטו עפּעס געזאָגט װעגן דײַן מאַמען און דײַן ברודערל?
האָב איך געגומען גענױ דערצײלן, װאָרעם כ׳האָב אים געװאָלט איבערבעטן. אַפֿילו װעגן זנאַכאַר איװאַן האָב איך אױך דערצײלט. כ׳האָב געװאָלט נױסעכײן זײַן באַ אים. ניט צוליב מיר, נאָר צוליב גיטעלען. האָב איך אים געזאָגט, אַז װען ער װאָלט דעמלט געפֿאָרן מיט מיר, װאָלט ער אָפּגעראַטעװעט מײַן מאַמען און מײַן ברודערל.

— איאַ?

עפּשער א מינוט פינף האָב איך געוואַרט אַף זײַן ענטפער. דערנאָך האָב איך זיך אויס־געדרייט אַף דער קעלניע און אומגעקוקט זיך. דער דאָקטער איז געזעסן מיט אן אראָפּגע־לאָזטן קאָפּ און געדרעמלט.

כ'האָב א צי געטאָן די לייצעס אין א זײַט. ניק האָט זיך, מיסטאמע, געכידעשט: וואָס ריכטעט מען אים אין א ריוו? איז גײַ דערצייל אים וועגן צווײ געפילן, וואָס אמפּערן זיך אין מיר — ראכמאָנעס און פּאַרדראָס אפן דאָקטער. דאָס פּורל האָט שאַרף א טרייסל געטאָן. דער דאָקטער האָט זיך אופגעכאַפּט, א הייב געטאָן דערשראָקן דעם קאָפּ, די פּענסנע האָבן זיך אראָפּגעגליטשט פון דער נאָז און געבליבן הענגען אפן שנירעלע. ער האָט צעמישט א ברום געטאָן:

— האַ? וואָס?..

נאָכדעם דערשראָקן געפרעגט:

— פאַראַן אין ראקיטנע באַנדיטן?

האָב איך אים גלײַכגילטיק געענטפערט:

— יאָ. פאַראַן. א סאַך.

באַלד אָבער האָט דער דאָקטער ווידער גענומען כראָפּען. האָב איך אוועקגעלייגט די לייצעס און אָנגעמאָסטן אַף זיך גיטלס סעקל.

די בײַטש האָב איך אוועקגעלייגט אין א זײַט — ניק ווייסט גוט זײַן ארבעט און קען זיך באַגיין אָן איר. ארײַנגעשטעקט בײַדע הענט אין דער מופטע. איז מיר געוואָרן מעכײַ־דיק ווארעם.

10

מיק האָט דערשמעקט אונדז נאָך פונדערווײַטנס און זיך צעהאַווקעט, אלע זײַנען ארויס־געלאָפן באַגעגענען דעם כאַשעוון דאָקטער, די מומע, דער פאָטער, די שכיינים. מע האָט גע־האָלפן דעם דאָקטער אראָפּקריכן פונעם פּורל און פײַערלעך ארײַנגעפירט אים אין שטוב ארײַן. ער האָט זיך געהאַלטן גײַוועדיק און ארומגעקוקט אלץ און אלעמען דורך זײַנע קאַלטע גלעזלעך.

די מומע האָט געהאָלפן גיטלען אראָפּלאָזן די טאַשמעלעך פון איר העמד. דער דאָקטער האָט דערזען אַף גיטלס לײַב די פלעקן פון די באַנקעס און איז געוואָרן מעסוקן אין קאַס. ער איז אָנגעפאַלן אַף דער מומען:

— וואָס פאַר אן אידיאָט האָט אײַך געהייסן שטעלן באַנקעס? עפּשער דער־אָ איוואַן, דער זנאַכער?

די מומע האָט זיך נעבעכדיק פאַרענטפערט:

— קיינער האָט מיר ניט געהייסן... כ'האָב אליין... כ'מיין, אז באַנקעס שטערן קיינמאָל ניט...

דער דאָקטער האָט זי איבערגעקרימט:

— קיינמאָל ניט! ווען א קראַנקער כראַקעט מיט בלוט, איז דאָס פאַר אים געפערלעך. איר פאַרשטייט?!

די מומע האָט גאָרנישט ניט געענטפערט. זי האָט זיך גלײַך גענומען ברעכן די פינגער. דער פאָטער איז געשטאַנען און האָט געשוויגן. גיטעלע איז געלעגן מיטן פּאָנעם אראָפּ און מיטן געפּלעקטן רוקן ארויף, געלעגן רויִק, געלאַסן, גלײַך ווי ניט זי מיינט מען. דערנאָך האָט זי זיך איבערגעדרייט מיטן פּאָנעם צום דאָקטער, א שמייכל געטאָן צו אים און געזאָגט:

— די מאַמע האָט געוואָלט וואָס בעסער. פונוואַנען קען זי וויסן, וואָס מע מעג און וואָס מע טאָר ניט.

דערזעענדיק א שיין שמייכלענדיק פּאָנעם, איז דער דאָקטער געוואָרן ווייכער, און ער האָט זיך גענומען פאַרטיפט אויסקלאַפּן מיט די האַריקע פינגער גיטעלס ברוסט.

דער דאָקטער האָט באַאריכעס געוואַשן די הענט אין קיך. די מומע דערלאַנגט אים א פרישן האַנטעך און פרעגט אים אויס בעשאַסמײַסע:

— וואָס זשע איז בא איר, הער דאָקטער? עפּשער וואָלט גלײַכער געווען אָפּפירן זי צוריק אין שטאָט ארײַן, איר זאָלט זי קענען היילן? וואָס וועט זײַן מיט איר, הער דאָקטער?

דער דאָקטער ווישט די הענט, קוקט אָף דער מומען דורך די קאַלטע גלעזלעך און שווײַגט. די מומע צעיאָמערט זיך מיטאַמאָל:

— וואָס שווײַגט איר, דאָקטער? וו־וואָס ז־זאָגט איר גאָרנישט? וואָס... וואָס איז מיט איר, דאָקטער?

דער דאָקטער האָט צוגעמאַכט די טיר פון דער קיך און געזאָגט:

— כ׳האָב מוירע... סקאַראַטעטשנאַיאַ טשאַכאָטקאַ...

די מומע האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. דער פֿאָטער האָט זי שווײַגנדיק אונטערגעהאַלטן.

ניק איז נאָך אַלץ געשטאַנען אײַנגעשפּאַנט, וואָרעם איך דאַרף אָפּפירן דעם דאָקטער אַהיים. דער טאַטע האָט אוועקגעזעצט די קרעכצנדיקע מומע אָף אַ בענקל, שעמעוודיק אַרײַנגערוקט דעם דאָקטער אין פידזשאַק־קעשענע געלט און געפרעגט אים, עפּשער וואָלט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ הון. דער דאָקטער האָט געשוויגן. האָט דער טאַטע פאַרשטאַנען, אַז ער וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט, און האָט מיר גלײַך אַ ווונק געטאָן. האָב איך אויך פאַרשטאַ־נען, אַז מע דאַרף כאַפּן אַ הון. ס׳איז שוין געווען שפּעט אָפּדערנאַכט, די הינער זײַנען גע־שלאָפן אָף דער סידעלע. מיר האָבן געהאַט צוועלף הינער. איינע פון זיי האָט געדאַרפט אַרײַן אינעם דאָקטערס אַ טעפּל. וועלכע? כ׳האָב געהאַט ראַכמאָנעס אָף אַלע. מאַלע וואָס עס איז געווען שטאָקפינצטער אין הינערשטאַל, האָב איך נאָך פעסט פאַרזשמורעט די אויגן, ווי דער זיידע, און אויסגעשטרעקט מײַן האַנט און געכאַפּט די הון, וועלכע איז אַרײַן אין מײַן האַנט. זי האָט אופגעהויבן אַ מעסוקענעם גוואַלד, און אירע עלף כאַווערטעס האָבן זי אונ־טערגעהאַלטן. האָב איך טייקעף געמאַכט די פלייטע פון דער שטאַל, איבערגעבונדן דער הון די פיסלעך און די פליגל און אַנידערגעלייגט אין פורל. דער דאָקטער איז שוין געזעסן אָף אַ ווייך־אויסגעבעט בערגעלע היי.

— וואָס זאַמסטו זיך? — האָט ער אָנגעהויבן. נאָר דערזען די הון, איז ער שטיל געבליבן.

ערשט אַצינד באַמערק איך גאַליען. עפּעס דרייט זי זיך אַרום דעם פורל. האָב איך זיך גלײַך אָנגעשטויסן און געווענדט זיך צום דאָקטער, ווי די מומע זעלדע:

— הער דאָקטער! כ׳האָב צו אײַך אַ גרויסע באַקאָשע...

— דעהײַנע?

— עפּשער וואָלט איר זיך מאַטרי׳ען געווען און אַרײַנגעגאַן צו אונדזער שאָכן. ער וווינט אָט אָ־דאָ, באַנאַנד מיט אונדז.

— וואָס איז אים דען?

— די פיס זײַנען באַ אים געליימט.

— איז מיט וואָס קאָן איך אים העלפן?

— טוט אַ קוק, כ׳בעט אײַך. עפּשער וועט איר אים קענען געבן אָן אייצע.

דער דאָקטער האָט שוין גענומען אַראָפּלאָזן די פיס פונעם פורל, און די דערפרייטע גאַליע איז טומלדיק צוגעלאָפן העלפן אים. מיטאַמאָל אָבער האָט ער אוועקגעזעצט זיך צוריק.

— מע שיסט ערגעץ... דאָ ניט ווײַט, — האָט דער דאָקטער אַרויסגעשטאַמלט.

איך האָב אויך דערהערט. אַ שאָס. נאָר כ׳האָב זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק און אויסגערופן מיט אַ מונטער קאָל:

— וואָס! ווער? קיינער שיסט ניט.

די קלוגיטשקע גאַליע האָט מיך גלײַך אונטערגעהאַלטן:

— ס׳האָט זיך אײַך אויסגעוויזן.

דער דאָקטער אָבער האָט זיך פאַראַקשנט:

— ניין. כ׳האָב אַליין געהערט. לאָמיר פאָרן. ס׳איז שוין שפּעט.

גאַליע אָבער שטייט און בעט:

— קומט אַרײַן, פּאַניע. אָף אַ רעגעלע.

איך, ווידער, אײַל זיך ניט אַרופקלעטערן אָף די קאָזלעס.

האָט ער פאַרשטאַנען, דער דאָקטער, אַז ס׳איז גלײַכער פאַר אים אַרײַנכאַפּן זיך צו וואַסילן אָף אַ ווײַלע, אַניט וועט אים קאָסטן טײַערער.

וואַסיל איז געזעסן אין זײַן ווינקעלע. ווען די טיר האָט זיך געעפנט, האָט ער אויסגע־דרייט צו אונדז דאָס פּאָנעם. ער האָט זשוואַווע אַ בליק געטאָן אָף אונדז מיט זײַנע קאַרע שמייכלענדיקע אויגן. דעם דאָקטער האָט, ווײַזט אויס, אָפּגעלייגט אַ ביסל פונעם האַרצן, וואָ־רעם ער האָט זיך געגרייט צו אַ טרעפונג מיט אַ וויסטן קאַליקע, אַ פאַרכווישעכטן. ער האָט זיך באַגריסט מיט וואַסילן און געפרעגט:

— מילכאָמע?

— מילכאָמע, — האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ וואַסיל.



— איר האָט זיך געווענדט צו עמעצן?

— ניין.

גאַליע האָט געפרעגט:

— צו וועמען?

דער דאָקטער האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס?

וואסיל האָט געענטפערט:

— ניטאָ קיין צײַט.

גאַליע האָט צוגעגעבן:

— און קיין געלט.

דער דאָקטער פרעגט:

— עס טוט אײַך ערגעץ וויי?

וואסיל, קוים וואָס ער איז זיך מוידע:

— יאָ.

גאַליע גיט צו:

— נאָך ווי?אזוי.

זאָגט דער דאָקטער:

— גוט, וואָס סע טוט וויי...

שלאָגט אים איבער גאַליע:

— נאָך א מין גוט! בעסער קען שוין ניט זײַן.

זאָגט איר וואסיל:

— מיש זיך ניט, גאַליע.

וויל גאַליע עפּעס ענטפערן. פאַרלויפט איר דער דאָקטער דעם וועג:

— אז סע טוט וויי — הייסט עס, אז סע לעבט. דאָס, וואָס איז טויט, טוט קיינמאָל ניט וויי...

אָט אזוי ריידן זיי אינדרײַען, ביז דער דאָקטער כאַפּט א קוק אף זײַן זייגערל, הייסט

גאליען אראָפּציִען פון וואסילן די הויזן, איך העלף איר, דער דאָקטער קוקט ארום וואסילס געליימטע פיס, קוועטשט זיי קונציק ערטערווײַז מיט די פינגער, וואסיל פאַרקרימט זיך פון ווייטעק, ער טוט אָבער אפילע ניט קיין קרעכץ. דערנאָך, וואשנדיק און ווישנדיק די הענט, זאָגט דער דאָקטער, אז ער איז ניט קיין ספעציאַליסט אף אזעלכע קראנקײַטן, ער מיינט אָבער, אז עס וואָלט קעדײַ געווען אראָפּכאפּן זיך קיין קיִעוו, דאָרטן עפשער וואָלט מען פון די פיס געמאכט א לײַט.

וואסיל דאנקט דעם דאָקטער און זאָגט אים:

— עפשער וואָלט געווען בעסער, אז איר זאָלט בא מיר איבערנעכטיקן?

— וואָסי? — פרעגט דער דאָקטער און פרווּוט א שמייכל טאָן. עס באקומט זיך אָבער ניט בא אים.

וואסיל ענטפערט אים רויק:

— גאָרניט. הײַנטיקע צײַטן איז באנאכט בעסער זיצן אין דער היים.

דער דאָקטער ענטפערט אים מיט א בלייך שמייכעלע:

— ניין. ס'איז אויסגעשלאָסן. מײַן פרוי קען נאָך אראָפּ פון זינען, ווארטנדיק אף מיר...

הײַדא, — זאָגט ער מיר, — פּאַיעכאַלי.

פּאַיעכאַלי — איז פּאַיעכאַלי. כ'טו א צי פאַר די לייצעס, און ניק נעמט זיך גלײַך לויפן, ווי געוויינלעך. דעם דאָקטער געפעלט עס אָבער ניט.

— א פויל פערדל האָסטו.

— וואָסי? — פרעג איך באליידיקט. ניט פאַר זיך, פאַר ניקן.

— סע לויפט פאמעלעך. גיכער קאָנסטו ניט?

זאָג איך אים:

— איך קאָן. ניק קאָן אָבער נישט.

פרעגט ער מיך:

— ווער איז ניק?

ענטפער איך אים:

— דאָס פערד.

טוט ער א צוק מיט די פלייצעס:

— וואָס עפּעס ניק?

נאָכדעם גיט ער צו:

— האָסט אים שלעכט אויסגעצאָוועט, ניקן. אָט וועל איך דיר באלד באווײַזן, וויאזוי מע דאַרף פאָרן!

ער רײַסט ארויס בא מיר די בײַטש און טוט א שמיץ דעם בולאַנעם. ניק שפּרינגט אזש אונטער. כ'מיין, ניט אזוי פון ווייטעק, ווי פון פאַרדראָס פאַר דער אומגערעכטיקייט. נעם איך צו די בײַטש באַם דאָקטער און זאָג אים:

— ניטע. ניק האָט זיך מעסוקן באליידיקט.

כ'האָב אים געוואָלט ארײַנזאָגן הארבער, אָ־דעם גײַוועדיקן און פּאכדאָנעסדיקן דאָקטער, נאָר כ'האָב דאָס ניט געטאָן צוליב דעם געשפּרעך, וואָס כ'האָב געדאַרפט מיט אים האָבן. ווי נאָר ניק האָט זיך בארויִקט, און מיר זײַנען ארויסגעפאָרן פונעם דאָרף, האָב איך גע־פרעגט:

— גיטעלע וועט שטארבן?

געפרעגט און געבעטן גאָט, אז ער זאָל מיר ניט ענטפערן. און ער האָט מיר טאַקע ניט געענטפערט. עפשער איז ער אנדרעמלט געוואָרן. ערשט דערנאָך האָט ער זיך מיטאמאָל א כאַפּ געטאָן, ווי פונעם שלאָף, ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט צו דער בײַטש, האָב איך זי אליין געגומען אין דער האנט ארײַן. האָט ער געגומען בורטשען:

— א פּאסקודנע צײַט! אוי, א פּאסקודנע... אז מע ווייסט גאָר ניט, אף וואָסער וועלט מע לעבט! נעכטן זײַנען געווען די רויטע, הײַנט — די פּעטליוראָווצעס, מאָרגן — די דעניקינצעס... כ'מוז דאָך אָבער וויסן. ס'איז זייער וואזשנע. פרעג איך אים ווידעראמאָל:

— הער דאָקטער, גיטעלע וועט שטארבן?

איך פרעג — און בעט גאָט, אז ער זאָל מיר ניט ענטפערן. און ער ענטפערט ניט. איצ־טער אָבער דרעמלט ער דאָך באשטימט ניט.

ערשט אין א צײַט ארום, ווען לינקס פונעם וועג באַווײַזט זיך דאָס שווארצע וועלדל, טוט ער א זאָג, דער דאָקטער:

— זי איז זייער שיין... אָן אווייִרע, אז זי זאָל שטארבן. מע דאַרף זי ראַטעווען...

פלוצעם האָט זיך ניק אָפּגעשטעלט. ס׳איז מיטאמאָל געוואָרן אזוי שטיל, גלײַך ווי ניט נאָר גיטעלע, נאָר די גאנצע וועלט איז אויסגעשטאָרבן. כ׳האָב פארטײַעט דעם אָטעם, אײַנגעקאָרטשעט די פּלייצעס. אָט וועט זיך באלד א וואלגער טאָן אף מיר א שוידערלעכע לאסט — כ׳ווייס אליין ניט פונוואנען. פונעם וואלד? פונעם הימל? נאָר כ׳פּיל, אז עס וועט געשען א צאָרע. כ׳ווייס אליין ניט פארוואָס. עפשער דערפאר, וואָס ניק האָט זיך פלוצעם אָפּגעשטעלט. אזוינס טרעפט מיט אים ניט. און עפשער דערפאר, וואָס ווען כ׳האָב אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ און געכאפּט א קוק אפן דאָקטער, האָב איך דערזען, אז זײַן פּאָנעם איז שרעקלעך ווײַס.

שווײַגנדיק בין איך אראָפּ פון די קאָזלעס. אינמיטן וועג, מיט צעשפּרייטע הענט און פיס, איז אומבאוועגלעך געלעגן א מענטש. מע האָט געקאָנט מיינען, אז ער שלאָפט, ווען ניט דאָס בלוט, וואָס איז צערונען געווען איבערן פּאָנעם. ס׳איז שוין פארבאקן געוואָרן, דאָס צערונענע בלוט, און בא דער קאלטער שײַן פון דער לעוואָנע האָט דאָס פּאָנעם אויסגעזען מעשונעדיק, ווי טאטויִרט. כ׳האָב ניט געקענט אָפּרײַסן דעם בליק פון דעם דאָזיקן פּאָנעם, כ׳האָב געזוכט אף דעם א ווינקעלע אָן בלוט. ארום דער נאָז האָב איך דערזען עפּעס שטארק באַקענטע שיטערע קלײַען. זיי האָבן אויסגעזען באנאנד מיט די צערונענע בלוט־שפּורן, ווי צוויי רויטע פערדלעך.

דער דאָקטער האָט שווײַגנדיק זיך אָנגעבויגן צום קערפּער.

— טויט?

— טויט.

און שוין. וואָס נאָך האָבן מיר געהאט צו ריידן?

דערנאָך האָבן מיר אופגעהויבן מאקסן און אנידערגעלייגט אים אין וועגעלע. זײַן רעכטע, שטײַפע, אומבייגיקע האנט האָט זיך שווער אראָפּגעלאָזט אף דער געבונדענער הון, וואָס האָט זיך צעפּלאָכעט און מעסוקן צעקוואָקעט זיך.

11

גיטלען האָב איך, נאטירלעך, ניט דערציילט וועגן רומערס טויט. נאָר ווען ס׳אריבער עטלעכע טעג, האָט מיך גיטל צעמישט א פרעג געטאָן:

— דו ווייסט ניט?.. כ׳מיין, עפשער האָסטו עפּעס געהערט. מאקס קומט עפּעס ניט...

האָב איך איר געענטפערט געלאסן:

— כ׳ווײַס ניט. כ׳וואַרט אף אים אויך.

גיטל האָט אָנגעשטעלט אף מיר אירע שטראליקע אויגן, וואָס האָבן אצינד אויסגעזען נאָך שווארצער איבער דער דורכזיכטיקער בלייכקײַט פון איר פּאָנעם.

— וואָס עפּעס וואַרטסטו אף אים?

ענטפער איך איר נאָך געלאסענער:

— כ׳האָב אים געוואָלט פרעגן, וויפל פעטליוראָוועס האָט ער דערהארגעט.

גיטל האָט געקוקט אף מיר מיט שטראלנדיקע פארכידעשטע אויגן.

— וואָס עפּעס פלוצעם? וואָסי, סע גייט דיר אין לעבן דערוויסן זיך דאָס־אָ?

האָב איך איר געענטפערט:

— גלאַט אזוי.

און ווײַל כ׳האָב גערעדט צו געלאסן, האָט זי זיך, אפּאָנעם, אָנגעשטויסן, אז ס׳איז ניט אזוי גלאַט. זי האָט א שמייכל געטאָן — א ביסל מאָדנע האָט זי א שמייכל געטאָן, וואָרעם די ליפּן האָבן בא איר געציטערט מערער ווי אלע מאָל, און געזאָגט:

— א שאָד, וואָס דו האָסט זיך ניט ארײַנגעכאפּט צו אים, ווען דו ביסט געפאָרן נאָכן דאָקטער. דאָס הארץ קלעמט מיר עפּעס. ס׳האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אז ער זאָל אזוי לאנג נישט קומען. עפּעס איז געשען...

און ווײַל די אויגן מײַנע זײַנען אראָפּגעלאָזט, באמערקן זיי אפן דיל, לעם דער באנקע, עטלעכע טראָפּנס בלוט. און אין דער באנקע רויטלען זיך געדיכטע הײַטלעך. ניט אומזיסט איז זי אזוי בלייך, מײַן שוועסטערקינד. יעדן טאָג פארלירט זי בלוט. דאָס הארץ רײַסט מיר, קוקנדיק אף איר. גיטעלע ליגט. אירע אויערן זײַנען אָנגעשפּיצט. אָט־אָט וועלן זיך דערהערן מאקס׳ טריט. ניין. קיינמאָל ניט. און איך האָב נאָך ניט צוגעטראכט ביז אהער קיין טערעץ, פארוואָס ער קומט ניט, מאקס. מיר האָבן אים דעמלט אָפּגעפירט אהיים, קיין ליובאטש, און די מוטער זײַנע האָט געריסן אף זיך די האָר. און איך שטיי אצינד לעבן גיטעלעס בעט און קען ניט צוטראכטן קיין טערעץ...

עס ווערט מיר מעסוקן שווער אפן הארצן. לויף איך ארויס אין הויף און נעם זיך האקן האָלץ. דערהער איך פּלוצעם וואסילס קאָל פון יענער זײַט פּלויט:

— סימכע! קום אהער אף א ווײַלע.

איך האק ארײַן די האק אין קלאָץ און לויף צו וואסילן. זײַן קאָל געפעלט מיר ניט. עפּעס זייער אן אופגערודערטס. און דאָס פּאָנעם זײַנס געפעלט מיר אויכעט נישט. זייער א פאר־דײַגעטס.

— וואָס איז געשען? — פרעג איך אים.

— ס׳איז שלעכט, סימכעניו. פּארט אוועק.

בין איך געוואָרן צעמישט:

— וואָס הייסט פּארט אוועק? וואָס פּלוצעם? און וועןֹ און וווהין?

טוט וואסיל א שעפּטשע:

— באלד! טייקעף פּארט אוועק. זאָל זײַן, קיין ליובאטש. פּארט א שטאָט. איר וועט מוזן דאָרטן איבערוואַרטן, ביז אונדזערע וועלן זיך אומקערן.

שטיי איך א צעמישטער און וויס ניט וואָס צו טאָן, וואָס צו זאָגן, וואָס צו טראַכטן. צעדרויבלטע געדאַנקען שטויסן זיך, אמפּערן זיך, שטיקן זיך אין קאָפּ — און וואָס וועט זײַן מיט גיטעלען? און וואָס וועט זײַן מיט מיקן? מיט ניקן? מיט טיקן? מיט קאַלינען? מיט די עלף הינער? שטיי איך אזוי. וואסיל קוקט אף מיר פארזאָרגט און שעפּטשעט:

— זוך אָפּ טייקעף דעם טאַטן און זאָג אים דאָס אין מײַן נאָמען.

דאָס פינפטע מאָל כאַזערט ער איבער דאָס וואָרט „באלד” און „טייקעף”. לויף איך אין פּעלד צום טאַטן און דערצייל אים.

דער טאַטע האָט מיך אויסגעהערט, געשטאַנען, געוויסט דעם שווייס פונעם שטערן און געשוויגן. עפּשער פינף מינוט איז ער געשטאַנען אומבאוועגלעך, ווי א פּריטשמעליעטער, און געשוויגן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— כ׳פאָר אין ערגעץ ניט. ס׳אי מײַן היים.

אפּדערנאַכט האָב איך אָפּגעבונדן מיקן. דער הונט האָט גלײַך געטומען שפּרינגען אף מיר. דער הימל איז געווען טונקל, און די שטערן העל. צווישן זיי — צוויי באַקאַנטע, היימי־שע, די־אָ, וואָס גאַליע האָט געזאָגט אף זיי, אז דאָס זײַנען די נעשאָמעס פון מײַן מאַמען און מײַן ברודערל. כ׳האָב זיך געלאָזט גיין אין סאָד ארײַן. נאָך וואָס? כ׳האָב דאָך עפּעס געהאַט אין זינען? יאָ. געוויס. נאָר עפּעס א בייז פײַער האָט מיר איבערגעשלאָגן די געדאַנ־קען. צווישן די ביימער און איבער זיי האָב איך דערזען א העל באַשײַנטע שטאָט, וואָס העגנט אינדערלופטן, א צוגענאָגלטע צום מײַרעוודיקן הימל־ראַנד מיט גילדענע גויסענדיקע זונען־שטראַלן. שוואַרצע שפּיציקע פּאַלאַצן, וואָס ברענען אין פײַער. און צווישן זיי — רויטע רײַטער אף רויטגרייוויקע אופגעשטיגענע אף די הינטערשטע פיס פערד. האָב איך זיך גלײַך דערמאָנט, וואָס כ׳האָב געהאַט אין זינען. גוווּרוּ! אָט איז ער, דער טורניק מײַנער. וועל איך באַלד א פּרווו טאָן, וויאַזוי די מוסקולן מײַנע שפּילן. גוט. פעסט. גייענדיק, האָב איך אָפּגעריסן פון א ווײַנשל־בוים צוויי רויטע אוירינגלעך, דערנאָך האָב איך פארגלט די פירטקע, ארויסגעשלעפּט די האַק פונעם קלאָץ און שטרענג אָנגעזאָגט מיקן, ער זאָל ניט שלאָפן אין זײַן קאַנורע, נאָר וואַכן באַם טויער. נאָכדעם האָב איך א שטופּ געטאָן מיטן פוס די טיר — ביידע הענט זײַנען בא מיר געווען פארנומען, איינע האָט פעסט פארקוועטשט די האַק, און אין דער צווייטער האָב איך זאָרגעוודיק געהאַלטן צוויי ווײַנשל־אוירינגלעך — אזוי בין איך איבערגעטראָטן די שוועל. איך האָב א טראַכט געטאָן: וואסיל האָט געקאָנט זיך טועה זײַן. מאַלע וואָס דער שיקערער באַרימער גאַרדי האָט געקאָנט אָנבאַלעבעטשען. און עפּשער האָט ער ניט געוואָלט ריזיקירן, וואסיל? ער האָט מעסוקן איבערגעלעבט רומערס טויט, און ער האָט, מיסטאָמע, געוואָלט, מיר זאָלן אויסמײַדן יעדן מין סאַקאָנע, וואָרעם וואָס קאָן ער אונדז העלפן מיט זײַנע געליימטע פיס?

צוערשט בין איך ארײַנגעגאַן אין קיך און אומבאַמערקט אוועקגעשטעלט די האַק אין א טונקל ווינקל, וואָרעם ווען די מומע זעלדע וואָלט מיך דערזען מיט דער האַק אין דער האַנט, וואָלט זי גלײַך אָנגעהויבן כאַלעשן. דערנאָך בין איך ארײַנגעגאַן אין אַלקער און אופגעהאַנגען אף גיטעלעס אויערן די צוויי ווײַנשל־אוירינגלעך. און קימאַט באַלד האָט זיך דערהערט מיקס האווקערײַ און א הילכיק קלאַפּערײַ אינעם טויער. גיטעלע איז געוואָרן בלייך.

ניין. גיטעלע איז ניט געוואָרן בלייך. גיטעלע איז געווען בלייך. ס׳האָט זיך מיר עפּשער אזוי אויסגעוויזן די ערשטע רעגע. אין דער צווייטער רעגע האָט זיך, פאַרקערט, איר פּאָנעם צערויטלט, און ווען די איבערגעשראָקענע מומע, און נאָך איר — דער טאַטע זײַנען ארײַנ־

געלאָפן אין אַלקער, זײַנען זיי געוואָרן געפּלעפּט: דאָס מיידל איז געשטאַנען קעגן שפּיגל, געפאַרבט די פאַרטריקנטע ליפּן, געפּודערט דעם שוויסיקן שטערן און די נאָז, זי האָט צעקעמט אירע לאָקנס און צעלאָזט זיי איבער די פּלייצעס. ס'האָט זיך דערהערט א געפערלעכער טראַסק — דער טויער האָט געפּלאַצט. מיק איז שוין הייזעריק געוואָרן פון בילערײַ, דערנאָך האָט דורכגעשאַלט א שאָס, די האַווקערײַ האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעריסן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן דערשאָסן מיקן. ס'האָט זיך דערהערט א טופּערײַ איבערן הויף, די מומע איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרגליווערט־געפּלעפּט, מיט ברייט צעעפנטע אויגן, דער טאַטע האָט אָנגעשטרענגט געשוויגן. איך בין אַרײַן אין קיך. געכאַפּט די האַק און געשטעלט זיך לעבן דער שוועל. גיטעלע אָבער האָט מיך מיט קויעך אָפּגעשטופּט, געעפנט די טיר, איבערגעטראָטן איבער דער שוועל, אַרויס אין הויף און געלאָזט זיך גיין גלײַך אויף די צעיושעטע שיקערע קוילערס. און ווען זיי האָבן פּלוצעם דערזען קעגן זיך א ווײַסע זעונג מיט צעלאָזטע שוואַרצע האָר, זײַנען זיי מיטאַמאָל געבליבן שטיין. א שוואַרצע וואַנט קעגן א ווײַס געשפּענסט. א ווײַלע, ניט מערער, האָט געדויערט די פאַרגליווערטע שטיל־שוויַיגניש. און ווען גאָרדי האָט זיך שווער אָפּגעטיילט פון דער וואַנט, אַנטשלאָסן א שפּאַן געטאָן צו דער ווײַסער זעונג און רעציכעדיק א כאַפּ געטאָן גיטעלען פאַרביידע הענט, און מיר אַלע דרײַ האָבן זיך א וואָרף געטאָן צו אים, איך — מיט דער האַק, די מומע — מיט א שרעקלעכן קוויטש, און דער פאָטער, שוויַיגנדיק, מיט זײַנע שווערע פויסטן, האָב איך פּלוצעם פאַרשטאַנען, אַז מע וועט אונדז הארגענען. נאָר גאָרדי האָט סײַוויסײַ פאַרשפּילט, די שוואַרצע וואַנט האָט זיך געשפּאָלטן, און אין דער שפּאַרונע האָט זיך באַוויזן גאַליע. זי האָט האַסטיק אונטערגעשטופּט דאָס ווענגעלע. וואַסיל רײַסט זיך פון דעם און שרײַט, טרייסלענדיק מיט די פויסטן, מיטן גאַנצן ווען זײַנעם:

— גאָרדי! גאָר־די! האָב גאָט אין האַרצן! איין מאַמע האָט אונדז געבוירן!

גיטעלע האָט זיך פּלוצעם צעהוסט. א שטראָמעלע בלוט האָט זיך א גאָס געטאָן דורך איר האַלדז און פאַרפלעקט דאָס ווײַסע קלייד. עטלעכע טראָפּנס בלוט האָבן א שפּריץ געטאָן אויף גאָרדיס פּאָנעם. ער האָט אָפּגעלאָזט אירע הענט און שוויַיגנדיק פאַרקערעוועט צו דער פירטקע. דאָס געזעמל איז אים נאָכגעגאַן, און אינעם הויף איז ווידער געוואָרן גרעאַם, שטיל. מיר האָבן אַרײַנגעפירט גיטעלען אין שטוב און באַלייגט זי אין בעט. איך בין טייקעף ווידער אַרויסגעלאָפן, געשווינד אײַנגעשפּאַנט ניקן און צעפּראַלט דעם טויער. אין אײַלעניש האָב איך זיך פאַר עפּעס פאַרטשעפּעט. כ'האָב זיך אומגעקוקט — מיק. כ'האָב זיך אָנגעבויגן, א גלעט געטאָן זײַן שוואַרצן קאָפּ, ניט געקאָנט מער אויסהאַלטן און צערעוועט זיך, ווי א קינד. דערנאָך בין איך אַרויף אויפן פורל, א צי געטאָן די לייצעס און שטאַרק געבעטן ניקן, ער זאָל לויפן וואָס גיכער, וואָרעם מע דאַרף ראַטעווען גיטעלען.

ווען איך בין געקומען צו פאָרן מיטן דאָקטער, איז גיטעלע שוין געווען טויט. זי איז געלעגן אין בעט, ווי א לעבעדיקע. דאַפּקע די בלוטיקע פלעקן אויפן ווײַסן קלייד האָבן געמאַכט זי לעבעדיק. די ליפּן אירע זײַנען געווען נאָך רויטלעך פון דער פאַרב, און די רויטע ווײַנשל־אויערינגלעך האָבן באַלעבט איר זייער ווײַס געזיכט. די מומע זעלדע טרײַבט פונעם בעט דאָס קעצל, וואָס האָט זיך פאַרטײַעט צופוסנס און געקוקט אויף אונדז פון ווינקעלע מיט גרינע אויגן. זי טרײַבט עס און הערט ניט אויף שטיקן זיך מיט די טרערן. אַלעמאָל שלעפּט זי אַרויס דאָס נאַסע טיכעלע, וואָס איז אַרײַנגעשטעקט אונטערן אַרבל פון איר קאָפטל, און דריקט דאָס צו די אויגן. דער טאַטע שטייט און שוויַיגט. איך קוק שטאַר אויף דעם ראָזעווע מופּטעלע, וואָס וואַלגערט זיך אויפן דיל, קוק שטאַרק אָנגעשטרענגט און דערמאָן זיך פּלוצעם דאָס וואָרט, וואָס דער זיידע האָט אויסגערעדט מיט א פאַרזשמורעט אויג, א מעשונעדיק וואָרט מיט פיר סווישטשענדיקע סאַמעכן... מיס־בוי־סע־סעס... וואָרעם אויסאָך מיסבויסעסעס בעדאָמאָך... דער זיידע פלעגט נאָך צוגעבן: וואָוימאַר לאָך בעדאָמײַיִך כײַי, וואָוימאַר לאָך בעדאָמײַיִך כײַי..[1] צוויי מאָל פלעגט ער דאָס איבערכאַזערן. ווי עפּעס א ליד־רעפרען... ניט שטאַרב, גיטעלע, נאָר לעב מיט דײַן בלוט...

דער דאָקטער איז געשטאַנען און פאַרכידעשט געקוקט אויף מיר דורך די פענסנע, געכידעשט זיך, וואָס איך רעד מיט זיך אַליין און סווישטשע צו דערבײַ. ער האָט, אַפּאָנעם, איבערגעטראַכט, אַז איך קען נאָך אַראָפּ פון זינען, וועט ניט זײַן, ווער סע זאָל אים אָפּפירן אַהיים.

---

[1] און כ'האָב דערזען, ווי דו וואַלגערסט זיך אין דײַן בלוט... האָב איך דיר געזאָגט: מיט דײַן בלוט זאָלסטו לעבן...

■ ■ ■

פ י נ י ע  ק י ר י ט ש א נ ס ק י *

# צו אונדזערע שוועלן

## מ<0x05D9>ַ<0x05D9> ן  ה י י ם

מײַן היים איז אָט דאָרט, ווו די זון אין באגינען
די שטראַלן צעשפּרייט אַף די פעלדער די גרינע,
עס ציט זיך מײַן היים אַף אומענדלעכע ווײַטן,
די זון גייט איר נאָך, ווי א גאָלדענער שײַטער.
מײַן היים איז אויך דאָרט, ווו צו קאָסמישע הייכן
געבראַכט האָט גאַגארין דעם ערדישן שמייכל.
פונוואַנען איר זאָלט צו מײַן היים נאָר ניט קומען,
באַגעגענען וועט אײַך דער פרילינג, דער זומער
מיט דופטיקן רייעך פון בעז און פון לאַנדיש.
א פרײַנט ווערט באַגעגנט אַזוי, און ניט אַנדערש.
נאָר איידער איר קומט נאָך צו אונדזערע שוועלן,
זאָל פרידן בא אײַך אין די הערצער צעהעלן.
און איר זאָלט, כאָלילע, מיט זיך ניט פאַרטראָגן
אַזוינס, וואָס קאָן ברענגען דער היים מײַנער שאָדן.
אויב עפּעס פאַרבאָרגנס איר טראָגט פונדערווײַטנס,
פאַרשלאָסן מײַן היים איז פון אַלע פיר זײַטן.

## א י ן  ו ו א ל ד

אין וואלד — א געוויטער,
א בוים פאַלט צו דר'ערד.
דאָס האַרץ טוט א ציטער,
ס'ווערט איימעדיק שווער.

כ'דערמאָן זיך: מײַן ראָטע
פאַרטײַעט אין וואלד.
פון פײַנטלעכע דאָטן
עס פײַערט און קנאַלט.

קאָן זײַן, אַז די ביימער,
וואָס פאַלן אָט הײַנט, —
זיי האָבן ניט איין מאָל
באַשיצט מיך פון פײַנט.

ווען קאָנען כ'וואָלט איצטער
זיי ווערן א דאַך
און צודעקן, שיצן,
דעם וואלד אין דער נאַכט.

נאָר ווערן איך קאָן ניט
קיין דאַך מיט קיין ווענט,
איז נעם איך אַרום כאָטש
איין בוים מיט די הענט.

## דער באַגלייטער

עטוואָס נידעריקער פון מײַן לינקן אויער
ליגט א מינען־שפּליטער און ער נאָיעט, נאָיעט...
קלענער פון א זוימעלע איז דער בלינדער שפּליטער,
דאָך האָבן די זאַנגען הייס פאַר אים געציטערט.
ווען געפלויגן איז ער און די לופט געשפּאַלטן,
האָבן אים די זאַנגען ווייצענע פאַרהאַלטן.
פול מיט מילך זיי ווערן איצטער אָנגעגאָסן,
איך בין גרייט א נעם טאָן אין די הענט א קאָסע —
און די זאַנגען שנײַדן, האַסטיק בינדן סנאָפּעס,
און די פרישע זאַנגען לייגן זיך צונויף.

כ'וואָלט אצינד ניט קאָנען שרײַבן אָט די סטראָפעס,
ווען דער בלינדער שפּליטער וואָלט אין מויך געטראָפן.
ס'האָבן אים די זאנגען אָפּגענייגט, דעם שפּליטער,
ווײַל נאָך ניט דערזונגען האָב איך מײַנע לידער.
אכצן נײַע הויטן האָבן זיך געביטן,
נאָך ניט אײַנגעשטילט דער ווייטעק פונעם שפּליטער.
אָט דער שטילער ווייטעק, ביזן מארך דערגייט ער,
אכצן יאָר דער שפּליטער איז שוין מײַן באגלייטער.
צו די ווײַטסטע ווײַטן, צו די ברייטסטע ברייטן,
ביז מײַן לעצטן אָטעם בין איך טראָגן גרייט אים.
ווען די פּולווער־קעלערס וועלן ווערן ליידיק,
וועט אין מיר זיך שטילן דער מילכאָמע־ווייטעק.

---

# בראָניק

## וואָס לייענען וועגן דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

אונטער אזא נאָמען האָט די ביראבידזשאנער געגנטלעכע ביבליאָטעק אף שאָלעם־אלייכעמס נאָמען ארויסגעגעבן אין דער פאָרם פון א בראָשור א ביבליאָגראפישן אָנצײַגער, וועלכער שליסט אין זיך אײַן אריבער 500 נעמען פון בייכער, בראָשורן, ארטיקלען, קינסטלערישע ווערק און זאמלונגען, וואָס גיבן א מעגלעכקײַט זיך צו באקענען מיט דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זינט איר אנטשטייונג און ביז הײַנטיקן טאָג.

אלע אָנגערופענע ווערק זײַנען באגלייט מיט קורצע אנאָטאציעס.

די בראָשור (אווטאָר — ט. קאָנסטאנטינאָווא) באשטייט פון 11 טעמאטישע אָפּטיילן: אלגעמיינע כאראקטעריסטיק פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט; שטעט און ראיאָנען פון דער געגנט; נאטור און נאטור־רײַכטימער; די פאָלקסווירטשאפט; קולטור און קונסט; דאָס ליטערארישע לעבן אאא.

עס ווערן דערמאָנט די ווערק פון פיל ייִדישע שרײַבער: מ. אלבערטאָן, ב. אָליעווסקי, ד. בערגעלסאָן, כ.ביידער; אי. בראָנפמאן, ש. גאָרדאָן, א. גאָלדשטיין, ל. וואסערמאן, א. ווערגעליס, ד. האָפשטיין, ע. קאזאקעוויטש, אי. פעפער, אי. כאריק.

די נײַע בראָשור וועגן דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז אָ וויכטיקע מעטאָדישע הילף ניט בלויז די לעקטאָרן, פראָפּאָגאנדיסטן און פּעדאגאָגן, נאָר אויך די ברייטע מאסן לייענער.

## א רוסישע אויסגאבע פון שיקע דריזס לידער

דער מאָסקווער פארלאג „כודאָזשעסטווענאיא ליטעראטורא" („קינסטלערישע ליטעראטור") האָט ארויסגעגעבן אין א טיראזש פון צען טויזנט עקזעמפּליארן א באנד פון שיקע דריזס דיכטונג אונטערן נאָמען „די פערטע סטרונע".

די איבערזעצונגען פון די ליידער, וועלכע גייען ארײַן אין דער נײַער זאמלונג, האָבן געמאכט די רוסישע דיכטער ב. סלוצקי, ג. סאפגיר, ט. ספּענדיאַראָווא, ר. סעף, א. סענדיק, יו. מאָריץ, א. רעוויטש.

די נײַע אויסגאבע איז באגלייט מיט אן ארײַנפיר־ארטיקל פון לעוו אָזעראָוו.

שיקע דריזס ייִדישע לידער־זאמלונג אונטער דעם זעלבן נאָמען איז מיט א צײַט פריִער דערשינען אין פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל". קינסטלעריש אויסגעפורעמט האָט זי דער באוווסטער ביכער־גראפיקער ש. טעלינגאטער.

## נאָכעם אלפערטס אקווארעלן אף אן אלפארבאנדישער אויסשטעלונג

אין מינסקער רעפּובליקאנישן פּאלעץ פון אויסשטעלונגען איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן די פערטע אלפארבאנדישע עקספּאָזיציע פון אקווארעלן, אין וועלכער עס האָבן זיך באטייליקט צען קינסטלער פון דער סאָוועטישער ליטע, צווישן זיי דער באקאנטער ייִדישער מאָלער נאָכעם אלפערט. נ. אלפערט איז געווען פאָרגעשטעלט מיט צוויי אקווארעלן פון זײַן סעריע אלט־ און נײַ־ווילנע.

■ ■ ■

כאַים ביידער

# אַנטפּלעקטע סודעס

**אומבאַקאַנטע דאָקומענטן וועגן מענדעלע מוכר־ספֿרים, געפֿונענע אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער מעלוכע־אַרכיוו**

צווישן די שטעט, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיט מענדעלע מוכר־ספֿרימס לעבן און שאַפֿונג, פֿאַרנעמט קאַמענעץ־פּאָדאָלסק גאָר א וויכטיק אָרט. ערשטנס, איז דאָס געווען די שטאָט, וווּ עס האָבן זיך פֿאַרענדיקט די לאַנג־יאָריקע וואָגלעניש פֿונעם יונגן שאָלעם אַבראַמאָוויטש, וואָס עס האָט אים געבראַכט צו א שטיקל טאַכלעס אין לעבן. צווייטנס, האָט ער דאָ באַקומען א מעגלעכקײַט זיך באַהעפֿטן צו עכטער בילדונג און איז אַליין געוואָרן א לערער. דריטנס — און דאָס איז גאַנץ מערק־ווירדיק, דאָ האָט דער קינפּטיקער קלאַסיקער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אָנגעשריבן דאָס ערשטע ווערק.

און דאָך איז דער קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער פּעריאָד אין מענדעלעס לעבנסגעשיכטע ביז הײַנטיקן טאָג פֿאַרבליבן ווייניק אויסגעפֿאָרשט. לויט דעם, וואָס עס איז אונדז באַוווּסט פֿון פֿאַרשיידענע פּובליקאַציעס, זײַנען אויך אין דעם פֿאַרפֿאַלן געוואָרענעם בײַס דער לעצטער וועלט־מילכאָמע מענדעלע־אַרכיוו אין אָדעס געווען זייער ווייניק דאָקומענטן וועגן אָט דעם פּעריאָד.

פֿאַרוואָס עס האָט אַזוי פּאַסירט, איז פּאַ־שעט צו באַוווּנדערן: ניט שוין זשע האָט קיינער פֿון די מענדעלע־פֿאָרשער זיך קיינמאָל ניט געכאַפּט, אַז מע דאַרף א נישטער טאָן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער מעלוכע־אַרכיוו, און וועלכן עס ווערן אָפּגעהיט מאַטעריאַלן פֿאַר צוויי־דרײַ יאָרהונדערטער? ס׳איז דאָך געווען באַוווּסט, אַז, זײַענדיק אין קאַמענעץ, האָט שאָלעם אַבראַמאָוויטש אָפּגעגעבן עקזאַמענעס אויף א לערער און געאַרבעט א געוויסע צײַט אין א קאַזיאָנער ייִדישער שול. אַרן וואָראָ־בייטשיק, דער היטער פֿונעם אָדעסער מענ־דעלע־אַרכיוו, וועלכער האָט געוווּסט מאַמעש אַלץ, וואָס האָט א שײַכעס צו דעם גרויסן קלאַסיקער, האָט אין 1936, שרײַבנדיק וועגן אָן ערנסטן איניען אין דער מענדעלע־פֿאָר־שונג (וועגן אָט דעם איניען וועלן מיר רעדן שפּעטער), באַמערקט:

„פֿאַר די קיִעווער כאַוויירים שטייט איצט די אויפֿגאַבע אויפֿצוזוכן דעם דאָזיקן „איניען" אין קיִעווער געגנטלעכן אַרכיוו. דאָרט געפֿינען זיך דאָך זיכער אייניקע דאָקומענטן, וואָס קאָנען האָבן א געוויסע באַדײַטונג פֿאַר דער מענדעלע־פֿאָרשונג. די מינסקער כאַוויירים האָבן אויך געדאַרפֿט א נישטער טאָן אין די מאַטעריאַלן..."

קיִעוו, מינסק... און ווי איז מיטן קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער אַרכיוו? קיינער האָט זיך אין אים ניט דערמאָנט, קיינער האָט אין ערגעץ ניט אָנגעוויזן, אַז אויך ער וואָלט געקאָנט צוניץ קומען.

איז עפּשער, האָבן מיר א טראַכט געטאָן, האָט א זין צו פּרוּוון דאָס מאַזל איצט?

ספּייקעס זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, געווען. קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָט פֿאַרט, פּונקט ווי אַנדערע שטעט פֿון אוקראַיִנע, איבערגעלעבט אַזאַ שוידערלעכע פֿאַשיסטישע אָקופּאַציע, וואָס נאָך איר איז 95 פּראָצענט פֿון דער אַזויגערופֿענער

„אַלטער שטאָט" רויִנירט געוואָרן. און, ווי אונדז איז באַוווּסט, האָט זיך דער געגנטלעכער אַרכיוו געפֿונען טאַקע אין אָט דעם טייל פֿון דער שטאָט. וואָס זשע איז פֿון אים פֿאַרבליבן? איז דאָפּקע געשען אַ נעס: ווען די פֿאַשיס־טישע שפּאַרבערס האָבן באָמבאַרדירט קאַ־מענעץ־פּאָדאָלסק און אַלץ אַרום האָט גע־ברענט, איז דאָס פֿײַער דאָך ניט דערגאַנגען צו די קעלערן פֿונעם אַרכיוו אָף דער שטילער ראָזע־ליוקסעמבורג־גאַס, באַם סאַמע ברעג פֿונעם טײַך סמאָטריטש, ווו ס'איז געווען די געבײַדע פֿונעם אַרכיוו.

אויב אַזוי, פֿאַרוואָס זאָל ניט געשען דער צווייטער נעס און עס זאָלן זיך ניט אָפּזוכן אין אַרכיוו דאָקומענטן וועגן מענדעלען?

און דער נעס איז געשען...

## שאָלעם אַבראַמאָוויטש, דער לערער פֿון דער קאַמענעצער קאַזיאָנער ייִדישער שול

צוערשט: ווען איז שאָלעם אַבראַמאָוויטש געקומען קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק? אין אָט דער פֿראַגע איז אין דער מענדעלע־פֿאָרשונג היפּש אָנגעפּלאָנטערט. אָט, אַשטייגער, אין נאָכמען מײַזילס „מענדעלע־בוך":

„1854 — זיך אומגעקערט צוריק קיין קאַפּו־ליע; געלערנט אין בעסמעדרעש; געטראָפֿן זיך מיט דעם שנאָרער אווּרעמל דעם הינקעדיקן (דעם פּראָטאָטיפּ פֿון „פּישקע דעם קרומען"); געלאָזט זיך מיט אים וואַנדערן דורך ליטע, איבער וואָלין, אוקראַיִנע און פּאָדאָליע; געליטן נויט; אויסגענוצט געוואָרן דורך אווּרעמלען צו בעטלערישע צוועקן; אויסגעדרייט זיך פֿון אַ שידעך אין לוצק, אין וועלכן אווּרעמל האָט געהאַט אַ האַנט; צום גליק, געטראָפֿן זיך אין וועג מיט אַ יונגט־כאַוועד און זיך דערשלאָגן קיין קאַמענעץ, ווו זײַן וואַנדערונג האָט זיך פֿאַרענדיקט... כאַסענע געהאַט, געהאַט צוויי קינדער, וואָס זײַנען געשטאָרבן, און לעסאָף זיך געגעט מיט דער פֿרוי.

1856 — אָפּגעגעבן לערער־עקזאַמען, גע־וואָרן לערער אין דער קאַמענעצער ייִדיש־קרוי־נישער שול..."

דאָס זעלבע אין „לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור":

„...ער האָט באַשלאָסן מיטצופֿאָרן מיט אווּ־רעמלען אָף אַ נעסיִע קיין דאָרעם־רוסלאַנד. באַלד נאָך פּייסעך (1854) האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן... אַזוי איז מענדעלע אָנגעקומען קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק"...

כאָטש לויט דער מערהײַט פֿאָרשונגען (אַרײַנגערעכנט ש. קליטעניקס בוך „מענדעלע מויכער־ספֿאָרים", דעם צונויפֿגעשטעלטן פֿון י. סערעבריאַני בוך „מענדעלע מויכער־ספֿאָ־רים. זײַן לעבן און שאַפֿן" אאַ.) איז דער יונ־גער שאָלעם אַבראַמאָוויטש געקומען קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אין 1854. איז אָבער פֿאַראַן אַ גוטער אָריִענטיר, וואָס אָן אים באַגייט זיך ניט קיין איין מענדעלע־פֿאָרשער: דאָס, וואָס אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָט שאָלעם אַבראַ־מאָוויטש זיך באַגעגנט מיט אַווראָם־בער גאָט־לאָבערן. לאָמיר זשע אויסהערן גאָטלאָבערן גופֿע:

„אינעם יאָר 1852 בין איך געקומען קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, געשיקט פֿון דער רעגירונג דאָרט צו זײַן לערער אין דער ייִדישער שולע צווייטער ראַזריאַד. אין דעם זעלבן יאָר איז צו מיר געקומען אַ ייִנגל אַ ליטוואַקל, גאָר אַ יונגס, לערעך 16 אָדער 17 יאָר אַלט... דאָס ייִנגל איז דער איצט באַרימטער ה' שאָלעם־יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש"[1].

הייסט עס, אַז שאָלעם אַבראַמאָוויטש איז קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק געקומען אין 1852, און ניט אין 1854. אַלנפֿאַלס, אַ.־ב. גאָטלאָבערן איז געווען גוט באַוווּסט, ווען מע האָט אים געשיקט קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און, בעמיי־לע, ווען צו אים איז געקומען דער באַכער פֿון קאַפּוליע. נאָך מער, מענדעלע גופֿע ווײַזט פּינקטלעך אָן דאָס יאָר, ווען ער איז געקומען קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק:

„...דאַן, מײַן ליבע, וועל איך דיר אויך דער־ציילן מײַנע האַרץ־פֿריידן, וואָס איך בין פֿרײַ געוואָרן פֿון דער זעקסיאַריקער (אונטער־געשטראָכן פֿון אונדז. — כ. ב.) געפֿאַנגענ־שאַפֿט אין קאַמענעץ".

די דאָזיקע ווערטער האָבן מיר גענומען פֿון מענדעלעס אַ בריוו צו זײַן קאַלע פֿעסיע לעווין, געשריבן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק דעם 2 מאַרט 1858. „זעקס יאָר „געפֿאַנגענשאַפֿט אין קאַמענעץ" — וואָס קאָן זײַן נאָך פּינקט־לעכער![2]

אופֿגעשטעלט די פּינקטלעכע דאַטע פֿון מענ־דעלעס אָנקום קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, דה. אין 1852, — קאָנען מיר שוין אַריבערגיין צו דער פֿראַגע וועגן דעם, ווען איז שאָלעם אַבראַמאָוויטש געוואָרן אַ לערער אין קאַמע־נעץ־פּאָדאָלסקער קאַזיאָנער ייִדישער שול. די דאָזיקע דאַטע ווערט באַשטעטיקט טאַקע דורך די דאָקומענטן, וועלכע אונדז האָט זיך אײַנ־געגעבן צו געפֿינען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער (איצט רופֿט ער זיך אָפֿיציִעל כמעלניצקער) געגנטלעכן מעלוכע־אַרכיוו.

Господину Киевскому Военному полковнику и Волынскому Генерал-губернатору
22 октября 1855 года
№ 1242

Вашему Сиятельству имею честь представить список чиновников и

---

[1] אַ.־ב. גאָטלאָבער. זיכרוינעס (דערינערונ־גען איבער ייִדישע שרײַבער און ספֿאָרים). „ייִדישע פֿאָלקס־ביבליִאָטעק", 1888, ב. 1, ז. 254.

[2] דאָס מענדעלע־בוך, ז. 54.

учителей, состоящих на службе в подведомственных Дирекции училищ Подольской губернии учебных заведениях для внесения в адрес-календарь.

В казенных еврейских училищах

Первого разряда:

...исправляющий должность учителя еврейских предметов мещанин еврей Шолом Хаимович Абрамович [1]



М.Н.П.
Попечителя Кіевскаго Учебнаго Округа
Канцелярія
г. Кіевъ.

Господину Директору училищъ Подольской губерніи

Утверждая исправляющаго должность учителя Еврейскихъ предметовъ Каменецкаго Казеннаго Еврейскаго училища еврея Шолома Абрамовича въ настоящей должности, уведомляю о томъ Ваше Высокоблагородіе въ разрешеніе представленія ... 9 сего Іюля за № 778

Попечитель

Правитель канцеляріи

(איבערזעצונג)

„דעם הער קיִעווער מיליטער־פּאָלקאָווניק און וואָלינער גענעראַל־גובערנאַטאָר

דעם 22 אָקטיאַבער 1855

נומ. 1242

איך האָב די ערע צוצושטעלן אײַער ערלויכט א צעטל פון די באַאמטע און לערער, וועלכע געפינען זיך אַף די דינסט אין די אונטערטעניקע דער דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע לערן־אַנשטאַלטן צוליב אַרײַנטראָגן אין אַדרעס־קאַלענדאַר.

אין די קאַזיאָנע יידישע שולן
פון דער ערשטער שטופע:

...אויספילער פון די פליכטן פון א לערער פון יידישע געגנשטאַנדן דער מעשטשאַנין דער ייִד שאָלעם כאַימאָוויטש אַבראַמאָוויטש".

[1] מעלוכע־אַרכיוו פון כמעלניצקער געגנט, פאָנד 67, איניען 96, ז. 24—26.

דאָס איז דער ערשטער אָפיציעלער דאָקומענט, אַף וועלכן מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן, בלעטערנדיק די פּאַפּירן פונעם פאָנד, וואָס רופט זיך „דירעקציע פון שולן פון פּאָדאָליער גובערניע", — א דאָקומענט, ווו עס ווערט דערמאָנט שאָלעם אַבראַמאָוויטשעס נאָמען. צום ערשטן מאָל איז ער דערמאָנט אָפיציעל אַלס לערער אין אָקטיאַבער 1855. אָבער ווען פּינקטלעך שאָלעם אַבראַמאָוויטש איז באַשטימט געוואָרן אַף דעם אַמט?

די ווײַטערדיקע אויספאָרשונג האָט אונדז אונטערגעטראָגן נאָך איין דאָקומענט (צוליב מאַנגל אין אָרט ברענגען מיר אים, ווי אויך די אַנדערע דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן, בלויז אין דער איבערזעצונג אַף יידיש):

„9 אווגוסט 1858

נומ. 758

דעם הער פּאָפּעטשיטעל פונעם קיִעווער לערן־קרײַז

אויספילנדיק די פאָרשריפט פון אײַער האָכהײַט פונעם 21 פאַרגאַנגענעם יול אונטער נומ. 3168, וועלכע איך האָב באַקומען דעם 28 יול, האָב איך די ערע צוצושטעלן דערבײַ לויט דער פאָרגעלייגטער פאָרם א צעטל פון אַלע באַאמטע און לערער, וועלכע געפינען זיך אַף דינסט אין דער דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע.

...אַבראַמאָוויטש — לערער פון יידישע געגנשטאַנדן פון דער קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער קאַזיאָנער יידישער שול פון דער ערשטער שטופע. מיט רעכט פון דינסט באַנוצט זיך ניט. אַף דער שטעלע פונעם 18 מײַ 1855"[1].

שאָלעם אַבראַמאָוויטש האָט, הייסט עס, אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס לערער פון יידישע לימודים אין דער קאַמענעצער קאַזיאָנער יידישער שול דעם 18 מײַ 1855, נאָך ניט האָבנדיק קיין דיפּלאָם, וואָס זאָל אים געבן רעכט צו זײַן א לערער אין א רעגירונגס־שול. אַזא דיפּלאָם האָט ער באַקומען דעם 14 יון 1855, און ניט אין 1856, ווי עס ווערט אָנגעוויזן ביז איצט אין דער מענדעלע־ביִאָגראַפיע.

מיר דערוויסן זיך אויך, ווען פּינקטלעך שאָלעם אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט א לענגערע צײַט בלויז אויסגעפילט די פליכטן פון א לערער אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער קאַזיאָנער יידישער שול פון דער ערשטער שטופע, איז באַשטימט געוואָרן אַלס געזעצלעכער לערער פון „יידישע געגנשטאַנדן":

„מיניסטעריום פון פאָלקס־בילדונג. פּאָפּעטשיטעל פון קיִעווער לערן־קרײַז. קאַנצעלאַריע. ערשטער טיש. קיִעוו, דעם 26 יול 1857, נומ. 1215.

דעם הער דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע

באַשטעטיקנדיק דעם אויספילער פון די פליכטן פון א לערער פון יידישע געגנשטאַנדן

[1] דאָרט, איניען 199, ז. 136.

פון דער קאמענעצער קאזיאָנער יידישער שול פון דער 1־טער שטופע שאָלעם אבראמאָוויטשן אין אָט דעם אמט, טייל איך מיט אײַער וויל־געבורט, אז עס איז געגעבן א דערלויבעניש אפן לערער פון אָט דער דיסציפּלין, ווי איר האָט צוגעשטעלט דעם 9־טן יול אונטערן נום. 773.

פאָפּעטשיטעל (כסימע)”[1].

וועגן דעם, אז שאָלעם אבראמאָוויטש האָט שוין געארבעט אין דער דערמאָנטער שול אין 1855, זאָגט אײדעס א דאָקומענט וועגן אויס־נוצן די הויצאָעס אף דער שול, דאטירט אין אָקטיאבער 1855. אונטערן דאָקומענט שטייען בלויז צוויי כסימעס: פונעם אופזעער („סמאָט־ריטעל”) און פונעם „לערער שאָלעם אבראַ־מאָוויטש”. ווײַזט אויס, אז אין אָט דעם כוי־דעש האָבן אין דער שול, וועלכע האָט די גאנצע צײַט געפילט א מאנגל אין פעדאגאָגן, געארבעט בלויז דער אופזעער און אבראַ־מאָוויטש.

דעם דיפּלאָם גופע, וואָס שאָלעם אבראמאָ־וויטש האָט באקומען דעם 14 יון 1855, האָבן מיר אין די איניאָנים פון דער דירעקציע פון קאמענעץ־פאָדאָלסקער שולן ניט געפונען. דאָס דערקלערט זיך, אפאָנעם, דערמיט, וואָס, ארײַ־בערפאָרנדיק קיין בערדיטשעוו, האָט מענדע־לע ארויסגעפאָדערט אלע דאָקומענטן, וועלכע האָבן געקאָנט באשטעטיקן זײַנע רעכט צו זײַן א לערער (וויאזוי דאָס איז פאָרגעקומען, וועלן מיר באווײַזן שפּעטער).

ס׳האָבן זיך ניט פארהיט קיין פינאנץ־דאָקו־מענטן וועגן שאָלעם אבראמאָוויטשעס ארבעט אין דער אויבנדערמאָנטער שול אין 1856. דער־פאר אָבער זײַנען אזעלכע דאָקומענטן ברייט פאָרגעשטעלט פארן 1857. שאָלעם אבראמאָ־וויטשעס כסימע שטייט אונטער די באריכטן וועגן אויסנוצן די שול־הויצאָעס פאר די כאָ־דאָשים יאנוואר, פעווראל, מארט, אפּרעל, מײַ, יון, יול, אָקטיאבער, נאָיאבער, דעקאבער 1857. בלויז אונטער די פינאנץ־דאָקומענטן פאר אווגוסט און סענטיאבער 1857 פעלט מענ־דעלעס כסימע. און דאָס איז צו דערקלערן גאנץ פּאָשעט: אין אָט די כאדאָשים איז ער געוועז אין בערדיטשעוו. ס׳איז פאראן אפילע א באשטעטיקונג פון אָט דער האשאָרע. אין א בריוו צו דער קאלע — פאוולינע (פעסיע) לע־ווין, וועלכע האָט געוווינט אין בערדיטשעוו, שרײַבט דער יונגער ש.־י. אבראמאָוויטש פון קאמענעץ־פאָדאָלסק דעם 22 אָקטיאבער 1857 (אגעוו, איז דאָס דער ערשטער בריוו, וועלכער איז באוווּסט, פון דער ניט זייער גרויסער עפּי־סטאָלארישער יערושע מענדעלעס):

„דעם 13־טן הײַנטיקן כוידעש בין איך בע־שאָלעם געקומען קיין קאמענעץ. אָפּמאָלן דיר מײַן ארט לעבן איצט אנטקעגן דעם, ווי איך האָב מיט דיר פריִער גליקלעך פארבראכט בא דײַנע עלטערן, אין דער אויסגעצייכנטער בער־דיטשעווער געזעלשאפט, — אזוינס נעם איך זיך ניט אונטער...”

מיר ווייסן אפילע, וויפל צײַט שאָלעם אבראַ־מאָוויטש איז געוועזן אין בערדיטשעוו. ער שרײַבט דעם 28 אָקטיאבער 1857 פון קאמענעץ:

„...נאָכן פארברענגען קימאט צוויי כאדאָשים אין בערדיטשעוו מיט דיר און מיט דײַנע ליבע עלטערן לאנגווײַליק איך זיך זייער אין דעם לעפּישן קאמענעץ; איך טרייסט זיך נאָר דער־מיט, וואָס ס׳איז שוין באלד צוויי וואָכן, זינט איך בין אין קאמענעץ, און וואָס יעדע פאר־שווינדנדיקע שאָ דערנעענטערט אונדז צום ציל”.

דער ציל זײַנער איז געוון כאסענע האָבן מיט פעסיע לעווין און זיך אריבערקלײַבן קיין בער־

[1] דאָרט, איניען 184, ז. 88.

דיטשעוו. פאַרברענגענדיק דאָרטן „קימאַט צוויי כאַדאָשים", האָט ער זיך צוגעקילט און באַשלאָסן ביכלאַל זיך ניט אומקערן קיין קאַמענעץ. וועגן דעם דערוויסן מיר זיך פון א מיטיילונג, וואָס דער אופזעער פון דער שול גריעלסקי האָט דעם 18 אָקטיאַבער 1857 צוגעשיקט דעם דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע:

„זײַן עקסעלענץ דעם הער דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע

דער אופזעער פון דער קאַמענעצער קאַזיאָנער ייִדישער שול פון דער 1־טער שטופע האָט מיט א ראַפּאָרט פונעם 16 אָקטיאַבער האיאָר אונטערן נום. 38 מיר געמאָלדן, אז דער לערער פון דער שול, וואָס איז אים אונטערגעאָרדנט, שאָלעם אבראַמאָוויטש, וועלכער איז אוועק אין אורלויב אהיים אף דער צײַט פון וואַקאַציעס, האָט צוגעשיקט פון דער שט. בערדיטשעוו א באַקאָשע, דאַטירט פונעם 12 אָקטיאַבער, אין וועלכער, אפּן סמאַך פון דעם, וואָס ער איז קראַנק געוואָרן אף פאַרקילונג, וואָס באַשטעטיקט זיך מיט א מעדיצינישער צײַגעניש, צוגעלייגט צו דער באַקאָשע, מיטגעטיילט, אז ער קאָן זיך ניט יאַווען אף דער דינסט, ביז ער וועט געזונט ווערן..."[1]

....אָבער, ווי עס שײַנט, האָט אבראַמאָוויטש נאָך אין דעם זעלבן אָקטיאַבער 1857 זיך אומגעקערט אף דער אַרבעט אלס לערער פון „ייִדישע געגנשטאַנדן". וואָס פאַרא ייִדישע געגנשטאַנדן האָט מען געלערנט אין דער קאַזיאָנער שול, דערוויסן מיר זיך פון דער גענויער פּראָגראַם, וועלכע מיר האָבן געפונען אינעם ארכיוו־פאָנד פון דער דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע. זי הייסט אזוי: „פּראָגראַם פון אַרטיקלען, וועלכע דאַרפן אונטעריכט ווערן אין די ייִדישע שולן, פון די אױסצוגן פון מײַמאָניד, וועלכע זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן מיניסטעריום פון פאָלקס־בילדונג און זײַנען באַשטעטיקט פונעם ה' מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג דעם 31 דעקאַבער 1852"[2].

אין די קאַזיאָנע ייִדישע שולן פון דער ערשטער שטופע (דער יונגער אבראַמאָוויטש האָט געאַרבעט אין אזא שול) האָט די דאָזיקע פּראָגראַם פאָרויסגעזען צו דערלערנען באַזונדערע קאַפּיטלען פונעם ראַמבאַמס ווערק, אויסגעטיילטע אין „טראַקטאַטן": פאַר די שילער פון ערשטן קלאַס — טראַקטאַט וועגן מוישע ראַביינו, טראַקטאַט וועגן עטיק, טראַקטאַט וועגן דאַווענען, טראַקטאַט וועגן מענטשלעכע זיטן און אנד. פאַרן צווייטן קלאַס האָט די פּראָגראַם פאָרויסגעזען מער קאָמפּליצירטע „טראַקטאַטן" — וועגן די געצנדינער, וועגן טשוווע, וועגן יאָמטויוים און אנד. צו יענער צײַט איז שאָלעם אבראַמאָוויטש שוין געווען גוט באַהאַוונט אין דער ייִדישער פילאָסאָפיע. שפּעטער שרײַבט ער אין די באַוווּסטע „שטריכן צו מײַן ביִאָגראַפיע":

„צו נײַן יאָר האָב איך פּערפעקט געקענט דעם גאַנצן טאַנאַך מיטן טאַרגום־אונקעלעס, און קיין זאַך איז פאַר מיר ניט פאַרהוילן געווען. און פון טאַנאַך בין איך אריבער דערנאָך צו מישנע און געמאָרע, און איך האָב גוט געלערנט, און איך בין פרײַ געשווומען אינעם יאַם־האַטאַלמוד, זייער פלינק און שנעל, מער פון די טאַלמידים פון מײַן עלטער... איך האָב דערנאָך געלערנט אין די גרויסע יעשיוועס אין סלוצק, ווילנע און אין מײַן היימשטאָט, און איך האָב באַקומען א נאָמען פון א שאַרפן באַל־סייכל".

און קאָנקרעט וועגן זײַן לעבן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק:

„...דאָרט בין איך באַקאַנט געוואָרן ווי א גרויסער קענער... זיבן יאָר האָב איך געלעבט אין קאַמענעץ, און אין די יאָרן האָב איך דערוואָרבן פיל וויסן אין דער אַלטער און נײַער העברעיִשער ליטעראַטור..."

ווי א לערער, דערצו נאָך מיט אן אָפיציִעלן דיפּלאָם, איז דער יונגער אבראַמאָוויטש הויך געשעצט געווען פון דער דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע. די „פּראָשעניע", וואָס ער האָט צוגעשיקט פון בערדיטשעוו אפּן אדרעס פון דער דירעקציע, האָט איר פאַרשאַפט אגמעסנעפּעש, און מע האָט אבראַמאָוויטשן אײַנגערעדט פאָרזעצן די אַרבעט אין דער שול. ער געפינט זיך אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק נאָך פיר כאַדאָשים, אָבער ער באַשליסט וואָס גיכער זיך אַרויסרײַסן פון דאָרטן. אין א בריוו צו זײַן קינפּטיקער פרוי שרײַבט ער דעם 4 פעוורואַל 1858: „ווען דו זאָלסט נאָר וועלן אַרײַנגיין אין מײַן לאַגע און זיך פאָרשטעלן אלע אומאָנגענעמלעכקײַטן פון מײַן עלנט איינטאָניק לעבן, וואָלסטו פאַרשטאַנען, מײַן ליבע, וואָלסטו זיכער געווען, אז איך פאַרגרעסער ניט מײַנע ליידן; פאַרקערט, איך מאַך זיי קלענער".

שאָלעם אבראַמאָוויטש נוצט אויס די געלעגנהײַט, וואָס אף פּייסעך לאָזט מען אָפּ די שילער, און ער באַשליסט אינגאַנצן אריבערפאָרן קיין בערדיטשעוו. וועגן דעם באַשלוס ווייסן אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק בלויז געציילטע מענטשן, צווישן זיי זײַן פרײַנט לייזער אײַכענוואַלד, א לערער אין דער קאַזיאָנער ייִדישער שול פון דער צווייטער שטופע. מיט אײַכענוואַלדן רעדט זיך אבראַמאָוויטש צונויף, אז יענער זאָל נעמען אף זיך די טירכע אים איבערשיקן קיין בערדיטשעוו די נייטיקע דאָקומענטן. אָבער די

[1] דאָרט, איניען 184, ז. 140.
[2] דאָרט, איניען 189, ז. 15—16.

**אָנפירונג פון דער שול וויל בעשום־אויפן ניט אָפּלאָזן אַבראַמאָוויטשן.**

**איצט ווייסן מיר שוין פּינקטלעך, ווען דער יונגער מענדעלע האָט פאַרלאָזט קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, קעדיי זיך שוין מער אַהין ניט אומ־קערן. אָט איז ער, דער דאָזיקער דאָקומענט, דאַטירט פון דעם 9 יול 1858. דער אופזעער פון דער קאַמענעצער קאַזיאָנער ייִדישער שול פון דער ערשטער שטופע גריִעלסקי טיילט מיט דעם דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גו־בערניע:**

„זײַן עקסעלענץ דעם הער דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע

אפן סמאך פון דער פאָרשריפט פון אײַער האָכהײַט פונעם 5־טן יול אונטערן נומ. 640 האָב איך די ערע אײַך מיטיילן, אַז דער אופזעער פון דער קאַמענעצער קאַזיאָנער ייִדישער שול פון דער 1 שטופע... האָט מיט זײַן ראַפּאָרט פונעם 4 יול אונטערן נומ. 31 מיר געמאָלדן, אַז דער לערער פון דער אונטערגעאָרדנטער אים שול אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז באַפרײַט גע־וואָרן אין אורלויב קיין בערדיטשעוו אַף דער צײַט פון קאַניקולן פונעם 8 ביזן 30 מאַרט הײַאָר,... יאָוועט זיך ניט פון יענער צײַט ביז איצט אַף דער דינסט איבער דער קראַנקײַט, וועגן וואָס ער האָט צוגעשיקט א מעדיצינישע צײַגעניש פונעם אויעזד־דאָקטער...״![1]

**דער אופזעער פון דער שול איז באַומרויִקט און לייגט פאָר דעם דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע א נײַע קאַנדידאַטור פאַר א לערער אָנשטאָט אַבראַמאָוויטשן. אין א צווייטן ראַפּאָרט, דאַטירט פונעם 8־טן אווגוסט 1858, שרײַבט ער ווידער:**

„דער אופזעער פון קאַמענעצער קאַזיאָנער ייִדישער שול פון דער 1 שטופע האָט מיר מיט־געטיילט אין זײַן ראַפּאָרט פונעם 5־טן אווגוסט אונטערן נומ. 36, אַז דער לערער פון ייִדישע געגנשטאַנדן פון דער אונטערגעאָרדנטער אים שול שאָלעם אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן אין מאַרט הײַאָר אַף פייסעך קיין בערדיטשעוו, האָט צוגעשיקט פון דאָרט א מעדיצינישע צײַגעניש, אַז איבער דער קראַנ־קײַט קאָן ער זיך ניט יאָווען אַף דער דינסט; דעם 29־טן פונעם פאָריקן יול האָט ער ווידער דערלאַנגט א ראַפּאָרט, אין וועלכן ער בעט אים באַפרײַען, איבער דער קראַנקײַט, פון דער שול־דינסט און אַרויסשיקן אים א באַפרײַונגס־צייגע־ניש דורך דער בערדיטשעווער שטאָטישער פּאָ־ליציי.

מיטיילנדיק וועגן דעם אײַער האָכהײַט, האָב איך די ערע אונטערטעניקסט צו בעטן וועגן באַשטימען אַפן אָרט פון אַבראַמאָוויטשן אַן אַנ־דער לערער און דערלויבן אַרויסצושיקן אים א צײַגעניש״.

**איינצײַטיק נעמט פאָר די דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע שריט מיט דער קאַוואָנע אומצוקערן קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק**

[1] דאָרט, איניען 196, ז. 41.


Его Благородию
Господину Приставу 1й Части Города Бердичева

Учителя Каменецъ подольскаго 1й Степеннаго Еврейскаго училища Шолома Абрамовича

Отзывъ

На объявленное мнѣ настоящаго числа отношение Директора Каменецкаго Еврейскаго училища съ требованиемъ явки моей на службу честь имѣю пояснить, что до сего а именно 29 сего июля взятъ мною паспортъ на имя Смотрителя 1й Степеннаго того училища объ увольнении меня отъ службы на которую я по болѣзни явиться и по нынѣ не могу.

Учитель Ш. Абрамовичъ

Июля 31 дня 1858 года

**אַבראַמאָוויטשן. ווי געוויינלעך, טוט מען דאָס מיט דער הילף פון דער פּאָליציי. קיין בערדי־טשעוו גייט אוועק א ראַפּאָרט מיט א ביטע אָנ־ווענדן די געהעריקע מיטלען, קעדיי אַבראַמאָ־וויטש זאָל צוריק געבראַכט ווערן. דעם יונגן מענדעלען רופט מען אַרויס צום פּריסטאַוו אַף א „דערקלערונג״. אָט וואָס מענדעלע האָט גע־ענטפערט[1]:**

„זײַן עקסעלענץ

דעם הער פּריסטאַוו פון דער 1־טער אָפּטיי־לונג פון דער שטאָט בערדיטשעוו

פונעם לערער פון דער קאַמענעץ־פּאָדאָלס־קער פון דער 1־טער שטופע ייִדישער שול שאָלעם אַבראַמאָוויטש

אָפּרוף

אַף דער אָנווײַזונג פונעם דירעקטאָר פון דער קאַמענעצער ייִדישער שול, וואָס איז מיר גע־מאָלדן געוואָרן הײַנט, מיט א פאָדערונג, איך זאָל זיך יאָווען אַף דער דינסט, האָב איך די ערע צו דערקלערן, אַז ביז אַהער, דאָס הייסט דעם 29 הײַנטיקן יול, האָב איך אַרויסגעשיקט א ראַפּאָרט אַפן נאָמען פונעם אופזעער פון דער 1־שטופּיקער יענער שול וועגן באַפרײַען מיך פון דער דינסט, אַף וועלכער, איבער דער קראַנקײַט, איך קאָן זיך ביז הײַנטיקן טאָג ניט יאָווען.

לערער ש. אַבראַמאָוויטש
יול 31 טאָג
1858 יאָר״[2].

[1] דאָרט, ז. 43.
[2] דאָרט, ז. 51.

זאָל דאָ אָפּגעמערקט ווערן, אַז, אויסער דעם, וואָס דער דאָזיקער דאָקומענט פּאָרפּינקטלעכט געוויסע דאַטעס אין מענדעלעס ביאָגראַפיע, איז ער אינטערעסאַנט אַן און פאַר זיך, כאָטש דער־מיט, וואָס ער איז אָנגעשריבן פונעם יונגן אַב־ראַמאָוויטשן גופא, און מיר האָבן אַ מעגלעכ־קײַט זיך צו באַקאַנען מיט זײַן האַנטשריפט.

דער איניען מיטן באַפרײַען זיך פון דער דינסט פאַרציט זיך בײַ אַבראַמאָוויטשן אויף לאַנ־גע כאַדאָשים. די דאָקומענטן קערט מען אים ניט אום, מע צאָלט אים ניט אויס אויך דאָס געהאַלט, וואָס אים קומט פאַר אַ געוויסער צײַט, און שאָלעם אַבראַמאָוויטש איז געצוווּנגען זיך ווענדן דעם 5 דעקאַבער 1858 מיט אַ באַקאַשע צום דירעקטאָר פון די שולן פון פּאָדאָליער גו־בערניע יאַקאָוו ניקאָלײַעוויטש באַקסטערן.

„אָפּדינענדיק דרײַ יאָר אַלס לערער אין דער קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער קאַזיאָנער יידישער שול פון דער ערשטער שטופע, — שרײַבט ער, — בין איך איבער דער קראַנקײַט און איבער אַנ־דערע מישפּאָכע־אומשטענדן באַפרײַט געוואָרן דעם 3־טן סענטיאַבער היאָר. נאַטירלעך, פאַר־לירן אַזאַ בעקוועדיק אָרט באַטײַט פאַר אַ קראַנקן מענטשן ניט אַנדערש ווי אָנווערן דעם איינציקן אָנשפּאַר און די מעגלעכקײַט צו פאַר־דינען אַף אַ שטיקל ברויט. פאַרבלײַבט בלויז די טרייסט, וואָס איך האָב געהעריקע דאָקו־מענטן, וועלכע גיבן מיר אַ האָפענונג צו באַ־קומען שפּעטער אַ שטעלע. דעריבער האָב איך זיך ניט איין מאָל געווענדט, מע זאָל מיר זיי איבערשיקן, ווי אויך אויסצאָלן פאַר צוויי כאַ־דאָשים געהאַלט, וואָס מיר קומט. צום באַדויערן, האָט מען מיר אָפּגעזאָגט, פאַרופנדיק זיך קלוי־מערשט אַף דעם, וואָס איך האָב ניט אומגע־קערט קאַזיאָנע ביכער, וועלכע איך האָב צע־טיילט צווישן די שילער בײַם מײַן אַרבעט. און ווען איך האָב מיטגעטיילט, אַז איך בין ניט שולדיק אין דעם, ווײַל די אָנגעוויזענע ביכער זײַנען, ערשטנס, געבליבן בײַ די שילער און, צווייטנס, קאָן מען אַראָפּנעמען פונעם געהאַלט, וואָס מיר קומט, די 10 רובל, וויפל זיי קאָסטן, — האָט מען מיר אַפּילע ניט געענט־פערט. דעריבער בין איך געצוווּנגען מאַטריען צו זײַן אײַער עקסעלענץ מיט מײַן באַקאַשע...”[1]

מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט דער קאָנ־פליקט צווישן שאָלעם אַבראַמאָוויטשן און דער דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובער־ניע, האָבן מיר ניט קיין גענויע ידיעס. אָבער דאָס, וואָס מענדעלעס דאָקומענטן זײַנען ניט פאַרבליבן אינעם אַרכיוו פון דער אויבנדער־מאָנטער דירעקציע, באַווײַזט, אַז מע האָט זיי אים סאָפּקאָלסאָף איבערגעשיקט.

[1] דאָרט, ז. 94.

## ווען זשע טאַקע איז מענדעלע געבוירן געוואָרן?

צוערשט — וואָס זאָגט מענדעלע אַליין וועגן דעם:

„מײַן געבורטסטאָג איז אין ערגעץ ניט פאַר־שריבן געוואָרן, ווארעם אַזעלכע זאַכן האָט מען אַמאָל בײַ אונדז יידן ניט אין זינען געהאַט, ביפראַט נאָך אין די קליינע שטעטלעך. ס'איז אָבער בײַ מיר אָנגענומען, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1836 און מײַן פאַמיליע האָט באַשטימט מײַן געבורטסטאָג דעם 20־טן דעקא־בער”[1].

אַזוי האָט ער געשריבן אין 1889.

און נאָך:

„איך בין איצט אַלט צוויי און פערציק יאָר (דער טאָג פון מײַן געבוירן איז מיר איצט ניט באַקאַנט)”[2].

דאָס איז אָנגעשריבן אין 1877.

„ווען דער גרויסער יידישער שריפטשטעלער האָט דערזען גאָטס וועלט, ווייסט מען ניט באַ־שטימט — אין יענע יאָרן האָט מען זיך ניט נויטיק געווען אַזעלכע זאַכן צו פאַרצייכענען — נאָר ס'איז אָנגענומען געוואָרן צו רעכענען דאָס יאָר 1835 פאַר זײַן געבורטס־יאָר...” — אַזוי האָט געשריבן אין אָדעס, אין 1910 מענדעלעס נאָענטער פרײַנט און ביאָגראַף י.־כ. ראַווניצקי.

ווי מיר זעען, איז דאָ אָנגעגעבן ניט דאָס 1836, נאָר אַף אַ יאָר פריִער — און מענדעלע, וועלכער האָט דאָס געלייענט, איז געבליבן צו דעם גלײַכגילטיק.

מענדעלעס 75־טער יובילײ איז געפּײַערט גע־וואָרן דעם 29־טן דעקאַבער 1910, דה., אַז פאַר דער דאַטע פון זײַן געבוירן איז דעמלט אָנ־גענומען געוואָרן דאָס יאָר 1835, — דער שרײַ־בער אַליין האָט עס, זעט אויס, באַוויליקט.

מער קיין פאַרעפנטלעכטע ידיעס וועגן דעם יאָר, ווען מענדעלע איז געבוירן געוואָרן, זײַ־נען בײַס זײַן לעבן ניט דערשינען. דערפאַר אָבער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קאָלערליי האַ־שאָרעס און דערווײַזונגען, אַז מענדעלע איז גע־בוירן געוואָרן ניט אין 1835 און ניט אין 1836, נאָר אַ סאַך פריִער. באַזונדערס איז געגאַנגען אַ שטרײַט צווישן די פאָרשער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פײַערונג פון מענדעלעס הונדערטיאָ־ריקן יובילײ אין 1936. מע האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען, וואָס און ווען עס האָבן געזאָגט וועגן אָט דעם איניען מענדעלעס נאָענטע און פרײַנט, וועלכע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקײַט צו שמועסן מיט אים אין משך פון יאָרצענד־ליקער.

מענדעלעס בען־איר א.־י. פּאַפּירנאַ האָט זיך דערמאָנט, אַז ש.־י. אַבראַמאָוויטש האָט געזאָגט

[1] מענדעלע מויכער־ספאָרים. אַלע ווערק. מײַן לעבן (צווייטער טייל פון „שלוימע רעב כאַיִמס”), 19־ער באַנד, פאַרלאַג „מענדעלע”, וואַרשע, 1924, ז. 131.

[2] „דאָס מענדעלע־בוך”, ז. 104.

כ.־נ. ביאַליקן, אַז ער איז עלטער אַף אַ יאָר 7—8, ווי מע האַלט. ש. דובנאָוו האָט דערציילט אין זײַנע זיכרוינעס, אַז „באַ אונדז אַלעמען, די אָדעסער שרײַבער, איז געווען אַ גרויסער סאָפּעק אין דער ריכטיקייט פון דער רעכענונג: מע האָט דעם זיידן געהאַלטן עלטער אַף היפּשע עטלעכע יאָר"[1]. מענדעלעס זון מיכאַיִל אַבראַמאָוויטש האָט באַם אָפּענעם קייווער פון זײַן טאַטן דערקלערט: „מע זאָגט, מענדעלע איז אַלט געווען 82 יאָר, אַנדערע זאָגן, אַז גאַנצע 93. ווער ווייסט עס?"[2].

אַנאַליזירנדיק אַלע האַשאָרעס, מאַכט נ. מײַזיל אינעם „מענדעלע־בוך" אַ סאַכאַקל, אַז עס איז „אַ באַווײַז, אַז שאָלעם־יאַנקעוו איז געבוירן געוואָרן אין 1835—1836, און ניט פריִער" און אַז עס „איז קלאָר, אַז מענדעלע מויכער־ספאָרים האָט ניט פאַרלייקנט קיין יאָרן, ווי זײַנע מעקוראָווים האָבן געמיינט און פון ליבשאַפט און פאַרערונג צום זיידן אים געמאַכט עלטער אַף 8—10 יאָר".

דאָס אַלץ אָבער באַזירט זיך אַף זיכרוינעס, אַרויסזאָגונגען און קעדוימע אַזעלכע זאַכן, און ניט אַף קאָנקרעטע דאָקומענטן. אָבער אַזעלכע דאָקומענטן זײַנען דאָך, מיסטאָמע, דאָ, אָדער, אַלנפאַלס, זיי מוזן ערגעץ זײַן. געווען זײַנען זיי אינעם אומגעקומענעם אָדעסער מענדעלע־אַרכיוו. ווי עס האָט איידעס געזאָגט דער היטער פונעם אַרכיוו א. וואָראָבייטשיק, איז געווען דאָרט אַ פּאַספּאָרט, וואָס מע האָט מענדעלען אַרויסגעגעבן אין אָקטיאַבער 1900, און זײַן עלטער איז אָנגעגעבן 63 יאָר. אין מענדעלעס ראַבינער־אַטעסטאַט, אַרויסגעגעבן דעם 4 יאַנוואַר 1873, איז זײַן עלטער אָנגעגעבן 37 יאָר — הייסט עס, אַז געבוירן געוואָרן איז ער אין 1835. אין דעם זעלבן אַרכיוו איז געווען אויך אַ דאָקומענט, וואָס דער אופּזעער פון דער קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער ייִדישער קאַזיאָנער שול האָט אַרויסגעגעבן ש. אַבראַמאָוויטשן דעם 25 אויגוסט 1860, — דאָרט איז אָנגעוויזן געווען, אַז אַבראַמאָוויטש איז אַלט 27 יאָר און איז פאַרשריבן אין דער מינסקער ייִדישער מעשטשאַנישער געמיינדע לויט דער צענטער פּאַלקסצײַלונג (1858). איז אויסגעקומען, אַז מענדעלע איז געבוירן געוואָרן אין 1833.

„אָט דאָס זײַנען אַלע אָפיציִעלע דאָקומענטן, וואָס זײַנען אונדז דערווײַל באַקאַנט"[3], — שרײַבט א. וואָראָבייטשיק.

א. וואָראָבייטשיק איז, ווײַזט אויס, געווען גערעכט, אָנווײַזנדיק, אַז ווען אַבראַמאָוויטש איז באַשטימט געוואָרן אַלס לערער אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער קאַזיאָנער ייִדישער שול, האָט ער ניט געקענט זיך באַגיין אינגאַנצן אָן פּאַפּירן, וועלכע זאָלן באַשטעטיקן זײַן געבורטס־יאָר.

[1] ציטירט לויטן בוך — ש. ניגער „צום צענטן יאָרצײַט נאָך מענדעלע מויכער־ספאָרים (שאָלעם־יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש)", ז. 5.
[2] דאָרט.
[3] א. וואָראָבייטשיק. ווען איז מענדעלע געבוירן געוואָרן. „דער עמעס", 29 יאַנוואַר 1936.

ווען דער פאָרשער וואָלט זיך געהאַלטן פעסט באַ דער דאָזיקער האַשאָרע, וואָלט ער, געוויינלעך, ניט געקומען צום אויספיר, אַפן סמאַך פון ליטעראַרישע קוואַלן, בעסיכעס פון מענדעלעס „שלוימע רעב כאַיִמס", אַז „אַבראַמאָוויטש איז געשטאָרבן ניט צו צוויי און אַכציק יאָר, נאָר צו 91 יאָר (דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט גאָר וויכטיק), אַף דער ליטעראַרישער אַרענע איז ער אַרויסגעטראָטן צו 31 יאָר, ניט צו 22 (דאָס איז שוין אַ סאַך וויכטיקער), קיין קאַמענעץ איז ער געקומען — נאָך יאָרן וואָגלענישן איבער שיינע עטלעכע יעשיוועס אין דער ליטע און איבער צענדליקער שטעט פונעם גאַנצן ייִדישן טכום, — ניט אַלס 17־יאָריק ייִנגל, נאָר אַלס 26־יאָריקער יעשיוועבאָכער מיט אַ גרויסער ערודיציע אין דער אַלטער העברעיִשער ליטעראַטור (און דאָס איז שוין ביז גאָר וויכטיק, דאָס דערלויבט אונדז אַ סאַך בעסער צו דערקלערן אַבראַמאָוויטשעס טעטיקייט אין זײַן קאַמענעצער פּעריאָד!)"[1].

אַפּאָנעם, מאַכן אַזאַ אויספיר, ניט באַשטעטיקט דורך אָפיציִעלע דאָקומענטן, איז געווען צו ריזיקאַל.

אָבער קאַמענעץ־פּאָדאָלסק איז פאָרט געווען די שטאָט, ווו דער יונגער שאָלעם אַבראַמאָוויטש איז צום ערשטן מאָל אָנגעקומען אַף אַ מעלוכישער שטעלע. אָן געהעריקע דאָקומענטן וואָלט די צאַרישע אַדמיניסטראַציע ניט דערלאָזט אַ לערער אַפילע איבערטרעטן די שוועל פון אַ רעגירונגס־שול. דערפאַר טאַקע האָבן מיר געזוכט אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער אַרכיוו כאָטש אָן אָנדײַט אַף דעם, וויפל האָט געקאָנט זײַן אַלט „דער לערער פון ייִדישע געגנשטאַנדן פון דער שול פון דער ערשטער שטופע" שאָלעם אַבראַמאָוויטש.

און אָט איז ער, דער דאָזיקער דאָקומענט:

„נעמען־צעטל פונעם אופּזעער און פון די לערער פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער ערשט־שטופּיקער קאַזיאָנער ייִדישער שול פאַרן יאָר 1857

...לערער פון ייִדישן דין שאָלעם אַבראַמאָוויטש, פון מינסקער גובערניע, פון מעשטשאַנעס, 23 יאָר, געווען פּאַרהייראַט, נאָר זיך פּאַנאַנדערגעגאַנגען, אַרבעט אין דער שול פונעם 18 מײַ 1855, אויסגעפּילט די פליכטן פון אַ לערער, באַשטעטיקט דעם 26 יול 1857, זיך געלערנט אין דער היים באַ די עלטערן, באַקומט 225 רובל פון די סומעס פון ליכט־שטײַער, נוצט זיך מיט אַ קאַזיאָנער דירע"[2].

פון דעם דאָזיקן דאָקומענט איז געדרונגען, אַז מענדעלע איז געבוירן געוואָרן ניט אין 1835 און ניט אין 1836, ווי ער האָט אַליין געשריבן, און ניט אין 1826, ווי עס האָט געהאַלטן א. וואָראָבייטשיק, — נאָר אין 1834! מיר זײַנען אין דעם פעסט איבערצײַגט, ווײַל דאָס איז בעפּירעש דער ערשטער אָפיציִעלער דאָקומענט, וואָס באַשטעטיקט די עלטער פונעם יונגן שאָלעם

[1] דאָרט. [2] מעלוכע־אַרכיוו פון כמעלניצקער געגנט, פאָנד 67, איניען 163, ז. 55—56.

אבראמאָוויטשן, ווען ער האָט נאָרוואָס פארנומען א מעלוכע־שטעלע, — דעמלט איז נאָך אזא פלאָנטער, ווי מיט יאָרן שפעטער, ניט געווען סײַ בא מענדעלען און סײַ בא זײַנע ביִאָגראפן.

און ווי זשע איז מיטן גוויִעס־איידעס פון אווראָם־בער גאָטלאָבערן, אז צו אים איז געקומען אין 1852 א „ייִנגל א ליטוואקל, גאָר א יונגס, לעערעך 16 אָדער 17 יאָר אלט"? גאָטלאָבער האָט געהאט א טאָעס בלויז אף איין יאָר — ער האָט דאָך ניט געפאָדערט באם יונגן אבראמאָוויטשן, יענער זאָל אים באווײַזן דעם פאספאָרט!

אין זיכרוינעס קאָן מען, נאטירלעך, זיך פילן פרײַ, עפעס איבערפלאָנטערן, באזונדערס אין שײַכעס צו דאטעס און ציפערן. אָט האָט מענדעלע גופע אין מארט 1858 געשריבן אין א בריוו וועגן זײַן „זעקסיאָריקער געפאנגענשאפט אין קאמענעץ", און אין נײַנצן יאָר ארום, ענטפערנדיק אף עפראָיִם דיינארדס באקאָשע אָנצושרײַבן זײַן ביִאָגראפיע, שרײַבט ער שוין, אז ער האָט „זיבן יאָר... געלעבט אין קאמענעץ". געוויינלעך, איז ריכטיקער די ערשטע דאטע, ביפראט, ווי מיר האָבן שוין באוויזן, באשטעטיקט זיך עס מיט אָפיציִעלע דאָקומענטן, וועלכע מיר האָבן אויבן געבראכט.

דערווײַל איז דער אָפיציִעלער דאָקומענט, אין וועלכן עס ווערט אָנגעוויזן, אז שאָלעם אבראמאָוויטש איז אין 1857 אלט געווען דרײַ און צוואנציק יאָר, דאָס הייסט, אז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1834, בא אונדז דער איינציקער. מיר האָבן די פולע רעכט אים גלייבן, ווײַל אין דעם ארכיוו פון דער דירעקציע פון די שולן פון פאָדאָליער גובערניע געפינען מיר א סאך ענלעכע אזעלכע נעמען־צעטלען, וועלכע די אָנפירער פון די שולן פלעגן אלע יאָר צושיקן אין די פאָליציי־אָרגאנען צוליב ארײַנטראָגן זיי אין די אזויגערופענע „אדרעס־קאלענדארן". די אָנגאבן אף יעדן באאמטן האָבן געדארפט זײַן זייער פינקטלעכע, און פאראנטוואָרטלעך פאר זייער ריכטיקײַט זײַנען געווען די אָנפירער פון די אנשטאלטן.

מיר גלייבן אויך, אז ווען מע וואָלט זיך גוט א גריבל געטאָן אין די ארכיוון פון זשיטאָמירער און קיִעווער געגנטן, וואָלט מען געוויס געקאָנט געפינען צוגאָבלעכע דאָקומענטן וועגן אָט דעם איניען, און דעמלט וואָלט דער אויבנגעבראכטער דאָקומענט שוין ניט געווען דער איינציקער.

## „איינער א מעלאמעד" — הירש אבראמאָוויטש

ווי באוווסט, איז שאָלעם אבראמאָוויטשעס ערשט ווערק, געדרוקט אין דער פרעסע, געווען „מכתב על דבר החינוך" (מיכטאָוו אל דוואר האכינוך — א בריוו וועגן דערציִונג), וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין 1857, וווינענדיק אין קאמענעץ־פאָדאָלסק. מענדעלע אליין באשרײַבט אזוי די געשיכטע פון אָט דעם ווערק:

„אין איינער א ווינטער־נאכט, א פינצטערע, פארוואָלקנטע, נעפלדיקע נאכט, ווען דער ווינט האָט געריסן, בין איך געזעסן איינזאם אין מײַן צימער און מײַן זעל האָט געטריפט פון אומעט. און קעדיי זיך מיט עפעס צו פארנעמען און בארויִקן מײַן געמיט, האָב איך גענומען די פען אין האנט צו ענטפערן א בריוו איינעם א מעלאמעד. און איך האָב מיט איין מאָל אָנגעשריבן זייער א סאך וועגן דערציִונג און פארשריבן א גאנצן בויגן פאפיר פון ביידע זײַטן. צומאָרגנס האָב איך פון דאָרט א ביסל איבערגעשריבן פאר יענעם פארשוין, און דעם בויגן אליין האָב איך אוועקגעוואָרפן אין א ווינקל ווי אן אומנוצלעכע זאך. א לאנגע צײַט איז זיך דער פארשריבענער בויגן געלעגן אין א ווינקל, ביז ער איז געקומען אף עמעצנס הענט..."[1]

אָט די „עמעצנס הענט" זײַנען געווען דעם יונגן אבראמאָוויטשעס פרײַנט און באקאנטער, מ. מ. לעווין, דער סעקרעטאר באם קאמענעצער גוויר גינזבורג, וועלכער האָט איבערגעשיקט אבראמאָוויטשעס קסאוויאד צו גאָטלאָבערן קיין אלט־קאָנסטאנטינאָוו, און יענער האָט אים אָפגעדרוקט אין דער צײַטשריפט „המגיד" נומ. 31.

י.־כ. ראווניצקי דערציילט שוין די דאָזיקע געשיכטע אזוי:

„אבראמאָוויטש האָט באקומען א בריוו פון זײַנעם אן עלטערן ברודער, א מעלאמעד ערגעץ אין א קליין שטעטל, ווו ער קלאָגט זיך שטארק אף זײַן ביטערער פארנאָסע, וואָס איז אים מאמעש מעקאצער די יאָרן. אלס ענטפער האָט אבראמאָוויטש אָנגעשריבן א גרויסן בריוו, ווו ער באווײַזט אים, אז אויב ער בייזערט זיך און שרײַט קעסיידער אף זײַנע טאלמידים, איז קיינער ניט שולדיק, נאָר ער טאקע אליין, ווײַל ער איז דערצו, ווײַזט אויס, ניט באשאפן, און דערבײַ דערקלערט ער אים אויך, וואָס עס הייסט אזוינס דער איניען פון „דערציִונג" און וואָס עס פאָדערט זיך פון א גוטן קינדער־דערציִער".

ש. ניגער, איבערדערציילנדיק די דאָזיקע געשיכטע, שרײַבט, אז דאָס איז געווען „אן ענטפער אף א בריוו פון זײַנעם (אבראמאָוויטשעס, הייסט עס. — כ. ב.) א פרײַנט, אָבער אין יאָרן ארום פארפינקטלעכט ער:

„וועגן ווערן א שרײַבער בא ייִדן האָט ער נאָך אלץ ניט געוואגט צו טראכטן, אָבער צו דער פען האָט אים געצויגן, און אין איינער א ווינטערדיקער נאכט, ווען ער איז געזעסן און געענטפערט אף א בריוו פון זײַן עלטערן ברודער הירש אבראמאָוויטש, וועלכער איז געווען א מעלאמעד ערגעץ אין א קליין שטעטל..."

אורי פינקעל שרײַבט אין זײַן בוך „מענדעלע מויכער־ספאָרים":

„אין איינעם א טאָג, ווינטער פון יאָר 1857, האָט ער, קומענדיק פון שול אהיים, געטראָפן אפן טיש א בריוו פון זײַנעם אן עלטערן ברו־

[1] מענדעלע מויכער־ספאָרים. אלע ווערק. מײַן לעבן, ז. 143—144.

דער הירש, וועלכער האָט געוווינט ערגעץ אין א שטעטל אין ווײַסרוסלאַנד...״

און ווײַטער ברענגט אורי פינקעל אַפילע, וואָס עס האָט זיך געזאָלט שרײַבן אין הירש אַבראַמאָוויטשעס בריוו — אַז „די גווירים זײַנען אַרויסגעפאָרן אין ווילנע און אין מינסק (אָן אָנדײַט, אַז דער אויטאָר פונעם בריוו דאַרף טאַקע ווױנען ניט ווײַט פון אָט די דערמאָנטע שטעט. — כ. ב.). דאָרטן פירן זיי זייערע געשעפטן מיט גאָטס הילף און קאָוועד, און מיר קומט אויס אָפּצוזיצן א גאַנצן טאָג און לערנען מיט קינדער פאַרדאַרבענע פון טאַטעס גראַבע יונגען...״

בלעטערנדיק די איניאַנים פון דער דירעקציע פון די שולן פון פּאָדאָליער גובערניע, האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, געזוכט אין זיינען עפּעס־וואָס צו געפינען אין שײַכעס מיט אַבראַמאָוויטשעס ערשט ווערק, אין וועלכן ער באַרירט וויכטיקע פראַגן פון דערציִונג. צום באַדויערן, זײַנען קיין דאָקומענטן, וואָס וואָלטן געקאָנט כאַראַקטעריזירן שאָלעם אַבראַמאָוויטשן אַלס פּעדאַגאָג, דאָרט ניט פאַראַן. פאַרט האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן עפּעס־וואָס אָפּצוזוכן.

שאָלעם אַבראַמאָוויטשעס עלטערער ברודער האָט געהאַלטן א כיידער אין איינעם פון די שטעטלעך ניט ווײַט פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, מיר האָבן זיך דערוווּסט, וויאַזוי עס האָט געהייסן אָט דאָס שטעטל, און אויך וויאַזוי הירש אַבראַמאָוויטש איז געקרוינט געוואָרן אין דער שטעטלע. געפונען האָבן מיר עס אין אַן אַנדערן פאָנד פון דעם זעלבן קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער מעלוכע־אַרכיוו — אינעם אַזויגערופענעם „פאָנד פון דער פּאָדאָליער גובערנ‍יאַלער ייִדישער קאָמיסיע״, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט די כיידער־איניאַנים.

פון מענדעלעס „בריוו וועגן דערציִונג״ ווייסן מיר, אַז דער מענטש, צו וועלכן ער ווענדט זיך, באַקלאָגט זיך אויף זײַנע טאַלמידים און זײַן האַרץ טוט אים ווי „פון גרויס קאַס און פאַרביטערונג״. די געפונענע דאָקומענטן, וועלכע מיר ווילן דאָ ברענגען, באַווײַזן טאַקע באַשײַמפּערלעך, אַז דאָס איז געווען א גוטער שלימאַזל און באַל־בעכי. הירש אַבראַמאָוויטש האָט, ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, געלעבט ניט „ערגעץ אין א שטעטל אין ווײַסרוסלאַנד״, ווי עס ווערט אָנגעוויזן אין אייניקע ביז איצט באַוווּסטע פאָרשונגען, נאָר אויף אוקראַיִנע, אין שטעטל קופּין אויף פּאָדאָליע, לעבן סמאָטריטש. וועגן דעם זאָגט איידעס די ווענדונג פון די קופּינער טוישווים צו דער פּאָדאָליער גובערנ‍יאַלער ייִדישער קאָמיסיע:

„1885, 14 יאַנוואַר

מיר, די אונטן געכאַסמעטע סאָכרים און מעשטשאַנעס, ייִדן פון קאַמענעצער אויעזד, שטעטל קופּין, דערקלערן וועגן דעם, אַז מיר ווילן איינשטימיק האָבן אינעם שטעטל קופּין אַלס אייגנטימער פון א כיידער פון דער 1 שטופע דעם מעשטשאַנין פון מינסקער גובערניע סלוצקער אויעזד, שט. קאָפּוליע


1885 года, Января 14 дня. Мы нижеподписавшиеся купцы и мещане Евреи Каменецкого уезда м. Купина, в том, что мы все единогласно ...

דעם ייִד הירש מאָווּשאָוויטש אַבראַמאָוויטש, וועלכן מיר ווייסן פון דער גוטער זײַט, דעהײַנט, אַז ער, אַבראַמאָוויטש, איז אַן ערלעכער און אָרנטלעכער, פירט זיך אויף ניכטער און פירט אַן אָנשטענדיק לעבן, אין קיין שום שלעכטע אויפטוען האָבן מיר אים קיינמאָל ניט באַמערקט, פילט פּינקטלעך אויס די ייִדישע מינהאָגים לויטן ייִדישן דין. דאָס באַשטעטיקן מיר מיט אונדזערע כסימעס״[1].

אונטער אָט דער ווענדונג שטייען 14 אונטערשריפטן אויף ייִדיש און אויף רוסיש מיט א צושריפט פונעם ראָוו:

„וועגן דעם, אַז דאָס האָבן ווירקלעך זיך געכאַסמעט 14 ייִדן סאָכרים און מעשטשאַנעס, שרײַבט זיך אונטער, צולייגנדיק צו דעם קאַזיאָנער שטעמפּל, און באַשטעטיקט

דער כאַשעווער זעמסקער ראָוו ייִסראָעל קראַנשטיין״.

---

[1] מעלוכע־אַרכיוו פון כמעלניצקער געגנט, פאָנד 321, איניען 4, ז. 52.

די כסימע פונעם ראָוו איז געבראַכט אויך אין צוויי שפּראַכן — אין ייִדיש און אין רוסיש.

קעדיי האָבן דאָס רעכט צו האַלטן אַ כיידער, האָט מען באַדאַרפט ניט בלויז זײַן אַן „ערלעכער און אָרנטלעכער מענטש", נאָר אויסהאַלטן אַ געוויסן עקזאַמען, און ניט אַבי ווו — אין דער גובערניִאַלער גימנאַזיע. אויסהאַלטן דעם עקזאַמען האָט געדאַרפט, נאַטירלעך, אויך הירש אַבראַמאָוויטש, נאָר איבער אַ קראַנקײַט האָט ער פאַרשפּעטיקט צום אײַנגעשטעלטן טערמין. אין יאַנוואַר 1855 שרײַבט ער וועגן דעם אין אַ באַקאָשע דעם דירעקטאָר פון דער גובערניִאַלער גימנאַזיע.

מיר דערוויסן זיך, אַז הירש אַבראַמאָוויטש האָט אין יענער צײַט געלעבט אינעם שטעטל הרודקע קאַמענעצער אויעזד, נאָר זיך געקליבן אַריבערפאָרן קיין קופּין. אויף זײַן באַקאָשע איז צוגעשריבן:

„דער מעלאַמעד פון דער ערשטער שטופע דער ייִד הירש אַבראַמאָוויטש האָט געהאַלטן עקזאַמען אין דער פּאָדאָליער גובערניאַלער ייִדישער שול־קאָמיסיע, און נאָך דעם, ווי ער האָט אים אויסגעהאַלטן, האָט ער די רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט לערנען די קינדער פון זײַן גלויבן פונעם קאַמענעצער אויעזד אין שטעטל קופּין לויט אָט דער צײַגעניש, ביז מע וועט אים אַרויסגעבן אַ ווירקלעכע צײַגעניש פון דער קאָמיסיע, און ווען ער וועט זי באַקומען, דאַרף ער, הירש אַבראַמאָוויטש, די דאָזיקע צײַגעניש אומקערן אין דער קאָמיסיע"[1].

מע קאָן, הייסט עס, האַלטן פאַר פעסטגעשטעלט, אַז דער אַדרעסאַט פון מענדעלעס „מיכטאָוו אל דוואר האכינוך" איז ניט גלאַט „איינער אַ מעלאַמעד", צי מענדעלעס „אַ פרײַנט", נאָר זײַן עלטערער ברודער הירש אַבראַמאָוויטש. ווײַזט אויס, אַז אָט דעם מעלאַמעד האָט אין קופּין ניט געגליקט, כאָטש די כאָשעווע טוישווים פונעם שטעטל האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן „ערלעכן און אָרנטלעכן מענטש". אויסער ערלעכקײַט און אָרנטלעכקײַט האָט אַפילע אַ מעלאַמעד באַדאַרפט האָבן געוויסע פּעדאַגאָגישע פייִקייטן, און גראָד דאָס האָט אים געפעלט. שאָלעם אַבראַמאָוויטש האָט דאָס גלײַך פאַרשטאַנען פון זײַן עלטערן ברודערס בריוו און זיך ניט געשעמט אים אַרויסזאָגן דעם גאַנצן עמעס, פאָרמולירנדיק דערבײַ זײַנע אייגענע פּעדאַגאָגישע, עכט פּראָגרעסיווע אָנשויונגען.

באַ דער געלעגנהײַט ווילט זיך, לעסאָף, ברענגען איינע אַ שטעלע אין נ. מײַזילס „מענדעלע־בוך":

„עס איז אויך ניט גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווען און וויאַזוי האָט שאָלעם־יאַנקעוו, וואָס זײַן פאַמיליע־נאָמען איז געווען פּריִער ברוידע, דערנאָך באַקומען דעם פאַמיליע־נאָמען אַבראַמאָוויטש. אין זײַנע קסאָווים פון די יוגנט־יאָרן האָט ער זיך געכאַסמעט שלום יקוב ברוידא מקאפוליע (שאָלעם־יאַנקעוו ברוידאַ פון קאַפּוליע). אייניקע האַלטן, אַז אַוורעמל דער הינקעדיקער, וואָס האָט אײַנגערעדט שאָלעם־יאַנקעוווס מומע, די אַגונע, זי זאָל זיך לאָזן קיין וואָלין זוכן איר מאַן און דערבײַ אויך צוגערעדט, אַז דער יונגער שאָלעם־יאַנקעוו זאָל מיט זיי מיטפאָרן, — ווײַזט אויס, אַז ער האָט עס געמאַכט פאַר אים אַ פאַלשן פּאַס אויפן נאָמען פון אַבראַמאָוויטש, אַ פאַמיליע־נאָמען, וואָס עס האָבן געטראָגן מענדעלעס קרויווים. ש. ל. ציטראָן האָט געשריבן, אַז דער נאָמען אַבראַמאָוויטש שטאַמט פון אַוורעמעלען דעם הינקעדיקן, וואָס האָט מיטגענומען שאָלעם־יאַנקעוון אויף זײַן רײַזע קיין וואָלין".

אָבער, ווי מיר זעען, האָט אויך מענדעלעס עלטערער ברודער הירש געטראָגן דעם פאַמיליע־נאָמען אַבראַמאָוויטש: אין די דאָקומענטן האָט ער זיך געשריבן „הירש מאָוושאָוויטש אַבראַמאָוויטש". מענדעלע פיגורירט אין די דאָקומענטן פון קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער אַרכיוו אַמאָל אַלס „שאָלעם כאַיִמאָוויטש אַבראַמאָוויטש" און אַמאָל — „שאָלעם מאָיִסייעוויטש אַבראַמאָוויטש". דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אויף וויפל דער טאַטע האָט געהייסן כאַיִם־מוישע. הייסט עס, אַז אַבראַמאָוויטש איז טאַקע געווען דער עמעסער פאַמיליע־נאָמען פון ביידע ברידער.

וואָס איז שײַעך דעם פאַמיליע־נאָמען ברוידע, וואָס אים האָט קלוימערשט פריִער געטראָגן שאָלעם־יאַנקעוו, וואָלט ניט געשאַט זיך צו דערמאָנען, וויאַזוי באַ מענדעלען איז געזאָגט אין די „שטריכן פון מײַן ביִאָגראַפיע":

„קיין ווילנע בין איך געפאָרן, ווײַל אַהין האָט מיך גערופן מײַן קאָרעוו דער בעקאָוועדיקער גוויר נאָכעם־כאַיִם ברוידע, וואָס האָט מיר צוגעזאָגט צו זײַן צו מיר ווי אַן אייגענער טאַטע און מיך אויסהאַלטן..."

ניט האָבנדיק קיין דאָקומענטן וועגן דעם, צי שאָלעם־יאַנקעווס פאַמיליע־נאָמען איז פריִער טאַקע געווען ברוידע, קאָנען מיר אויף זיכער ניט זאָגן, צי עס איז געווען אַזוי, ווי אַ סאַך פאָרשער און ביִאָגראַפן מענדעלעס באַהויפּטן. עפּשער גאָר האָט דער יונגער שאָלעם־יאַנקעוו געכאַסמעט די ערשטע ווערק זײַנע, וועלכע האָבן ניט דערזען די שײַן, מיטן פאַמיליע־נאָמען פון זײַן רײַכן קאָרעוו, און ניט אַבראַמאָוויטש איז זײַן ערשטער פּסעוודאָנים געווען, נאָר דאַפקע ברוידע? אַלנפאַלס, איז ניט צו גלייבן, אַז הירש אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז קיין שרײַבער קיינמאָל ניט געווען, און שאָלעם אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז, קומענדיק קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, נאָך קיין שרײַבער ניט געווען, — זאָלן האָבן אַוועלכע־ניט־איז טײַמים צו בײַטן זייער פאַמיליע.



[1] דאָרט, ז. 54.

## קינסטלער הערש אינגער

(זע דאָס ארטיקל אף ז. 166)



„שאָלעם־אליכעם אין קאסרילעווקע"





פון דער סעריע
„דער פארצעף
פונעם פאשיזם".



אילוסטראַציע צו י.־ל. פּרעצעס דערציילונג „וואָס אין פידעלע שטעקט".



אילוסטראַציִע צו שאָלעם־אליכעמס דערציילונג „יויסעף“.

# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

עדואַרד באַגריצקי
אַרן גורשטיין
מוישע גאָלדשטיין

מיר דערמאָנען אין הײַנטיקן כוידעש ליטעראַרישע דאַטעס, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דרײַ גאַנץ פאַרשיידענע שעפערישע פּערזענלעכקײַטן.

צום 80־טן געבורטסטאָג פון עדואַרד באַגריצקי פּאַרעפנטלעכן מיר די שוין קימאַט פאַרגעסענע דערינערונגען פונעם ייִדישן דיכטער יאַשע זעלדין, וועלכער איז געפאַלן אין דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. ס'האָט זיך, עמעס, צופעליק אַזוי באַקומען, אָבער דער פאַקט גופע איז מערקווירדיק, וואָס די דאָזיקע דערינערונגען האָט האַרט פאַרן קריג איבערגעזעצט אַף רוסיש און אָפּגעדרוקט אין דער צײַטונג „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראַוודאַ" (נומ. 39, 16 פעווראַל 1940) דער באַוווּסטער ייִדישער קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער אַרן גורשטיין, וועלכער האָט אויך אָפּגעגעבן זײַן לעבן אַלס פאָלקס־אָפּאָלטשענעץ אין די שלאַכטן פאַרן סאָציאַליסטישן היימלאַנד. מיר פאַרעפנטלעכן אויך אַ קורצע דערציילונג פון מוישע גאָלדשטיין — צום 75־יאָריקן געבורטסטאָג פונעם העלדיש אומגעקומענעם אַף דער מילכאָמע סאָוועטישן ייִדישן פּראָזאַיִקער.

## יאַשע זעלדין

# אַ באַגעגעניש מיט באַגריצקין

דעם 16־טן פעווראַל 1934 איז געשטאָרבן איינער פון די אָנגעזעענסטע סאָוועטישע דיכטער, דער אווטאָר פון דער באַוווּסטער פּאָעמע „דאָס געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן" און אַנדערע באַדײַטנדיקע פּאָעטישע ווערק — עדואַרד באַגריצקי. אונטן דרוקן מיר דערינערונגען פונעם דיכטער יאַ. זעלדין וועגן באַגריצקין, וועלכע דערמאָנען אונדז דאָס ליכטיקע געשטאַלט פונעם דאָזיקן טאַלאַנטפולן דיכטער, זײַן עכט פּאָטערלעכע באַציִונג צו די שרײַבער־אָנפאַנגער, וועלכע ער האָט געכאָוועט און דערצויגן אין צענדליקער.

**איך האָב זיך ארײַנגעזעצט אין אַ בײַשטאָטישן צוג. איך בין דאָס ערשטע מאָל געפאָרן קיין קונצעוואָ צום אווטאָר פונעם „געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן".**

אין וואַגאָן האָט געשמעקט מיט האַרבסט און מיט דאָרף. די מילכיקערנס האָבן געקלונגען מיט זייערע מילך־קרוגן און זיך הויך איבערגערופן. איך בין געזעסן אַ שווײַגנדיקער, מיך האָט אַ ביסעלע געשראָקן די פאָרשטייענדיקע באַגעגעניש. ווי זעט ער אויס, באַגריצקי? צי איז ער אַ האַרציקער, אַ ווילער, אָדער אַ שטרענגער און עפּשער גאָר אַן אָפּשפּעטער?



צי וועט ער מיר מיטפילן און פארשטיין? איך פיר דאָך אים די ייִדישע איבערזעצונג פון זײַן „געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן".

אַז איך בין אַרויס פון וואַגאָן, האָט מיך אונ־טערגעכאַפּט א פעלד־ווינט און מיך פארשלעפּט צו דער דאָרף־גאַס.

פון באַגריצקיס מויער איז צו מיר אַרויסגע־לאָפן א ווײַס־געפלעקטער יאַגד־הונט מיט שיינע, טרויעריקע אויגן, אַזעלכע אויגן זעט מען נאָר בא א יאַגד־הונט, וועמעס באַלעבאָס איז שוין לאַנג אויף יאַגד ניט געגאַנגען.

נעבן דער הילצערנער שטוב, אויף א באַנק, איז וואָגיק־שווער געזעסן א ברייטפּלייציקער מאַן. מיט זײַן רונדן, טונקעלן געזיכט מיט דער גרויסער פּאַטלע האָר אויפן שטערן האָט ער אויסגעזען, ווי א שוואַרציאַמישער פישער נאָך א שלעכט־וועטערדיקער פאַנג־נאַכט.

דאָס איז געווען עדואַרד באַגריצקי. איך האָב אים באַגריסט ניט דרייסט, נאָר ער האָט מיך מיט זײַנע גוטע אויגן ווי דערמונטערט, און מײַן גאַנצע שרעק איז פארשוואונדן.

איך האָב זיך באַרוּקט און זיך מודיע געווען פאַר אים, אַז איך בין א דיכטער, אָן אָנפאַנגער.

ער האָט מיך אוועקגעזעצט נעבן זיך אויף דער באַנק.

— זייער גוט, — האָט ער א זאָג געטאָן, — איר זײַנט געקומען צו דער צײַט. באַלד וועלן קומען נאָך יונגע כאַווײרים, זייער יונגע און זייער ווילע, זיי קומען אהער צו מיר יעדן טאָג לייענען פרישע לידער. זיצט, מײַן פרײַנט.

איך האָב נאָך ניט באַוויזן אָפּצועטעמען און קומען צו זיך, ווי אויפן הויף האָבן זיך שוין באַוויזן יונגע יאָטן, פאַבזאַוושילער, שילער פון דער מיטלשול, א מאַן אכט. זיי האָבן זיך פריילעך אויסגעזעצט אַרום טיש, איך בין געזעסן אַנטוישט און פארלוירן, צו וואָכעדיק איז פאַר מיר געווען דער טומל.

איך האָב ניט באַמערקט, ווי די יאָטן האָבן איינער נאָכן אנדערן אָנגעהויבן לייענען נאָ־ווע, נאָר פרישע, צאַפּלדיקע לידער.

באַגריצקי האָט טרעפלעך און גענויט אַנאַ־ליזירט יעדע שורע. מיר האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט זײַנס מיט גרויס פאַרגעניגן און אַנציקונג.

אַז ס'איז דערגאַנגען די ריי צו מיר, האָב איך זיך ווי פארלוירן. איך האָב פון צעשטרײַט־קײַט אַפילע פאַרגעסן דערציילן באַגריצקין, אַז איך שרײַב בלויז אין ייִדיש, אַז אייגנטלעך בין איך דאָך אהער געקומען לייענען ניט מײַנע לידער, נאָר „דאָס געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן" אויף ייִדיש, און נאָר אים, באַגריצקין אליין. וואָס טוט מען? ווי זאָגט מען עס אים?

איך בין געזעסן, ווי א בלײַענער, א דער־שלאָגענער.

באַגריצקי האָט דאָס באַמערקט און האָט גוטברודעריש מיך א מונטער געטאָן.

צום גליק, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ווען כ'האָב נאָך געדינט אין רויטן שוואַרציאַמיקן פלאָט, האָב איך אויף דער קאַנאָניר־שיף געדרוקט אין דער וואַנט־צײַטונג עטלעכע מײַנע יאַם־לידער, וועלכע איך האָב אליין איבערגעזעצט פון ייִדיש אויף רוסיש. איך האָב זיי געקענט אויף אויסווייניק. עך, וואָס עס וועט זײַן, זײַן... איך האָב זיך אויפגעהויבן און איבערגע־לייענט מיט א פרעמד קאָל מײַנע אייגענע לידער אין רוסיש. באַגריצקי האָט זיך דערפרייט ניט אַזוי מיט מײַנע לידער, ווי דערמיט, וואָס ער האָט אומדערוואַרט געפונען אין מיר אַן אייגענעם, א „ברודערקע", א שוואַרציאַמער.

ער האָט זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף אַדעס און סעוואַסטאָפּאָל, זיך דערמאָנט אינעם זוניקן דאָרעם, דעם וויגעלע פון זײַן קינדהײַט. ער האָט איבערגעלייענט מיט א ווייכן, ברייטן באַס די ליד „קאָנטראַבאַנדיסטן", און מיר האָבן יעדעס מאָל אונטערגעכאַפּט: „אײַ, טשאָרנאָיע מאָריע, אײַ, טשאָרנאָיע מאָריע".

נאָכן לייענען האָט ער אונדז דערציילט וועגן זײַן דיכטערישן וועג. אומבאַמערקט איז צו־געפאַלן א בלויע, וואַרעמע, זומערדיקע נאַכט. א צעשטרײַטער, האָב איך זיך אויפגעהויבן און זיך געזעגנט מיט אים.

איך האָב זיך אוועקגעלאָזט צו דער באַן־סטאַנציע.

פון פארדראָס און צעטראָגנקײַט בין איך פאַרקראָכן העט ווײַט און געבלאָנדזשעט אַזוי א שאָ פיר. אָנשטאָט גיין צו דער באַן־סטאַנ־ציע, בין איך צוגעקומען צו עפּעס א זעגמיל. איך האָב אוועקגעשפּאַנט צוריק א פאַרביטערטער, ניט געקאָנט זיך מוחל זײַן, וואָס כ'האָב באַגריצקין ניט דערציילט וועגן מײַן איבער־זעצונג און אים זי ניט איבערגעלייענט. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו דער באַן־סטאַנציע, איז שוין געווען שטאָק־נאַכט, אויפן פּעראָן איז קיין איין מענטש ניט געווען. א שנעל־צוג האָט זיך ראַשיק דורכגעטראָגן און איז פאַרשוואונדן.

איך בין געבליבן שטיין אײנער אַלײן, אָן אומצופרידענער אין דער ווײַסער לעוואָנעדיקער זומער־נאַכט. עס זײַנען מיך באַפאַלן די שורעס פון מײַן איבערזעצונג. די געפײַלטע, געשליפענע ווערטער זײַנען מיך באַפאַלן, ווי די הײשעריקן. איך האָב דערפילט אויף זיך אַ לאַסט, פון וועלכער איך מוז זיך באַפרײַען.

ס'האָט מיך אַ טראָג געטאָן. איך בין געלאָפן צוריק צו באַגריצקין. אויב ער שלאָפט, וועל איך אים פון בעט אויפהײבן; אויב ער וועט מיר די טיר ניט עפענען, וועל איך וואַרטן בײַ דער טיר ביז אינדערפרי. איך מוז אים איבערלײענען, איך מוז!

איך בין געלאָפן דורך דער שלאָפנדיקער אויסגעזילבערטער דאָרף־גאַס. די לעוואָנע איז מיר נאָכגעלאָפן בײַ דער זײַט, איך האָב גיכער מיטן געפיל, ווי מיטן זיקאָרן, געפונען דעם וועג צו זײַן שטוב. און סאַראַ גליק! אין פענצטער איז געווען ליכטיק. באַגריצקי איז געזעסן, דעם קאָפ פאַרוקט אין די אַקסלען, מיט די הענט אונטערגעשפאַרט בײַ די שלײפן.

נעבן אים אויפן טיש טינט־און־פעדער און אַ בײגעלע פּאַפּיר, אַ פאַרשריבנס מיט שוואַרצע לידער־זײַלן. זײַנע אויגן האָבן געקוקט ווײַט אין דער ווײַסער נאַכט אַרײַן. דער צימער איז געווען געדיכט אַרומגעשטעלט מיט גלעזערנע אַקוואַריומס, אײנער אויפן אַנדערן, און אין זײ האָבן געשווימלט און זיך געמונטערט הונדערטער־הונדערטער פאַרשײדענע פילפאַרביקע פישעלעך. לינקס אויף דער וואַנט איז אויף אַ הענג־טעפּעכל געהאַנגען אַן אַלטע יאַגד־ביקס.

איך בין געשטאַנען אַ רגע פאַרלוירן, און פּלוצלינג האָב איך אויסגעשריִען:

— כאַווער באַגריצקי! כאַווער באַגריצקי! עפנט אויף, איך האָב אײַך געבראַכט „דאָס געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן". מײַן איבערזעצונג, כאַווער באַגריצקי!

ער האָט אויפגעציטערט, ער האָט זיך אַ צי געטאָן איבערן טישל, צעפּראַלט די פענצטער און זיך אַרויסגעבויגן צו מיר.

— דאָס זײַט איר, כאַווער? וואָס איז מיט אײַך געשען, מײַן פרײַנט?

— אײַער אָפּאַנאַסן! אײַער פּאָעמע האָב איך אײַך געבראַכט. איך האָב עס איבערגעזעצט!

— געבראַכט אָפּאַנאַסן? שטײט, שטײט!

— יאָ, איבערגעזעצט אויף ייִדיש.

באַגריצקי האָט אַ שפּאַן געטאָן צום צווײטן צימערל:

— דו הערסט, ווײַב מײַנס, אָפּאַנאַס אויף ייִדיש!

מע האָט אים אַרויפגעוואָרפן אַ פּעלץ אויף די פּלײצעס, ער איז אַרויסגעגאַנגען צו מיר אין דרויסן, אַ הויכער, אַ גרויסער, מיט אַן עטוואָס געבויגענעם קאַרק. אינעם איבערגעקערטן פּעלצל האָט ער אויסגעזען ווי אַ בער.

ער האָט מיך גענומען פאַר אַ האַנט און צאַרט אַ זאָג געטאָן:

— אָרעמער מײַנער, פאַרוואָס־זשע האָט איר מיר פריִער ניט געזאָגט? וווּ זײַט איר דאָס געווען ביז איצט? איר זײַט ניט מיד? קומט אַרײַן אין שטוב, לײענט איבער.

— איך האָב נאָך ניט אָנגעשריבן, כאַווער באַגריצקי.

— ניט אָנגעשריבן?

— נײן, כ'האָב דאָס נאָך ניט פאַרשריבן אויף פּאַפּיר. איך קען עס אײַך אָבער איבערלײענען, איך האָב עס בײַ זיך אין קאָפּ פון אָנהײב ביזן סאָף.

ער האָט מיך אַרומגענומען.

— אין קאָפּ? אַך, טײַערער. אָט שיט אַרויס, שיט אַרויס!

— ס'איז דאָך אָבער אויף ייִדיש, כאַווער באַגריצקי.

— זײער גוט, פרײַנט מײַנער, פּראַכטפול! דאָס איז דאָך די שפּראַך פון מײַן קינדהײט.

מיר זײַנען געשטאַנען אײנער אַנטקעגן אַנדערן, אויג אויף אויג. זײַנע פאַרכידעשטע גליקלעכע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר צערטלעך. איבער אונדזערע קעפּ האָט זיך די לעוואָנע אָפּגעשטעלט.

איך האָב אַ פאַרקישעפטער געקוקט אויף באַגריצקין און געשריִען אין דער ווײַסער נאַכט אַרײַן דאָס געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן:

איבער סטעפּעס הארבסטיק־נאַסע,
דורך אַ נאַכט אַ קאַלטער,
לויפט מיט אימפּעט אָפּאַנאַסע
פונעם שטעטל באַלטע.

שטעכלקעס די פיס אים רײַסן,
סווישטשעט שאַרף דער קאָרן,
און די שטערן — זײ באַווײַזן
אים אַ וועג אַ קלאָרן,

ווײַזן אים אַ וועג די שטערן
דורך דער נאַכט דער וויסטער,
דאָרטן צו דער רײַכער פערם
פון די קאָלאָניסטן.

אָפּאַנאַסע, אויף די שליאַכן
היט זיך און גיב אַכטונג.
זעסט? עס שוואַרצט זיך אַ פּאַפּאַכע
פון אַ רויטן וואַכמאַן.

ווײַזט אויס, אומרײן דײַן געוויסן,
וואָס דו לויפסט פון באַלטע;
קלײַבסט זיך צו די קאָלאָניסטן,
און מאַכנאָ פאַרהאַלט דיך?..

באַגריצקי איז געשטאַנען אַ פאַרגליווערטער, מיט פאַרבראָכענע הענט. בלויז די ליפּן זײַנע האָבן געשעפּטשעט נאָך מיר וואָרט אין וואָרט.

די שורעס האָבן זיך געקײַקלט פונעם מויל, ווי שווערע שטײנער. מיר איז געוואָרן אַלץ גרינגער און גרינגער. און דעם שוידערלעכן פינאַל, ווען יאָסיף קאָגאַן קומט אַ טויטער צוגאַסט צו אָפּאַנאַסן, האָב איך שוין אויסגעשריגן פײַערלעך און קימאַט מיט פרײד:

שטילקײַט אינעם סטעפּ צעבערעכט זיך
פון א שאָס א הייסן,
טוט ער, קאַגאַן, בלויז א קרעכץ,
טוט ער זיך א טרייסל.

לאַנגזאַם לאָזט ער זיך אַרונטער
אַף א זײַט פאַרבויגן,
פונעם שאָס פאַרבאַקט זיך צונטער
בלוט אים אַף די אויגן.

פונעם שווארצן יאַם געטראָגן
שטויב האָט אַף די וועגן,
מיט דער נאָז אין שטויב איז קאַגאַן
אַפן וועג געלעגן.

הינטער גלעזלעך פון שפּאַקולן
קאַלט איז שוין און פוסט איז —
ליגט ער צו דער ערד געטוליעט
אַפּאַנאַס צופוסנס...

אז איך האָב געענדיקט, האָב איך גרינג און גליקלעך אָפּגעזיפצט.

באַגריצקי איז נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי פאַרגליווערט, מיט פאַרבראָכענע הענט, דערנאָך האָט ער זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעזעצט אַף דער באַנק, מיט א רירנדיקער שטים א זאָג געטאָן: „א דאַנק אײַך, מײַן פרײַנט, איר האָט מיך ווידער דאָ באַהעפט מיט מײַן קינדהײַט און מיט מײַן פאָלק. איצט וועלן ייִדן אויך לייענען מײַן געזאַנג וועגן אָפּאַנאַסן, איך דאַנק אײַך, מײַן פרײַנט"...

איך האָב אים אונטערן אָרעם צוגעפירט צו דער טיר. ער האָט מיר שטאַרק, שטאַרק גע־דריקט די האַנט. איך בין פון אים א גליקלעכער געלאָפן מיט א קינדערשן שפרונג אין דעם קילן פאַרטאָג אַרײַן צו דער באַן־סטאַנציע, צום מאָסקווער צוג.

■

וולאַדימיר זשדאַנאָוו

# ארן גורשטיין און זײַנע קריטישע ארבעטן

ארן גורשטיין איז געווען א קריטיקער און ליטעראַטור־וויסנשאַפטלער, וועלכער האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן צו שטעלן די סאַמע קאָמפּלי־צירטע טעמעס, די סאַמע אַקטועלע פראַגן. ער האָט געשריבן וועגן דער הײַנטצײַטיקער און קלאַסישער רוסישער ליטעראַטור, אים האָט אינטערעסירט די ייִדישע ליטעראַטור און דער ייִדישער טעאַטער. באַזונדערס פיל האָט ער זיך פאַרנומען מיט טעאָריע פון ליטעראַטור און עסטעטיק, מיט פראַגן פון סאָציאַליסטישן רעאַ־ליזם. ער האָט אופמערקזאַם שטודירט לענינס יערושע און פאַנאַנדערגעאַרבעט די לענינישע מעטאָדאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור־וויסנשאַפט.

אַלץ, וואָס א. גורשטיין האָט אָנגעשריבן, צייכנט זיך אויס מיט ערנסטער באַדאַכטקײַט, מיט פּינקטלעכן אַנאַליז, און דעריקער — עס איז דורכגעדרונגען מיט קעמפעריש גײַסט, מיט שטרעבונג צו פאַרטיידיקן די יונגע סאָוועטישע ליטעראַטור פון פײַנטלעכע ווירקונגען. ארן גורשטיין איז געווען א פּרינציפּיעלער קריטי־קער־מאַרקסיסט, וועלכער האָט פאַרנומען א באַשטימט אָרט אין ליטעראַרישן קאַמף, און טאַקע דעריבער גייען זײַנע אַרבעטן מיט רעכט אַרײַן אין דער געשיכטע פון דער אַלסאָוועטי־שער קריטיק באַאַנאַנד מיט אַנדערע דערגרייכונגען פון יענער ליטעראַרישער עפּאָכע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, זײַן ליטעראַטור־קרי־טישע שאַפונג טראָגט אַף זיך דעם כויסעם פון א באַשטימטער צײַט, אַמאָל איז דער מאַטעריאַל פאַרבונדן מיט פראַגן, וואָס האָבן שוין הײַנט פאַרלוירן זייער אַקטועלקײַט. אָבער אויך אַזעל־כע אַרבעטן האָבן ניט אָנגעוווירן זייער באַ־דײַטונג, אַף וויפל זיי שפּיגלען אָפּ דעם אָדער יענעם עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פונעם לי־טעראַרישן פּראָצעס און טראָגן מיט זיך שטריכן פונעם אויטאָרס פּערזענלעכקײַט — פון זײַן לע־בעדיקן, שאַרפן געדאַנק, פון זײַן באַציִונג צו ליטעראַטור, פון זײַן סטיל.

ארן גורשטיין, איז געבוירן געוואָרן אין 1895 אין שטעטל קראַלעוועץ, טשערניגאָווער גובער־ניע. זײַן פאָטער, אן אָנגעשטעלטער אין א טראַנספּאָרט־געזעלשאַפט, האָט אָפט געביטן דאָס וווינאָרט, און די פאַמיליע האָט געוווינט אין פאַרשיידענע שטעט: אין ניקאָפּאָל, קאַכאָווקע, יעליסאַוועטגראַד, גראָדנע, פּראָסקוראָוו.

אין 1913 האָט א. גורשטיין פאַרענדיקט די גימ־נאַזיע אין ווילנע, און אין 1916 איז ער אַנגעקו־מען אין פּעטראָגראַדער אוניווערסיטעט אַפן פאַקולטעט פון מיזרעך־שפּראַכן. די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אים געטראָפן אַף אוקראַינע, אין ניקאָפּאָל. די געשעענישן האָבן אים דאָ פאַרהאַלטן, און ער האָט געמוזט זיך אָפּזאָגן פון די לימודים אין אוניווערסיטעט.

ווי נאָר די ראַטנמאַכט האָט זיך פאַרפעסטיקט אין ניקאָפּאָל, האָט א. גורשטיין אײַנגאַנצן זיך אָפּגעגעבן דער קולטור־פּאָליטישער און אָרגאַ־

ניזאַציאָנעלער ארבעט. די רעוואָליוציע האָט אַרײַנגעטראָגן קלאָרקײַט אין זײַן וועלט־אָנשויונג, אין זײַן באַציִונג צו דער ווירקלעכקײַט. ער טרעט ארויס מיט לעקציעס און פּאָרטראָגן, באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די אָרטיקע צײַטונגען, ארבעט אין די אָרגאַנען פון פאָלקס־בילדונג. אין מײַ 1920 טרעט ער פרײַוויליק אַרײַן אין דער רויטער ארמיי. אלס מיטארבעטער פון א מיליטערישער צײַטונג, לאָזט ער ארויס „בלעטלעך פון א פרײַוויליקן". אין איינעם פון זיי האָט ער געשריבן: „מיר, רויטארמייער, שמידן א גרויסע און וווּנדערבארע זאַך — גליק פאר אַלעמען. מיר דעראָבערן גליק פאר זיך און פאר אנדערע".

אין 1921 האָט גורשטיין זיך דעמאָביליזירט און איז אָנגעקומען אף דער אראבישער אָפּטיילונג אין אינסטיטוט פון מיזרעך־שפראכן אין מאָסקווע. איינצײַטיק ארבעט ער אין פאָלקס־קאָמיסאריאַט פון נאַציאָנאַליטעטן און הייבט אָן מיטארבעטן אין די זשורנאַלן „פּעטשאַט אי רעוואָליוציא", „זשיזן נאַציאָנאַלנאָסטיי", „קרעסטיאַנסקאַיאַ גאַזעטאַ" און אין אַנדערע מאָסקווער אויסגאַבעס. א 16־יאָריקער גימנאַזיסט, האָט ער אָפּגעדרוקט אין א צײַטונג זײַן ערשטע ליד, און שפּעטער פאַרעפנטלעכט ער לידער און דערציילונגען אין דער פּראָווינציעלער פּרעסע. א סיסטעמאַטישן און ערנסטן כאַראַקטער האָט זײַן ליטעראַרישע ארבעט באַקומען אין סאָף 1921, נאָכן אַריבערפאָרן קיין מאָסקווע. אין 1924 יאָר האָט ער אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן פאר אַן ארבעט איבער דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור. שוין אין א יאָר ארום פּובליקירט ער אַן אַרטיקל וועגן דעם אָנגעזעענעם סאַטיריקער פונעם 19־טן יאָרהונדערט י. לינעצקי. אינגיכן איז אין דער אויסגאַבע פונעם אינסטיטוט פון דער ווײַסרוסישער קולטור (מינסק) דערשינען זײַנע א גרויסע ארבעט וועגן י.־ל. פּערעצן.

פאָרזעצנדיק שרײַבן פאר דער פּרעסע און אָפּגעבנדיק פיל צײַט דער פּעדאַגאָגישער טעטיקײַט (אין צווייטן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט), פאַרענדיקט א. גורשטיין זײַן בילדונג אין דער אַספּיראַנטור פונעם אינסטיטוט פאר שפּראַך און ליטעראַטור (1926—1929). אין יענער צײַט הייבט ער אָן אינטענסיוו זיך פאַרנעמען מיט פּראָבלעמען פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש. ער טרעט ארויס מיט טעאָרעטישע אַרטיקלען, נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער דיסקוסיע וועגן פּערעווערזעווס שול. אין 1931 דערשײַנט זײַן ביכל „פּראַגן פון מאַרקסיסטישער ליטעראַטור־קענטעניש". אין דעם זעלבן יאָר טרעט ער ארויס אין דער מעלוכע־אַקאַדעמיע פאר קונסט־קענטעניש מיט א גרויסן רעפעראַט וועגן דער ליטעראַריש־קריטישער טעטיקײַט פון וו. וו. וואָראָנסקי. גורשטיין שרײַבט א ריי ארבעטן וועגן וו. אי. לעבינס ליטעראַרישע אָנשויונגען („לענין און די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־קענטעניש", „לענין וועגן טאָלסטויען", „לענין וועגן טשערנישעווסקין" און אַנד.). ער שטודירט ג. וו. פּלעכאַנאָווס ליטעראַרישע ירושע און פּובליקירט אָף אָט דער טעמע אַרטיקלען אין דער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע און אין דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע. זײַנע ליטעראַטור־וויסנשאַפטלעכע ארבעטן דרוקן זיך אין ליטעראַטור־היסטאָרישע און קריטישע זאַמלונגען, אין די אויסגאַבעס פון דער ווײַסרוסישער און אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיעס.

אין די יאָרן 1935—1936 האָט א. גורשטיין געאַרבעט אין אָפּטייל פון קריטיק און ביבליאָגראַפיע פון דער צײַטונג „פּראַוודאַ". דאָ האָט ער פּובליקירט אַרטיקלען וועגן דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור, וועגן ווס. איוואַנאָווס „פּאָכאָזשדעניִיאַ פאַקיראַ", וו. קאַטײַעווס „בעלעיעט פּאַרוס אָדינאָקי", מ. זאָשטשענקאָס „גאָלובאַיאַ קניגאַ", וועגן וואַס. גראָסמאַנס און וו. אוודייעווס דערציילונגען, וועגן וו. מאַיאַקאָווסקיס דיכטונג, וועגן מ. גאָרקיס פּיעסן.

איינצײַטיק דערמיט האָט אין א. גורשטיינס ליטעראַרישער שאַפונג פאַרנומען א גרויס אָרט די פאָרשונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פונעם ייִדישן טעאַטער. צווישן דער היפּשער צאָל ארבעטן טיילן זיך אויס די אַרטיקלען וועגן דער שאַפונג פון ד. בערגעלסאָן און ע. פיניבערג, וועגן ש. האַלקינס לידער, וועגן דער אַקטיאָרישער קונסט פון ש. מיכאָעלסן און ב. זוסקינען, די עטיודן וועגן ייִדישן טעאַטער. גורשטיין האָט אויך געשריבן וועגן די קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור שאָלעם־אַלייכעם און מענדעלע מויכער־ספאָרים.

א באַזונדערן אינטערעס שטעלט פאָר א. גורשטיינס בוך „פּראָבלעמען פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם" (1941). אין אָט דער ארבעט זײַנען פאַראַן אינטערעסאַנטע באַטראַכטונגען וועגן קינסטלערישן מעטאָד, פּאָלעמיש געווענדטע קעגן די ראַפּישע טעאָריעס, ווי אויך וויכטיקע פאַראַלגעמיינערונגען איבער אַזאַ פראַגע ווי די

פאַרהעלטעניש צווישן מעטאָד און וועלט־אַנשויונג. עס ווערט געגוי באַטראַכט די פראָבלעם וועגן פאָלקסטימלעכקײַט פון דער קונסט, אין וועלכער דער אווטאָר זעט אײַן א וויכטיקע אייגנשאַפט פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

אין קאַפיטל „צו דער פראָבלעם פון פאָלקסטימלעכקײַט אין דער ליטעראַטור" זאָגט א. גורשטיין אַרויס א געדאַנק וועגן דער ענגער פאַרבינדונג צווישן פאָלקסטימלעכקײַט און רעאַליזם. ער וואָרנט אָבער דערבײַ קעגן אויבערפלעכלעכן באַנעמען די דאָזיקע פראָבלעם. צוציִענדיק א רײַכן קולטור־היסטאָרישן מאַטעריאַל, סוימעך זײַענדיק זיך אַף די אידייען פון דער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער קריטיק און אַף לענינס גרינטלעכע אַרויסזאָגונגען, אַרגומענטירט ער זײַן מיינונג וועגן פאָלקסטימלעכקײַט אין דער קונסט. „אייניקע קריטיקער, — שרײַבט א. גורשטיין, — זעען פאָלקסטימלעכקײַט בלויז אין די ווערק פון אַזעלכע שרײַבער, ווי קאָלצאָוו, ניקיטין אאַוו., פאַרגעסנדיק, אַז דער פאָלקס־באַוווסטזײַן האָט געפונען א גלענצנדיקן און טיפן אויסדרוק אין דער שאַפונג פון גרויסע קינסטלער, וועלכע האָבן אַמאָל ניט געהאַט קיין דירעקטע פאַרבינדונגען מיטן פאָלק, נאָר „פון אויסן" (לויט לענינס אויסדרוק) האָבן זיי אים געווידמעט זייער שעפערישן געדאַנק. טויזנט מאָל איז גערעכט געווען גאָרקי, ווען ער האָט געזאָגט, אַז דאָס פאָלק איז דער גרעסטער און אומויסשעפלעכער קוואַל פון דער גאַנצער שאַפונג. אָבער, שעפנדיק פון דעם דאָזיקן קוואַל, האָבן די גרויסע קינסטלער שטענדיק געצאָלט דעם פאָלק בעקייפל קיפלאַיִם, אומקערנדיק אים די שאַפונגען פון זייער געני, באַרײַכערטע מיט הויכן שעפערישן געדאַנק, באַפרוכפערטע מיט דער רײַכסטער קינסטלערישער קולטור פון דער גאַנצער מענטשהײַט. אַפן גרונט פון דער מיטלאַלטערלעכער פאָלקס־לעגענדע איז אויסגעוואַקסן געטעס „פאַוסט". אָבער געטע האָט די אַלטע לעגענדע געניאַל באַאַרבעט און האָט אין איר אַרײַנגעבראַכט די גאַנצע רײַכקײַט פון דעם זוכנדיקן און בלאָנדזענדיקן מענטשלעכן געדאַנק. דאַרפן מיר דען דעריבער געטען האַלטן ווייניקער פאָלקסטימלעך, ווי דעם נאָמענלאָזן באַשעפער פון דער מיטלאַלטערלעכער לעגענדע?"

די אינטענסיווע און פילאַרטיקע שעפערישע טעטיקײַט פונעם סאָוועטישן קריטיקער איז איבערגעריסן געוואָרן אין יון 1941, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע. צוזאַמען מיט א סאַך אַנדערע שרײַבער, איז א. גורשטיין פרײַוויליק אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון דער פאָלקס־אָפאָלטשעניע. פון דעם טאָג אָן, פון דעם 6 יול, האָט זיך בא אים אָנגעהויבן דאָס ניט גרינגע לעבן פון א סאָלדאַט, א לעבן, צו וועלכן ער איז גאָר ניט געווען צוגעפאַסט — אַזוי האָט זיך אויסגעדאַכט זײַנע פרײַנט.

א קליינוווקסיקער, אין ברילן, א שעמעוודיקער און א שטילער, איז ער פאַמעלעך און — איבער דער קורצזיכטיקײַט — ניט שטענדיק זיכער געגאַן איבער די מאָסקווער גאַסן, באַזונדערס, ווען די באַוועגונג איז געווען א גאָר שטאַרקע. אין די טעג פון דער מילכאָמע איז ער אָבער אַזויווי געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. אין דער נאַכט אַפן 11 יול איז די דיוויזיע, וואָס אין איר באַשטאַנד זײַנען געווען די שרײַבער־אָפאָלטשענצעס, אַוועק פון מאָסקווע אַף מײַרעוו. עס האָט זיך געדאַכט, גורשטיין איז גלײַך צוגעוווינט געוואָרן צום לעבן אין מאַרש. אינגיכן האָט ער שוין דורכגעמאַכט שווערע לאַנגע איבערגענג, ער האָט געגראָבן אָקאָפעס, געהאַקט ביימער... זײַן גרייטקײַט איבערצוטראָגן אַלע שוועריקײַטן האָט בא אַלעמען אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. איינער פון די שרײַבער־פראָנטאָוויקעס האָט געשריבן אַהיים אין א בריוו: „א באַזונדערע, וואָלט איך געזאָגט, גײַסטיקע שיינקײַט האָט אַרויסגעוויזן גורשטיין. שטענדיק א באַדאַכטער און א רויִקער, האָט ער אויך אַף אַנדערע געווירקט באַרויִקנדיק און דערמוטיקנדיק".

מיר ברענגען די דאָזיקע ווערטער, ווײַל אָן זיי וואָלט ניט געווען פול דאָס בילד וועגן דעם לעבן פונעם סאָוועטישן ליטעראַטור־פאָרשער, וועלכער איז אומגעקומען אין די שלאַכטן, פאַר מאָסקווע אין האַרבסט 1941 יאָר.

די באַזונדערקײַטן פון גורשטיינס טעאָרעטישע אַרבעטן באַשטייען דערין, וואָס זיי זײַנען געשאַפן אין אַן אַטמאָספער פון הייסע ליטעראַרישע דיסקוסיִעס, אין פראָצעס פון קאַמף קעגן פאָרמאַליזם, וווּלגאַרער סאָציאָלאָגיע, ראַפישן דאָגמאַטיזם. אין אָט דעם קאַמף איז דער קריטיקער געשטאַנען אַף פאַרטייִשע פאָזיציִעס. זײַנע אַרטיקלען זײַנען קימאַט שטענדיק פאָלעמיש פאַרשאַרפט, זיי טראָגן א קעמפערישן, אָנגרײַפערישן כאַראַקטער. זיי געהערן צו יענער צײַט, ווען דעם עלטערן דאָר סאָוועטישע קריטיקער איז אויסגעקומען צו נעמען אַף זיך א ניט גרינגע אַרבעט: אַנטוויקלען ווײַטער די מאַרקסיסטיש־לענינישע טעאָריע און עסטעטיק אין העסקעם מיט די אויפגאַבן פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור. שוין בלויז דאָס אַליין פאַרפליכטעט דעם הײַנטיקן לייענער באַציִען זיך מיט אַכטונג און מיט אויפמערקזאַמקײַט צו די ערשטע פרוּוון אין דער ריכטונג, און באַזונדערס צו א. גורשטיינס אַרבעטן.

א באַדײַטנדיק אָרט אין גורשטיינס ליטעראַריש־קריטישער טעטיקײַט פאַרנעמען זײַנע אַרבעטן וועגן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. די אַרטיקלען וועגן דער שאַפונג פון דאָוויד בערגעלסאָנען, עזראָ פינינבערגן און שמועל האַלקינען זײַנען א היפשער בײַטראָג צו דער סאָוועטישער קריטיק, אין זיי איז דאָס גלענצנדיקע וויסן דעם מאַטעריאַל אָרגאַניש פאַרבונדן מיט א דורכדרינגלעכן קינסטלערישן אַנאַליז.

באטראכטנדיק דעם שעפערישן וועג פון דעם אָדער יענעם שרײַבער, שטעלט פעסט דער קריטיקער די פארבינדונגען מיט דער היסטאָרישער ווירקלעכקײַט, מיט דער סאָציאַלער סוויווע, ער קלאָרט אויס גענוי דעם לעבנס־אײַנהאַלט פונעם ווערק, די אָפּשפּיגלונג פונעם פאָלקס־לעבן, אים אינטערעסירט, וויאַזוי עס אנטפּלעקן זיך אין דער שאַפונג פונעם סאָוועטישן שרײַבער די טראַדיציעס פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. (אין בערגעלסאָנס שאַפן, אשטייגער, שטעלט ער פעסט די ווירקונג פון פערעצן און שאָלעם־אַלייכעמען).

דערבײַ פארשווײַגט ניט א. גורשטיין די שוואכע זײַטן אין דער שאַפונג פון דעם אָדער יענעם קינסטלער, זײַנע אידייִשע, שעפערישע ווידערשפּרוכן. אין ארטיקל וועגן בערגעלסאָנען ווערט געזאָגט וועגן דעם קאָמפּליצירטן וועג פון אָט דעם שרײַבער צו דער רעוואָלוציע, וועגן דעם קאַמף פון רעאַליזם און אימפּרעסיאָניזם אין זײַן שאַפן און אין זײַן סטיל נאָך אין די יאָרן ביז דער רעוואָלוציע. אינעם ארטיקל וועגן דעם ראָמאַן פונעם סאָוועטישן שרײַבער דער ניסטער ווײַזט גורשטיין אָן, אז אייניקע אידייִשע פעלערן „פארשמעלערן די היסטאָרישע האָריזאָנטן פון זײַן גרויסן און באַדײַטנדיקן בוך”. דער קריטיקער ווײַזט אָן, אז קעדיי צו שאַפן א וואָרהאַפטיקן היסטאָרישן לײַוונט, דאַרף דער אַוטאָר פרײַער פאַר אַלץ „אויסקלאָרן פאַר זיך און באַווײַזן דעם לייענער די באַוועגנדיקע קויכעס פון דער געשילדערטער עפּאָכע”.

א. גורשטיינס ארטיקלען וועגן דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, וועגן אירע באַדײַטנדיקסטע פאַרשטייער, זײַנען אינטערעסאַנט און־פאַר־זיך, ווײַל זיי זײַנען מײַסטערהאַפט אָנגעשריבן. זיי זײַנען באַזונדערס אינטערעסאַנט איצט, ווען א סאַך ראָמאַנען און דיכטערישע ווערק, וועגן וועלכע א. גורשטיין האָט געשריבן, ווערן ארויסגעגעבן ניט בלויז אַף ייִדיש, נאָר אויך אין דער איבערזעצונג אַף רוסיש און אַף אַנדערע שפּראַכן פון די פעלקער פון אונדזער לאַנד.

---

**מוישע גאָלדשטיין**

# רויק



— א סאָלדאַט האָט ניט קיין נעשאָמע, — פלעגט סטאַך זאָגן. — רײַסן, בײַסן, וואַרגן, דריקן ווען און וויפל ס'לאָזט זיך נאָר...

פלעגן מיר אַלע ציטערן פאַר אים. און ניט נאָר מיר, פּראָסטע זעלנער, נאָר אַפילע די אונטער־אָפיצערן זײַנען זיך מיט אים באַגאַנגען אַנדערש, ווי מיט אַלעמען. קיין דערלויבעניש אין שטאָט צו גײן האָט סטאַך ניט געבעטן. האָט מען אים באַשטראָפט. איז ער אָפּגעזעסן זײַן שטראָף, און אַלע האָבן מיר געוווּסט, אז סטאַך וועט זיך זײַנס אָפּנעמען. און אַזוי ווי ער פלעגט נאָר איבערטרעטן די שוועל פון טורמע צוריק אין קאַזאַרמע, פלעגט ער ווידער אַרומשפּרינגען מיט זײַנע לאַנגע פיס, און זײַנע שאַרפע פײַערדיקע אויגן פלעגן שטעכן און שרעקן.

צווישן זיך פלעגן מיר באַמערקן: דער פויגל טראַכט שוין ווידער עפּעס צו. און אז ס'איז אויסגעקומען, פאַר א שטראָף, צו פאַלן אין פעלד און דער געשריי: „פאַדני פאָוסטאַן!”

האָט זיך אַזוי אַ פּאָר צענדליק מאָל איבערגעכאַזערט, איז זיך סטאַך געשטאַנען און פון אָרט זיך ניט גערירט, ווי ניט אים מיינט מען. ווען דער אָפּיצער האָט דאָס פון ווײַטן דערזען, איז ער געלאָפן צוגעגאַנגען צו אים און געפרעגט:

— און דו וואָס? פאַר דיר איז ניטאָ קיין באַפעל?

האָט ער זיך געלאָזן אויסגעצויגן אויף דער ערד און אַ פּיר געטאָן מיט אַן אייגל, אַז מע האָט געקאָנט שטאַרבן פון שרעק.

אים האָט ניט באַפרידיקט דאָס מאָנאָטאָנע קאַזאַרמע־לעבן, פאַר אים איז עס געווען צו רויק.

— ווי אַ בעהיימע פון שטאַל אין פעלד אַרײַן און פון פעלד אין שטאַל אַרײַן, — פלעגט ער זיך בייזערן. זײַן ברויזנדיק־שטורמישע נאַטור דאַרף עפּעס אויפטאָן.

אַז ער נעמט די ביקס אין האַנט און גיט זי אַ וואָרף אַרונטער אונטערן אָרעם און נעמט ציַען באַם ליידיקן צינגל, פאַרלויפן אים די אויגן מיט בלוט, ווי באַ אַ בייזער כײַע... כאָטש מיר פלעגן זיך שרעקן פאַר אים, דאָך האָבן מיר ליב געהאַט צו זיצן און זיך אײַנהערן, ווי סטאַך רעדט, ווי סטאַך דערציילט מײַסעס פון דאָרף. ווען סטאַך רעדט פון דאָרף, לעבט ער אויף. ער דערציילט וועגן זײַנע מיידלעך, וועגן די שפּיצלעך, וואָס ער פלעגט אָפּטאָן.

איין מײַסע האָט ער באַזונדערס ליב צו דערציילן, און יעדעס מאָל דוכט זיך, אַז ס'איז עפּעס אַ נײַע מײַסע, ווײַל סטאַך דערציילט ניט סטאַם אין דער וועלט אַרײַן — אַזוי און אַזוי האָט זיך עס געטראָפן. סטאַך דערציילט שיין, מע לעבט מיט די מײַסע מיט אים. ס'דוכט זיך דערמלט, אַז מיר אַלע שטייען דערבײַ און זעען, ווי סטאַך ליגט אויפן בוידעם היי, זײַנע אויגן זײַנען געווענדעט צו דער טיר, און ווי יאַנעק, דער דאָרפס־גאַנעווו, עפנט שטיל אויף די טיר, גייט צו פאַרזיכטיק צום פערד, און ווי נאָר ער וויל אָנעמען דאָס פערד פאַרן צוים, אַזוי טוט סטאַך אַ שפּרונג אַראָפּ, ווי אַ קאַץ, און מיט דער האַק גיט ער אים איבערן קאָפּ, און יאַנעק דער דאָרפס־גאַנעווו בלײַבט טויט...

דאָ בלײַבט ער שטיל, און די הענט, וואָס האָבן געאַרבעט באַם דערציילן, לאָזן זיך אַראָפּ אויף די קני. און מיר קריגן עפּעס אַזאַ רעספּעקט פאַר אים.

צי די אַלע מײַסעס, וואָס סטאַך דערציילט, זײַנען עמעסע, האָט קיינער ניט געוווּסט, נאָר אַז סטאַך קען שיין דערציילן, אַז אַט דער שרעקנדיקער בליק מיט זײַנע בלוטדורשטיקע אויגן קען באַגײַסטערן און צובינדן צו זיך, — דאָס האָט מען געוווּסט...

ס'איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז מע שיקט אונדז אָפּ אַפּן פראָנט. פאַרשיידנאַרטיק האָבן מיר אויפגענומען די ידיִע. טייל זײַנען געווען פריילעך, געטאַנצט, געשפּרונגען, טייל האָבן זיך געשראָקן, אַנדערע האָבן גענומען זיך גרייט מאַכן, ווי צו אַ הייליקער זאַך. נאָר סטאַך האָט זיך פאַרטראַכט.

אַלעמענס אויגן זײַנען געווענדעט צו אים, נאָר ער — גאָרניט, קיין שום צייכן, ווי קיין ענדערונג ניט. צי ער האָט די נײַס באַהאַלטן און ניט געוואָלט זיך אַרויסווײַזן, אָדער ער איז גאָרניט איבעראַשט געוואָרן — האָט מען ניט געוווּסט. נאָר ווען ס'איז געוואָרן אַ ביסעלע שטילער און אַלע האָבן זיך פאַרטראַכט, איז ער זיך געלאָזן צוגעגאַנגען צו דער ביקסן־פּיראַמידע, גענומען אין האַנט זײַן ביקס, באַקוקט זי פון אַלע זײַטן, געפּרוּווט דעם שלאָס און אָוועקגעשטעלט. ער האָט אַרומגעשפּרײַזט מיט צוגעהאַקטע ציין און די מוסקולן אויף זײַן פּאָנעם האָבן געציטערט.

סטאַך איז געווען אַ הויכער, און איבער זײַן הייך איז ער שטענדיק געגאַנגען אין די ערשטע רייען, דעריבער האָבן אַלע, וועלכע זײַנען געגאַנגען פון הינטן, אים געזען. דאָס ביקסל איז זיך געלעגן זיכער אויף זײַנע אַקסלען און אַזוי צוגעבונדן, ווי אַ געטרײַער הונט, וואָס נורעט זיך צום באַלעבאָס, וויסנדיק, ווי יענער שעצט אים.

ווען מע האָט אונדז געפירט אונטער פײַערלעכער מוזיק צום באַן, איז סטאַך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַ צי געטאָן באַם צינגל פון דער ביקס, און אַ קנאַל האָט זיך דערהערט, און אַ רויך האָט זיך אויפגעהויבן איבער זײַן קאָפּ.

סטאַך האָט אויפגעריסן די אויגן און געלאַכט. דאָס געשריי פון די אָפּיצערן האָט אים אָנגעצינדן קנאַפּ וואָס געאַרט — ער איז אָנגעצינדן אַ פרײַער פויגל.

אין וואַגאָן האָט ער זיך ערשט רעכט פאַנאַנדערגעשאָסן. די ביקס־רער איז געוואָרן הייס, און אַ רויטקײַט האָט זיך אויף איר פאַרצויגן. ער איז געשטאַנען באַם פענצטער און געשאָסן אין הייל אַרײַן — און אַזוי פאַרביטערט און פאַרביסן, ווי מיט יעדן שאָס וואָלט ער וועמען דערהאַרגעט.

אין מיטן דער נאַכט האָט דער צוג דעם לעצטן פֿײַף געטאָן, אויסגעהויכט זײַן נעשאָמע און געבליבן שטיין. ווי זעק האָט מען אונדז אויסגעלאָדן פֿון די וואַגאָנען, און מיר זײַנען, מידע, צעבראָכענע, געבליבן שטיין אין פֿעלד באַם ראַנד פֿון א כאָרעוו געוואָרענער שטאָט. די שטאָט האָט פֿונדערווײַטן, אין דער נאַכט־פֿינצטערניש אויסגעזען ווי אן אלטער האַלב־אײַנגעזונקענער בעסוילעם. דער הימל איבער דער שטאָט איז געווען בלוטיק־רויט, און די רויטע טויט־פֿלעקן האָבן זיך געשפּיגלט אין די האַלב־אײַנגעזונקענע מאַצייווס.

ס'איז נאַכט און שטיל. ווּ מיר זײַנען, ווייסן מיר ניט. די אָפּיצערן זײַנען פֿאַרשוווּנדן, און ווי לאַנג מע וועט אזוי שטיין, ווייסט מען אויך ניט. איז מען געבליבן זיצן אף דעם אָרט, ווּ מע האָט זיך אָפּגעשטעלט. זעלנער האָבן אײַנגעדרעמלט, נאָר סטאַך שלאָפֿט ניט. זײַן הויכע פֿיגור האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין דער פֿינצטערניש. ער שטייט אף איין אָרט און דרייט דעם קאָפּ אין אלע זײַטן. דאָס אָרט האָט אים ווי געוווּנדערט און געשראָקן, אן אומרויִקייט האָט מען געמערקט אף זײַן פּאָנעם...

אזוי ווי א גויסעס נאָך א שווערער נאַכט ראַנגלען זיך מיטן מאַלעכאַמאָוועס עפּנט אוף מיטן באַווײַזן זיך פֿון טאָג די אויגן, אזוי האָבן מיר זיך אופגעכאַפּט, ווען די נאַכט איז פֿאַרשוווּנדן. א קאַלט פֿרימאָרגן־ווינטל האָט געבלאָזן, דער הימל איז געווען בלוי, און אין בלויען נעפּל איז אלץ געווען פֿאַרהילט. פֿונדערווײַטנס האָט זיך געטונקלט א וואַלד. הינטער אונדז האָט זיך געבלויט א פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿן דאָרף, פֿון וועלכן ס'האָט געשמעקט מיט היימישקײַט, מיט סטאַכישקײַט.

סטאַך האָט געקוקט צום דאָרף, און זײַן פּאָנעם איז געווען מאַט־בלוי, פֿון דעם פֿאַרברענטן צעשאָסענעם שטעטל האָט געיאָגט א מאָרעשכוירעדיקע קעלט, די מויערן־לעכער זײַנען געווען ווי דורכגעשאָסענע מענטשן־אויגן. די קוימענס, וואָס זײַנען שטיין געבליבן פֿון די אָפּגעברענטע הײַזער, האָבן אויסגעזען פּונקט ווי א מענטשלעכער גאָרגל, פֿון וועלכן מע האָט אַראָפּגעצויגן דאָס פֿלייש. אלע זײַנען מיר געשטאַנען פֿאַרשטיינערט, פֿאַרטראַכט, יעדער באַזונדער האָט וועגן עפּעס געקלערט, און ניט איינער האָט זיך געפֿרעגט: ווּ זײַנען אהינגעקומען די מענטשן פֿון די צעלעכערטע, צעשאָסענע הײַזער?

— ברידערלעך, — האָט סטאַך מיט זײַן געשריי איבערגעריסן דאָס טראַכטן, — זעט, א רויך גייט!

ער איז געשטאַנען, אָנגעלענט איין האַנט אף דער ביקס, די צווייטע — אויסגעצויגן צום דאָרף, וואָס די זון האָט עס באַלויכטן, און געקוקט, ווי פֿון די קוימענס ציט זיך א בלויער דינינקער רויך. זײַן פּאָנעם איז געווען אינגאַנצן געענדערט, בלאַס, די אויגן גרויס און פֿײַכט. אלע האָבן מיר געקוקט אהין, ווּ זײַן האַנט האָט זיך אויסגעצויגן, צום דאָרף, ווּ מענטשן זײַנען אופגעשטאַנען און פֿון זייערע הײַזלעך טראָגט זיך א רויך, א סימען פֿון לעבן.

און סטאַך, דער סטאַך, וואָס אלע פֿלעגן זיך שרעקן פֿאַר אים, דער סטאַך, וואָס האָט זיך געריסן צום פֿראָנט, האָט זיך פֿלוצעם פֿאַרבענקט, דערזעענדיק דעם רויך פֿון א פּויעריש הײַזל.

דאָס איז געווען סטאַך, וואָס האָט געזאָגט, אז „א סאָלדאַט האָט ניט קיין נעשאָמע...”



יעכיעל שרײַבמאַן

# ליטעראַרישע מיניאַטורן

## פּיקאַסאָס טויב

זי איז באַקענט אין יעדער ווינקעלע פון דער וועלט. אזש שיר־שיר, וואָלט איך געזאָגט, באַנאַל באַקענט.

וואָס אַ גאָען קען!

עס דאַכט זיך אויס, אַז די טויב, וואָס לעבט שוין טויזנטער יאָרן, די טויב, מיט וועמען נויעך האָט נאָך געהאַט צו טאָן, איז אַנטפּלעקט געוואָרן ערשט איצט, אַדאַנק אים, פּיקאַסאָן.

ער האָט געמאָלט איר פּלי, איר טוקן זיך, פליִענדיק, אין בלוי־פרימאָרגנדיקער לופט. איר ליבע־וואָרקערײַ. איר אויסזיצן מיט צעשפּרייטע פליגל טײַבעלעך. איר מאָנען, וואָרקענדיק, בײַ דער וועלט גוטסקײַט, ליבשאַפט, מי, רו.

ער האָט זי געמאָלט אַזוי, אַז עס דאַכט זיך אויס: ביז איר איז נאָך קיין שום טויב ניט געווען אויף דער וועלט.

וואָס אַ גאָען קען!

און נאָך דאַכט זיך אויס: וואָס האָט ער דאָרט אַזוינס באַזונדערס געטאָן? יעדער קלענסטער מאָלער מאַכט דאָס איינס־צוויי, מיט עטלעכע שמיר פונעם פּענדזל — אויף יעדן פּלויט, אויף יעדן סלופּ, זעט מען אויסגעמאָלט פּיקאַסאָס שאָלעם־טויב.

ווי גרינג ס׳איז צו זײַן אַ נאָכמאַכער, אַ נאָכטוער.

ביסטו אַ קינסטלער, טראַכט איך, ציִ זיך צו וועלט־באַשאַף, זײַ אַ שטיקל בוירע־אוילעם.

ניט קיין גאַנצע וועלט, ניט אַזאַ גאַנצע טויב אין דער דאָזיקער וועלט — כאָטש אַ פּעדערל.

כאָטש איין ווײַס סאַמעטן פּעדערל...

## שאַגאַל

ס׳ראָוו מאָלער האָבן ניט ליב וועגן זייערע לײַוונטן דאָס וואָרט „ליטעראַרישקײַט". שרײַבער, פאַרקערט, קאָנען אָן „מאָלערישקײַט" ניט זײַן קיין שרײַבער.

דער כילעק צווישן שרײַבער און מאָלער איז, אַפּאָנעם ניט קיין קלײנער כילעק. שטעל זיי, אַשטייגער, ביידע אַוועק, לאָמיר זאָגן, אין דרויסן אַנטקעגן אַ וואַנט. דער מאָלער וועט באַלד אַ נעם טאָן דעם מאָלבערט, די פּענדזלען אין די פינגער, און וועט זי באַלד אָנהייבן געשטאַלטן. קעדיי דער שרײַבער זאָל „געבן" די דאָזיקע וואַנט, דאַרף ער דאָס ערשטע אַרונטערגיין הינטער איר, אַ גוטן קוק טאָן פריִער, וואָס עס טוט זיך פון יענער זײַט וואַנט.

שאַגאַל איז ניט נאָר אַרונטערגעגאַנגען הינטן, ניט נאָר גוט אַ קוק געטאָן אין יענער זײַט, נאָר אַלע זאַכן פון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט אַהער, אין דער זײַט.

שאַגאַל איז ערעוופּייסעכדיק. די אינווייניקסטע זאַכן שטייען צעוואָרפן אַרום זײַנע דרויסנדיקע „ווענט". לעבן די שוועלן, בײַ די פריזבעס, אַפילע אויפן דאַך, אַפילע אין הוילן אײַנדערלופטן.

מע קאַלכט. מע קאַשערט. מ׳איז בוידעקכאָמעץ. מע ברענגט שוין אַראָפּ פונעם בוידעם דאָס קעסטל פּייסעכדיקע געפעס מיט די פרײלעך־באַמאָלטע קויסעלער און ייִדישלעך־באַשריבענע טעלער און טעלערלעך.

דער טאַטע קלאַפּט שוין אויס די האַגאָדע; און דאָס קינד — דער פיר־קאַשעס־פרעגער — טראָגט שוין, אונטער אַ ווײַס־אָנגעקראָכמאַלעט סערוועטל, די כאַרויסעס.

און עס שוועבט שוין אינדערלופטן קינדישצאַפּלענדיקע פרייד פונעם אָט־אָט אַרײַנגייענדיקן מילדן און שיינעם יאָמטעוו.

## אַכרײַעס פאַר דײַנע און דעם העלד דײַנעמס רייד און מײַסים

דער פראַנצויזישער דראַמאַטורג אַנרי דע מאָנטערלאַן — אַ טראַגיש־פאַרפלאָנטערטע פּערזענלעכקײַט, אַ גרויסער קינסטלער, אַ מענטש, וואָס איז קראַנק געוואָרן אויף אַ פילאָזאָפיע, אַז

דער זאַקן דאַרף אין די לעצטע טעג זײַנע אַליין באַגעגענען דעם טויט, ווי דאָס קינד באַגעגנט אין זײַנע ערשטע רעגעס דאָס לעבן, און האָט טאַקע אַזוי געטאָן: אוועקגעזעצט זיך אין אַ פּאַרנאַכט, אין 72־טן יאָר, באַם שרײַבטיש און אַרײַנגעשאָסן זיך אַ קויל אין די שלייפן...

אנרי דע מאַנטערלאַן האָט איינמאָל, איבער־לייענענדיק אָף אַ דיכטערס אַ ביכל לידער די מאַטאַ: „בירגערקריג איז דער בעסטער קריג, ווייסט, פאַרוואָס דו האַרגעסט און פאַר וועמען דו האַרגעסט. — מאַנטערלאַן”, זיך אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ:

— גוואַלד, עס זײַנען דאָך ניט מײַנע ריידן! דאָס האָט אַ העלד מײַנער אַזוי געזאָגט! עס קאָן מיר איצט יעדער איינער אין גאַס אַ וואָרף טאָן אין פּאָנעם אַרײַן: הייסט האַרגענען! ווילסט קריגן!

ווי פיל שווערע אַכרײַעס, טראַכט איך, ליגט, נעבעך, אָף די שוואַכע, טאַמיד אויסגעמוטשע־טע פּלייצעס פונעם שרײַבער. פאַרענטפער, באַ־צאָל. ניט נאָר פאַר דעם, וואָס דו אַליין טוסט און זאָגסט, נאָר אויך פאַר די רייד און מײַסים פון אַלע דײַנע פּאַרשוינען. אַלע דײַנע גע־שטאַלטן.

באַקום פאַר זייערע שיינע טועכצן און באַ־צאָל פאַר זייערע מיעסע טועכצן.

און אויב דו, קינסטלער, ווילסט זיך פונדעסט־וועגן אַרויסגליטשן פון דער דאָזיקער אַכרײַעס, באַצאָל מיט בלינדקײַט (זע ניט, וואָס עס טוט זיך אַרום־און־אַרום), באַצאָל מיט טויבקײַט (הער ניט, וואָס מע רעדט אָף דער וועלט), באַצאָל מיט אויבערפלעכלעכקײַט (גיב נאָר דאָס גרינגע, דאָס, וואָס שווימט פון אויבן), באַ־צאָל — מיט ווערן אויס קינסטלער.

אַ קינסטלער, — זאָגט, אַגעוו, מאַנטערלאַן, — לײַדט דעמלט, ווען ער לײַדט ניט.

און נאָך עפּעס טראַכט זיך דערבײַ. אויב די מאַטאַ־רייד אויבן האָט טאַקע אפילע געזאָגט ניט ער אַליין, נאָר אַ העלד זײַנער, זײַנען זיי אָבער זײַנע, דעם שעפערס רייד. האָבן זיי לאַנג געשוועבט אין אים ערגעץ אינווייניק, צווישן זײַן כאַלעם און וואָר.

און דער דיכטער האָט ריכטיק אוועקגעשטעלט אונטער דער מאַטאַ ניט דעם העלד, וואָס האָט די רייד געזאָגט, נאָר דעם קינסטלער, וואָס האָט די רייד געדאַכט.

## אייצעס

אָף אַנדרע מאַרואַס „בריוו צו אַן אומבאַ־קאַנטער” האָט אַ לייענערן פון אַ גאַנץ יאָר, אַ שכיינע מײַנע, אַ זאַג געטאָן:

— אייצעס... ווילע אייצעס!

ס'האָט אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער. אַ געלעכ־טער מיט יאַשטשערקעס. — ווירטואָזע עסייִסטיק, שאַרפע סטיל־גע־שליפנקײַט, כאָכמע, דינקײַט, לעבן, ווייטעק, ווידע, פראַנצויזישער עספּרי, און — אייצעס.

ניט מער און ניט ווייניקער.

ווילע אייצעס.

אויב מע קאָן מיט אַזאַ ליטעראַטור אַזוי זיך אָפּאַטערן, וואָס זשע קאָן מען שוין טאָן מיט דײַנער?

ס'האָט געגראַבלט באַ דער נעשאָמע. פּאַמע־לעך האָבן זיך אויסגעגראַבלט טרייסט־ווערטער.

און עפּשער איז די דאָזיקע לייענערן פון אַ גאַנץ יאָר גאָר געטרעכט? עפּשער האָט זי גאָר געזאָגט דאָס סאַמע פּינקטלעכסטע וואָרט? גראָב גערעדט: וואָס איז דען סאַפּקאַלסאָף ליטעראַ־טור, אויב ניט קיין זייער שטילע, זייער־זייער טאַקטישע, איידל־מיטפילנדיקע, קוים־קוים באַ־מערקטע, קלוגע און געטרײַע אייצעס?

און ס'האָט זיך דערנאָך פּאַמעלעך אויסגע־גראַבלט נאָך ערגערס:

וואָס זשע איז מיט דײַן ליטעראַטור? וואָס זשע איז מיט דער ליטעראַטור, וואָס פילט אַרום זיך, ווי אַן אָט־אָט אויסגעלאָשענער זאַקן, דעם פאַרקרומטן מאַך פון זײַנע צעבאַלעוועט־פאַר־פרעמדטע איינקלעך:

— מע פרעגט באַ דיר, זיידעניו, קיין אייצעס ניט!

## אַ קאַפּעלע מעליצעדיקײַט

מיר קערן זיך אַמאָל אום צו אַ קאַפּעלע מע־ליצעדיקײַט. אויב דאָס איז נאָר דעמלט, ווען די נעשאָמע אונדזערע פילט און צאַפּלט אַ ביסל מערער, — וועט מען אונדז דעם דאָזיקן כעט מויכל זײַן.

אויב ניט נאָך העכער איז נאָך אַ שטיקל זאַך אָף אונדזער בידנער וועלט...

## מיט וואָס כ'האָב געהאָדעוועט אַלגען

ס'איז געווען אין יענע גוטע טעג, אין קיש־לאַק, אין אַ פרימאָרגן. מיר זײַנען נאַרוואָס אופגעשטאַנען. עסן האָבן מיר בעמיילע ניט געהאַט וואָס. דערצו איז נאָך אין דרויסן גע־שטאַנען אַ קאַלטער ווינטער־טאָג, און כ'האָב נאָך ניט געהאַט געבראַכט אָף די פּלייצעס דאָס בינטל שטעכלקעס אָף אויסצוהייצן דאָס אײַ־זערנע הרובקעלע אין שטוב. אָפּן געלעגער האָב איך אַלגען איבערגעלייענט „כאַווער בראַווער”, וואָס כ'האָב באַנאַכט געהאַט אַרויסגעענדיקט.

אַלגע האָט, ווי איר שטייגער איז געווען, אַלץ געלאַכט און געלאַכט.

ס'איז אַרײַנגעקומען, געדענק איך, אַ שכיינע, אַ פּאָר מאָל געפרעגט: „וואָס לאַכט איר, וואָס?״ נאָר אַלגע האָט אַזוי געלאַכט, אַז זי האָט אַזש ניט געקענט ענטפערן.

די שכיינע, אַן אַדעסער, דאַכט זיך, עוואַקויִרטע ווײַבל, האָט אַ הייב געטאָן מיט די אַקסל, אַ קוק געטאָן אַף מיר קרום און אַ מאַך געטאָן:

— אוי, מע זאָל אָפּגעהיט ווערן... ער האָדע־וועט זי מיט כּאַכמעס!...

## מײַן באַקענטער ייִד

ער איז אַרײַנגעקומען צו מיר און איז, ווי טאָמיד, שטיין געבליבן בײַ דער טיר. געוואַרט, איך זאָל אים שיין אַרײַנבעטן, אַוועקזעצן לעבן טיש. מע דאַרף ניט אַרופּשטעלן קיין שום קי־בעד — מע דאַרף אים נאָר אַ קליין ביסעלע צעוואַרעמען.

כ'ווייס ניט, צי ער טראַכט די אַפאָריזמען זײַנע אַליין אויס, צי ער שלעפּט זיי פּאָשעט אַרויס פון זײַנע געדעכעניש, ווו זיי ליגן דאָרט געשענקטע, געלײַנטע אָדער געפונענע אַף די ניט גרינגע און ניט גראַדע און ניט קורצע וועגן פון זײַנע אַריבער זיבן צענדליק יאָר לעבן.

וועגן זײַן אַפאָריזם „וועגן זאָל עס געווען זאָגן, האָ? — איך שרײַב אויף מײַן ווייטעק אַף אַ פרעמד לאַשן. אייגענע פאַרשטייען דאָס לאַשן ניט, פרעמדע פאַרשטייען דעם ווייטעק ניט״ שרײַבט מיר שאָס ראָמאַן פון בוקאַרעשט:

— איך וועל אײַך זאָגן וועך. דער רומעניש־ייִדישער דיכטער דאָקטער א. שטויערמאַן־ראָ־דיאָן, וועלכער האָט, אומקערנדיק זיך פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע אַ גײַסטיק־צעבראָ־כענער, נאָך באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ ביכל לי־דער „סערעטשע״ („אַרעמקײַט״) און דערנאָך זיך גענומען דאָס לעבן. אין דעם ביכל האָט ער אָפּגעדרוקט די דאָזיקע ווידע־ליד זײַנע. אַף ייִדיש איז די פּירשורעדיקע ליד דערשינען אין יאַסער זשורנאַל „ליכט״.

מײַן באַקענטער ייִד האָט ניט אָנגעגעבן דעם מאָקער, ניט געוווּסט, ווער עס האָט דעם אַפאָ־ריזם געזאָגט. איך האָב אָבער יאָ אָנגעוויזן: „אַזוי האָט געזאָגט אַ פּראָסטער בעסאַראַבער ייִד״.

איך בין קיין כעט ניט באַאַנגעגען.

ניט אַלצדינג זײַנס פאַרשרײַב איך. ניט אַלצ־דינג זעט מיר אויס ריין פון כאַטאָים. הײַנט האָב איך פאַרשריבן צוויי זאָגעכצן זײַנע איבער זייער שטאַרקער פאַרשיידנקײַט. ווי אַזוי האָבן אין איין צײַט געקענט אַראָפּגיין פון די ליפּן צוויי אַזעלכע באַזונדערע זאַכן? איין אַפאָ־ריזם איז וועגן ליבע (אָן אַלטער ייִד זאָגט עפּ־שער וועגן ליבע דאָס קליגסטע וואָרט). דער צווייטער אַפאָריזם איז — אָט וועט איר באַלד אַליין זען וועגן וואָס.

דער ערשטער:

— פאַרליבן פאַרליבט מען זיך, ווײַל מע פאַרליבט זיך. אָן אַ פאַרוואָס. מיט דער צײַט אָבער הייבט מען גוט אָן וויסן, פאַרוואָס מע האָט ליב. אָדער פאַרוואָס מע האָט אופגעהערט ליב האָבן...

דער צווייטער:

כ'על אײַך זאָגן אַ סאָד: גאָרנישטן העלפט קיין שום טײַנעס ניט, פאַר אַהין, פאַר אַהער — גאָרנישט בלײַבט אומעטום גאָרנישט...

אַ שיינער סאָד. האָ?

## אַ — ו... אַ = ו...

לייענער האָבן ליב דערוויסן זיך בײַם שרײַ־בער, ווען ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן. אין דעם „ווען״ ליגט שוין אַמאָל אויך דער „פאַרוואָס״ און עפשער אויך דער „צוליב וואָס״.

שרײַבער ענטפערן ניט טאָמיד דאָס זעלבע. איך, אַז כ'פרעג זיך אַליין די דאָזיקע קאַשע, פאַרענטפער איך זי מיר יעדעס מאָל אַנדערש. שווער צו זאָגן, וואָס דו האָסט געטראַכט, און צי האָסטו ביכלאַל עפּעס געטראַכט, באַם סאַ־מע אָנהייב. גרינגער און עמעסדיקער איז ענט־פערן דאָס, וואָס דו טראַכסט איצט, אין דער רעגע, ווען מע פרעגט דיך, אַז דו וואָלסט אַזוי דעמלט געטראַכט.

און נאָך אַ זאַך האָב איך באַמערקט: ניט נאָר איך ענטפער יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש, נאָר יעדעס מאָל רוק איך אַלץ איבער דעם „ווען״ ווײַטער און ווײַטער... אַף צוריק.

פאַראַיאָרן, אַף אַן אָוונט, האָב איך דערציילט אַ געשיכטע, וואָס איז זיך מיט מיר פאַרלאָפן אין די סאַמע פריִע קינדער־יאָרן. כ'בין דעמלט געגאַנגען אין צווייטן צי אין דריטן קלאַס. כ'בין געווען אַ דאַר שוואַרץ ייִנגעלע און האָב געטראָגן אַ טוזשורקעלע מיט צוויי אײבערשטע קעשענעס מיט לעפלעך. אין אַ טאָג איז בײַ עמעצן פאַרפאַלן געוואָרן אַ פענאַל. דער לע־רער האָט געמוסערט דעם גאַנצן קלאַס, גע־מאָנט, „דער גאַנעוו זאָל זיך אַליין מודיע זײַן און זאָל די גנייווע אַליין אָפּגעבן״. כ'בין גע־זעסן, געדענק איך, אַ בלייכער, און ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דער לערער האַלט אין איין קוקן אַף מיר. פונוואַנען קאָן ער טאַקע

וויסן, האָב איך געטראַכט, אַז דער גאַנעוו בין ניט איך? דערנאָך, ווען מ'האָט דעם עולם אָנגעהויבן באַזוכן, און מ'האָט מיך אויך אַרויס־גערופן צום טאָוול, בין איך, ווי אַ שולדיקער, געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ברוגז אָנגעבלאָזן זיך, געפילט, אַז עס ווערט אַרום מיר באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה, און האָב פּלוצעם, מיט אַ פינגער מײַנעם, אָנגעהויבן שרײַבן אַף אַ לעפל פון אַן אייבערשטער קעשענע. כ'האָב מיט דער דאָזיקער באַוואוּלטקייט פאַר־שריבן דעם גאַנצע לעפל פון דער קעשענע, און ס'איז מיר עפּעס ווי גרינגער געוואָרן... מעג־לעך, אַז דאָס זײַנען געווען די ערשטע שורעס מײַנע.

— שפּעטער, אין מײַן לעבן, — האָב איך גע־זאָגט, — איז מיר ניט איין מאָל אויסגעקומען אַזוי־אָ צו שרײַבן אַף די לעפלעך פון מײַנע קעשענעס. נאָר דאָס איז שוין אַן אַנדער שמו־עס.

עמעצער לעבן מיר האָט זיך אָנגערופן:

— שרײַבער וואָלטן אַזעלכע קעשענעס זיי־ערע געדאַרפט אַרויסגעבן!

נאָר דאָס איז שוין אַוודאי און אַוודאי אַן אַנדער שמועס.

אַנומלטן האָט מיר מײַן אַלטע מאַמע דער־ציילט אַ געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן, ווען איך בין אַלט געווען פיר וואָכן און בין געלעגן אַ צעוויקלטער אין וויגעלע.

(אַ ייִדענע אַריבער די אַכציק דערציילט איר זון, וועלכער איז שוין, קיין אײַנהאָרע, אויך אַ בען־שישים, אַ מעשה, וואָס איז זיך מיט אים פאַרלאָפן, ווען ער איז אַלט געווען אַכט און צוואַנציק טעג):

— איך האָב צוגעקערט די שטוב, און דו ביסט געלעגן אין וויגל מיט די פיסלעך און מיט די הענטלעך אַרויף, און די מלאָכים האָבן זיך מיט דיר געשפּילט... פּלוצעם הער איך: אַר־ו... אַר־ו... פאַרשטייסט, דאָס ערשטע קינד און צום ערשטן מאָל דעם קינדס ערשטע רייד... כ'האָב אַ געשריי געטאָן צו דער באָבען, אַראָפּ־געכאַפּט פון זיך דעם פאַרטעך און בין אַוועק־געלאָפן אין גאַס אויסזוכן דעם טאַטן. „לאָז, זאָג איך, גיכער אַלצדינג איבער, איציק, און קום גיכער, זאָג איך, אַהיים, וועסטו עפּעס הערן!..״ מיר זײַנען ביידע אין איין אָטעם צו צום ווי־געלע, און — דו ליגסט, דריגעסט מיט די פיס־לעך, קוקסט אַרויף צו דער סטעליע. און שווײַגסט. און מיטאַמאָל האָסטו ווידער אָנגע־הויבן: אַר־ו... אַר־ו... אײַ, האָסט געדאַרפט אָנ־קוקן דעם טאַטנס פּנים! מיר האָבן דערנאָך אָפּגעלעבט אַזאַ לאַנג לעבן. מיר האָבן געהאַט קאַלטס און וואַרעמס. מערער אַ ביסל, פאַרש־טייט זיך, קאַלטס, איידער וואַרעמס. נאָר דאָס דעמלטיקע פּנים דעם טאַטנס האָב איך תמיד געזען פאַר די אויגן, זע עס נאָך איצטער, נאָך אַזויפיל יאָרן, אויך פאַר די אויגן... אַקעגן וואָס האָב איך דיר דאָס דערציילט, האַ?

איך אַליין ווייס אויך ניט, אַנטקעגן וואָס זי האָט עס מיר דערציילט. כ'ווייס נאָר, אַז איך בין דערנאָך געזעסן און אַ סך געטראַכט וועגן דאָזיקן קינדישן בראשיתדיקן „אַר־ו״ און מײַן טאַטנס גליקלעכן פּנים.

עפּשער איז גאָר דאָס דעמלט געווען מײַן ערשטע שורע?

ס'איז אַי, טראַכט איך, אַזוי, אַי אַזוי: אַי ווייטעק און באַוואוּלטקייט קענען אַרויסרופן ער־שטע שורעס, אַי נאָר ערשטע שורעס קענען אַרויסרופן אַזאַ פרייד און אַזויפיל גליק.

אַלקאַלפּנים: בײַ דעם אייגענעם טאַטן און בײַ דער אייגענער מאַמען.

# אַ האָזימע

— עפּעס געדענק איך, מאַמע, אין ראַשקעוו אַ וואָרט „האָזימע״. וואָס הייסט עס, האַ?

— וואָס הייסט וואָס סע הייסט? האָזימע הייסט האָזימע.

— יאָ, אָבער מיט וואָס עסט מען עס?

— מיטן מויל, מיט די ציין עסט מען עס.

— וויאַזוי זשע, אַשטייגער, מאַכט מען אַ האָזימע?

— וואָס הייסט וויאַזוי? מע נעמט צוויי זשמעניעס טונקלע מעל, אַ דרײַ־פיר זשמע־ניעס פּאַפּעשוי־מעל, סע שאַדט ניט אַ פּאָר געלעכלעך, אויב ס'איז דאָ, אַ לעפל בוימל, אַ קאַפּעלע סאָדע, סע שאַדט ניט אַ ביסל האָניק צי אַ שטיקל סטעלניק, אַ קאַפּעלע זאַלץ, פאַר־שטייט זיך, אַ מין פערטל גלאָז מעלעץ, מע פאַרקנעט עס האַרט, מע קאַטשעט עס אויס אַ צוויי פינגער די גרעב, מע קאַרבט אײַן קעס־טעלעך, אין יעדער קעסטעלע אַ מעסער־שטאָך, מע באַשפּרענקלט עס מיט אַ לעק פּאַפּעשויענע קלײַען, מע זעצט עס אײַן אין אויוון אינאיינעם מיטן ברויט, און ט'האָסטו דיר אַ האָזימע.

— ווען זשע עסט מען די האָזימע?

— ווען מע וויל. אַשטייגער, שבת פאַר־נאַכט. מיט אַ סלאָיִקל ווײַנשל צי מיט אַ טע־לער טשאָלנט־באָרלעך. סע קרישעט זיך און סע צעגייט זיך ממש אין מויל.

— און דאָס איז עס אײַנגאַנצן?

— יאָ, כ'האָב גאָר פאַרגעסן. ס'גלאַוונע, בע־שעת מע מאַכט די האָזימע, דאַרף מען די גאַנ־צע צײַט האַלטן אין דער מחשבֿה, זי זאָל געראָטן, זי זאָל זײַן באַטעמט און זי זאָל נויסע־כיין זײַן, זון מײַנער...

## דער מאַמעס רייד

— איין כאַנציע האָט בא מיר קיינמאָל ניט געקרענקט. איינמאָל אין א גאַנצפרי איז זי מיר עפּעס אופגעשטאַנען אף דער לינקער זײַט, זיצט אף דער סאָפקע אין הוילן העמדל און פכינקעט. „רייזל, — מאַכט דער טאַטע, — דאָס קינד איז עפּעס ניט מיט אַלעמען. כ׳ווייס? מע דאַרף זי עפּשער מעטאַמע זײַן, האַ?..״ „אײַ, זאָג איך, ביסט, מעכילע, א גרויסער לאָקש. זעסט ניט, אַז זי זיצט און קוקט, זאָג איך, צו די פּאַסאָליעס?..״ אפן טיש איז געשטאַנען א טעלער קאַלטע פּאַסאָליעס פון דער נעכטיקער יויך. „קום אַהער, זאָג איך, כאַנציעלע, וועט דיר די מאַמע געבן פּאַסאָליעס״. קומט זי צו צום טיש, צעעפנט דאָס מויל, און די צוויי לעכער אין מײַלעכל צעלויפן זיך איןביידע זײַטן, אַהין און אַהער — ס׳האָבן זיך איר אין יענער צײַט געביטן די ציינדלעך. כ׳האָב גענומען א זשמיט פּאַסאָליעס, ארײַנגעלייגט איר אין ביידע זשמעניעס ארײַן, און זי האָט מיט איין הענטל אָנגעטאַלײַקעט די פּאַסאָליעס אין אַנדערן הענטל — א הענטל איז בא איר געווען א גראָבטשינקס, א פּעכקע — פּאַוואָלינקע אופגעגעסן די פּאַסאָליעס, אָנגעהויבן לאַכן, געצויגן זיך, און איז באָרעכהאַשעם געזונט געוואָרן.

מע דאַרף, פאַרשטייט זיך, צוהערן זיך צו שעקספּירס רייד, צו טאָלסטאָיס רייד, אוודע צו שאָלעם־אַלייכעמס רייד, צו העמינגווייס רייד, — מע דאַרף זיך אָבער אַמאָל צוהערן צו דער מאַמעס רייד אויך...

## צו ווייניק און צו א סאַך

•

עס זײַנען פאַראַן שרײַבער, דיכטער, וואָס האָבן אָנגעשריבן א פּאָר געלונגענע זאַכן. וואָלטן צו די דאָזיקע פּאָר געלונגענע זאַכן געווען צוגעקומען נאָך א פּאָר אַזעלכע זאַכן, וואָלט קלאָר געווען, אַז ס׳איז ניט געשען קיין שום נעס, ס׳האָט זיך גאָרניט ארויסגעכאַפּט צופעליק. און פון די דאָזיקע שרײַבער וואָלט עפּשער מיט דער צײַט עפּעס געווען געוואָרן.

און פאַרקערט:

עס זײַנען פאַראַן שרײַבער, דיכטער, וואָס האָבן אָנגעשריבן א פּאָר געלונגענע זאַכן. וואָלטן די דאָזיקע פּאָר געלונגענע זאַכן געווען געבליבן איינציק, אויסגעטיילט, און וואָלטן ניט באָטל־בעשישים געוואָרן אין דער גוואַלדיקער „פּרוכטבאַרקײַט״, מיט וועלכער דער מעכאַבער זייערער האָט זיך דערנאָך פאַרכלינעט, וואָלט, מעגלעך, מיט דער צײַט פון די דאָזיקע שרײַבער עפּעס געווען געבליבן.



כ׳זאָג דאָס ניט, ווײַל פּאַראַדאָקסאַלס איז שיין געזאָגטס, נאָר ווײַל כ׳האָב דאָס געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן, מע קען אפילע ווײַזן ווו און בא וועמען.

וואָס זשע איז די אייצע? די גאָלדענע מיט? נאָך ערגער, מיין איך. שרײַבערײַ איז פּונקט אַזאַ דאַם־סוינע דעם וואָרט „מיטלמעסיק״, ווי זי איז א דאַם־סוינע די ווערטער, זאָגן מיר, „לעבלעך״, „פּאַרעווע״ און נאָך א פּאָר צענדליק אַזעלכע לײַטישע ווערטער.

ווי?אַזוי דו זאָלסט דעם קראַנקן ניט לייגן, ווייסט מען ווויל, איז אים ניט גוט, טוט אים וויי.

אַז שרײַבערײַ באַטײַט קראַנק זײַן, וועט זיך עפּשער עמעצער מיט מיר שפּאַרן. אַז שרײַבער איז ניט גאָר גוט אף דער וועלט — וועט ניט יעדער קענען מאַסקים זײַן, נאָר אַז שרײַבן טוט וויי, וועט, פאַר בושע, אָנערקענען אפילע דער, וואָס פילט באַם שרײַבן קיין שום ווייטעק ניט.

אפילע ניט אין דער לינקער פּיאַטע זײַנער.

## דער לפני מי אתה עומד

וועסט זיך, פרײַנט, דערקענען.

און עס וועט דיך, פאַרשטיי איך, ווי טאָן. נאָר אַזוי האָב איך געפילט, און דאָס האָב איך געטראַכט.

און אויב דו ווילסט ניט, מע זאָל דיר זאָגן דאָס, וואָס מע פילט און מע טראַכט, אָדער: אויב דו ווילסט, מע זאָל דיר זאָגן ניט דאָס, וואָס מע פילט און מע טראַכט — איז זאָל דיר, ברודערקע, ווי טאָן.

כ׳האָב געלייענט דײַנע זאַכן און זיך געפרייט: ס׳איז אונדז צוגעקומען נאָך א שרײַבער, ס׳האָבן זיך אָפּגעדרוקט נײַע ווערק — ווי?אַזוי די ווערק זאָלן ניט זײַן און פונוואַנען דער שרײַבער זאָל ניט קומען.

דערנאָך האָבן מיר זיך אין דײַן שטאָט מיט דיר באַקענט, דערנעענטערט זיך. דײַן פּראָסטקײַט און טמימעסדיקײַט, דײַן אופריכטיקײַט און באַשיידנקײַט האָבן מיר דײַנע זאַכן פאַרטײַטשט, זיי באַשײַנט מיט א באַזונדער מין שײַן.

דערנאָך האָסטו מיך גענומען צו זיך אַהיים און מיר באַוויזן דעם שרײַב־שטענדער דײַנעם, וואָס דו האָסט ספּעציעל געלאָזט מאַכן, האָסטו געזאָגט, בא א סטאָליער, אויסגעמאָסטן נאָך דײַן הייך און נאָך דײַן שטאַלט נאָך.

— איך שרײַב שטייענדיק!.. — האָסטו א זאָג געטאָן.

און אָט דער־אָ שרײַב־שטענדער — שאָלעם־אַלייכעמס און העמינגווייס שרײַב־שטענדער —

האָט דיך אויסגעגעבן, האָט דיך פאַרשיט, האָט געמאַכט פון דיר טיל־טעל.

ווייסט, נעבעך, גוט, באַ וועמען מע דאַרף נעמען, ווייסט אָבער זייער שלעכט, וואָס מע דאַרף נעמען.

טראַג, זײַ מויכל, אַרויס פון דײַן שטוב דעם פרעמדן שרײַב־שטענדער און לייג אוועק אַף זײַן אָרט, צעעפנטע, „טעוויע דער מילכיקער" און „נאָך וועמען קלינגען די גלעקער". שפּרינג אַרײַן און טונק זיך אונטער אין זייערע שורעס, ניט ווי אין אַ ביטל, נאָר ווי אין אַן אָקעאַן. טויך און טויך אַ נאַקעטער אין אָקעאַנס טיפע־נישן און שלאָג זיך אָן מיטן שטערן אין סאַמע דנאָ זײַנעם. און אַז דו וועסט דערנאָך צוריק אַרופשווימען אַ לעבעדיקער, וועסט צוריק אַרופשווימען דו, קענסטו זיך דעמלט אוועק־זעצן באַם פּראָסטסטן קלענסטן טישל.

און דאָס דאָזיקע קליינע פּראָסטע טישל וועט זײַן דײַן שטענדער, דײַן אָמעד, דײַן בעלעמער.

## מײַן ערשטער קריטיקער

אין ראַשקעוו זײַנען דעמלט אומגעגאַנגען צווישן יונגוואַרג צוויי שיינע ווערטער: „אָפּטי־מיזם" און „פּעסימיזם". אַז איינער האָט גע־פרעגט דעם אַנדערן: „דו וואָס ביסט, אַ פּעסי־מיסט, צי אַן אָפּטימיסט?", האָט יענער, פאַר־שטייט זיך, געענטפערט: „אַן אָפּטימיסט!". וואָס זשע וועט זײַן מיטן פּעסימיזם? האָב איך זיך אין אַ טאָג אוועקגעזעצט, אָנגעשריבן אַ דער־ציילונג און איר אַ נאָמען געגעבן „דער פּעסי־מיסט".

אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן, האָב איך דער־ציילט, איז אויסגעשטאַנען קאָלערליי צאָרעס. ווען זײַן באַלעבאָס דערוויסט זיך, אַז ער איז אַ לינקער, טרײַבט ער אים אַרויס פון דער אַרבעט. אין שטעטל פילט ער זיך איינזאַם, קיינער פאַרשטייט אים ניט. דערצו שטאַרבט אים נאָך די מאַמע פון טשעכאָטקע. האַקיצער, דעם ייִנגל באַפאַלן שוואַרצע, פּעסימיסטישע געדאַנקען, ער גייט אַרויף אַפן בוידעם און הענגט זיך אויף.

כ'האָב גענומען די דערציילונג און בין אוועק ווײַזן זי פייסיע וואַסערמאַנען. פייסיע וואַסערמאַן איז געווען אַ מעכאַניקער באַ מוי־שע קאַרנאַס אין מיל. אין הויף, אין אַ באַזונ־דער שטיבל, ווו ס'האָט געאַרבעט דער מאָטאָר, איז געשטאַנען אַ ווערקשטאַט מיט אַ גרויסן שרויפשטיק, מיט אַן אַ שיר פײַלן און פײַלעכ־לעך. ס'האָט אין שטיבל געשמעקט מיט אייל און מיט נאַפט, ס'איז ניט געווען קיין שטיקל ריין פלאַץ אַנידערצוזעצן זיך. פייסיע, אין אַ פאַר גלאַנצנדיקע הויזן, האָט זיך אָפּגעווישט ביידע שוואַרצע הענט זײַנע אין אַ שוואַרצער פעטער שמאַטע, און האָט מיר געהייסן לייענען. אַז כ'האָב איבערגעליינט, האָט ער, זייער גע־היט, פאַררייכערט אַ ציגאַרעט און מיר אַזוי גע־זאָגט:

— שיין. ניט מיאוס אָנגעשריבן. נאָר דאָס, וואָס דו האָסט דעם כעוורעמאַן דײַנעם פאַר־צויגן אַ שטריק אַרום האַלדז, טויג אַף גוטע קאַפּאַרעס. פאַרקערט: ווען סע קומען אים אַרײַן די משוגענע געדאַנקען אין קאָפּ, דאַרף דער באַכער זיך אָנעמען מיט קויעך, צעבלאָזן די נאַזלעכער און אַ מאַך טאָן: „אַך, אַ מעכײַע צו לעבן! אָפּצולאַכעס אַלע קוילערס פון דער וועלט!". אַזוי איז ער באַ דיר אַ פאַרדריפּעטער פּעסימיסט. ניט דער פּעסימיסט, וואָס מיר דאַרפן...

פייסיע וואַסערמאַן האָט דערנאָך פאַרענדיקט די אַרבעט, אָפּגעוואַשן זיך אין הויף דאָס פּאָ־נעם, אָנגעטאָן די טוזשורקע זײַנע מיט די פיר קעשענעס, און מיר זײַנען ביידע אַרויסגעגאַנ־גען אַ ביסל שפּאַצירן. כ'בין געגאַנגען און גע־שוויגן. וואָס האָב איך נאָך געהאַט צו רעדן? כ'האָב שוין גוט געוווסט, אַז מע דאַרף נעמען די דאָזיקע זאַך מײַנע, צעפּיצלען זי אַף פּיצ־פּיצלעך און צעבלאָזן זי אַפן ווינט, ס'זאָל פון איר קיין שאַרעדפּאָרע ניט בלײַבן.

ס'איז אונדז גראָדע אַנטקעגן געקומען מאַק־סים לונגוס' מיידל, זשענקע. זשענקע לונגו איז געווען דאָס שענסטע מיידל אין ראַשקעוו און אַרום ראַשקעוו. זי איז אונדז אַנטקעגן געקומען מיט צעלאָזטע האָר, אין אַ דין קורץ קליידל, מיט שיך אַף הויכע אָפּצאַסן. זי האָט געשפּאַנט אונטערהוידענדיק זיך, ווי זי וואָלט געגאַנגען אַף ספּרוזשינקעס.

פייסיע וואַסערמאַן האָט אַ ווײַז געטאָן אַף זשענקען מיטן קאָפּ, צעבלאָזן די נאַזלעכער און אַ זאָג געטאָן:

— טו אַ קוק אַף אירע פיסלעך, אַף אירע בריסטלעך, אַ מעכײַע!..

כ'ווייס ניט, צי האָט ער דאָס געזאָגט מיר, צי ער האָט זיך אַזוי אויסגעטײַטשט מיטן פּעסימיסט מײַנעם, וואָס האָט נעבעך באַ פופצן יאָר גע־נומען זיך דאָס לעבן. כ'ווייס נאָר, אַז איבער די דאָזיקע פאָר ווערטער בין איך אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. ס'האָט מיך ניט אַזוי גע־אַרט די דערציילונג, וואָס כ'האָב טאַקע באַלד אין יענעם פאַרנאַכט צעריסן, ווי ס'האָט מיך געאַרט ער, פייסיע, וועלכער האָט באַ אונדז געהייסן דער סאַמע באַוווסטזיניקער און סאַמע ערנסטער באַכער.

ער, פייסיע, זאָל באַ אַזאַ שמועס אַרויסלאָזן פונעם מויל אַזעלכע ווערטער!

און אז כ'בין שוין דערנאָך יאָ אנשלאָפן גע־וואָרן, האָב איך געהאַט שרעקלעכע כאַלוימעס. כ'האָב געזען פּייסיען ארומגעפּלאָנטערט מיט מיידלשע פּלייצעס, פּולקעס, בריסטלעך. און פּייסיע איז אין יענער נאַכט געווען באַ מיר טרייף, ווי באַ א פרומען ייִדן איז טרייף כאַזער. טרייף, וואָס טרייף הייסט.

## הײַנטצײַטיקײַט

מיר פאַרשמאָלן אָפּט אַזוי דעם דאַזיקן ברייטן באַגריף, קוועטשן אים אַרײַן אין אַזאַ ענגשאַפט, אַז פון דער, טקופע, עפּאָכע באַנוגענען מיר זיך מיט איין הײַנט, מיט איין איצט, שיר ניט מיט איין טאָג: הײַנטצײַטיקײַט — איצטיקײַט, הײַנט־טאָגיקײַט, שיר ניט איינטאָגיקײַט.

שאָלעם־אַלייכעם איז דאָ אויך דער בעסטער בײַשפּיל, אַז מיר גרײַזן.

שאָלעם־אַלייכעם איז געווען דער הײַנט־צײַטיקסטער שרײַבער. ער האָט די הײַנטצײַטי־קײַט זײַנע — דה. די יענעצײַטיקײַט זײַנע — באַשריבן מיט אַלע פּישטשעוקעס, ניט אַרויס־געלאָזט פון אויג קיין מינדסטע טנוע און האַ־ווײַע. זײַנע אַלע ווערק זײַנען, כּוץ דעם וואָס זיי זײַנען דאָס, וואָס זיי זײַנען, אויך אַ לעבע־דיקער פּינקעס, ווו עס איז באַשריבן מיט די סאַ־מע קלענסטע פּראָטים, וויאַזוי ייִדן האָבן אין יענער צײַט געלאַכט און געוויינט, געלעבט און געראַנגלט זיך, געליטן און אָפּגעשפּעט פון די לײַדענישן. שאָלעם־אַלייכעם איז אומעטום אַליין געווען דערבײַ. אַלצדינג, וואָס ער האָט געזען און געהערט, האָט ער אַרײַנגעשריבן אין אַ ביכל. פונדעסטוועגן ווייסן מיר, אַז וועגן ייִנ־געלע מאָטל פּייסי דעם כאַזנס האָט ערשט שאָ־לעם־אַלייכעם דערציילט, ווען ער איז שוין גע־ווען אַ מענטש אין די יאָרן; אַז טעוויעס איבער־לעבענישן האָט ער באַשריבן אַריבער צוואַנ־ציק יאָר; אַז אין „פונעם יאַריד", אין הײַנט־צײַטיקסטן ווערק פון יענער צײַט, האָט זיך שאָלעם־אַלייכעם פאַרמאָסטן צו דערציילן וועגן זײַן גאַנץ לעבן, אָנגעהויבן שרײַבן דאָס ווערק באַם סאָף פונעם לעבן, קאָן מען זאָגן, און דע־ריבער נאָר אָנגעהויבן עס און ניט פאַרענדיקט.

גאָרקיס גרעסט הײַנטצײַטיקסט ווערק „קלים סאַמגינס לעבן" כאַפּט אַרום ניט איין טאָג און ניט איין יאָר, נאָר גאַנצע פערציק יאָר רוס־לאַנד.

און כאַפּט דען בערגעלסאָנס „באַם דניעפּער" אַרום ווייניקער ווי פערציק יאָר ייִדיש לעבן? און איז דען „באַם דניעפּער" ניט בערגעלסאָנס הײַנטצײַטיקסט ווערק?

ניט אומזיסט, אַפּנים, איז אויף רוסיש הײַנט־צײַטיקײַט „סאָווּרעמענאָסט" — מיטצײַטיקײַט.

לאָמיר דעם שרײַבער ניט אַרײַנקוועטשן אין קיין ענגשאַפט, אים געבן וועגן זײַן הײַנטצײַ־טיקײַט ניט קיין איין הײַנט און ניט קיין איין איצט, נאָר די אַלע זיבעציק יאָר זײַנע, וואָס זײַנען אים געשענקט געוואָרן.

געבן אים וועגן זײַן הײַנטצײַטיקײַט — זײַן זײַנצײַטיקײַט — זײַן גאַנץ לעבן.

## אונדזער פאַרמעגן

דאָס, וואָס דער שרײַבער טראָגט אין זיך, פאַרמאָגט אין זיך, איז נאָך דערווײַל ניט זײַנס. זײַנס הייבט עס ערשט אָן ווערן, ווען ער גיט עס אוועק, ווען ער לייגט עס אַרויס אויף פּאַפּיר.

אונדזער פאַרמעגן כיבערט זיך אין קאָנטאָ־בוך אָפּן בלעטל „הויצאָע", און ניט, ווי באַ דער גאָרער וועלט, אָפּן בלעטל „האַכנאָסע".

## ווי עס וואָלט געזאָגט אָמאָר כאַיאַם

אייסעך, ס'איז איינגאַנצן גאָרנישט מיט גאָרנישט,
אויב מע טאָר ניט טאָן דאָס, וואָס מע טאָר נישט,
אויב וועגן אַלץ דאַרף מען זוכן אַ פרומע באַוואָרעניש,
און זינדיקן טאָר מען אַפילע אויף קיין האָר נישט.

## לײַענער

גרויסע ליטעראַטור דאַרף, פאַרשטייט זיך, דינען דעם מאַסן־לייענער, דעם מיליאָנען־לייע־נער, אַזוי צו זאָגן.

און דעם קאָן וועגן קיין גרויסער ליטעראַטור קיין רייד ניט זײַן.

אייניינעם דערמיט דאַרף אָבער גרויסע לי־טעראַטור, וואָס דינט מיליאָנען לייענער, האָבן אין זיך אַזוינס פאַר הונדערטער לייענער, און אַזוינס פאַר צענדליקער לייענער, און אַזוינס פאַר איינע פאַר געציילטע לייענער.

און דעם קאָן וועגן קיין גרויסער ליטעראַטור אויך קיין רייד ניט זײַן.

## העגט און פיס

אַ מענטש אָן קינדער־יאָרן, (אַזוינס קאָן דאָך אָבער ניט זײַן. לאָמיר זשע זאָגן קלאָרער, פּינקטלעכער:), אַ שרײַבער, וואָס האָט אין זײַן ליטעראַטור ניט געגעבן זײַנע קינדער־יאָרן, זעט

אויס ווי א קאַליקע א בעטלער אָן ביידע פיס, אַף א נידעריק ווענעלע מיט פיר קליינע אײַ־זערנע רעדעלעך אונטער דער פלאַטשיקער פלאַטפאָרמע — איר האָט אוודע אזא ווענעלע אַמאָל באַגעגנט אַפן אַלטן מאַרק.

דאָס בילד איז א גאַנץ „קינסטלערישס", מאַ־מעש סקולפטוריש. אַן אויסגעהאַקטער ביוסט פון מאַרמאָר צי פון בראָנז. נאָר, כלעבן, ס'איז א קאַליקע, א האַלב־מענטש, נעבעך.

ליטעראַטור דאַרף האָבן פיס. דאַרף פון ער־געץ אויסוואַקסן. דאַרף זיך אין עפּעס אָנ־שפאַרן. דאַרף שטיין און גיין.

## צוויי ליטעראַרישע העלדן

דער ערשטער פון די צוויי העלדן איז ביכ־לאַל דער ערשטער ליטעראַרישער העלד אין דער וועלט.

מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן, מיט טויזנטער יאָר צוריק, די דאָזיקע קישעפדיק־אויסטערלישע וועלט־דערשײַנונג, וואָס הייסט ליטעראַטור.

פריִער, פאַרשטייט זיך, אויסנווייניק, מיפע לעפע; דערנאָך אַף די בעלעמערס אין די צו־נויפגעקאַטשעטע פאַרמעטן; דערנאָך — דורך די טויזנטער, מיליאָנען און מיליאַרדן ביכער — פאַ־ליצעס אין די טויזנטער, מיליאָנען און מיליאַרדן שטאָט־ביבליאָטעקן און שטוב־ביבליאָטעקן.

דער שעפער פון דעם דאָזיקן ערשטן ליטע־ראַרישן העלד האָט אים אזוי מײַסטעריש אויס־געפורעמט און אויסגעשליפן, אזוי געויניש אַרײַנגעבלאָזן אין אים לעבן און נעשאָמע, אזוי קינסטלעריש געטראָפן מיט אים אין סאַמע פינטל, אַז ער, ניט מער, סאָפקאָלסאָף, ווי אַן אויסגעטראַכטער ליטעראַרישער פֿאַרשוין, האָט אָנגעהויבן באַהערשן א גאַנצע וועלט, יאָ לייע־נער צי ניט לייענער, זאָקן און טאַף, פון דער וויג ביז צום אָרן.

מ'האָט אים אָנגעהויבן דינען, כאַנפענען, מוי־רע האָבן פאַר אים, בויען פאַרזײַנעטוועגן מיז־בייכעס, אויספילן זײַנע באַפעלן, פילן אים טאַ־מיד לעבן זיך, באַם לייגן זיך און באַם אופ־שטיין לויבן אים, שטאַרבן מיט זײַן נאָמען אַף די ליפן.

— ווער איז געווען דער, וואָס האָט דעם דאָזיקן ערשטן ליטעראַרישן העלד געשאַפן? קיינער וועט עס שוין קיינמאָל ניט דערגיין. מעגלעך, אַז דאָס האָט געטאָן א גאַנצע אידע. מעגלעך. נאָר באַגליקט געוואָרן מיט דעם גרויסן אײַנ־פאַל איז בעלי־שום־סאָפעק באַגליקט געוואָרן איינער, איין־און־איינציקער — דער דיכטער פון דער דאָזיקער אידע.

די אידע האָט דעם אײַנפאַל אופגעכאַפט, אוועקגעטראָגן, אויסגעקוויטשעט און אויסגע־טאַנצט, באַשטעטיקט, פאַרפולקאָמט.

ער איינער, דער דיכטער, האָט זיך צוגע־קוקט צו די קאַסע רעגנס, וואָס האָבן געגאָסן פון די הימלען, צו די נאַסע בלעטלעך אַף די צווײַגן, צו די זשוקלעך אין די גראָזן, צום זון־אופגאַנג איבער דעם אַלעמען, צום פאַרנאַכט און צום פאַרטאָג — און ער איינער, דער דיכ־טער, האָט שטילערהייט, האַלב פאַר זיך און האַלב פאַר אַנדערע, א שעפטשע געטאָן:

— גאָט!

דעם דאָזיקן ערשטן ליטעראַרישן העלד האָט דער באַשעפער זײַנער, דער דיכטער, אויסער־לעך אפילו ניט אָנגעצייכנט רעליעף, מע זאָל אים קענען זען און אָנטאַפן. ער האָט אים אָנ־געמאָלט אזוי, מע זאָל אים נאָר קענען פילן.

פאַרקערט: דער דיכטער האָט פאַרשטאַנען, אַז וואָס מער ער וועט דאָס געשטאַלט, דעם העלד זײַנעמס אויסקנעטן פאַרבאַרגענער, פאַרהוילע־נער, וואָס מער ער וועט אים פאַררוקן העכער אין די הימלען, אַלץ מער וועט דער העלד קינסטלעריש ווירקן, אַלץ בעסער וועט אים יעדער באַזונדער זען אַף אַן אייגענעם אופן, אַלץ מער וועט מען אים הערן, גלייבן.

דער דיכטער, דער באַשעפער, האָט געשאַפן דעם העלד זײַנעמס מיט זײַן, דעם דיכטערס, אויסזען, געשענקט אים זײַן זין, זײַן טאָך — אים געמאַכט פאַר א באַשעפער.

דאָס ערשטע טועכץ, וואָס ער האָט אים גע־געבן טאָן, איז באַשטאַנען פון איין קלייניקײַט: באַשאַפן די וועלט.

דער ערשטער מאָנאָלאָג, וואָס ער האָט אַרײַנ־געלייגט אין זײַן מויל, איז געווען דער סאַמע קירצסטער און סאַמע צופרידנסטער:

— ווײַהי ערעוו, ווײַהי בויקער...

ער האָט אים ניט געמאַכט פאַר קיין גוטן. ער האָט אים ניט געמאַכט פאַר קיין שלעכטן. ער האָט אים געמאַכט אי א גוטן, אי א שלעכטן. ער האָט די שלעכטקײַט און גוטסקײַט זײַן העלדס פרימיטיוו ניט דאָזירט. ער האָט זיי איבערגעפלאָכטן איינס מיטן אַנדערן, אַרײַנ־געפלאָכטן איינס אין אַנדערן.

אָט איז דער העלד באַרעמהאַרציק און לײַט־זעליק, און אָט איז ער א נויקעם־ווענויטער. ט'האָט ער נאַרוואָס די וועלט באַשאַפן, און ט'האָט ער זי באַלד שפעטער א ביסל פאַר־פלייצט מיט א מאַבל. אָט טוט ער א זאָג: „נעם דײַן זון, דײַן איין־און־איינציקן, בינד אים, שעכט אים, ברענג אים מיר א קאָרבן!", און אָט גיט ער א געשריי: „שטיי! וואָס טוסטו, וואָס? זאָלסט זיך ניט דערוועגן צו לייגן קיין האַנט אַפן ייִנגל. הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר?!.."

ער האָט אים אַזוי געניאַל־מײַסטעריש אויס־געטראַכט, אַז קיינעם קימאַט איז הונדערטער יאָרן ניט אײַנגעפאַלן, אַז ער איז אַן אויסגע־טראַכטער.

דער ערשטער ליטעראַרישער העלד האָט איבערגעלעבט ניט נאָר אים, דעם קינסטלער, וואָס האָט אים געשטאַלטיקט, נאָר גאַנצע הונ־דערטער דורות נאָך אים. איבערגעלעבט ניט ווי קיין ליטעראַרישער העלד, אַבסטראַקט, ביכלדיק, אַזוי צו זאָגן, נאָר בעפּויעל־מאַמעש, לעבעדיק. מיט אויגן און אויערן, וועלכע זעען און הערן, וואָס עס טוט זיך אין יעדער ווינקע־לע פון יעדער שטוב און אין יעדער ווינקעלע פון יעדן האַרץ. אַלמעכטיק. מעלעך־מאַלכיי־האַמלאָכעמדיק. אייביק. מיט איין וואָרט — דער אייביקער באַלעבאָס און רעדלפירער פון דער גאָרער וועלט.

פונוואַנען עס האָט זיך צו דעם גאָר־גאָר פּאַרצײַטיקן, אַוודע זייער פּרימיטיוון קינסט־לער גענומען אַזויפיל טאַלאַנט, אַזויפיל קינסט־לערישער קויעך, אַזויפיל פאַנטאַזיע און אינ־טויִציע אויסצוקנעטן אַ געשטאַלט, עס זאָל אַזוי ווירקן און אַזויפיל לעבן, אויסקנעטן עס אַזוי אַלזײַטיק, מיט אַזויפיל רײַכע און דינע קינסט־לערישע מיטלען, צו וועלכע עס איז שפּעטער, אין הונדערטער יאָר אַרום, פּאַוואָליע דערגאַנ־גען די קונסט ביכלאַל און די שרײַב־קונסט בי־פּראַט, — איז שווער צו פאַרשטיין. איז קימאַט ניט מעגלעך צו פאַרשטיין.

אַוודע איז דער דאָזיקער ערשטער ליטעראַ־רישער העלד, די דאָזיקע גאָט־געשטאַלט, ווי מיר קענען זי שוין הײַנט פונעם כומעש, פונעם טאַנאַך, פון דער גאַנצער „פאַרשרײַבענער" לי־טעראַטור, איבערגעקנאָטן געוואָרן און אויסגע־ראַפינירט געוואָרן דורך אַנדערע שפּעטערדיקע קינסטלער. נאָר סײַוויסיי בלײַבט דאָס אַ ליטע־ראַרישער וווּנדער, אַ ליטעראַרישער נעס.

אַ נעס, וואָס איז ביז הײַנט ליטעראַריש ווײַ־ניק אָדער קימאַט גאָרניט אויסגעפאָרשט גע־וואָרן.

אויב דער דאָזיקער ערשטער גרויסער ליטע־ראַרישער העלד האָט שוין איצט, אין אונדזער צײַט, אָנגעהויבן פאַרגיין, אופגעהערט ביסלעכ־ווײַז לעבן און ווירקן, און וועט מיט דער צײַט אינגאַנצן אַראָפּ פונעם מאַרק, אינגאַנצן נעלעם ווערן און עפּשער פאַרגעסן ווערן, לעבט און ווירקט נאָך דער צווייטער גרויסער ליטעראַרי־שער העלד, וועט לעבן און ווירקן אַזוי לאַנג, וויפל עס וועט זײַן דער מענטש, אַזוי לאַנג וויפל עס וועט זײַן לעבן.

דאָן קיכאָט.

סערוואַנטעס האָט גאָר אַזויפיל ניט געמיינט. ער האָט גאָר אַזויפיל אין זײַן העלד ניט אַרײַנ־געלייגט. ביכלאַל לייגט אַ קינסטלער אַרײַן אין זײַן העלד מערער וויפל מע נעמט אַרויס. ס'אַ ליגן די מײַסע, אַז דער אויסטײַטשער איז קלי־גער פונעם שעפער. אַ קינסטלער שפּילט אַמאָל דעם שעיינוי־יודייאַ־לישויל, דעם נישט־דאָס־בין־איך־אויסן. אַזוי איז אים ליבער און רעוועכ־דיקער. מע וועט סאָפקאָלסאָף דערזען, אַז ס'איז ניט מער ווי שפּיל. און מע וועט אָנהייבן ענט־פּערן מער, ווי ווען ער וואָלט יאָ געפרעגט. עס וועט אָנהייבן אויסן זײַן מער, ווי ווען ער וואָלט יאָ געזאָגט, וואָס ער איז אויסן. סערוואַנטעס האָט, פאַרשטייט זיך, ווי יעדער עמעסער קינ־סטלער, אין זײַן דאָן קיכאָט גענוג אַרײַנגע־לייגט. נאָר דאָ איז ווידער געשען אַ ליטעראַ־רישער נעס. אַרויסגענומען האָט די וועלט מע־רער. צען מאָל מערער. הונדערט מאָל מערער. אַרויסגענומען — דאָנקיכאָטישקײַט.

דאָן קיכאָט האָט אַראָפּגעשלעפּט פונעם בוי־דעם די פאַרשימלטע ריטער־האַלבאַשע, ריטער־לעך אוועקגעזעצט זיך אַף זײַן פערדל, און מיטן איין־און־איינציקן, אייביק־פאַרגלייבטן, אייביק־גוטן סאַנטשאָ־פּאַנסאָ הינטער זיך, ביידע ווי צוויי פאַרשטעלטע שמענדריקעס, אַוועקגעלאָזט זיך איבער דער וועלט אָפּשפּילן אַ פּורים־שפּיל, די וועלט זאָל זען, ווי קאָמיש עס זײַנען שרײַ־בער, סערוואַנטעסעס מיטצײַטלער, וואָס שרײַבן ריטער־ראָמאַנען אין דער צײַט, ווען דאָס רי־טערטום ליגט שוין אַ פאַרשימלטס אַפן בוידעם, ווי קאָמיש־נאַריש עס זײַנען מענטשן ביכלאַל, וואָס ווילן מיט אַלע קויכעס אופלעבן אָפּגע־שטאָרבנס, קלאַמערן זיך מאַמעש מיט די נעגל אין אָפּגעזונגענעם, אָפּגעגאַנגענעם, אָפּגעלעבטן.

דעמלט, אַף דער הייסער מינוט, איז דאָס גע־ווען גענוג געוויזן און גענוג געזאָגט. האָט סער־וואַנטעס געוואָלט זאָגן מערער? מעגלעך, אַז יאָ, און מעגלעך, אַז ניין. נאָר די וועלט האָט מיט דער צײַט אין דער דאָזיקער דאָן־קיכאָט־שפּיל דערזען מערער און דערפילט מערער.

די וועלט האָט דערזען, אַז דאָן קיכאָט איז אַ שטיקל נאַר, אַ שטיקל פאַנטאַזיאָר, אַ שטיקל באַל־האַכאַלוימעס, אַ שטיקל קעמפער, אַ שטיקל פאַרליבטער, אַ שטיקל כויזעק־מאַכער, אַ שטיקל העלדיש אין אַ שטיקל באַהערשטער, אַ שטיקל אַנעוו און אַ שטיקל באַלגאַווע, אַ שטיקל מיל־דער, אַ שטיקל קאַסן, אַ שטיקל כאָכעם, אַ שטיקל דאָס און אַ שטיקל יענץ — און פון די אַלע שטיקלעך איינעם שטעלט זיך צונויף די דאָנקיכאָטישקײַט. און פון דער דאָזיקער דאָנ־קיכאָטישקײַט שטעלט זיך צונויף דער מענטש. דאָס אייביקע אין מענטשן. די אייביקײַט דעם מענטשנס.

מיט דער צײַט האָט די וועלט אַראָפּגעצויגן פון דאָן קיכאָטן די פאַרצײַטיקע פריילעך־לע־

כערלעכע האלבאַשע זײַנע: דאָס שמענדריק־מיצל, דעם שטאָלן־דראָטענעם פּאַנצער, די רייטער־שטיוול, די פּארביקע לאַמפּאַסן, שנירלעך, סטענגעס, צאַצקעס.

דאָן קיכאָט איז געבליבן שטיין א נאַקעטער. און אין זײַן נאַקעטקייט האָט ער אופגעהערט זײַן ער — דער מיטן לענגלעך־ביינערדיקן פּאַנעם און מיטן כיטרע־פּארשפּיציקטן בערדל. ער האָט אָנגעהויבן ווערן מיר: איך, דו, זי.

מיט דער צײַט האָט ער אינגאַנצן פארלוירן דאָס בלוט און פליייש, איז געוואָרן הוילער באַגריף, הוילער סימבאָל, הוילער כאַראַקטער. ווידעראמאָל: פון דאָן קיכאָט איז געוואָרן הוילע דאָנקיכאָטישקײַט.

און, ווי פּאַראַדאָקסאַל און פריקרע דאָס זאָל ניט אויסזען, גראָד די דאָזיקע דעקאָנקרעטיזירטע און אויסגעהוילטע ליטעראַרישע געשטאַלט לעבט צווישן אונדז און ווירקט. לעבט שוין אזוי עטלעכע הונדערט יאָר, פאַרטיפערט זיך אלץ, ברייטערט זיך אויס, ווערט אלץ מעפורסעמער, און ווערט, ווי א באַגריף, ווי א נאַרמע, לעבן און ווירקן אזוי לאַנג, וויפל עס ווערט זײַן דער מענטש, אזוי לאַנג, וויפל עס ווערט זײַן לעבן.

יעדעס מאָל פילט זי זיך אָן, די דאָזיקע דאָנקיכאָטישקײַט־געשטאַלט, מיט אַן אנדער זין און מיט אַן אנדער טאַכלעס. מאַכמעס זי פּארמאָגט אין זיך אזויפיל אלזײַטיק־מענטשלעכס און אזויפיל אלצײַטיק־מענטשלעכס, אז עס סטײַעט פאַר אלע צײַטן און פאַר אלע, אפילע קעגנזעצלעכע, דערשײַנונגען.

דאָנקיכאָטישקײַט. לעכאַלהאַפּאַכעס: דער נאַר און דער באַל־האַכאַלוימעס.

דער נאַר פּוצט זיך אויס אין ניקאָלײַ דעם צווייטנס גענעראַלסקע פּאַגאָנעס, און אַקסלבענדער, פּאַכעט מיטן שווערדל, גיט אוועק אלע קויכעס צוצוקלעפּן צוריק, מיט בלוט און מיט שפּײַעכץ, אָפּגעריסענע קאַלענדאַר־בלעטלעך. אין דער צײַט ווען „מיר, ניקאָלײַ דער צווייטער" איז שוין לאַנג ניט „מיר, ניקאָלײַ דער צווייטער". אָף די פּעטערבורגער גאַסן באַלעבאַטעווען שוין פּראָסטע ארבעטער און מאַטראָסן, פּארפּוצטע מיט רויטע שטערנס אָף זייערע שפּיציק־לײַוונטענע היטלען, און אין דער צײַט, ווען קיין שום קאַלענדאַר איז קיינמאָל אין דער געשיכטע ניט אוועקגעגאַן אָף צוריק.

דער נאַר וויל צינדן שטעט, האַקן קעפּ, אופרויכערן גאַז־קרעמאַטאָריעס, אָפּווישן פעלקער, אופרײַסן אטאָם־באָמבעס, דוירעס זײַן א וועלט. דער באַל־האַכאַלוימעס כאַלעמט וועגן אזא וועלט, וואָס זעט שיר ניט אויס ניט מער ווי א ווײַטער־ווײַטער כאַלעם. דער באַל־האַכאַלוימעס וויל ליכטיק מאַכן א גאַנץ פינצטער לאַנד. דער באַל־האַכאַלוימעס רעדט וועגן אכרים־האַיאָמים, ווען דער וואָלף און דאָס שעפּעלע וועלן זיך איינער דעם אנדערן פּארשטיין און ליב האָבן. דער באַל־האַכאַלוימעס וויל ברענגען דער וועלט זאַטקייט, קלוגשאַפט, שיינקייט, עמעסדיקייט.

ווען ניט דער באַל־האַכאַלוימעס, וואָס הערט ארום זיך טאָמיד: אייסעך, דאָנקיכאָטישקײַט! וואָלטן מיר נאָך געזעסן הײַנט אין די אפּדערנאַכטן בא א קיילעוון ליכטל, וואָלטן עפּשער צום דאָזיקן קיילעוון ליכטל אויך ניט געווען דערגאַנגען, וואָלטן אוואַדע ניט געוווּסט פון אזא זאַך, לעמאָשל, וואָס הייסט טעלעוויזיע, און וואָלטן אוואַדע און אוואַדע ניט פּארמאָסטן זיך צו פלײַען העט־העט ארויף אין די הימלען.

דאָנקיכאָטישקײַט — דער נאַר און דער באַל־האַכאַלוימעס. דער נאַר איז טאָמיד געבליבן צום נאַר. מענאַצייעך געווען האָט טאָמיד דער באַל־האַכאַלוימעס. נאָר דאָס קער זיך שוין ניט אָן צו אונדזער ליטעראַרישן שמועס.

און אויב עס קער זיך יאָ א ביסל אָן צו אונדזער שמועס, און אויב דער נאַר איז טאָמיד געבליבן צום נאַר, וועלן מיר, אויב אזוי, די דאָנקיכאָטישקײַט־געשטאַלט צונויפפּרעסן, פּאַרקירצערן, א זאָג טאָן:

— דאָנקיכאָטישקײַט — דער באַל־האַכאַלוימעס. דער מענטש!

צוויי גרויסע ליטעראַרישע העלדן.

גאָט און דאָן קיכאָט.

דער ערשטער ליטעראַרישער העלד האָט אָנגעהויבן לעבן און ווירקן פון דעמלט אָן, ווען דער מענטש האָט זיך אוועקגעשטעלט אָף די פיס — איז געוואָרן מענטש.

דער צווייטער ליטעראַרישער העלד ווערט לעבן און ווירקן אזוי לאַנג, וויפל דער מענטש ווערט שטיין אָף די פיס — ווערט זײַן מענטש.



**11 אָט דערוויסן מיר זיך**
**פון נײַע פובליקאַציעס**

**באָריס פעדאָטאָוו**

# די געשיכטע האָט א גוטן זיקאָרן

## אייניקע שטריכן וועגן דער טעטיקײַט פון די ציִעניסטישע פארטייען און אָרגאניזאציעס אין סאָוועטנפארבאנד אין די צוואנציקער יאָרן

עס איז גוט באקאנט, מיט וויפל האס און סינע די פירער פונעם ציִעניזם אין רוסלאנד האָבן אופגענומען די יעדיִע וועגן דער גרויסער סאָציִאַליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. אין די יאָרן פונעם בירגערקריג און פון דער אימפעריִאַליסטישער אינטערווענץ זײַנען זיי געווען געטרײַע דינער פון די ווײַסגווארדייער און פון דער אנטאנטע. דער באוווסטער ציִעניסטישער טוער ד. פאסמאניק האָט נאָכן בירגערקריג אָפן מוידע געווען, אז ער פערזענלעך האָט געדינט אין דער ווײַסגווארדייִשער פרײַוויליקער ארמיי באלד נאָך דעם, ווי זי איז אופגעקומען. ש. בעספאלאָוו, דער פאָרשטייער פון דער ייִדישער גרויס־בורזשואזיע, האָט דעמלט געשריבן צום שעף פון דער פינאנץ־פֿאַרוואלטונג אין דער ווײַסגווארדייִשער ארמיי פון דאָרעם־רוסלאנד מ. בערנאצקי: „איך שיק אײַך דאָ א טשעק אף א האלבן מיליאָן רובל. איך בין גרייט בא דער ערשטער פאָדערונג אויסצוטיילן די אָנגעוויזענע סומע פון מײַן פארמעגן, וואָס באטרעפט איצט ארום 5 מיליאָן רובל". די ציִעניסטן האָבן מיטגעארבעט מיטן העטמאן סקאָראָפאדסקי, מיט קאָלטשאקן און וורא נגעלן גראָד אין יענער צײַט, ווען אין אוקראַיִנע האָבן געבושעוועט די ייִדישע פאָגראָמען.

דער XII ציִעניסטישער קאָנגרעס, וועלכער איז אין סענטיאבער 1921 פאָרגעקומען אין קארלסבאד, האָט מאניפעסטירט טרײַהײַט צום אימפעריִאַליזם. דעם קאָנגרעס האָט באגריסט פעטליורע, מיט וועמען ס'איז דעם 6 סענטיאבער 1921 געשלאָסן געוואָרן אן אָפמאך, וועלכן עס האָט אין נאָמען פון די ציִעניסטן אונטערגעשריבן זשאבאָטינסקי, און אין נאָמען פון דער אזויגערופענער פעטליורע־„רעגירונג" — סלאווינסקי. לויט אָט דעם אָפמאך איז באם הויפטשטאב פון פעטליורעס האָרדעס געשאפן געוואָרן א ציִעניסטישע זשאנדערמעריע, וואָס איר אופגאבע איז געווען — דערלאנגען קלעפ דעם פארטייִש־מעלוכישן אקטיוו פון סאָוועטן־אוקראַיִנע.

אויסער דעם אָפענעם קאמף קעגן דער סאָוועטנמאכט, האָבן די ציִעניסטן פארשפרייט אין די סאָוועטישע רעפובליקן רעכילעס און דעזינפאָרמאציע וועגן דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע,ווילדע אויסטראכטענישן וועגן די ייִדן, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער רעוואָליוציע און מיט זייער לעבן פארטיידיקט די סאָוועטנמאכט אף די פראָנטן פונעם בירגערקריג.

אינגיכן נאָכן זיג איבערן צאריזם האָט די רעגירונג פון רספסר פארבאָטן אף דער טעריטאָריע פון דער רעפובליק די טעטיקײַט פון אלע קאָנטררעוואָליוציִאָנערע פארטייען. עס האָבן אָבער פארהיט זייער לעגאלע עקזיסטענץ אייניקע נאציִאָנאליסטישע און קליינבירגערלעכע פארטייען און אָרגאניזאציעס, וועלכע האָבן פאָרמעל אנערקענט די סאָוועטנמאכט. צו זיי האָבן געהערט די ייִדישע קליינבירגערלעכע אָרגאניזאציעס פונעם אזויגערופענעם „פראָלעטארישן ציִעניזם". די אנדערע ציִעניסטישע גרופעס זײַנען פארבליבן אין טיפער אונטערערד.

אף דער אלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון „צעירע־ציִען" (פאָרגעקומען אומלעגאל דעם 2—7 מײַ 1918 אין מאָסקווע) האָט דער ציִעניסטישער טוער ע. ריס געזאָגט, אז די ייִדן דארפן „גיין אין אלע סאָוועטן און דערווײַזן, אז די סאָוועטן זײַנען ניט קיין געזעצגעבערישער אָרגאן". אין די טעזיסן פון זײַן פאָרטראָג איז געווען אויך א פאָדערונג „שאפן א קאָאליציע־רעגירונג אָן די באָלשעוויקעס". וועגן דעם

טאָך פון דער טעטיקייט פון די ציוניסטן אינעם סאָוועטישן לאַנד איז אַזוי געזאָגט געוואָרן אין דער פּראָגראַם, וועלכע די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען: „דער סאָציאַליזם איז אַן עווען־נעגעף אַפן וועג פונעם ציוניזם. דער ציוניזם און דער סאָציאַליזם זיינען ניט בלויז צוויי פּאָליוסן, וועלכע שטויסן זיך אָפּ איינער פונעם אַנדערן, נאָר אויך צוויי עלעמענטן, וועלכע שליסן לאַכלוטן אויס איינער דעם צווייטן".

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז דער ציוניזם אַרויסגעטראָטן אין די סאָוועטישע רעפּובליקן אין דער פאָרם פון פאַרשיידענע שאַטירונגען, אָבער אין טאָך איז ער אומעטום געווען איין און דער זעלבער. איינע ציוניסטישע שיטעס זיינען אַוועק אין דער אַנטיסאָוועטישער אונטערערד און געקעמפט קעגן דער סאָוועטנמאַכט אינעם לאַגער פון אירע אָפענע סאָנים, אַנדערע האָבן פאָרמעל געשטיצט די סאָוועטנמאַכט און לעגאַל געפירט זייער ציוניסטישע טעטיקייט. דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט פולשטענדיק איבערגעריסן מיטן ציוניזם.

נאָך ביזן זיג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע האָט וו. אי. לענין געשריבן, אַז די קעגנער פונעם מאַרקסיזם זוכן צו „נעמען באַ אים אַלץ, וואָס איז אָנעמבאַר פאַר דער ליבעראַלער בורזשואַזיע". זיי זיינען געווען גרייט צו אַנערקענען דעם מאַרקסיזם „האַרט ביזן קאַמף פאַר רעפאָרמעס, האַרט ביזן קלאַסנקאַמף (אָן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט)" און ביזן אַלגעמיינעם אַנערקענען די „סאָציאַליסטישע אידעאַלן", זיי האָבן אָבער שטענדיק אַרויסגעוואָרפן פונעם מאַרקסיזם זיין רעוואָליוציאָנערישקייט[1]. נאָכן זיג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע זיינען אינעם לאַגער פון די ציוניסטן די דאָזיקע קונצן מיטן אַנערקענען דעם מאַרקסיזם אַוועק נאָך ווייטער. צווישן די פּויעלע־ציוניסטן, אין דער פאַראייניקטער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (ווי אויך אין „בונד") האָבן זיך אָנגעהויבן אויסטיילן לינקע שיטעס, וועלכע האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט אַפילע פון דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט. אָבער די דאָזיקע „אָנהענגער" פון דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט זיינען פאַרבליבן אַף די פּאָזיציעס פונעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם און האָבן אַקשאָנעסדיק פאַרטיידיקט די רעאַקציאָנערע אידיי פון אַ „יידישער וועלט־נאַציע", געמאַכט פּרוּוון צו באַנייען זי מיט פאַרשיידענע מאָדערנע טעאָריעס, ווי, לעמאָשל, „דער אַרבעטס־קאָלעקטיוו פון פּאַלעסטינע", „די דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט אַף דער יידישער גאַס" אאַז״וו. דער „בונד", ווידער, האָט, ווי באַוווּסט, געזוכט אַריינצולייגן אין דער בורזשואַזנאַציאָנאַליסטישער טוירע די אידיי פון „קולטור־נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע". אָט די פאַלשע טעאָריע האָט פּראַקטיש דערפירט דעם „בונד" דערצו, אַז ער האָט געשלאָסן יאַד־אַכאַס מיטן ציוניזם.

אין 1918 האָבן די יידישע אַרבעטער און האַנטווערקער פון צענטראַל־רוסלאַנד און פון אוראַל אָנגעהויבן פאַרלאָזן די נאַציאָנאַליסטישע פשאָרעמאַכערישע פּאַרטייען. אַף אוראַל האָט די גרופּע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פונעם „בונד", זיך דערקלערט אַלס „בונדיסטן־קאָמוניסטן"; אַף אוקראַינע איז אין יאַנוואַר 1918 אויסגעבילדעט געוואָרן פון די געוועזענע מיטגלידער פון „בונד" און „פּויאַלע־ציון" דער „קאָמוניסטישער בונד" („קאָמבונד") און „די פאַראייניקטע קאָמוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי". אין מײַ פונעם זעלבן יאָר האָבן זיי זיך פאַראייניקט און געשאַפן דעם „קאָמפאַרבאַנד". אַ שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען אין דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. אַף איר האָמליער קאָנפערענץ איז אין אַווגוסט 1919 געשאַפן געוואָרן די „יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי" („פּויאַלע־ציון"). די פּויאַלע־ציוניסטן פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן זיך גערופן קאָמוניסטן, זיינען אין 1919 אַוועק פונעם „וועלט־פאַרבאַנד „פּויאַלע־ציון" אַלס פּראָטעסט קעגן דעם קאָנטאַקט, וועלכן די רעכטע פירער פון פּויאַלע־ציון האָבן איינגעשטעלט מיטן II אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז אויפגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מילכאָמע.

די סאָוועטישע מעלוכע האָט קוידעמקאָל געמוזט אָנעמען מיטלען צו באַגרענעצן די טעטיקייט פון די ציוניסטן אין די יידישע בורזשואַזע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אין דער באַשטימונג, וואָס דער יידישער קאָמיסאַריאַט[1] האָט אָנגענומען דעם 19 אַפּרעל 1919 (אין דער שווערער צייט פונעם בירגערקריג), איז געווען געזאָגט, אַז די יידישע קעהילעס האָבן „גרופּירט אַרום זיך אָפענע קעגנער פון די אינטערעסן פונעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און פון די דעראָבערונגען פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע". נעמענדיק אַף זיך די פונקציע פון מעלוכע־אַנשטאַלטן, האָבן די קעהילעס פאַרשפּרייט דעם בורזשואַזן איינפלוס אַף די אַרבעטנדיקע יידן. דאָס האָט באַזונדערס זיך געלאָזט פילן אין פּראַט פון דער קולטור־אויפקלער־אַרבעט און פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג.

נאָכן בירגערקריג זיינען ערשטראַנגיקע אויפגאַבעס פונעם לאַנד געווען — אויפשטעלן די פאָלקסווירטשאַפט און צוטרעטן צו לייזן די דרינגענדיקע פּראָבלעמען אין די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע סוויוועס. איצט, ווען עס איז געמאַכט געוואָרן אַ סאָף צו די נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס, — איז געזאָגט געוואָרן אין דער רעזאָליוציע פונעם X צוזאַמענפאָר פון דער רקפּ(ב), — ווען די גלייכהייט פון די נאַציאָנאַליטעטן איז שוין פאַרווירקלעכט אין לעבן און די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אַף אַ

[1] די לענינישע ציטאַטן, וועלכע זיינען געבראַכט אין דעם אַבזאַץ, זיינען גענומען פון דער פולער זאַמלונג פון לענינס ווערק, ב. 26, ז. 227.

[1] געשאַפן געוואָרן אין העסקעם מיטן דעקרעט פון דעם ראַטפּאָלקאָם פון רספסר פונעם 20 יאַנוואַר 1918. אין 1921 האָט דער יידישער קאָמיסאַריאַט באַקומען דעם נאָמען „יידישער אָפּטייל".

פרײַער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג איז געזיכערט
דורך דעם עצם כאַראַקטער פון דער סאָוועטן־
אָרדענונג, — איצט באַשטייען די אויפגאַבן פון
דער פּאַרטיי בענגייע די אַרבעטנדיקע מאַסן
פון אַט די נאַציאָנאַלע גרופּעס אין דעם, אַז מע
זאָל זיי העלפן פולשטענדיק אויסצונוצן דאָס
געזיכערטע פאַר זיי רעכט אויף פרײַער אַנטוויק־
לונג"[1]. די ציִעניסטן אָבער האָבן מיט פאַרשיי־
דענע מיטלען געפּרוּווט אַראָפּרײַסן די מאַסמיט־
לען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון
דער סאָוועטן־מעלוכע אין דער נאַציאָנאַלער
פּאָליטיק בענגייע דער ייִדישער באַפעלקערונג.
זיי האָבן סאַבאָטירט די אידעאָלאָגישע און אָר־
גאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, וועלכע עס האָבן גע־
פירט צווישן די ייִדן די צענטראַל־ביוראָ פון די
ייִדסעקציעס באַם צק פון דער רוסלענדישער
קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) און
דער ייִדישער אָפּטייל באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט
פאַר די אָנגעלעגנהײַטן פון די נאַציאָנאַליטעטן
פון רספסר. דער דאָזיקער סאַבאָטאַזש איז
געווען אַ טייל פון דער ציִעניסטישער סטראַטע־
גיע, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו
דעמאָראַליזירן די סאָוועטן־מעלוכע פון אינווײַ־
ניק. אין איינעם פון די פלוגבלעטלעך, וואָס די
ציִעניסטן האָבן פאַרשפּרייט אין 1925, זײַנען
זייערע צילן פאָרמולירט געוואָרן מיט אַבסאָליו־
טער קלאָרקײַט: „פאַרגיכערן דעם טעמפּ פונעם
צוריקטריט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי,
צווינגען די פּאַרטיי צו קײַקלען זיך גיכער
באַרג־אַראָפּ ביזן פולן אָפּזאָגן זיך פון דער דיק־
טאַטור (דה. פון דער דיקטאַטור פון פּראָלע־
טאַריאַט. — ב. פּ.)".

אין 1926 האָט אין דער „לינק־ציִעניסטי־
שער" אונטערערד אין פּססר זיך געפילט אַ גע־
וויסע קאָנסאָלידאַציע, עס האָבן זיך פאַר־
שטאַרקט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונגען
צווישן די ציִעניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ס'האָט
זיך אײַנגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט די אויס־
לענדישע צענטערן און מיטן סאָציאַליסטישן
אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. די „לינקע" ציִע־
ניסטישע באַוועגונג אין פּססר האָט געמאַכט אַ
קענטיקן קער אויף רעכטס. דער ייִדישער „סאָ־
ציִאַליסטישער" יוגנט־פאַרבאַנד, וועלכער האָט
פריִער געוואָלט צופּאַסן זיך צו די קאָמוניסטישע
לאָזונגען, איז קימאַט אַראָפּ פון דער אַרענע,
זײַן אָרט האָט פאַרנומען דער רעכטער ציִעניס־
טיש־„סאָציִאַליסטישער" יוגנט־פאַרבאַנד. איצט
האָט דער ציִעניזם נאָך מער זיך דערנענטערט
מיטן מענשעוויזם. אויב פריִער האָבן אייניקע
סאָציִאַל־ציִעניסטישע גרופּעס דערקלערט, אַז זיי
זײַנען גרייט, מיט אייניקע באַוואָרענישן, צו
אָנערקענען די סאָוועטנמאַכט און די רוסלענדי־
שע קאָמוניסטישע פּאַרטיי (באָלשעוויקעס), זיי
דערווידערן נאָר קעגן דער ייִדסעקציע באַם צק
רקפּ(ב), וועלכע פּאַראַליזירט זייער אידעאָלאָ־

גישן און פּאָליטישן אײַנפלוס אויף דער ייִדישער
באַפעלקערונג פונעם לאַנד, — האָבן איצט די
ציִעניסטן פאַנאַנדערגעוויקלט אַ קאַמף קעגן
דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אינגאַנצן גענומען.
מע האָט שוין מער ניט גערעדט וועגן „נאַציאָ־
נאַלער אויטאָנאָמיע אויף דער אַרבעט", וועגן
„ייִדישע סאָוועטן מיט אַ צענטראַלן אָרגאַן און
מיט צוזאַמענפאָרן", וועגן אַ „ייִדישער קאָאָפּע־
ראַציע", „אַ ייִדישן בודזשעט אין דער מעלוכע",
„ייִדישע אונטערנעמונגען אויפן מעלוכישן
כעזשבן" אאוו. אין פאָדערגרונט זײַנען פּאַקטיש
אַרויסגערוקט געוואָרן ריין מענשעוויסטישע
לאָזונגען, און אין ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע, אין
די מײַרעוו־געגנטן פון רספסר זײַנען צו דער
צווייטער העלפט פון די 20־ער יאָרן אויפגעקו־
מען צענטערס פונעם רוסלענדישן מענשעוויזם.
דער אײַנפלוס פונעם „סאָציִאַל־ציִעניזם" האָט
דערגרייכט אויך צו די קינדער־שולן, ווו עס
זײַנען געשאַפן געוואָרן סקאַוטישע אונטערער־
דישע קינדער־גרופּעס פונעם טיפּ „האַשאָמער
האַצאָיִר". צווישן די אונטערערדישע ציִעניסטישע
בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן גע־
האַט ענגע פאַרבינדונגען מיט די אַנטשפּרעכיקע
אויסלענדישע ציִעניסטישע צענטערס, זײַנען
געווען זייער אַקטיוו די אָרגאַניזאַציעס „העכאָ־
ווער" און „העכאָלוץ", וועלכע האָבן געזוכט
מיט אַלע מיטלען צו לעגאַליזירן זייער טעטי־
קײַט באַ אונדז אין לאַנד.

וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די אָר־
גאַניזאַציעס „העכאָווער" און „העכאָלוץ"?

„העכאָווער" איז אַנטשטאַנען אין 1913 אין
די אויסלענדישע קרײַזן פון דער ייִדישער סטו־
דענטשאַפט. אין רוסלאַנד האָט די דאָזיקע אָר־
גאַניזאַציע אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן איר אײַנ־
פלוס צווישן דער סטודענטשאַפט מיט אַ יאָר
שפּעטער, אין 1914, דעריקער אין מאָסקווע און
פּעטראָגראַד, און האָט פאַרנומען איר אָרט
אינעם רעכטן פליגל פונעם ציִעניזם.

„העכאָווער" האָט געלייקנט אין דער עק־
זיסטענץ פון קלאַסן און קלאַסנקאַמף, זי האָט
געפּריידיקט, אַז אַלע ייִדן, אומאָפּהענגיק פון
זייער סאָציִאַלער אָפּשטאַמונג, האָבן געמיינזאַמע
אינטערעסן. „העכאָווער" האָט בעשײַטע מאָבי־
ליזירט די ייִדישע יוגנט אין די ציִעניסטישע
ווײַס־בלויע לעגיִאָנען, וועלכע האָבן אין די
יאָרן פונעם ערשטן וועלט־קריג אָפּערירט אין
פּאַלעסטינע. צו דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע
האָט „העכאָווער" זיך באַצויגן פײַנטלעך און
האָט פּראָפּאַגאַנדירט צווישן די סטודענטן די
ווײַסגוואַרדייִשע אידעאָלאָגיע. צום אָנהייב פון
1920 איז „העכאָווער" אַריבער אויף אַן אומלע־
גאַלער לאַגע. פון דעמלט אָן האָבן די גרופּעס
פון דער אָרגאַניזאַציע געפירט זייער טעטיקײַט
אין די הויכשולן, אָרגאַניזירנדיק דאָרט, קלוי־
מערשט, באַשיידענע קרײַזלעך אויף צו שטודירן
די ייִדישע געשיכטע און ליטעראַטור. זיי האָבן
געהאַט ענגע פאַרבינדונגען מיט דער ציִעני־
סטישער ספּאָרטיווער געזעלשאַפט „מאַקאַבי"
און מיט די דרוזשינעס פון „העכאָלוץ". די כלוי־

[1] „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַר־
באַנד אין די רעזאָליוציעס און באַשלוסן פון די צו־
זאַמענפאָרן, קאָנפערענצן און פּלענומס פונעם צק".
8־טע אויפלאַגע, ב. 2, 1970, ז. 255.

צים האָבן געדינט אין וורּאנגעלס ווײַסגווארדייִשער ארמיי. אין דאָרעם־רוסלאַנד האָבן זיי אָנטיילגענומען אין די עקזעקוציעס איבער קאָמוניסטן. אין פּאלעסטינע האָט „העכאָלוץ“ געפירט אן אקטיוון קאמף קעגן דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג און מיטגעארבעט מיט דער ענגלישער קאָלאָניאַלער מאכט, באזונדערס אינעם קאמף קעגן דער קאָמוניסטישער פארטיי פון פאלעסטינע. אין 1922, נאָך צוויי יאָר אומלעגאַלער טעטיקײַט, האָט „העכאָווער“ געמאכט א פּרוּוו צו לעגאליזירן זיך — די אָנפירונג זײַנע האָט געטײַנעט, אז „העכאָווער“ איז אן „אַפּאָליטישע אָרגאניזאציע“, זי האָט קיין שום שײַכעס ניט צו פארטייען און איז נאָר א געמיינשאפט פון „ארבעטס־מענטשן“, איר ציל איז בלויז — „אנטוויקלען די זעלבסטבילדונג“, „פירן א קולטור־אופקלערונג“, „זיך פארנעמען מיט ספּאָרט“. אינטערעסאנט איז דער פאקט, אז הארט ערעוו דעם דערלאנגען אין די סאָוועטישע אָרגאנען די ביטע וועגן לעגאליזאציע, האָבן פאָרשטייער פון „העכאָווער“ אָנטיילגענומען אינעם ציִעניסטישן קאָנגרעס אין קארלסבאד. דער אלרוסלענדישער צענטראלער אויספיר־קאָמיטעט פון רספסר האָט דעם 30 יון 1922 אָפּגעוואָרפן די ביטע וועגן לעגאליזירונג פון „העכאָווער“.

„העכאָלוץ“ האָט זיך גערופן די אָרגאניזאציע, וואָס האָט זיך דערקלערט אלס דער „ארבעטס־אוואנגארד“ פון דער קאָלאָניזירונג פון פאלעסטינע. די כלוצים האָבן ווערבירט פאר פאלעסטינע קוואליפיצירטע ארבעטער און טעכנישע קאדרען. אין אייניקע סאָוועטישע רעפּובליקן האָט „העכאָלוץ“ זיך באוויזן אין יאנוואר 1918, ווען לויט דער איניציאַטיוו פון דער פּאלעסטינער קאָמיסיע באם צק פון „צעירע־ציִען“, איז אין כארקאָוו צונויפגערופן געוואָרן א בארעטונג וועגן אָט דעם איניען. די מאנהיגים פון „העכאָלוץ“ האָבן אויך געהאלטן אין איין טײַנען, אז זיי האָבן ניט קיין שום שײַכעס צו פארטייען און קלאסן. ס'איז אָבער א פאקט, אז אַף דער אָרגאניזאציאָנעלער זיצונג פונעם לענינגראדער אָפּטייל פון דער דאָזיקער אָרגאניזאציע (דעם 29 יון 1918) האָט דער אָרגאניזאטאָר פון „העכאָלוץ“ י. טרומפּעלדאָר אינפאָרמירט, אז אין דער ביוראָ פון דער אָרגאניזאציע דארפן אויסער די פינף אקטיוויסטן פון די אָרטיקע אָפּטיילונגען ארײַן צו איין פאָרשטייער פון די צענטראל־קאָמיטעטן פון די פארטייען „אלגעמיינע ציִעניסטן“ און „פּויאלע־ציִען“.

אין די פּרוּוון פון דער כאלוצישער באוועגונג צו פארפעסטיקן זיך אין די סאָוועטישע רעפּובליקן זײַנען געווען פיר פעריִאָדן: 1) פון דער כארקאָווער בארעטונג פון 15—18 יאנוואר 1918 ביזן I צוזאמענפאָר פון „העכאָלוץ“ (7—9 יאנוואר 1919 אין פעטראָגראד) — אין אָט דעם צײַט־אָפּשניט איז די אָרגאניזאציע געבוירן געוואָרן און געשטעלט זיך אַף די פיס; 2) פונעם I צוזאמענפאָר ביז דער צווייטער כארקאָווער בארעטונג (יאנוואר 1922) — „העכאָלוץ“ פורעמט זיך אויס אָרגאניזאציאָנעל; 3) אינערלעכער קאמף אין דער אָרגאניזאציע צווישן די קעגנער און אָנהענגער פון לעגאליזירן זיך אין סאָוועטן־לאנד. דער דאָזיקער פעריִאָד האָט זיך פארענדיקט מיט דער שפּאלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין סענטיאבער 1922; 4) ענדלעך, דער פעריִאָד פון דער לעגאלער טעטיקײַט פון „העכאָלוץ“ — 1922—1928. אין גאנג פונעם אינערלעכן קאמף איז קלאָר געוואָרן, אז יעטווידע פּרוּוון אָפּצוזאָגן זיך פונעם ציִעניסטישן טאָך איז ניט מער ווי א טרוים.

אפן גרינדונגס־צוזאמענפאָר (פאָרגעקומען אין פעטראָגראד אין יאנוואר 1919 באם אָנטייל פון 27 דעלעגאטן פון 23 שטעט) איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָליוציע, וועלכע האָט געזאָגט, אז „העכאָלוץ“ איז אן אָרגאניזאציע, וואָס האָט ניט „קיין שײַכעס צו פארטייען, זי איז בלויז א פאראייניקונג פון מענטשן, וועלכע האָבן באַשלאָסן אריבערצוּוואנדערן קיין פאלעסטינע און בויען דאָרט דאָס לעבן אַף די פּרינציפּן פון ארבעט, וועלכע איז פרײַ פון עקספּלואטאציע“. די וויטעבסקער ראיאָנע קאָנפערענץ (פעווראל 1919) האָט ניט מאסקים געווען מיט אזא דעפיניציע. ערשטנס, האָט זי אין אירע באשלוסן אנערקענט, אז „העכאָלוץ“ איז יאָ א „קלאסן־אָרגאניזאציע“; צווייטנס, האָט זי ארײַנגעטראָגן אייניקע פּרינציפּיעלע פּינקטלעכקײַטן בענעגייע דעם אָנטייל פון „העכאָלוץ“ אינעם ציִעניסטישן וועלט־קאָנגרעס. דער פעטראָגראדער צוזאמענפאָר האָט אין אָט דער פראגע גאנץ קלאָר אנערקענט דעם „העכסטן אווטאָריטעט פונעם ציִעניסטישן וועלט־קאָנגרעס, אלס דעם אייציקן אין דער איצטיקער צײַט מעלוכע־אָרגאן“ (דעם ציִעניזם). דער צוזאמענפאָר האָט באַשטימט, אז „העכאָלוץ“ דארף זיך אונטערוואַרפן די דירעקטיוון פונעם ציִעניסטישן וועלט־קאָנגרעס. די וויטעבסקער קאָנפערענץ האָט אינגאנצן גענומען מאסקים געווען מיט אזא באַשלוס, זי האָט אָבער געפונען פאר צוועקמעסיק, אז די אָרגאניזאציע „העכאָלוץ“ זאָל ניט זײַן אומיטלבאר אונטערגעאָרדנט דעם ציִעניסטישן וועלט־קאָנגרעס, זי זאָל נאָר בלויז אָנטיילנעמען אין אים „דורך שיקן אירע דעלעגאטן אַף צו פארטיידיקן אירע אינטערעסן“. די דאָזיקע פּראָטים האָבן באוויזן, אז צווישן די ציִעניסטן פונעם כלוצישן פליגל איז קיין פולע אייניקײַט ניט געווען.

אין 1922 האָט דער צענטראל־קאָמיטעט פון „העכאָלוץ“ צוגעשטעלט אין די סאָוועטישע אָרגאנען א פּראָיעקט פונעם סטאטוט פון דער אָרגאניזאציע מיט א ביטע צו לעגאליזירן איר טעטיקײַט. אינעם פּראָיעקט איז געווען געזאָגט, אז „העכאָלוץ“ שטעלט זיך א ציל, אז די ייִדישע הארעפּאשנע מאסן זאָלן אָנטיילנעמען אין דער קאָלאָניזירונג פון פאלעסטינע. עס איז אָבער געווען ברייט באקאנט, אז די פארווערבירטע מיטגלידער פון „העכאָלוץ“, וועלכע געפינען זיך שוין אין פאלעסטינע, ווערן דאָרט אויסגענוצט מערסטנטייל אַף דער דינסט אין

די ציִעניסטישע לעגיאָנען. לעגאַליזירן דעם „העכאָלוץ" וואָלט באַטײַט פּאַקטיש לעגאַליזירן אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד די ציִעניסטישע באַוועגונג אינגאַנצן גענומען. די מערהײַט מיטגלידער פון „העכאָלוץ", באַזונדערס זײַנע אָנפירער, זײַנען אײַנצײַטיק געווען מיטגלידער פון ציִעניסטישע פּאַרטייען, לעמאָשל, פון „צעירע־ציִען". נעמענדיק דאָס אין אכט, האָט דער פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר די אָנגעלעגנהײַטן פון די נאַציאָנאַליטעטן פון רספסר דעם 1 אויגוסט 1922 ארויסגעזאָגט זיך קעגן רעגיסטרירן דעם סטאַטוט פון „העכאָלוץ". דעמלט האָבן די אָנפירער פון „העכאָלוץ" באַשטימט דורכפירן א טאַקטישן מאַנעווער, און זיי האָבן איבערגעקוקט דעם פּראָיעקט פונעם סטאַטוט, אַרײַנפירנדיק אין אים עלעמענטן פון מיטאַרבעט מיט דער סאָוועטנמאַכט. דער נײַער פּראָיעקט האָט געהאָלפן „העכאָלוץ" צו ווערן לעגאַליזירט, האַגאַם עס איז געווען באַוווּסט, אַז צווישן די גרינדער און מיטגלידער פון דער אָנפירונג פון אָט דער אָרגאַניזאַציע געפינען זיך אַזעלכע ציִעניסטן, ווי ש. שנייערסאָן, ה. אַלטשולער, ש. אַראָנאָוו, וועלכע זײַנען אײַנצײַטיק געווען אָנפירער פון דער אומלעגאַלער פּאַרטיי „צעירע־ציִען". צווישן די פינף מיטגלידער פונעם צק פון „צעירע־ציִען" האָט אָט דער דרײַלינג געשפּילט די אָנפירנדיקע ראָליע.

עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז לאָזנדיק אין גאַנג לינקע, פּראָגרעסיווע לאָזונגען און פּראַזעס, ניט ענדערנדיק דערבײַ דעם טאָך פון זײַן טעטיקײַט, האָט „העכאָלוץ" זיך צוגעפּאַסט צו די סאָוועטישע באַדינגונגען. דאָס איז צו זען, אַשטייגער, פונעם בריוו פון דעם באַפולמעכטיקטן פון „העכאָלוץ" זינגעראָוו, וועלכן ער האָט אַדרעסירט דעם האָמליער גובערנ־יאַלן אויספּירקאָם. אין זײַן הישטאַדלעס צו רעגיסטרירן דעם ראַיאָנעם קאָמיטעט פון „העכאָלוץ" האָט ער געשריבן (דעקאַבער 1923): „העכאָלוץ" טאָר מען ניט מישן מיט די אַנדערע ייִדישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס איז „דורכויס אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע", וואָס האָט קיין שום שײַכעס ניט צו פּאַרטייען. איר ציל איז — שאַפן „אַרבעטער־קאָלעקטיוון און קאָמונעס", „ענדערן דעם לעבנשטייגער פון די ייִדישע מאַסן, צוגרייטן זיי צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע, אָרגאַניזירן זייער פּערזענלעכן אָנטייל אינעם שאַפן דעם ייִדישן אַרבעטס־צענטער אין פּאַלעסטינע, א פרײַען פון דער עקספּלואַטאַציע פון פרעמדער מי. דאָס וועט ברענגען צו דער אָרגאַניזאַציע, לאַבאָריזאַציע[1], נאָרמאַליזאַציע און פּראָלעטאַריזאַציע פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע"[2]. די צײַטונג „דער עמעס" האָט דערבײַ ריכטיק באַמערקט, אַז אָט די עקוויליבריסטיק מיט ווערטער, וועלכע ווערט באַנוצט אינעם בריוו, איז אויסגערעכנט דערויף, אַז די „גאָיִם" פון האָמליער גובערנ־יאַלן אויספּירקאָם וועלן ניט פאַרשטיין, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און זיי וועלן הינטער דעם וואַלד פון ווערטער ניט דערזען דעם בוים פונעם ציִעניזם.

אין 1925 האָט געמאַכט א פּרוּוו צו לעגאַליזירן זיך א וואָלאַד פון „העכאָלוץ", וואָס האָט זיך א נאָמען געגעבן „אַסאָציִאַציע פון סאָציִאַליסטישע שרײַבער — ברייטיש". דער סטאַטוט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז אָבער ניט רעגיסטרירט געוואָרן, ווײַל אויב „ברייטיש" שטעלט פאַר זיך בעעמעס סאָציִאַליסטישע צילן, קאָן זי פרײַ מיטאַרבעטן אין די רייען פון די סאָוועטישע שרײַבער. אָנהייבנדיק פון אויגוסט 1923 האָבן די קעמערלעך פון „העכאָלוץ" געפירט א ציִעניסטישע אַרבעט אויף אוקראַיִנע, אין ווײַסרוסלאַנד און אין אַנדערע ראַיאָנען פון לאַנד, האַגאַם „העכאָלוץ" האָט באַקומען די רעכט פון לעגאַלער עקזיסטענץ בלויז אין רספסר. אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָבן די כלוצים אין סאָף 1925 פאַרשפּרייט אין רוסיש און אין ייִדיש אַן אויפרוף, פול מיט סינע צו דער סאָוועטנמאַכט. אין אַן אַנדער אויפרוף האָבן די כלוצים געטריבן רעכילעס אויף די ייִדישע סעקציעס באַם צק רקפּ(ב) און דערקלערט, אַז בלויז די ציִעניסטן זײַנען די „אויסדריקער פונעם ווילן פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע". זיי האָבן געוואָרפן דעם לאָזונג פון קאַמף קעגן דער סאָוועטנמאַכט לעשעם די צילן פון דער ציִעניסטישער וועלט־באַוועגונג.

די ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסן פון רספסר האָבן אויף דעם געגעבן דעם געהעריקן ענטפער. אַזוי, לעמאָשל, האָט די IV קאָנפערענץ פון די קיִעווער אומפּאַרטייִשע ייִדישע אַרבעטער (פאַרגעקומען אין 1925) פאַרורטיילט די שעדלעכע טעטיקײַט פון די קעמערלעך פון „העכאָלוץ". די קאָנפערענץ האָט געשריבן אין איר רעזאָלוציע, אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט די געוויסע להאָטעס, וועלכע זײַנען געגעבן געוואָרן די אייגנטימער פון קליינע קרעמלעך, האָט אויפגעלעבט דער פּריוואַטער האַנדל און צוזאַמען מיט אים זײַנען געוואָרן אַקטיוו די בורזשואַזע עלעמענטן. אין אייניקע ערטער האָט דאָס געשאַפן א באָדן פאַר דער אויפלעבונג פון דער אונטערײַסערישער טעטיקײַט פון די ציִעניסטישע גרופּירונגען. די ייִדישע קאָנטררעוואָליוציע, האָט די קאָנפערענץ קאָנסטאַטירט, איז ניט ווייניקער שעדלעך פאַר דער סאָוועטנמאַכט, איידער די אַנדערע, באַזונדערס דעמלט, ווען די קאָנטררעוואָליוציִאָנערע קרעפטן האָבן געליטן א מאַפּאָלע אינעם אָפענעם קאַמף קעגן די אַרבעטער און פּויערים און ווען אַרום די דאָזיקע קרעפטן האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען פאַרשיידענע אַנדערע קעגנער פון דער סאָוועטנמעלוכע. ענלעכע רעזאָלוציעס האָבן אָנגענומען די VI אָדעסער קאָנפערענץ פון ייִדישע אומפּאַרטייִשע אַרבעטער און די קאָנפערענצן אין אַנדערע שטעט.

[1] פונעם ענגלישן „לייבאָר"־אַרבעטער.

[2] דער בריוו איז געווען געדרוקט אין דער צײַטונג „דער עמעס" פון 21 דעקאַבער 1923.

די אָפיציעלע צאָל כלוצים אין סאָוועטנ־פארבאנד איז געווען א גאנץ קליינע. צום 1 יאנוואר 1925 האָבן די קעמערלעך פון „העכאָלוץ" פארמאָגט 541 מיטגלידער, צום 1 יאנוואר 1926 — 562, און צום 1 יאנוואר 1927 — 459 מיטגלידער. דער דורכפאל פון די פלענער פון דער „העכאָלוץ"־באוועגונג אין סאָוועטנפארבאנד איז שוין אָנגעמערקט פון לאנג, ווי דאָס האָט אנערקענט דער פלענום פונעם צק פון „העכאָלוץ", וואָס איז פאָרגעקומען דעם 16—22 יול 1927. דער פלענום האָט אָפגעמערקט, אז די אָרגאניזאציע לעבט איבער אן אידעאָלאָגישן קריזיס, אז די עקאָנאָמישע הילף, וואָס די סאָוועטנמאכט גיט דער ייִדישער באַפעלקערונג, ברענגט דערצו, אז די ייִדן אין פסטר פארלירן יעטווידן אינטערעס צו דער כלוצישער „פראָדוקטיוויזאציע", צו דער עמיגראציע קיין פאלעסטינע. אין דער רעזאָליוציע פונעם פלענום איז געזאָגט געוואָרן: „די פאלעסטינע־באוועגונג טרעפט אָן אין פסטר אף אייגנארטיקע שוועריקייטן, וועלכע ווערן ארויסגערופן, פון איין זײַט, דורכן פראָצעס פונעם פארשווינדן פון ייִדישן שטעטל", און, פון דער צווייטער זײַט, „אפן פאָן פון דער באַדײַטנדיקער ארבעט אין פראט פון פארבעסערן די עקאָנאָמישע לאגע פון די ייִדישע מאסן און פון ארײַנציִען זיי אינעם שטראָם פון דער סאָוועטישער בויונג (אָרגאניזירונג, טיילוויַיזע אינדוסטריִאליזירונג, דער אופקום פון ייִדישע ראיאָנען אדג.) ווערן אלץ קלענער די מעגלעכקײַטן פאר דער מאסן־אנטוויקלונג פון די פאלעסטינע־אידייען". די קעמערלעך פון „העכאָלוץ" האָבן אָפיציעל אָפגעשטעלט זייער טעטיקײַט אינעם סאָוועטנפארבאנד אין יאָר 1928.

די האָפענונגען פון די ציִעניסטן, ווי די פלענער פון יענע, וועלכע שטייען הינטער זיי, צו פירן זייער פײַנטלעכע ארבעט אָפן און אומגעשטערט אין סאָוועטנפארבאנד, זײַנען סײַ אין די יאָרן פונעם בירגערקריג, סײַ אינעם פעריִאָד פון דער אופשטעלונג און רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקסווירטשאפט פולשטענדיק דורכגעפאלן. די ייִדישע ארבעטער, פויערים, האנטווערקער און פראָגרעסיווע אינטעליגענץ זײַנען אין דער מישפּאָכע פון די ברידערלעכע סאָוועטישע פעלקער באלד נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע געוואָרן גלײַכע צווישן גלײַכע. באזונדערס וויכטיק איז דער פאקט, וואָס שוין אינעם ערשטן דאָר סאָוועטישע מענטשן איז ליקווידירט געוואָרן די באזע פאר אזעלכע פאָלקס־פײַנטלעכע אידעאָלאָגיעס, ווי דער בורזשואזער נאציאָנאליזם, וואָס א פארקערפערונג פון אים איז דער ציִעניזם.

---

# כראָניק

## צוגאסט אפן באם

אן אינטערעסאנטע עקסקורסיע האָבן אָרגאניזירט די ביראָבידזשאנער קינדער. זיי האָבן באַזוכט דעם מיזרעכדיקן באצירק פון דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל, געווען בא די בויער פון דער קינפּטיקער שטאָט אורגאל — די שעליכים פון אוקראַיִנע.

דער קאָמסאָרג פונעם צענטראל־קאָמיטעט פונעם אוקראַיִנישן קאָמיוג וואלערי טשיזשאָוו האָט באַקענט די געסט מיט די ארבעטער פונעם טרעסט „אוקרסטראָי", באַוויזן זיי די קולטור־שטייגערישע אָביעקטן, וועלכע ווערן איצט געבויט.

ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן א מאטאָנע פאר דער שטאָט ביראָבידזשאן — א פאָטאָגראפיע פון דער שטאָט אורגאל, וועלכע בויט זיך אין דער טײַגע.

ז. ווייצמאַן

## א טוריסטן־מארש צו די היילן פונעם קליין־כינגאן

דרײַ און צוואנציק סטודענטן פון דער ביראָבידזשאנער פעדאגאָגישער שול האָבן דורכגעפירט א מארש פון ביראָבידזשאן קיין סטאָלבאָוואָיע. פון דאָרטן האָבן זיי זיך געלאָזט צופוס צו די באַרימטע כינגאנער היילן „זימניאיא" און „קאָרידאָרנאיא".

אין וועג האָבן די סטודענטן געלייגט בלומען צו די אָבעליסקן אין סטאָלבאָוואָיע און יעקאטערינאָ־ניקאָלסקאָיע לעקאָוועד די לאנדסלײַט, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין די שלאכטן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

די אָנטיילנעמער פונעם מארש האָבן באזוכט דעם קאנטקענטעניש־מוזיי אין אמורזעט.

דעם אָנגעזאמלטן מאטעריאל וועלן די סטודענטן פארפיקסירן אין פאָטאָ־אלבאָמען, רעפעראטן און טאָגביכער.

• • •

# שמועסן מיט די לייענער

אייניקע אראבישע קאָמענטאטאָרן האלטן, אז אין גרונט פון דער אָנגע־שטרענגטקייט אפן נאָענטן מיזרעך ליגט דער ניט־ריכטיקער באשלוס פון דער אָרגאניזאציע פון די פארייניקטע נאציעס וועגן צעטיילן פאלעסטינע. אין איינער א ציַטונג האָב איך געלייענט, אז פססר, אונטערהאלטנדיק אין 1947 די דאָזיקע רעזאָליוציע, „האָט פארזען די לענינישע פרינציפן", אף וויפל דער 11 קאָנגרעס פון קאָמינטערן האָט אָנגערופן די פאלעסטינער אק־ציע פון די ציוניסטן „א בוילעטער ביַישפיל פון אָפּנארן דעם ארבעטער־קלאס פון דער אונטערדריקטער נאציע".

**מאָכאמעד אבדאלאך**
**קאסאבלאנקע, מאראָקאָ**

אף דעם ענטפערט דער מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פונעם זשור־נאל „נאָוויע ווריעמיא" („ניַיע ציַיט") וולאדימיר שעלעפין.




אין די מאטעריאלן פונעם 11 קאָנגרעס פון קאָמינטערן קאָן מען, הער אבדאלאך, ווירקלעך געפינען די כאראקטעריסטיק פון די ציוניס־טישע פלענער, וועלכע איר ברענגט אויבן. אין דער רעזאָליוציע איבער דער נאציאָנאלער און קאָלאָניאלער פראגע האָט דער קאָנגרעס גע־מאָלדן, אז אונטערן אויסרייד פון שאפן אין פא־לעסטינע א יידישע מעדינע „ברענגט דער ציוניזם א קאָרבן דער ענגלישער עקספּלואטאציע פאקטיש די אראבישע באפעלקערונג פון פּאלעס־טינע, ווו די ארבעטספייקע יידן שטעלן מיט זיך פאָר בלויז א קליינע מינדערהייט".

מע טאָר אָבער ניט פארגעסן, אז דער דאָזי־קער אויספיר איז געמאכט געוואָרן אין דער אומגעבונג פונעם 1920 יאָר. די, וועלכע פּרוּוון איצט ווארפן א שאָטן אף דער פּאָליטיק פונעם סאָוועטנפארבאנד אין נאָענטן מיזרעך, וואָלטן געדארפט געדענקען, אז לענינס וויסנשאפטלע־כער צוגאנג צום אנאליז פון דער ווירקלעכקייט איז אזא: „...דאָס איז — ניט פארגעסן די איקער־דיקע היסטאָרישע פארהעלטענישן, קוקן אף יעדער פראגע פונעם שטאנדפּונקט, וויאזוי א באשטימטע דערשיַינונג אין דער געשיכטע איז אנטשטאנען, וואָסערע הויפּט־עטאפּן אין איר אנטוויקלונג האָט די דאָזיקע דערשיַינונג דורכ־געמאכט, און פונעם שטאנדפּונקט פון אָט דער אנטוויקלונג באטראכטן, וואָס עס איז געוואָרן מיט דער דאָזיקער זאך אציַנד".

אין דער פּאלעסטינער פראגע האָט פססר זיך באזירט אפן לענינישן קורס פון אנערקענען פאר אלע אָן אויסנאם פעלקער — גרויסע און קליינע — די רעכט אף זעלבסטבאשטימונג.

דערפאר טאקע האָט דער סאָוועטנפארבאנד אונטערגעהאלטן די רעזאָליוציע פון דער גענע־ראל־אסאמבלייע פון דער אָרגאניזאציע פון די פאראייניקטע נאציעס פונעם 29 נאָיאבער 1947, לויט וועלכן ס'האָט געדארפט פּאָרקומען, ערשטנס, דאָס אָפּשאפן דעם בריטאנישן מאנ־דאט און דאָס ארויספירן דאָס ענגלישע מילי־טער פון פּאלעסטינע, און צווייטנס — דאָס שאפן אין פּאלעסטינע צוויי אומאָפּהענגיקע מעלו־כעס — א יידישע און אן אראבישע.

די פּאָזיציע פונעם סאָוועטנפארבאנד איז דיקטירט געוואָרן פון דער אומגעבונג, וועלכע האָט זיך געשאפן אין דעם דאָזיקן ראיאָן נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. די יידן האָבן צו יענער ציַיט שוין באטראָפן א דריטל פון דער גאנצער פּאלעסטינער באפעלקערונג, זיי האָבן געשפּילט א וויכטיקע ראָל אין דער אינ־דוסטריעלער אנטוויקלונג פונעם לאנד. אין טאָך גענומען האָט פּאלעסטינע זיך פארוואנדלט אין א לאנד פון צוויי נאציעס. איך וויל אונטער־שטריַיכן, אז מיַינע ווערטער באטיַיטן ניט לאכ־לוטן א באווייליקונג פון דער אליא־קאמפּאניע, וואָס די ציוניסטן האָבן געפירט אין מעשעך פון יאָרצענדליקער. איך קאָנסטאטיר בלויז דעם אָביעקטיוון פאקט, מיט וועלכן ניט רעכענען זיך האָט מען ניט געקאָנט.

וויאזוי די געשעענישן האָבן זיך וויַיטער אנטוויקלט, איז איַיך גוט באוווּסט. די אימפּע־ריאליסטן האָט ניט געלוינט א דעמאָקראטישע לייזונג פון דער פּאלעסטינער פראגע. אויסנוצנ־דיק זייער באליבטן פּרינציפּ „צעטייל און הערש", האָבן זיי פּראָוואָצירט א מילכאָמע

צווישן דער נאָרוואָס געשאַפענער ייִדישער מעדינע און די דעמלטיקע אַראַבישע רעזשימען. פון זײַן זײַט, האָט דער צווישנפעלקערלעכער ציִעניזם זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער מעגלעכקײַט צו פאַרווירקלעכן אַ טעריטאָריִעלע עקספּאַנסיע. דאָס, וואָס די אַראַבער האָבן אין דער מילכאָמע פון די יאָרן 1948—1949 ניט געהאַט קיין דערפאָלג, האָט געבראַכט דערצו, אַז ייִסראָעל האָט אָקופּירט קימאַט צוויי דריטל פון דער טעריטאָריע, וועלכע איז געווען אויסגעטיילט פאַר דער פּאַלעסטינער מעלוכע פון די אַראַבער, און האָט פאַרטריבן פון די פאַרכאַפּטע שטאָכים בא אַ מיליאָן אײַנוווינער. די געזעצלעכע און אַנערקענטע מיצאַד דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציִעס רעכט פונעם אַראַבישן פאָלק פון פּאַלעסטינע זײַנען ניט רעאַליזירט געוואָרן.

אַזויאַרום, הער אַבדאַלאַך, איז קלאָר, אַז אין יעסאָד פון דער אָנגעשטרענגטקײַט אויפן נאָענטן מיזרעך ליגט ניט „דער ניט־ריכטיקער באַשלוס“ פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציִעס, ווי אין דעם פּרווּוט אײַך עמעצער איבערצײַגן, נאָר די אַגרעסיווע פּאָליטיק פון די רעגירונגס־קרײַזן פון טעל־אָוויוו, וועלכע זיי פירן דורך ביז הײַנט צו טאָג מיט דער באַווייליקונג פון די אימפּעריִאַליסטישע אונטערשטיצער. דעריבער ליגט דער וועג צו אַ שאָלעם אויפן נאָענטן מיזרעך ניט דורך אָפּשאַפן די רעזאָליוציע פון די פאַרייניקטע נאַציִעס פונעם 29 נאָיאַבער 1947, נאָר דורך אָפּשטעלן די דאָזיקע פּאָליטיק און אַוועלכע ניט איז שטיצע פון איר. פאַר דעם טאַקע טרעט אַרויס קאָנסעקווענט דער סאָוועטנפאַרבאַנד, אַרויסווײַזנדיק אַן אַלזײַטיקע הילף די אַראַבער, דערונטער די פּאַלעסטינער, קעמפנדיק פאַר אַ גערעכטיקער און דויערנדיקער אײַנרעגולירונג אויפן נאָענטן מיזרעך.

(„נאָוואָיע ווורעמיא“, נומ. 28, 1975)

# באַקאַנט זיך: זשורנאַלן פונעם לאַנד




שוין פערצן יאָר, ווי דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ לאָזט אַרויס אין מאָסקווע דעם ייִדישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. דער זשורנאַל „דרוזשבאַ נאַראָדאָוו“ האָט זיך געווענדט צו זײַן הויפּט־רעדאַקטאָר אַרן ווערגעליס מיט אַ באַקאָשע דערציילן וועגן דער אויסגאַבע. אָט וואָס ס׳האָט מיטגעטיילט א. ווערגעליס אונדזער קאָרעספּאָנדענט.

לויט זײַן כאַראַקטער אונטערשיידט זיך מערקבאַר „סאָוועטיש היימלאַנד“ פון אַנדערע פעריִאָדישע אויסגאַבעס אין סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס איז נאַטירלעך: אין אונדזער לאַנד איז דאָס דער איינציקער זשורנאַל, וואָס גייט אַרויס אין ייִדיש, און דאָס איז אונדז מיסכײַעוו צו לייזן די סאַמע פאַרשיידענע ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע, קולטור־אויפקלערערישע און אַפילע בילדונגס־אויפגאַבן, וואָס אַ טייל פון זיי נעמען געוויינלעך אויף זיך פאַרשיידענע וואָכנשריפטן. אַזוי, צום בײַשפּיל, ווערן פּובליקירט בא אונדז אין זשורנאַל, באַנאַנד מיט די נײַע ווערק פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור און פּובליציסטיק, אויך ווערק פון ייִדישע שרײַבער אין אויסלאַנד, וועלכע שאַפן סײַ אין ייִדיש, סײַ אין איווריט. מיר לאָזן ניט אַרויס פון אויג אויך ייִסראָעל, אַ מעלוכע, אין וועלכער ס׳קומען פאָר זייער קאָמפּליצירטע און ווידערשפּרעכיקע פּראָצעסן. מיר שפּירן נאָך דער שאַפונג פון די ייִסראָעלדיקע ליטעראַטן און דרוקן יענע ווערק זייערע, וואָס גיבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן לעבן פון די ייִסראָיילים, וועגן דעם כאַראַקטער און די באַזונדערקײַטן פון די אידעאָלאָגישע, סאָציִאַלע, מאָראַלע, פּאָליטישע קאָנפליקטן, וועלכע האָבן אָן אָרט אין לאַנד. לויט אונדזער מיינונג, וואָלט געווען ניט ריכטיק ניט באַמערקן אויך די ווערק, וואָס זײַנען פײַנטלעך צו אונדז לויטן גײַסט. קעדיי אָפּעראַטיוו רעאַגירן אויף זיי, דרוקן מיר איבערזיכטן און אַרטיקלען, וועלכע דעקן אויף דעם רעאַקציאָנערן טאָך פון אַזעלכע ווערק.

אין פיל לענדער איז פאַראַן אַ ייִדישע ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן ניט בלויז אין ייִדיש, נאָר אויך אין דער שפּראַך פון דעם לאַנד, אין וועלכן ס׳לעבט דער שרײַבער. אין פּשאַ, ייִסראָעל, אַרגענטינע, אורוגווײַ, פראַנקרײַך, קאַנאַדע גייען אַרויס זשורנאַלן, אַלמאַנאַכן, צײַטונגען, ווו עס דרוקן זיך ווערק פון די פּראָגרעסיווע ייִדישע שרײַבער. מיט די רעדאַקציעס פון די דאָזיקע אויסגאַבעס, און אויך, נאַטירלעך, פון שוועסטער־אויסגאַבעס אין פּוילן, בולגאַריע אאַ. פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער,

האַלטן מיר אונטער און ענגן קאָנטאַקט, מיר טוישן זיך אויס מיט פּאָעזיע, פּראָזע, פֿאַרציי־כענונגען.

א וויכטיקע באַדײַטונג גיט צו אונדזער רע־דאַקציע דער פּובליקאַציע פֿון ווערק וועגן דעם לעבן פֿון די ייִדן אין אויסלאַנד. אייניקע ייִדישע שרײַבער פֿון פּשא, וואָס שרײַבן אין דער ענ־גלישער שפּראַך, שילדערן דאָס לעבן פֿון די ייִדן אין אידילישע טענער. אָט איז א באַשײַמ־פּערלעכער בײַשפּיל. אין ניו־יאָרקער שטאָטישן ראַיאָן וויליאַמסבורג איז, ווי באַוווּסט, פּונקט ווי פֿאַרקאָנסערווירט דאָס ייִדישע לעבן פֿון צוריק מיט הונדערט יאָר, אומבאַרירלעך איז געבליבן דער מיטלאַלטערלעכער שטייגער, דער רעבע גיט שטרענג אכטונג, עס זאָלן אויסגע־פֿילט ווערן אַלע מיצוועס און דינים. אייניקע שרײַבער שילדערן דעם לעבנשטייגער פֿון דער דאָזיקער געטאָ, וואָס איז קינסטלעך אַרויסגע־ריסן פֿונעם אַלגעמײנעם לעבנס־שטראָם. „סאָ־וועטיש היימלאַנד" קאָמענטירט אַזעלכע ווערק, קריטיקירט זייערע אווטאָרן דאַן, ווען זיי פֿירן אַוועק די לייענער אין דער ספֿערע פֿון אָנגע־טראַכטע פּראָבלעמען, אָפּווענדנדיק זיי פֿון די צאַפּלדיקע פֿראַגן פֿון דער הײַנטצײַטיקייט.

צום סאָף פֿון יעדן זשורנאַל־נומער ווערט געדרוקט א מאַטעריאַל צו הילף די, וואָס דער־לערנען ייִדיש. די דאָזיקע רובריק איז אײַנגע־פֿירט געוואָרן מיטן ציל מיטצוווירקן דער אַנט־וויקלונג פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער נאַציאָ־נאַלער ליטעראַטור, וואָס דער אינטערעס צו איר וואַקסט פֿון יאָר צו יאָר. צוליב דעם דאָ־זיקן צוועק זײַנען אויסגעטיילט צוויי־דרײַ זשורנאַל־זײַטן, וועלכע דער דאָצענט פֿאַלקאָ־וויטש, א באַוווּסטער לינגוויסט און פֿילאָלאָג, דער אווטאָר פֿון א ריי פֿאָרשונגען וועגן דער ייִדישער שפּראַך, נוצט אויס מיט דערפֿאָלג אַף אונטעריכטן די ייִדישע שפּראַך.

פֿאַראַן אין אונדזער זשורנאַל א רובריק, וועלכע הייסט „לאָמיר זינגען נײַע ייִדישע לי־דער". אין איר פֿאַרמירונג נעמט אָנטייל א היפּשער קאָלעקטיוו אווטאָרן. צווישן די קאָמ־פּאָזיטאָרן, וועלכע שרײַבן מוזיק פֿאַר אונדז, זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע פּאָפּולערע אין גאַנצן לאַנד, ווי זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, יעווגעני זשאַר־קאָווסקי, וולאַדימיר שאַינסקי. אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן זיך געדרוקט די לידער פֿון לייב יאַמפּאָלסקי און לייב פּולווער — שעפֿער פֿון דער נאַציאָנאַלער ייִדישער מוזיק. און איינ־מאָל האָט אין דער רעדאַקציע פֿונעם זשורנאַל געבראַכט זײַנע ווערק דער יונגער קאָמפּאָזי־טאָר־אָנפֿאַנגער סערגיי טשעבאָטאַריאָוו, א גע־בוירענער אַפֿן ווײַטן מיזרעך. ער האָט געענ־דיקט די מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע לויטן קלאַס פֿון דמיטרי קאַבאַלעווסקי. טשעבאָטאַ־ריאָוו קען ייִדיש. צו זײַן דיפּלאָם האָט ער אָנ־געשריבן צוויי ציקלען ראָמאַנסן. איצט גרייט די מאָסקווער פֿירמע „מעלאָדיאַ" צוויי פּלאַטן מיט די דאָזיקע ראָמאַנסן אין דער ייִדישער און רוסישער שפּראַכן.

מיר האָבן צונויפֿגעזאַמלט די בעסטע זינג־לידער, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין אונדזער זשורנאַל פֿאַר די ערשטע אכט יאָר און אַרויס־געלאָזט אין פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר" א סאָלידן זאַמלבוך. זײַן רעדאַקטאָר און אָוו־טאָר פֿון דער פֿאָרעדע איז געווען דמיטרי שאָ־סטאַקאָוויטש.

פֿון נומער צו נומער פֿירן מיר אונדזער רע־דאַקציאָנעלן „קאַלענדאַר". דאָ ווערן אָפּגע־מערקט יובילייען פֿון שרײַבער, דאַטעס, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט וויכטיקע געשעענישן אין ליטעראַרישן לעבן. די געשיכטע פֿון דער ייִדי־שער ליטעראַטור איז א רײַכע, זי פֿאַרמאָגט ניט ווייניק דראַמאַטישס. צווישן אירע פֿאָרשטייער זײַנען געווען גרויסע שרײַבער, אָנגעזעענע פּערזענלעכקײַטן, און אונדזער „קאַלענדאַר" דערציילט וועגן זיי און וועגן זייער שאַפֿונג.

באַנאַנד מיטן „קאַלענדאַר" דרוקט זיך אונד־זער פֿאָטאָ־אַרכיוו. אָפֿט קומט אויס די מאַטע־ריאַלן פֿון די אַרכיוו־פּובליקאַציעס צונויפֿקלײַבן מיט גרויס מי. אין איין זשורנאַל־נומער איז דער דאָזיקער אָפּטייל געווידמעט דעם באַרימטן דיכטער אַרן קושניראָוו, אין אַן אַנדערן — דעם גרונטלייגער פֿון דער ייִדישער פּאָעזיע אָשער שוואַרצמאַן, וועלכער איז אין די יאָרן פֿון ביר־גערקריג געווען א שלאַכטמאַן אין דער דיוויזיע פֿונעם לעגענדאַרן שטשאָרס. דער דיכטער איז אומגעקומען, איבערלאָזנדיק נאָך זיך א דין ביכל לידער, נאָר די לידער זײַנען אַף אַזוי פֿיל וואָגיק, געשליפֿן לויט דער פֿאָרם, אַז זיי זײַנען אַף אייביק געבליבן אין אונדזער ליטעראַטור.

אין די רובריקעס „דאָס איז טשיקאַווע" און „פֿאַרשיידנס" ווערן פֿאַרעפֿנטלעכט אינטערע־סאַנטע פֿאַקטן פֿונעם ליטעראַטור־לעבן און פֿון דער טאָגטעגלעכער ווירקלעכקײַט אין פֿאַרשיי־דענע לענדער.

נאָר, פֿאַרשטייט זיך, דאָס הויפּט־אָרט אין זשורנאַל פֿאַרנעמען די פּראָזע, פּאָעזיע און פֿאַר די לעצטע יאָרן אויך די פּובליציסטיק. מיר זײַ־נען איבערצײַגט, אז אין אונדזער קאָמפּליציר־טער צײַט, ווען קאָלערליי רעאַקציאָנערע קוי־כעס פּרוּוון אופֿווירקן אַפֿן ייִדישן לייענער, דאַרף מען מיט אים ריידן אָפֿן, מיטן פֿולן מויל. עס דערמאָנט זיך, ווי עמעץ־ווער, פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿון אונדזער זשורנאַל האָט מוירע געהאַט, אז דאָס אײַנפֿירן א פּאָלעמישן אָפּטייל וועט אָפּשטויסן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" א געוויסן טייל באַשטענדיקע אַבאָנענטן, ליבהאָ־בער פֿון „ריינער ליטעראַטור". די פּראַקטיק אָבער האָט ניט באַרעכטיקט די דאָזיקע שרעק — די צאָל פֿון אונדזערע לייענער סײַ אין סאָ־וועטנפֿאַרבאַנד, סײַ אין אויסלאַנד האָט זיך מערקבאַר פֿאַרגרעסערט. ס'וועט ניט זײַן קיין גוזמע צו זאָגן: אונדזערע פּובליציסטישע אַרויס־טרעטונגען האָבן א באַשטימטן רעזאָנאַנס אינעם אידעאָלאָגישן קאַמף, וועלכער קומט פֿאָר. אַפֿילע די פֿײַנטלעכע ייִדישע אויסלענדי־שע פּרעסע איז געצוווּנגען זיך צו רעכענען מיט דער פּאָזיציע, וואָס עס פֿאַרנעמט „סאָ־

װעטיש הײמלאַנד" אין דער אָדער יענער פּראַגע.

אונדזער זשורנאַל װערט פֿאַרשפּרײט אין דרײַסיק לענדער פֿון דער װעלט. די לײענער אין אױסלאַנד װײַזן אַרױס אַ שטאַרקן אינטערעס צום לעבן פֿון דער סאָװעטישער געזעלשאַפֿט, און באַזונדערס צו דער לאַגע פֿון די ייִדן. דער זשורנאַל אונדזערער איז פֿאַר זײ אַ פֿענצטער אין דער סאָװעטישער װירקלעכקײַט. אײנער אַ סטודענט פֿונעם פּרינסטאָנער אוניװערסיטעט, װוּהין מע האָט מיך אײַנגעלאַדן צוזאַמען מיט די רוסישע שרײַבער נ. פּאָלעװאָי און ר. ראָזשדעסטװענסקי, האָט, געדענק איך, זיך מודיע געװען, אַז פֿריִער האָט ער אַלע ידיעות װעגן דעם לעבן אין סאָװעטנפֿאַרבאַנד געשעפּט פֿון די רעאַקציאָנערע צײַטונגען. בלױז נאָך דעם, װי צו אים אין די הענט איז אַרײַנגעפֿאַלן דער זשורנאַל „סאָװעטיש הײמלאַנד", האָט ער אָנגעהױבן פֿאַרגלײַכן פֿאַרשײדענע פֿאַקטן און האָט בעהאַדראָגעדיק געענדערט זײַן מײנונג װעגן דעם לעבן פֿון די סאָװעטישע ייִדן.

מיר באַקומען פֿון אַנדערע לענדער די פּרעסע אויף בײדע ייִדישע שפּראַכן. דאָרט געפֿינען מיר טעמעס פֿאַר דער פּאָלעמיק, װאָס מיר פֿירן אינעם אָפּטײל „קאָמענטאַרן פֿון רעדאַקציע". דאָס איז אַ קעמפֿערישע, שאַרפֿע דיסקוסיע מיט יענע קױכעס, װעלכע האָבן זיך געגאַרטלט אויף דער ייִדישער גאַס.

די מעכטיקע אַרײַנדרינגונג פֿון דער פּובליציסטיק אויף די זײַטן פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד" דערגאַנצט די פּובליציסטישע פֿאַרשאַרפֿטקײַט פֿון די קינסטלערישע װערק, װאָס דער זשורנאַל דרוקט. די טעמאַטיק פֿון אונדזער ליטעראַטור איז ברײט און פֿאַרשײדנאַרטיק. די ייִדישע שרײַבער — זײער צאָל דערגרײכט מער פֿון אַכציק — װױנען אין אַלע ראַיאָנען פֿונעם לאַנד — אין מאָסקװע און קיִעװ, קעשענעװ און ביראָבידזשאַן, טשערנאָװיץ און אָדעס, אויף אוראַל און אין סיביר; טאַקע דאָרט װױנען און אַרבעטן די העלדן פֿון זײערע דערצײלונגען, ראָמאַנען, פּאָעמעס. אַלע אױטאָרן פֿונעם זשורנאַל װעל איך, פֿאַרשטײט זיך, ניט אױסרעכענען, נאָר אײניקע נעמען װילט זיך פֿונדעסטװעגן אָנרופֿן. נאָטע לוריע איז אײנער פֿון די גרעסטע ייִדישע פּראָזאַיִקער. ער איז דער אױטאָר פֿון די ראָמאַנען „דער סטעפּ רופֿט" און „הימל און ערד", װעלכע דערצײלן װעגן דער איבערגעשטאַלטונג פֿונעם דאָרף. ניט זעלטן טרעט לוריע אַרױס אױך מיט פֿאַרצײכענונגען װעגן אונדזערע מיטצײַטלער. יעכיִעל פֿאַליקמאַנס ראָמאַנען זײַנען געװידמעט די געשעענישן פֿון דער גרױסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע. הערשל פּאָליאַנקערס װערק זײַנען פֿול מיט גוטן הומאָר. לױט זײַן שעפֿערישער מאַניר איז אָט דער שרײַבער נאָענט צו שאָלעם־אַלײכעמס שול. ס'װילט זיך דערמאָנען אױך דעם ניט לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם נאַטאַן זאַבאַרע, װעמענס ביכער זײַנען געװאָרן אַ סענסאַציע פֿאַר די לעצטע יאָרן. כאָטש זײ לעבן אויף די געשעענישן פֿון דער װײַטער געשיכטע — דאָס לעבן פֿון די ייִדן אין סאָף XII — אָנהײב XIII יאָרהונדערט. — זײַנען זײ אָבער פֿול מיט אַזאַ קױעך און דראַמאַטיזם, אַז זײ רעגן אַזױ, גלײַך װי אין זײ גײט אַ רײד װעגן דער הײַנטצײַטיקײַט.

שאַרפֿע פּראָבלעמען פֿון אונדזערע טעג שטעלן אין זײערע װערק אױך אַנדערע פּראָזאַיִקער. כאַיִם מעלאַמודס נײַער ראָמאַן באַלײַכט די טראַגעדיע פֿון די אָפּגענאַרטע דורך דער ציִעניסטישער פּראָפּאַגאַנדע מענטשן, װאָס האָבן באַשטימט פֿאַרלאָזן דעם סאָװעטנפֿאַרבאַנד. מעלאַמוד איז אויף אַ גוטן אופֿן פּובליציסטיש, דאָס שטערט אים אָבער ניט צו זײַן אַ דינער פּסיכאָלאָג. טעװיע גענס ראָמאַן „אונדזערע צײַטן" באַרירט די טעמע פֿונעם װיסנשאַפֿטלעכן פּראָגרעס, באַװײַזט, װי די װיסנשאַפֿטלעך־טעכנישע רעװאָליוציע װירקט אויף דער מאָראַל און עטיק. די פּראָבלעמאַטיק פֿון דער הײַנטצײַטיקײַט איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער מערהײַט ראָמאַנען און דערצײלונגען פֿון שמועל גאָרדאָן, װעלכער װױנט אין מאָסקװע, פֿונעם ביראָבידזשאַנער בוזי מילער און אַנדערע.

די ייִדישע ליטעראַטור איז אַ באַשטאַנדטײל פֿון דער פֿילנאַציאָנאַלער ליטעראַטור פֿונעם סאָװעטנפֿאַרבאַנד. דעריבער פֿאַרעפֿנטלעכן מיר איבערזעצונגען פֿון די װערק פֿון רוסישע, אוקראַיִנישע, ליטװישע, מאָלדאַװישע און אַנדערע אױטאָרן.

אַרום אונדזער זשורנאַל גרופּירן זיך ניט בלױז די שרײַבער — פּראָזאַיִקער און דיכטער, קריטיקער און פּובליציסטן, — נאָר אױך קאָמפּאָזיטאָרן, טוער פֿון דער טעאַטראַלער קונסט, מאָלער. אין לאָקאַל פֿון דער רעדאַקציע איז באַשטענדיק טעטיק אַ קינסטלערישע אױסשטעלונג. איר עקספּאָזיציע װערט אָפֿט באַנײַט. עטלעכע זײַטן פֿון יעדן נומער „סאָװעטיש הײמלאַנד" װערן אָפּגעגעבן דער שאַפֿונג פֿון אַ ייִדישן מאָלער. צוזאַמען מיט רעפּראָדוקציעס פֿון בילדער, סקולפּטורן, געמעלן װערט געדרוקט אַ קונסטקענטעניש־אַרטיקל. מיר באַקאַנען די לײענער ניט בלױז מיט די װערק פֿון די אַלטע מײַסטערס, אַזעלכע, װי מאַרק שאַגאַל, נאַטאַן אַלטמאַן, טאַנכום קאַפּלאַן, הערש אינגער, זינאָװי טאָלקאַטשאָװ, נאָר אױך פֿון די יונגע מאָלערס פֿון מאָסקװע, לענינגראַד, ביראָבידזשאַן.

אַזאַ איז די װײַט ניט פֿולע דערצײלונג װעגן דעם זשורנאַל „סאָװעטיש הײמלאַנד". צום שלוס װילט זיך זאָגן פֿאָלגנדיקס — קעדײ צו זען, װוּ עס װױנען די ייִדישע שרײַבער, דאַרף מען אַ קוק טאָן אויף דער קאַרטע פֿונעם סאָװעטנפֿאַרבאַנד; און שרײַבן שרײַבן זײ װעגן אַלץ, װאָס עס אינטערעסירט און רעגט יעדן סאָװעטישן מענטשן.

(„דרוזשבאַ נאַראָדאָװ", נומ. 6, 1975.)

ליטעראַטור-קריטיק
ביבליאָגראַפיע
פראַגן פון קונסט

## אירמע דרוקער

# דער לעצטער פונעם „בעסאַראַבער אָלימפּ"

### צום 85־טן געבורטסטאָג פון מאָישע אַלטמאַן

„אין לאַנד בעסאַראַביע, וואָס ליגט צווישן פּרוט און דניעסטער", נאָענט צו בוקאָווינע, פירן די וועגן צו ליפּקאַן, וואָס האָט בײַ די שטאָטישע געהייסן שטעטל און בײַ די ליפּקאַנער שטאָט — עפּעס אַ קליינינקײַט, אַ יישעוו פון העכער טויזנט יידישע מישפּאָכעס.

און אָט אין דעם ליפּקאַן איז געשען דער נעס פון פיר...

פיר שרײַבער, פיר באַדײַטנדיקע שרײַבער זאָלן אַרויסקומען פון איין שטעטל, — אַזוינס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן און אַזוינס איז נאָך ניט געזען געוואָרן אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור.

אַ שעהעכיאָנו נאָך אַ שעהעכיאָנו. אַ סאַך, ביז גאָר אַ סאַך שעהעכיאָנוס... צווישן זיי איז דער סאַמע וואַרעמסטער און היסלײַוועסדיקער געווען כ.־נ. ביאַליקס. ער האָט באַקרוינט ליפּקאַן, דעם פּרוכטבאַרן באָדן, מיטן טיטל „דער בעסאַראַבער אָלימפּ".

דרײַ פון די פיר זײַנען אַרײַן אין פּאַרדעס (ווײַנגאָרטן) פון דער יידישער ליטעראַטור — עלעזער שטיינבאַרג, יאַנקעוו שטערנבערג, מוישע אַלטמאַן, און איינער אין דער העברעיִשער — יעהודע שטיינבערג, עליִעזער שטײַנבאַרגס אַ שוועסטערקינד. יעהודע שטיינבערג האָט געמאָשלט זײַן מאָשל, זיך אויסגעצייכנט מיט דערציילונגען און פּאַרנומען אַן אָרט אין מיזרעך־וואַנט פון דער העברעיִשער ליטעראַטור.

עליִעזער שטיינבאַרג האָט זיך מיטן מאָשל אין יידיש פאַרמאָסטן מיט זײַן שוועסטערקינד, מיט אַלע די, וואָס האָבן אין פאַרשיידענע צײַטן געמאָשלט זייער מאָשל אין איוורית און אין יידיש, ער האָט געאַרשנט און אײַנגעזאַפּט אין זיך דאָס בעסטע אין אָט דעם זשאַנער און איז געגאַנגען ווײַטער.

דער מאָשל האָט אין אַלע צײַטן און אין אַלע דוירעס פאַרנומען בײַ יידן אַ באַדײַטנדיק אָרט, איר געפינט אים אין דער ביבל, ער איז פול און פול אין טאַלמוד.

דער מאָשל האָט אַלע שווערע קאַשעס פאַרענטפערט, פון אַלע האַמייצאַרס און פון אַלע לאַבירינטן אַרויסגעפירט, ער איז געגליכן געווען צו אַ קנײַלכל פאָדעם, וואָס ציִענדיק אים פון איין בוים צום צווייטן, קאָן מען דורכגיין דעם גאַנצן וואַלד און צוריק אַרויסקומען אויף דעם זעלבן אָרט. דער מאָשל איז געווען אַזוי באַדײַטנדיק, אַז ראַבי מייער, איינער פון די גרעסטע פאַרשטייער פונעם טאַלמוד, האָט צווישן זײַנע האַלאָכעס און אַגאָדעס אָפּגעגעבן אַ דריטל אָרט פאַרן מאָשל. בלויז וועגן פוקסן האָט ראַבי מייער פאַרמאָגט 300 מעשאָלים.

דער מאָשל פאַרנעמט אַ וויכטיק אָרט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור, דרינגט אַרײַן אין דער יידישער און ווערט פאַרצוקערט אין די מאַגידישע דראָשעס. יידן האָבן זיך מיטן מאַגידישן מאָשל געקוויקט, אים איבערגעזאָגט און איבערגעכאַזערט, פונקט ווי זיי האָבן נאָכגעזונגען און איבערגעזונגען די כאַזאָנישע שטיקלעך.

עליִעזער שטיינבאַרג האָט דעם העכסטן טיקן געגעבן דעם מאָשל, אים דערהויבן צו אַזאַ נאַציִאָנאַלער און אוניווערסאַלער קלאַסישער הייך, צו אַזאַ סאָציִאַלער פאַרשאַרפטקײַט און פאָעטישער מײַסטערשאַפט, אַז מ'האָט אים, עליִעזער שטיינבאַרגן, מיט רעכט אוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט די גרעסטע מעשאָלים־שרײַבער פון דער וועלט־ליטעראַטור.

בארג, פון רעכטס און פון לינקס — איציק מאנגער און מוישע אלטמאַן.

עליִעזער שטיינבארגס מאָשל איז געווען ניט בלויז דער שיים־האמפוירעש פון זײַנע טאלמידים, נאָר אויך פון זײַנע טאלמידימס טאלמידים — פון די אקטיאָרן. ווי אין א ספּעציִעלער אינסצעניִרונג, מאָשלט יעדער איינער פאר מיר א באזונדער מאָשל. איך הער, ווי איינער זאָגט ארײַן דעם צווייטן: „כאפּער כאפּעראָוויטש — כאפּערעסקו״, מיר געפעלט עס. דער אקטיאָר גיט עס ניט ארויס פאר זײַנס — דאָס איז דאָך פון עליִעזער שטיינבארגס מאָשל „דער ריטער״. ווי מיט שאָלעם־אלייכעמס א כאָכמע, ווי מיט טעוויעס א פּאָסעק, קוויקן זיך די אקטיאָרן מיט די קלוגע בײַסיקע שטעכווערטלעך און בליציקע אפאָריזמען פון זייער גרויסן פאָלקס־שרײַבער. זיי זאָגן מיר מיט א באזונדער שטאָלץ, אין וועלכן מאָשל איך זאָל עס זוכן, אין וועלכן מאָשל איך וועל עס געפינען.

יאנקעוו שטערנבערג לאָזט מיך ניט צורו. יאמויד — זאָל אופשטיין! א צווייטער יאמויד! — יאמויד רעב איציק!

איך ווער ארײַנגעפירט אין איציק מאנגערס דיכטערישע וועלטן, אין די ברייִשיס־וועלטן, ווו מאנגער האָט מיט האָזע „געשפּילט מיט די גרײַז־גרויע בערד פון די אָוועס און מיט די שטערנטיכלעך־עקן פון די אימאָהעס״ און זיך ארויסגעשטעלט מיטן שעלמישן מיצל פונעם פּורים־שפּילער.

איך דערפיל די פרייד פון „טרינקען זון אין פעלד״. איך ווער פארבלענדט פון מאנגערס בליצן, פון זײַן „טרויער־שפּיל און באדויער־שפּיל״. „איעדעס גרעזל האָט זײַן טרויער״, און „אפילע אין קיניגס פענצטער שטארבט די זון״...

א ליד נאָך א ליד און א פיירעש נאָך א פיירעש, און יאנקעוו רופט צוהילף דעם כאריף און באָקי מוישע אלטמאַן, ער זאָל זאָגן דאָס לעצטע וואָרט. און עס גייט אוועק א סעדרע מיט אן אָמאר און מיט א ווײַדאבער מוישע — מוישע האָט געזאָגט, מוישע זאָגט, מוישע האָט גערעדט, מוישע רעדט, מוישע האָט געשריבן, מוישע שרײַבט, און דער סאכאקל איז, אז מוישע אלטמאַן האָט מיט זײַן אָריגינעלער און אייגנארטיקער פּראָזע פארנומען א וויכטיק אָרט אין מיזרעך־וואנט פון דער ייִדישער ליטעראטור.

ס׳איז געווען אזוי ווייניק צײַט צום לייענען, און איך האָב זיך ניט געקאָנט דערווארטן, ביז איך וועל קומען קיין אָדעס. איך האָב אנטליִען צײַט באַם שלאָף, בא די געציילטע באטאָגיקע שאָען, ווען איך בין געווען מיט זיך אליין אין האָטעל.

ס׳זײַנען שוין דורך 35 יאָר, זינט איך האָב זיך צום ערשטן מאָל באקאנט מיט מוישע אלטמאנס פּראָזע, און איך געדענק אלע געשטאלטן, אלע פּראָבלעמען, דעם געדאנקענגאנג, די אלע קינסטלעריש־אײַנפאלערישע ארויסזאָגונגען און דעטאלן, ווי איך זאָל דאָס ערשט מיט א כוידעש צוריק לייענען. דאָס איז דער

יאנקעוו שטערנבערג און מוישע אלטמאַן, די צוויי ליידנשאפטלעכע באַר־פלוגטעס (שטרײַטער) און פּאָלעמיסטן, האָבן אָן דער מינדסטער קווענקלעניש, אָן די מינדסטע כלורקעדייעס און מיטן סאמע גרעסטן ייִראס־האקאָוועד זיך דערקלערט אלס עליִעזער שטיינבארגס געטרײַסטע טאלמידים. אין זייער רעבנס טוירע האָבן זיי שטענדיק מעגאלע געווען כידושים. אזוינס, וואָס איז נאָך ניט געזאָגט געוואָרן, אזוינס, וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן.

מיט דער צײַט, אינעם רומענישן פעריִאָד, איז צו דעם רעבן און צו זײַנע צוויי טאלמידים צוגעקומען איציק מאנגער, בא וועמען עס האָבן זיך דאַן געהאלטן אין פאנאנדערוואקסן זײַנע אָדלער־פליגל.

עס האָט זיך געשאפן א ווונדערלעכער קווארטעט, אין וועלכן יעדער איינער האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן באזונדער סאָלאָ און אין וועלכן אלע האָבן געשפּילט אָף פארשיידענע אינסטרומענטן און באהערשט פארשיידענע זשאנרען.

אלע זײַנען זיי געווען אײַנגעוועבט אָף דורך און דורך אין ייִדישן שטייגער, און אלע האָבן זיי זיך גענערט פון די סאָציִאלע אופטרייסלונגען, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געבראכט מיט זיך.

אין צוויי ריכטונגען איז געגאנגען דער קווארטעט — אין דער ריכטונג פון ליטעראטור און פון טעאטער. אלע פיר זײַנען זיי געווען ווירדיקע יאָרשים פון מענדעלע, שאָלעם־אלייכעם און פּערעץ, און פון דער צווייטער זײַט — יאָרשים פון די בראָדער זינגער, פון די פּורים־שפּילער, פון וועלוול זבארזשער און פון אווראָם גאָלדפאדן. אלע האָבן זיי אָנטיילגענומען אין דער טעאטער־שפּיל, און יעדערער אָף זײַן אויפן האָט געשאפן פאר דער שפּיל.

אין 1940 האָט דער קעשענעווער ייִדישער מעלוכע־טעאטער גאסטראָלירט אין טיראספּאָל און זיך געגרייט דאָרט צו דער נײַער פאָרשטעלונג פון „טעוויע דער מילכיקער״. איך בין אײַנגעלאדן געוואָרן דורכצולייענען א ציקל לעציעס וועגן שאָלעם־אלייכעמען און וועגן דעם שאפן פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

אָט בא דער געלעגנהײַט איז מיר באשערט געווען זיך צו באקענען מיט דעם ווונדערלעכן קווארטעט. באקאנט האָב איך זיך בלויז מיט איין פאָרשטייער, מיט יאנקעוו שטערנבערגן — דעם קינסטלערישן אָנפירער פונעם טעאטער. נאָר ער איז געווען אזוי ארײַנגעוואקסן אין עליִעזער שטיינבארגן, וואָס האָט שוין לאנג ניט געלעבט, אין איציק מאנגערן און אין מוישע אלטמאנען, אז ס׳איז אים ניט געווען אָפּצוטיילן פון זיי.

בא יעדן געשפּרעך, וועלכער האָט זיך שאָענלאנג געצויגן, בײַס יעדן שפּאציר האָט זיך געדוכט, אז פּאָרויס שפּאנט עליִעזער שטיינ־

גרעסטער ליב, וואָס מ'קאָן זאָגן וועגן א שרײַבער, ווײַל וויפל ווערק זײַנען פאַראַן, האַלעווײַ וואָלטן אַזעלכע ניט געווען, וואָס ביז דו דערגרייכסט צום סאָף, פאַרגעסטו דעם אָנהייב, גלײַך ווי ניט געלייענט.

פון טאָג צו טאָג איז מיר דאָן אין טיראַספּאָל אַלץ נעענטער און נעענטער געוואָרן דער קוואַרטעט. איך האָב דערפילט, אַז איך ווער רײַכער, אַז די ערד אונטער מײַנע פיס ווערט ברייטער און אַז נײַע לויטערע הימלען פאַרציִען זיך איבער מײַן קאָפּ.

א צוזײַטע און צעשפּרייטע איז זי, די ייִדישע ליטעראַטור, און אומעטום האָט זי באַוויזן פאַרשפּרייטן און פאַרזייען אירע זוימען, אומעטום זײַנען זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אירע צעצווײַגטע ביימער, איין בוים ניט ענלעך אַפן צווייטן, און אויף יעדן איינעם קאָן מען זאָגן — מה נאה אילן זה[1] — ווי שיין איז אָט דער בוים!

מיר איז אויסגעקומען א סאַך מאָל באַגעגענען און באַגלייטן מוישע אַלטמאַנען. איך האָב אים באַגעגנט און באַגלייט ניט בלויז צום וואָקזאַל, ווען ער פלעגט פון טשערנאָוויץ קומען קיין אַדעס און פון אַדעס צוריק אוועקפאָרן קיין טשערנאָוויץ, נאָר אַלע טאָג אין מעשעך פון זײַן אַפּרו־צײַט, ווען ער פלעגט פון דעם שרײַבערשן אַפּרו־הויז קומען צו מיר מיטן טראַמווײַ.

דער וועג געדויערט אַמווייניקסטן א שאָ, און איך פלעג אַרויס באַגעגענען אים מיט א האַלבער שאָ פריִער. מיר איז אָנגענעם געווען דאָס וואַרטן, דאָס שטיין און רעדן מיט זיך אַליין וועגן מוישען, אָדער פאַרזעצן א נעכטיקן וויקועך מיט אים.

איך באַווײַז זיך ניט אַרומקוקן, און מוישע איז דאָ! איך פּרוּוו אים אויס: —

— הײַנט באַדאַרפט איר אַליין אויסגעפינען דעם וועג צו מײַן שטוב, הײַנט באַדאַרפט איר זײַן דער וועגווײַזער. ‚ פירט! איר זײַט דאָך עפּעס א מוישע!

מוישע דער פירער ווערט גלײַך פאַרפירט, ער פאַרפּלאָנטערט זיך אין די פאַרדרייטע געסלעך, צווישן די ביימער און געדיכטע גרינס.

— ווו זײַנען מיר? ווו איז אַהינגעקומען אײַער שטוב? — לאָזט מוישע זײַן שטיקל פאַרויס אין אויספיר און הערט ניט אויף צו באַטאַפּן מיט זײַנע טריט די פאַרדרייטע וועגן. מוישע איז זיך מודה, אַז ער בלאָנדזשעט, אַז ער איז אַראָפּ פונעם דערעך־האַיאַשער, און שולדיק אין דעם, קומט אויס, איז ניט ער, נאָר איך, ווײַל וואָלט איך אים ניט געגאַנגען באַגעגענען אַלע טאָג, וואָלט ער איינמאָל פאַר אַלעמאָל געפּרוּווט גיין און זוכן דעם וועג צו מיר. אַז מ'זוכט, געפינט מען! און אַז מ'פאַרלאָזט זיך אײַנגאַנצן אויף יענעם, ווייסט מען ניט, אַף וועלכער וועלט מע געפינט זיך.

[1] מאַ נאָעע אילאָן זע.

און איך שיט אים זאַלץ אויף די וווּנדן:

— פאַרגעסט ניט, רעב מוישע, אַז אײַער ערשטע ליטעראַרישע יאַזדע האָט זיך אָנגעהויבן פון „בלאָנדעניש“, פון בלאָנדזשען. איר, דאָס באַכערל, וואָס האָט זיך גענומען אַפרײַסן פון דער געמאָרע און איז צוגעזאָדן געוואָרן צו האַסקאָלע און פילאָסאָפיע, געלייענט גרעטצן און העברעיִשע צײַטונגען, — איר פּרוּווט אויס דאָס מאָזל אַלס באַלעגאָלע. אויף אײַער טאַטנס ווײַט ניט וואָזשנער בריטשקע מיט די ווײַט ניט וואָזשנע פערדלעך פירט איר דעם שאַכנס איידעם, דעם זינגענדיקן שנײַדער מיט זײַן ווײַב צו באַקומען דעם נאָדן — די צוגעזאָגטע נײַ־מאַשין. איר בלאָנדזשעט. די פּויערים, וואָס פאָרן אײַך אָן אַנטקעגן, שרײַען: פאַרקערעווע אין א זײַט! — און איר פאַרקערעוועט אויף לינקס אַנשטאָט אויף רעכטס, די פּויערים שעלטן, עס שעלטן אויך די פּאַסאַזשירן.

א שלימאַזלדיקער באַלעגאָלע און א מאַזלדיקער שרײַבער! בלאָנדזשענדיק, האָט איר געטראָפן דעם ריכטיקן וועג צו זיך, דעם וועג צו דער ליטעראַטור. אין „בלאָנדעניש“ האָט איר אויסגעפונען אײַער אייגענעם נוסעך, אײַער אייגענעם גאַנג.

איר האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, אײַערע נעסיִעס האָבן געדויערט ווײַטער: פון דער סקריפּענדיקער בריטשקע — אין דער ווינער קאַרעטע, און פון דער ווינער קאַרעטע — צו דער מעשה מרכבה[1] — צו דער פאַרהוילענער קאַרעטע, וואָס פירט אין די מאַאמאַקים, אין דער טיף פון דער מענטשלעכער נעשאָמע.

מוישע אַלטמאַן איז שטענדיק אין אָנגעלאַדענער, אין איבערגעלאָדענער, און ווי זײַן העלד יוסעף אין „מעדרעש פּינכעס“, פאַרלאַנגט ער אויסלאָדן פון זיך אַלץ, וואָס זײַנע געפילן און געדאַנקען האָבן פאַרצייכנט אין זיקאָרן, זיך באַפרײַען פון אַלע קוילעס און ווידערקוילעס, וואָס לאָזן אים ניט צורו.

און האָט ער לעבן זיך ניט קיין מענטשן אויף צו פירן מיט אים זײַן אומופהערלעכן און אומויסשעפּנדיקן דיאַלאָג, לאָזט ער אין גאַנג זײַנע אינערלעכע מאָנאָלאָגן, זײַן געשפּרעך מיט זיך אַליין, זײַנע טפילעס אָן ווערטער.

אין זײַנע בריוו צו מיר שרײַבט ער אָפט: עס פעלט מיר אויס ענערגיע אויף אָנצושרײַבן אײַך דאָס, וואָס איך האָב מיט אײַך גערעדט אין געדאַנק. דאָס ריידן אין געדאַנק מיט אַנדערע איז אָן אָפטע דערשײַנונג בא מוישע אַלטמאַנען. ער ברענגט אַרויס א סאַך מאָנאָלאָגן, דורכגעווייקטע אין בלוט פון זײַן האַרצן און דורכגעטראַכטע אין זײַן לײַדנשאַפטלעכן קאָפּ.

די אשירעס פון שטענדיק האָבן וואָס צו זאָגן, קיינמאָל ניט זײַן אויסגעליידיקט, ברענגט מוישע אַלטמאַנען צו היספּײַלעס, צו זײַן שטענדיק באַגײַסטערטן רעפּרען — אַ־אַ־אַ! א זאָג!

[1] מאַאסע מערקאָווע.

איר הערט א זאָג? אָט דאָס הייסט געזאָגט! א־א־א!..

דאָס גליק פון קאָנען ניספּאָעל ווערן איז ניט יעדן איינעם געגעבן געוואָרן, דאָס איז די העכסטע גאָב פון יעכידיי סגולע.

ניט קיין אנדערער ווי אלבערט איינשטיין האָט געשריבן:

„דער פאקט, וואָס מיר איז באשערט געוועזן צו אנטדעקן עפּעס־וואָס, און באזונדערס צו שאפן די רעַליאַטיוויטעט־טעאָריע, דערקלער איך מיט דעם, וואָס עס האָט זיך מיר איַינגעגעבן אין א געוויסער מאָס צו זיַין פּייִק אָפּ באוווּנדערן זיך".

ווי ס'איז צו זען, איז היספּעַילעס דאָס וויכטיקסטע סיַי בא דעם פיזיקער און סיַי בא דעם ליריקער. אָן היספּעַילעס ווערט גאָרניט געשאפן, אָן היספּעַילעס שטעלט זיך אָפּ דאָס הארץ און עס ווערט אויסגעהוילט דער קאָפּ.

אין דער אויסגעצייכנטער פּיעסע „מאָניש" („סאָוועטיש היימלאנד" נום. 5, 1965), וואָס איז פול מיט דערעכערעץ פאר י.־ל. פּערעצן און באשטייט איינגאנצן פון מוישע אלטמאנס אייגנס, ווערט גערעדט וועגן אימפּראָוויזאציע, וואָס קומט פון היספּעַילעס און באגיַיסטערונג. אָפּ דער פראגע, וואָס אזוינס איז אימפּראָוויזאציע, ענטפערט פּיַינשטיין: „דאָס איז... אזא מין שאַפונג, וואָס קומט אומגעריכט, פון היספּעַילעס, פון באגיַיסטערונג. ערגעץ אין די טיפענישן האָט זיך עס אָנגעקליבן אומבאמערקט, און מיטאַמאָל ברעכט עס אויס ווי א געזאנג, ווי א זעונג... ווי נעוווּע... אלע קויכעס זיַינען וואך... די פאנטאזיע".

די באוווּסטע העברעיִשע דיכטערן עלישעווא (יעליזאוועטא זשירקאָווא), וואָס האָט אָנגעהויבן איר שאפונג אין רוסיש, שריַיבט אין איינער א ליד: „כבר באה העת לשכ'ח — הן רבות השנים"[1] — ס'איז שוין לאנג געקומען די ציַיט אָפּ צו פארגעסן, וויַיל א סאך זיַינען שוין די יאָרן. מוישע אלטמאנס זיקאָרן איז א יונגער, אָן איַיזערנער זיקאָרן: ער געדענקט און האָט וואָס צו געדענקען! ער איז א בען־באיִס אין דער אלטער דאָר־דוירעסדיקער ייִדישער קולטור און איז וויַיט ניט קיין גער אין דער וועלט־קולטור. עס פארשאפט אים א באזונדער נאכעס, ווען דאָס געזאָגטע אין אראמעיִש זאָגט ער ארויס אָפּ אראמעיִש, אין העברעיִש — אָפּ העברעיִש, אָפּ רוסיש, אָפּ פראנצויזיש, אָפּ דיַיטש, אָפּ לאטיַין.

די פּסוקים, געדאנקען, אפאָריזמען און ארויסזאָגונגען פון די נעוויִים, טאנאָיִם און אמויראָיִם, פון פארשיידענע שריַיבער און דענקער, וואָס קומען אים אויף אפן זינען, ווערן פון אים האכנאָסעסאָרכימדיק איפגענומען, ווי אלטע פריַינט, מיט וועלכע ער האָט זיך שוין לאנג ניט געזען.

יעדער מיַימער, יעדער געדאנק, יעדע פילאָסאָפישע פאָרמולירונג שימערירט פאר אים ווי א קישעף־שפּרוך ניט בלויז מיט דעם געזאָגטן גופע, נאָר אויך מיט זיַין אייגענעם זאָגן וועגן דעם געזאָגטן — מיטן פּיירעש, וואָס ער שאפט גליַיך דאָ אפן אָרט.

...מיר שפּאצירן באם שווארצן יאם. מוישע אלטמאן בעט מיך, איך זאָל אויסהערן, וואָס ער וויל מיר זאָגן וועגן מענדעלעס „דאָס קליינע מענטשעלע". איך בין גליַיך מאסקים, גליַיך גרייט, איך בין זיכער, אז ער וועט פאר מיר אנטפּלעקן עפּעס ניַיס. ער קאָן זיך דאָך, ווי מע זאָגט, „אָנכאפּן אין א שטרוי" און ארויסדרינגען פון דעם, לעמאָשל, וואָס אזוינס עס איז טראגעדיע, קאָמעדיע, טראגיקאָמעדיע („די שטרוי" — „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 4, 1963). א צווייט מאָל האָט ער באוויזן, וויאַזוי ער קאָן דערזען אין דער ייִדענע פון שאָלעם־אלייכעמס טעפּל א קינסטלערן, א דערציילערן, וואָס ווי אומגליקלעך זי זאָל ניט זיַין, „האָט זי האנאָע פונעם דערציילן, פונעם מאָלן... און אויב דער ראָוו, דאָס נעבעכדיקע טרוקענע רעוול, פאלט אין כאלאָשעס, איז זי דען שולדיק? אָסער! שולדיק איז דער ראָוו, צו א שוואַכער ראָוו פאר אזא ייִדענע, וַואָס האָט צו דערציילן און דערציילן" („פאָלק, הומאָר און שפּיל" — „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 4, 1963).

ניַי און אָריגינעל איז אויך זיַין פּיירעש אָפּ טעוויע דער מילכיקער. אין דעם זעלבן „פאָלק, הומאָר און שפּיל" דרינגט ער ארויס, אז „טעוויע שפּילט. שפּילט פון האנאָע־וועגן, עס איז אין זיַין נאטור. איך בין זייער כוישעד, אז טעוויע ווייסט שוין דאפקע יאָ דעם טיַיטש פון זיַינע פּסוקים און מעדראָשים, אָבער ער שפּילט אויס זיַינע טיַיטשונגען און שפּילט זיי אויס גוט".

ער איז טעוויען אויך כוישעד, אז ער ווייסט זייער גוט, ווער ס'איז גאָרקי, „אָבער טעוויע שפּילט. ער מאכט זיך קעלוי־יאָדע און רופט ארויס זיַין באליבטע טאָכטער, זיַין שטאָלץ, האָדלען, אָפּ רייד... ער זוכט די רעפּליק".

אָט אין אזא שניט איז געגאנגען אויך אלטמאנס ארויסזאָגונג וועגן מענדעלעס „דאָס קליינע מענטשעלע". אומגעריכטע איַינפאלערישע פּראָבלעמען, ניַיע, נאָך פון קיינעם ניט ארויסגעזאָגטע געדאנקען וועגן מענדעלעס שאפן.

אָפּ מאָרגן לייגט מיר מוישע פאָר נאָכאמאָל אויסהערן זיַינע געדאנקען וועגן „דאָס קליינע מענטשעלע". צוערשט האָב איך געמיינט, אז דאָס איז א שפּיצל פון סקלעראָז, און צום סאָף לאָזט זיך אויס, אז ס'איז גאָר א ניַיע ארויסזאָגונג.

אָפּ איבערמאָרגן — ווידער דאָס זעלבע, און ווידער איז פאר מיר אופגעשטאנען גאָר אן אנדער „דאָס קליינע מענטשעלע".

דער פּיירעש, דאָס זאָגן וועגן דאָס געזאָגטע, וואָס עס שאפט אָפּטמאָל גאָר אן אנדער אינהאלט, ווערט בא אלטמאנען אויסגענוצט אויך אין זיַין קינסטלערישן שאפן.

---

[1] קוואר באא האייס לישקויאך — היין ראבויס האשאנים.

די ביבל־טעמע, דער אומויסשעפּנדיקער קוואַל, צו וועלכן עס האָבן זיך געווענדט די גרעסטע וועלט־קינסטלער, לאָזט ניט צורו מוישע אַלט־מאַנען. די נעוויִים זײַנען פֿון זײַנע באַליבטסטע פּאָעטן, מ׳קאָן זיי ניט פֿאַרבײַטן איינעם אַפֿן צווייטן, ווײַל „אין שני נביאים מתנבאים בסגנון אחד" — צוויי נעוויִים זאָגן ניט אַלציינס בעוווּע, אין איין נוסעך און אין איין סטיל. דאָס זעלבע האָט אַ שײַכעס צו די שעפֿער פֿון דער אַגאַדטע, פֿון דעם ניט אויסשעפּנדיקן אייביק פֿרישן און לויטערן קוואַל.

צענדליקער באַגײַסטערטע בריוו האָב איך באַקומען פֿון מוישע אַלטמאַנען וועגן „יויסעפּס ברידער" פֿון טאָמאַס מאַן — „אוי, ווי ס׳ווילט זיך מיר שרײַבן וועגן „יויסעפּס ברידער", אוי, ווי עס ווילט זיך זאָגן וועגן דעם, זאָגן און זאָגן"...

ער, טאָמאַס מאַן, האָט דאָך פֿון אַלע ייִדי־שע אויצרס גענומען, פֿון אַלע ייִדישע קוואַלן געשעפּט, ער האָט אויסגענוצט אין זײַן ראָמאַן די גינגאָלד־פֿעדעמער, וואָס האָבן דורעסלאַנג זיך ניט אופֿגעהערט צו וועבן, צו שפּינען און אַרײַנפּלעכטן זיך אין און אַרום דער ביבלי־שער טעמע.

און געבענטשט זאָל זײַן ליאָן פֿויכטוואַנגער, וואָס האָט אַזוי ברייט און אַלזײַטיק באַלויכטן די היסטאָרישע טעמע פֿון די ווײַטערדיקע דורעס, פֿון די ווײַטערדיקע טקופֿעס.

פֿויכטוואַנגער און טאָמאַס מאַן האָבן דעם דאָר, וואָס האָט ניט געוווּסט, פֿונוואַנען און פֿון וועמען ער קומט, באַוויזן פֿונעם שטאַנדפּונקט, אַז ייִדן פֿאַרמאָגן אַ רײַכע, העלדישע און ליידנספֿולע געשיכטע, וועמענס וואָרצלען עס שטעקן אין ווײַטן און אין טיפֿן אָוואַר.

מוישעס שטעקן אין די הענט פֿון דעם אַלטן אַרטיסט ווערט צום אַלעם ערשטן פֿאַרוואַנדלט אין אַ מקל חובלים[1] — אין אַ שטעקן, וואָס קאָן געבן איבערן קאָפּ („די שפּיל אַרום שטעקן". „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7, 1966):

„— פֿאַני שרײַבער, איך האָב איצט כײַשעק צו דערלאַנגען אײַך מיט אָט דעם שטעקן. און ניט אַף קאַטאַוועס, איר זאָלט דערפֿילן. און ניט נאָר אײַך דערלאַנגען מיטן שטעקן, נאָר אַלע אײַערע קאָלעגן, די ייִדישע שרײַבער". און ווערט זײַנט איר דעם שטעקן פֿאַר ניט פֿאַרזעצן און ניט אַנטוויקלען ווײַטער די פּור־רים־שפּילן, די מעכיראַס־יויסעף־שפּילן, פֿאַר ניט אויסנוצן אונדזער מיטאָלאָגיע, דעם כומעש־עפּאָס, ווי דאָס האָט געטאָן טאָמאַס מאַן. דער מקל חובלים, דער שלאָגנדיקער שטעקן, ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מאַקייל נויאַם — אין אַן אָנגענעמען „אויסשפּירנדיקן" שטעקן, וואָס פֿירט פֿאַרויס און טאַפּט אָן דאָס ריכטיקע אָרט פֿונעם אויצער.

און ווײַטער:

„— כאַוועיר שרײַבער, האָט איר זיך אַמאָל פֿאַרטראַכט וועגן די פֿרויען־געשטאַלטן אין אונדזער אַלטן עפּאָס? איך מיין דעריקערשט די פֿיר אימאַהאָעס, די מוטערס פֿון שטאַם. האָט איר אַמאָל אַ טראַכט געטאָן, וואָס פֿאַר אַ גרויי־סער מײַסטער האָט ער באַדאַרפֿט זײַן, דער, וואָס האָט זיי געשטאַלטיקט? און ווי פּאַשעט רעאַליסטיש, ווי מענטשלעך".

און אָט פֿאַרקערעוועט דער מאַקייל נויאַם און ווײַזט אָן די ערטער, ווו ס׳זײַנען דאָ גרויסע מעגלעכקײַטן פֿאַר אַרײַנדיכטונג, פֿאַר איבערשאַפֿן דאָס געשאַפֿענע. אַ קליינער צײַט־אָפּשניט פֿון דעם כומעש־עפּאָס און אַזויפֿיל אַנטפּלעקטע אייביקע מאָטיוון פֿון מענטשלעכע ליידנשאַפֿטן און איבערלעבונגען, אַזעלכע, ווי ליבע, אײַפֿערזוכט, סינע, גלויבן, אַנטוישונג!

גלענצנד ווערט באַשפּילט די אַקיידע. ייִצכאָק דערשרעקט זיך פֿאַרן האָלץ־געשטעל, פֿאַרן שאַרפֿן מעסער, און ער אַנטלויפֿט. „נאָר אווראָם כאַפּט ייִצכאָקן, בינדט אים, לייגט אים אַוועק אַפֿן געשטעל. אָט הייבט ער אוף דאָס מעסער. דאָס באַרנדל טוט אַ מעקע, אָבער אווראָם וואַרפֿט דאָס מעסער ניט אַוועק. ער איז פֿאַרגליווערט. אָט — און עס געשעט! עלײַעזער וואַרט!

— אווראָם!

אַ מוירעדיק געשריי, און ווידער: אווראָם! דאָס מעסער פֿאַלט אַרויס פֿון אווראָמס האַנט. עלײַעזער וועט שוין פֿאַרשפּרייטן אַ לעגענדע וועגן אַ מאַלעך..."

די שפּיל ווערט באַגלייט מיט אַ נאָכ־פֿאָלגנדיקער אינטערעסאַנטער פּסיכאָלאָגישער דעטאַל — אווראָם „האָט פֿאַרלוירן די ליבשאַפֿט און דעם צוטרוי פֿונעם קינד. ייִצכאָק האָט ניט פֿאַרגעסן דאָס בינדן אים, דאָס אַוועקלייגן אַפֿן געשטעל, דאָס מעסער, דעם פֿאָטערס ווילדן בליק אין די אויגן. ער האָט מוירע פֿאַרן פֿאָטער, זײַן גאַנצע ליבשאַפֿט גייט איבער צו דער מוי־טער".

דראַמאַטיש זײַנען די באַגעגענישן פֿון ייִצכאָקן מיט ייִשמאָעלן, די טיפֿע איבערלעבונ־גען פֿון האָגאָרן. האָגאָר האָט אַ לאַנגע צײַט געוואַרט אַף איר געליבטן אווראָם, נאָר אוור־ראָם קאָן אַף קיין מינוט ניט זיך צעשיידן מיט זײַן געליבטער סאָרען, און עס קומט צו איר אווראָמס זון, ייִצכאָק, וואָס איז ענלעך אַף איר זון ייִשמאָעל. ביידע דערמאָנען זיי אווראָמען. האָגאָר נעמט אָן ייִצכאָקן פֿאַר אַ האַנט: „זײַ געבענטשט באַ אונדז, זון פֿון מײַן האַרנטע". ייִצכאָק ענטפֿערט: „ניין, מוטער פֿון מײַן ברו־דער, ניט דער זון פֿון דײַן האַרנטע איז געקו־מען, נײַערט דער ברודער פֿון דײַן זון".

סאָרע שטאַרבט. די פֿאַריאָסעמטקײַט און עלנטקײַט פֿירט אָפּ ייִצכאָקן צו האָגאָרן. ער קומט צו איר נאָך טרייסט.

„ייִצכאָק זעט: אַף די טונקעלע באַקן האָגאָרס רינען ליכטיקע טרערן. טײַערע האָגאָר! זי האָט מויכל געווען איר פֿאַרדראָס. און עפּשער באַ־דויערט זי איצט, וואָס זי האָט אַמאָל אָפּגע־שפּעט פֿון איר האַרנטע, דער אַקאָרע, עפּשער האָט זי באַגריפֿן, וואָס פֿאַר אַ טיפֿע פּײַן דאָס

[1] מאַקל כוויוולים.

איז פאר א פרוי, ווען מ׳ווארפט איר פּאָר, אז זי איז אן אקאָרע״.

יִצכאָק נייטיקט זיך אין ליבע. ליבע הײלט אויס. און ריווקע ווערט זײַן פרוי, פארבײַט אים זײַן געליבטע מוטער.

ריווקע איז צנִיעסדיק צו איר יִצכאָקן און איז פעסט אין אירע צווישנבאַציִונגען מיט אירע צווײ זין — יאנקעוון און אײסעוון, וועלכע זײַנען אזוי קעגנזעצלעך און אזוי ווײַט אײנער פונעם צווײטן. ריווקע זאָגט צו איר זון יאנקעוו: „קויף אָפּ די בכוירע בא דײַן ברודער, ער לאכט דאָך סײַווי פון איר״. יאנקעוו פאָלגט. סארא יוישערדיקע רעאביליטאציע פון יאנקעוון!

יאנקעוו אנטלויפט פון אײסעוון. אָנשטאָט איבערוואַרטן עטלעכע טעג בא לאָוואָן אראמי, פארבלײַבט ער בא אים פערצן יאָר. „עס האָט זיך ארײַנגעמישט ניט עלויהים, נאָר דער אוניווערסאלער גאָט — ליבע״.

די דראמאטישע סיטואציע צווישן יִצכאָקן און יִשמאָעלן כאזערט זיך איבער צווישן יאנקעוון מיט אײסעוון. „ — קוק, ברודער, — זאָגט יאנקעוו צו אײסעוון, — פון דער בכוירע איז געבליבן בלויז דער שטעקן... און געגעבן מיר דעם שטעקן האָט אונדזער מוטער — „נעם, מײַן זון, אָט דעם שטעקן, א צווײַג פון א בוים, וואָס אונדזער זיידע אווראָם האָט מיט זײַנע הענט דאָ אין דער וויסטעניש געפלאנצט. היט אים. ווו דו וועסט ניט זײַן, וועט ער דיר דערמאָנען דײַן געבורט־אָרט״.

סארא גלענצנדער קינסטלערישער פײַרעש! און וואָלט דער כומעש־עפּאָס אויסגעטײַטשט געוואָרן אזוי פון אָנהייב ביזן סאָף, וואָלט עס געווען דער שענסטער פײַרעש פון אלע פײַרושים, וואָלט דער מעדרעש מוישע געווען אײנער פון די אינטערעסאנטסטע, דראמאטישסטע און פארכאפּנדיקסטע מעדראָשים!

דעם העכסטן אופשטײַג פון דער ביבלישער טעמע האָט מוישע אלטמאן דערגרייכט אין זײַן פּאָעטישער דראמע „יִפטאָך און זײַן טאָכטער״. ער לייענט די פּאָעטישע דראמע בא מיר אין שטוב. בא מײַן שרײַבטיש. מיר ווילט זיך קוקן אָף זײַן פּאָנעם, וואָס ענדערט זיך לויטן גאנג פון די האנדלונגען. מיר ווילט זיך אופכאפּן זײַן שטים, וואָס קלינגט אָפּ מיט פארשיידענע שטימען, מיט פארשיידענע אויסדרוקן און אינטאָנאציעס, נאָר מוישע פארלאנגט, איך זאָל באגלײַך מיט אים ארײַנקוקן אין קסאוויאד, איך זאָל ניט פארפעלן קײן וואָרט, ניט דורכלאָזן קײן אָס. סארא דראמאטישע קאָנפליקטן! סארא טראגישע האנדלונגען! סארא עכטע דיכטונג!

דאָס געזאנג פון מוישעס יוגנט איז רײַף און שליימעסדיק געוואָרן אָף דער עלטער. דאָס זעלבע האָט אויך פּאסירט מיט זײַן דראמאטורגישער מײַסטערשאפט.

געטע האָט געזאָגט: „א מענטש קען זיך בלויז אָף אזויפיל, אָף וויפל ער קען די וועלט״. מוישע אלטמאן קען זיך זייער גוט, זײַן אינערלעכע וועלט איז א רײַכע, און טאקע דערפאר לאָזט ער דעם שטעקן פון האנט ניט ארויס און איז שטענדיק דער אקטיוועסטער אָנטיילנעמער פון די געשפּרעכן, וועלכע ער פירט מיט זײַנע פארשיידענע פערסאָנאזשן.

מוישע באדארף שטענדיק עמעצן האָבן לעבן זיך, — איז עס ניט קײן אקטיאָר, איז עס א דראמאטורג, איז עס ניט קײן דראמאטורג, איז עס א פסיכִיאטער, עס מאכט ניט אויס, א יִיד פון א גאנץ יאָר, אויך אים קען ער זייער גוט, אויך מיט אים האָט ער וואָס צו ריידן. אינטעלעקטואליזם איז בא אלטמאנען ענג געשלאָסן מיט פאָלקסטימלעכקײַט.

אין מוישע אלטמאנס שאפן פילט זיך די ווירקונג פון דער רוסישער און מײַרעוו־אײראָפּעִישער ליטעראטור, באזונדערס פון דער פראנצויזישער. בא דער גאנצער אײראָפּעִישקײַט איז אלטמאן געבליבן א נאציאָנאלער שרײַבער, ער האָט זיך ניט געלאָזט אײַנשלינגען פון די פארשיידענע האשפּאָעס, ער האָט די האשפּאָעס אײַנגעשלונגען אין זיך, זיי איבערגעקאָכט און פארדײַט אין זײַן שאפן. ער האָט אײַנגעזויגן אין זיך אלע פריִערדיקע עפּאָכעס, און דאָס פארטיפערט און מאכט אזוי אייגנארטיק־נאציאָנאל זײַן שאפן, אזוי אינהאלטספול זײַנע געשפּרעכן.

מוישע אלטמאן באגרענעצט זיך ניט בלויז מיט ליטעראטור, געשיכטע און פילאָסאָפיע, ער האָט אויך געפילט א טאם אין דער פּאָעזיע פון מאטעמאטיק, זיך באקאנט מיט אײנשטײנס אופטוען, ער איז שוין „אָט־אָט דערגאנגען צו דער רעלאטיוויטעט־טעאָריע״. די טעאָריע האָט אים דערנעענטערט מיט איר געניִאלן שעפער. אײנשטײן איז אײנער פון זײַנע באליבטסטע וועלט־פערזענלעכקײַטן.

אין 1934 איז דערשינען שאָלעם אשס „דער טילים־יִיד״ אין א דײַטשישער איבערזעצונג. אלבערט אײנשטײן האָט מיט גרויס אינטערעס איבערגעלייענט אשס גרעסט און באדײַטנדסט ווערק און אים אָנגעשריבן פאָלגנדיקן בריוו:

„הויכגעערטער שאָלעם אש! איר האָט מיר מיטן צושיקן אײַער נײַ ווערק פארשאפט א גרויסע פרייד. אײַער דיכטערשע געשטאלטונג העלפט צו אין א גרויסער מאָס, אז עס זאָל לעבעדיק אופגעהאלטן ווערן די ליבע צו אונדזער פאָלקסטום...

...באזונדערס פרייט מיך צו זען, אז בא אונדז קאָן זיך א הויכער קינסטלערישער טאלאנט אנטוויקלען צו אזא שעפערישער מאדרייגע און דערבײַ ניט אָנשפּארן זיך אָף א פרעמד פאָלקסטום.

מיט דער גאנצער הויכאכטונג
אײַער א. אײנשטײן״.

מוישע אלטמאן באגײַסטערט זיך און קומט צום אויספיר — מ׳קאָן שפּילן א פירנדיקע ראָל אין דער וועלט־קולטור, אין דער וועלט־קונסט און זײַן ענג פארבונדן מיט דער אייגענער נאציאָנאלער קולטור און קונסט. דער בעסטער

באוויַז און די סאמע באגלייבטסטע אידעס זיַי־
נען איינשטיין, פויכטוואנגער, שאגאל, און עפּ־
שער העגריך היינע אויך.

די געשפּרעכן מיט די אַרויסגעפירטע פּער־
סאָנאַזשן, מיט זיַינע שטענדיקע באגלייטער
ווערט פאָרגעזעצט. עס גייט א רייד וועגן די
אנטישע גריכישע טראגעדיעס, וועגן שעקספירן,
וועגן געטען, וועגן שאָלאָכאָוון, וועגן דעם
וואָרזען פון די נעוויִם, וועגן די טיפּזיניקע
רייד פון אונדזערע כאכאָמים, וועגן סקעפּסיס
פון קויהעלעס, וועגן זיקאָרן, פסיכאָלאָגיע,
אסאָציִאציע, וועגן הערן און זען, וועגן הערן
און קלערן.

„הערן הערט מען ניט נאָר מיט די אויי־
ערן — מע הערט מיט די אויגן, מיט דער הויט
פונעם ליַיב מיט... דער נעשאָמע".

מיטן דראמאטורג גייט א רייד וועגן שאפן —
„פונוואנען שטאמט דער נעגאטיוועך טיפּ? ווו
ליגן די סיבעס פון זיַין נעגאטיווקיַיט? עס איז
נאָך ווייניק ארויסצופירן אים ווי ער שטייט און
גייט"...

עס גייט א רייד וועגן ארבעט, וועגן שעפע־
רישקיַיט, וועגן רועך־האקוידעש, וועגן פוטור־
ריזם, וועגן פסיכאָלאָגיזם.

מוישעס שטעקן איז ניט קיין ליידיקגייער,
וועגן אים קאָן ער זאָגן — במקלי עברתי[1] —
מיט מיַין שטעקן האָב איך דורכגעמאכט א
סאך וועגן, א סאך פערזאָדן ביזן סאָוועטישן
פערזאָד, דורכגעמאכט דעם וועג פון א נאווע־
נאדניק, וואָס האָט זיך אומעטום געפילט ווי א
גער.

מוישע אלטמאן איז פול געוועזן מיט טרוי־
מען, „אָבער די טרוימען האָבן אומעטום גע־
קראָגן איבער די פליגל". פארלוירענע איליו־
זיעס, ניט צו שטאנד געקומענע ליבעס. דאלעס,
אָרעמקיַיט. פארשווינען, וואָס א גאנץ יאָר האלט
מען אין איין שארן גאָלד, און אז עס קומט פּייַ־
סעך, האָט מען ניט פאר וואָס צו קויפן מאַ־
צעס. סאָציִאלער אומרעכט — „דער עמעס גייט
צופוס, און דער שעקער פאָרט אין קארעטן".
דער נאָגיד, דער צוואויאקישער מעכל שווינט
קיינעם ניט, אפילע זיַינע ברידער, אפילע זיַין
מוטער. דאָס איין־און־איינציקע מאָל, ווען ער
לאָזט זי פירן אין דער ווינער קארעטע, איז
דאן, ווען זי שטארבט, ער איַילט זיך אָפּצושיקן
דעם מעס צו זיַין אָרעמען ברודער, וויַיל די
כעוורע־קאדישע פון זיַין שטאָט קליַיבט זיך
אָפּלעקן פון אים א פעט ביינדל, זי שטעלט
ארויס א הויכע פּריַיז, א גאָר היפּשע צאָל קווו־
רע־געלט. אומרעכט אף אומרעכט!

און טאקע דערפאר איז אזוי פעסט און אזוי
פריידיק מוישע אלטמאנס טראָט אפן סאָוועטישן
באָדן. ער דערציילט בעפּארהעסיע, „וויִאזוי מיט
יעדן טאָג פיל איך מיך דאָ אלץ פריַיער, אלץ
מער בא זיך אין דער היים. פאר זיי, פאר די
היגע, איז עס א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך,
און איך, אז איך גיי, פיל איך, ווי די שטיינ־
דלעך, אף וועלכע איך טרעט, שמועסן זיך צו־
נויף מיט מיַינע טריט: „גייט, גייט, הייסט עס,
דערוף ליגן מיר דאָ, פון איַיערטוועגן, פון אלע־
מענס וועגן". זיי, אונדזערע היגע כאוויירים,
ווייסן ניט, וואָס עס הייסט אומגיין א פרעמדער
איבער גאסן פון שטאָט, איבער לענדער... און
דערפאר פילן זיי ניט דאָס, וואָס מיר... אָט דאָ
פיל איך מיך מיט יעדן טאָג אלץ מער איַינגע־
וואָרצלט אינעם היַינט, אינעם מאָרגן. עס איז
א טיַיערער געפיל" („אין אן אָפרו־טאָג" —
„סאָוועטיש היימלאנד", נומ. 12, 1965).

— רעב מוישע, איך זע איַיך! — אזוי ווענדט
זיך דער דאָקטער־פסיכיִאטער צו מוישען („אין
דער טיף פון שפּיגל").

איך כאזער עס אָפּט איבער, ווען איך פאר־
בענק זיך נאָך מוישע אלטמאנען, ווען איך וויל
אים הערן, ווען איך וויל אים זען, ווען איך זע
אים, ווען איך הער אים און רעד זיך מיט אים
דורך, ווי ער מיט מיר, אין געדאנק:

— רעב מוישע, איך זע איַיך!

— רעב מוישע, איך הער איַיך!

האלעוויַי זאָל איך איַיך נאָך זען און הערן
א סאך יאָרן!

[1] בעמאקלי אָווארטי.



ליטעראַרישער טאָגבוך

## אוראן גוראלניק

# די כראָניק פון דער נייַער וועלט

ס'איז געוואָרן 50 יאָר, זינט עס האָט אָנגעהויבן דערשיינען איינער פון די אַמערסטן פּאָפּולערע אין סאָוועטנפאַרבאַנד ליטעראַריש־קינסטלערישע און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע זשורנאַלן — „נאָווי מיר". דער סעקרעטאַריאַט פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרייַבער־פאַרבאַנד פון פּסַר האָט אין זייַן באַגריסונג דעם זשורנאַל אָנגעוויזן אַף דער גרויסער ראָליע, וואָס „נאָווי מיר" האָט געשפּילט אינעם אויפקום און אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער פילנאַציאָנאַלער ליטעראַטור. פאַרזעצנדיק זייַנע בעסטע טראַדיציעס, — ווערט געזאָגט אין דער באַגריסונג, — „שטעלט דער זשורנאַל אַרויס דער ליטעראַטור אַלץ העכערע פאָדערונגען צו דער אידייִש־קינסטלערישער קוואַליטעט פון די נייַע ווערק, ער זאָרגט וועגן דער דערציִונג פון נייַע ליטעראַרישע קאַדרען".

דער פּרעזידיום פונעם אויבער־סאָוועט פון פּסַר האָט באַלוינט דעם זשורנאַל מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן. וואַרעמע ווערטער, פול מיט דאַנקבאַרקייט, זייַנען געזאָגט געוואָרן אַפן פייַערלעכן יובילייִ־אָוונט אין קאָלאָנען־זאַל פונעם פאַרייַנען־הויז.

די געשיכטע פון „נאָווי מיר" שפּיגלט אָפּ די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און פונעם סאָוועטישן פאָלק, די געשיכטע פון אונדזער סאָציאַליסטישער קולטור.

קלוג און טיפזיניק איז דער אייַנפאַל פון דער רעדקאָלעגיע צו בויען דעם יאַנואַר־נומער פונעם יובילייִ־יאָר ווי א פּאַראַלעל צו דעם ערשטן העפט פונעם זשורנאַל מיט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק. פאַראַן א רוסיש פאָלקס־ווערטל: „מע מעג אַמאָל לייגן אַכט ניט בלויז אַף דעם, וווּהין דער טייַך שטראָמט, נאָר אויך אַף דעם, פונוואַנען ער ציט זייַן יענזיקע". קימאַט יעדער מאַטעריאַל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם סאַמע ערשטן נומער פונעם זשורנאַל, האָט זייַן אַנאַלאָגיע אין איינער פון די פּובליקאַציעס פונעם יאַנואַר־נומער פאַר הייַנטיקס יאָר, און דאָס גיט די מעגלעכקייט צו וואַרפן א בליק אַף צוריק, זען די דיסטאַנץ, וועלכע מיר האָבן דורכגעמאַכט, פאַרגלייַכן דעם פאָרטראַכט מיט זייַן פאַרווירקלעכונג און מאַכן די נייטיקע אויספירן. דער הויפּט־אויספיר איז אַזאַ: די פּראָבלעמען, וועלכע זייַנען געשטעלט געוואָרן מיט א האַלבן יאָרהונדערט צוריק, זייַנען געלייזט פּאָזיטיוו אינעם גאַנג פון דער מעלוכישער און קולטורעלער בויונג פונעם סאָוועטישן לאַנד. אַזאַ אויספיר באַגייַסטערט.

סאַראַ הערלעכע, אָנגעזעטיקטע מיט גרויסן אינהאַלט יאָרן מיר, סאָוועטישע מענטשן, האָבן איבערגעלעבט!

איינע פון די טראַדיציעס פון „נאָווי מיר" איז דאָס, וואָס דער זשורנאַל שענקט היפּש אָרט פאַר די ווערק און אַרויסזאָגונגען פון די אָנגעזעענע טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון דער סאָוועטן־מעלוכע. שוין אינעם ערשטן נומער „נאָווי מיר" פון 1925 זייַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די ביז דעמלט ניט פּובליקירטע מאַנוסקריפּטן פון וו. אי. לענינס ווערק „וועגן דער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט". רעגולער האָבן מיטגעאַרבעט אינעם זשורנאַל דער „אַלפאַרבאַנדישער סטאַראָסטע" קאַלינין, דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר בילדונג לונאַטשאַרסקי, די באָלשעוויקעס־פּובליציסטן פון דער לענינישער גוואַרדיע סקוואָרצאָוו־סטעפּאַנאָוו, באָנטש־ברויעוויטש און אַנד. אין די נאָכמילכאָמע־יאָרן האָט דער זשורנאַל געדרוקט די זייער אינהאַלטסרייַכע זיכרוינעס פונעם וועטעראַן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון דער סאָוועטישער מעלוכע מיקאָיאַן, פונעם אַקאַדעמיקער מייַסקי, דערציילונגען פונעם אַדמיראַל איסאַקאָוו און נאָך און נאָך.

אינעם גאָלדענעם פאָנד פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור זייַנען אַרייַן א סאַך ווערק, וועלכע זייַנען צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין „נאָווי מיר". עס איז גענוג אָנצורופן אַלעקסיי טאָלסטאָיס ראָמאַנען „פּיאָטער I" און „דער וועג פון לייַדן" («Хождение по мукам»), דעם דריטן און פערטן בענדער פון מ. שאָלאָכאָווס „דער שטילער דאָן", דעם ראָמאַן „צוסימאַ" פון א. נאָוויקאָוו־פּריבאָי, ל. לעאָנאָווס פּיעסע „אינוואַזיע", וווּרא אינבערס פּאָעמע „דער פּולקאָווער מערידיאַן", אי. ערענבורגס עפּאָפּיי „דער שטורעם" («Буря»), עמ. קאַזאַקעוויטשעס גרויסע דערציילונג „דאָס האַרץ פון א פרייַנט".

באַ דער טראַדיציע פון איבערגעבן דעם לייַענער דאָס בעסטע פונעם ליטעראַרישן שאַפן האַלט זיך דער זשורנאַל אויך הייַנט. ער האָט

גערדרוקט די ראָמאַנען פון איינעם פון די עלטס־טע רוסישע שרײַבער ק. פעדין „ערשטע פריידן" און „דער שײַטער", ק. סימאָנאָווס ראָמאַן „פרײַנט לויטן געווער". אָן אָנגעזעענע געשעעניש אינעם ליטעראַרישן לעבן איז געוואָרן וו. באָגאָמאָלאָווס ראָמאַן „אין אווגוסט פיר־און־פערציקסטן..." (געדרוקט אין די נומערן 10 — 11—12 פון 1974) — א טאַלאַנטפול און אָריגינעל ווערק וועגן דעם העראָיזם פון די קריגס־לײַט, וועלכע דינען אין דער סאָוועטישער קאָנטער־אויסשפּירונג.

אין „נאָווי מיר" טרעטן אַרויס באַרימטע מאַרשאַלן, אַדמיראַלן און גענעראַלן. מיט האַר־נאַע האָבן אַלע געלייענט די זשורנאַל־וואַריאַנטן פון די מעמואַרן פון די מאַרשאַלן א. וואַסילעווסקי, אי. קאָניעוו, נ. קרילאָוו, פּ. באַטיצקי. פאַר די אויגן פון די לייענער זײַנען דורכגעגאַנגען פילזאָגנדיקע לעבנס־דאָקומענטן, וועלכע האָבן באַשײַמפּערלעך באַוויזן די קוואַלן פון אונדזערע ניצחונעס אַף די שלאַכט־פעלדער. מיר האָבן מיט שפּאַנענדיקן אינטערעס געלייענט אין „נאָווי מיר" די מעמואַרן פונעם צוויי מאָל העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד דאַוויד דראַגונסקי „צום סאָף פון דער מילכאָמע" און „דאָס אומפאַרגעסלעכע, דאָס זיגרײַכע". איינע פון די רובריקעס פון „נאָווי מיר" הייסט „עס דערציילן וועטעראַנען". צווישן די אויטאָרן פון אָט דער רובריק טרעפן מיר דעם געוועזענעם קאָמאַנדיר פון דער באַרימטער 17־טער קיִעוו־זשיטאָמירער אַרטילערישער דורכרײַס־דיוויזיע, העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד גענעראַל־מאַיאָר ס. וואָלקענשטיין. עס דרוקן זיך נײַע קאַפּיטלען פונעם באַוווּסטן בוך „דער אונטערערדישער געגנטקאָם איז טעטיק", וואָס זײַן אויטאָר איז א לעגענדאַרער אָנפירער פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, דער צוויי מאָל העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד א. פּ. פיאָדאָראָוו.

אין דער שוין דערמאָנטער באַגריסונג פונעם סעקרעטאַריאַט פון דער פאַרוואַלטונג פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיטן יובילײ פונעם „נאָווי מיר" ווערט באַזונדערס באַטאָנט אַזא מאָמענט: „דער זשורנאַל פירט א היפּשע אַרבעט אין פּראָזע פון שאַפן די קינסטלערישע כראָניק פונעם נײַנטן פינפיאָר. מיט באַטראַכטונגען וועגן די וויכטיקסטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון הײַנטיקער צײַט טרעטן אַרויס אין „נאָווי מיר" פּאַרטיי־ און מעלוכע־טוער, אַוואַנגאַרדיסטן פון דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, אָנגעזעענע געלערנטע און מיליטער־טוער". אין „נאָווי מיר" זײַנען בעשײַטע געדרוקט געוואָרן די אַרטיקלען פונעם פּראָפ. בירמאַן וועגן דער ריכטונג און כאַראַקטער פון דער עקאָנאָמישער רעפאָרם אין דער אינדוסטריע, אַרטיקלען, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אין דער עפנטלעכקײַט און אין דער פּרעסע א גרויסן רעזאָנאַנס. עס געדענקט זיך די סעריע אַרויסטרעטונגען פונעם פּראָפעסאָר־פילאָסאָף איגאָר קאָן וועגן די פּראָגן פון סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע (איינס פון אָט די אַרטיקלען „די לעניניסטע טעאָריע פון נאַציעס און דער הײַנטצײַטיקער קאַפּיטאַליזם" איז אין א באַאַרבעטער פאָרם איבערגעדרוקט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 9 פון 1970). אינטערעסאַנט איז דאָס אַרטיקל פון ל. שינקאַריאָוו „די גרויסע געאָגראַפישע מאַפּע פון סיביר", ווו עס איז געגעבן א רײַכע אינפאָרמאַציע וועגן די איבערגעשטאַלטונגען אַף די גרענעצלאָזע מיזרעך־שעטעכן פון אונדזער היימלאַנד.

א פּרעכטיקע דאָקומענטאַלע דערציילונג וועגן דער באַהערשונג פון דער אַרקטיק האָט אָפּגעדרוקט אין „נאָווי מיר" דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד, דער באַוווּסטער ראַדיסט פון דער אַרקטיק, אָנטיילנעמער פון דער ערשטער עקספּעדיציע אַפן צאָפן־פּאָליוס, איצט שוין פאַרשטאָרבענער ערנסט קרענקעל. דער געוועזענער פליִער־עקספּערימענטאַטאָר, העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד מאַרק גאַלײַ האָט מיט פופצן יאָר צוריק דעביוטירט אַלס ליטעראַטאָר. לעצטנס איז ער אַרויסגעטראָטן אין „נאָווי מיר" מיט אַזעלכע ווערק, ווי „דורך באַריערן, וועלכע מע זעט ניט" און „אָן עקספּערימענט אין הימל".

באַלערעוודיק איז די פּובליציסטיק אין „נאָווי מיר". די איבערזיכטן וועגן דעם לעבן אין אויסלאַנד, די אָפּקלאַנגען אַף די צווישנפעלקערלעכע אַנטוויקלונגען זײַנען דורכגעדרונגען מיט א פּרינציפּיעלן לענינישן צוגאַנג צו די וועלט־געשעענישן. רײַך מיט פאַקטן און פײַן געבויט זײַנען, אַשטייגער, יו. זשוקאָווס „בריוו פון ראַמבויע" — וועגן די באַגעגענישן פונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד ל. אי. ברעזשנעוו מיטן פּרעזידענט פון פראַנקרײַך.

אין „נאָווי מיר" האָבן זיך געדרוקט די ווערק פון די גרונטלייגער פון דער ליטעראַטור פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם, אירע קלאַסיקער מ. גאָרקי, וו. מאַיאַקאָווסקי, א. סעראַפימאָוויטש, ד. פורמאַנאָוו, פ. גלאַדקאָוו, מ. שאָלאָכאָוו, א. טאָלסטאָי, א. טוואַרדאָווסקי. טאַלאַנטפולע מײַסטערס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור האַלטן פאַר א קאָוועד צו דרוקן זיך אין אָט דעם סאָלידן כוידעש־זשורנאַל.

ווי גרויס עס איז דער בײַטראָג פון „נאָווי מיר" אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער פּאָעטישער קולטור און פון דער וועלט־פּאָעזיע, איז צו זען כאָטש פון דער אַנטאָלאָגיע, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט אינעם ערשטן העפט פונעם זשורנאַל פאַר הײַנטיקס יאָר. צוגלײַך מיט די נעמען פון מאַיאַקאָווסקי און יעסענין, באַגריצקי און טוואַרדאָווסקי, מאַנדעלשטאַם און טיכאָנאָוו, מאַרשאַק און צוועטאַיעוואַ, פּאַסטערנאַק און פּראָקאָפיעוו, סמעליאַקאָוו און אַנטאָקאָלסקי, סימאָנאָוו און סלוצקי, סעלווינסקי און אַליגער שטייען די נעמען פון די אוקראַיִנער באַזשאַן און רילסקי, פון די ווײַסרוסן בראָווקאַ און טאַנק, פונעם אַזערבײַדזשאַנער סאַמעד וווּרגון, פונעם ייִד שמועל האַלקין, באַשקיר מוסטײַ

קאַרים, קאַבאַרדינער קײַסין קוליִעוו, גרוזינער טאַציִאַן טאַבידזע, קאַלמיק דאַוויד קוגולטינאָוו, קירגיז אַאַל טאָקאָמבאַיעוו, טאַדזשיק מירזאָ טורסון־זאַדע, טשוואַש יאַקאָוו אוכסײַ...

אין „נאָווי מיר” האָט אָפּגעקלונגען די שטים פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. די לייענער האָבן, ווי געזאָגט, זיך באַקאַנט מיט לידער פון שמועל האַלקין אין דער איבערזעצונג פון אַנאַ אַכמאַטאָוואַ. צווישן די אַוטאָרן פון דער „פּאָעטישער רובריק” פונעם זשורנאַל איז געווען אַרן ווערגעליס (זײַנע לידער האָט איבערגעזעצט יעווגעני יעווטושענקאָ). מיט אַ רעצענזיע אויף ווערגעליסעס ביכער, ריידנדיק מיט טיפן פאַרשטאַנד וועגן דעם עסטעטישן מעהוס און וועגן דער נאַציִאָנאַלער אייגנאַרט פון ווערגעליסעס שאַפונג, איז, אַגעוו, אַרויסגעטראָטן דער איצטיקער רעדאַקטאָר פון „נאָווי מיר”, דער באַוווּסטער רוסישער דיכטער סערגיי נאַראָווטשאַטאָוו.

אינטערנאַציִאָנאַליזם איז אַן אָרגאַנישע אייגנשאַפט פון דער סאָוועטישער זשורנאַליסטיק. אין די אַלע פופציק יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט „נאָווי מיר” אויסגעטיילט פאַר די אידייען פונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציִאָנאַליזם דאָס ערשטע אָרט. די לייענער דערוויסן זיך וועגן די בעסטע ווערק פון דער פּראָגרעסיווער אויסלענדישער ליטעראַטור. אין זשורנאַל זײַנען געדרוקט געוואָרן אין פּרעכטיקע איבערזעצונגען די ווערק פון העמינגווײ און פאָלקנער, אַראַגאָן און מאָריִאַק, זעגערס, גיליען, היקמעט, טווים און פון פיל אַנדערע קאָריפייען פון דער ליטעראַטור פונעם הײַנטיקן יאָרהונדערט. מיר האָבן דאָ אָנגערופן בלויז אייניקע נעמען. לאָמיר דערמאָנען, אַז אַ פילפאַרביקע פּאַנאָראַם וועגן די אידייִש־שעפערישע זוכונגען פון דער פאָרגעשריטענער קינסטלערישער אינטעליגענץ אין דער וועלט האָט געמאָלט מיט אַ האַנט פון אַ געניטן מײַסטער איליאַ ערענבורג אין זײַן בוך „מענטשן, יאָרן, לעבן”. דער זשורנאַל־וואַריִאַנט פון דעם בוך איז געווען געדרוקט אין „נאָווי מיר”.

דער זשורנאַל צייכנט זיך אויס מיט שעפערישער דרייסטקײַט, מיט קענען אַנטפּלעקן נײַע טאַלאַנטן, דורכלייגנדיק פאַר זיי אַ וועג אין דער ליטעראַטור. „נאָווי מיר” איז געוואָרן די היים פאַר פיל איצט וועלט־באַקאַנטע ליטעראַטן. דאָס קאָן מען זאָגן, לעמאָשל, וועגן דעם לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע ראַסול גאַמזאַטאָוו. אַ פאָרשטייער פון איינעם פון די קליינע קאַווקאַזער פעלקער, האָט גאַמזאַטאָוו געפונען אינעם מאָסקווער זשורנאַל אַ טריבונע, פון וועלכער ער רעדט מיט דער פולער שטים פאַר מיליאָנען לייענער. איצט איז ראַסול גאַמזאַטאָוו אַ מיטגליד פון דער רעדקאָלעגיע פון „נאָווי מיר”. אין אָט דעם זשורנאַל האָט ער פאַרעפנטלעכט זײַן וויכטיקסטן בוך „מײַן דאַגעסטאַן”, וווּ ער רעדט וועגן זײַן באַציִונג צום היים־קאַנט, וועלכן ער האָט ליב ווי אַ זון זײַן

פּאָעטער. אינעם פעוורואַל־נומער פון הײַנטיקס יאָר איז געדרוקט גאַמזאַטאָווס פּאָעמע „די לעצטע פּרײַז” (אין דער איבערזעצונג פון יאַקאָוו קאָזלאָווסקי).

פאַר זײַן שעם אַלס וויכטיקסטער ליטעראַרישער זשורנאַל האָט „נאָווי מיר” צו פאַרדאַנקען אויך וואַסיל ביקאָוון (געגנוייער וועגן אים האָבן מיר דערציילט אינעם נומ. 8 „סאָוועטיש היימלאַנד”). קימאַט אַלע גרעסערע דערציילונגען פון אָט דעם טאַלאַנטפולן ווײַסרוסישן פּראָזאַיקער זײַנען געווען געדרוקט אין „נאָווי מיר”. דער קירגיזישער שרײַבער טשינגיז אײַטמאַטאָוו האָט זײַן אופשטײַג צו די הייכן פון קינסטלערישער מײַסטערשאַפט פאַקטיש אויך אָנגעהויבן אין „נאָווי מיר”. אין 1958 איז דאָ אָפּגעדרוקט געוואָרן זײַן גרויסע דערציילונג „דזשאַמיליאַ”, וועלכע איז אינגיכן איבערגעזעצט געוואָרן אין פראַנצויזיש און אויף אַנדערע שפּראַכן פון דער וועלט („דזשאַמיליאַ” איז געווען פאַרעפנטלעכט אויך אין „סאָוועטיש היימלאַנד”). אין 1966 האָט „נאָווי מיר” אָפּגעדרוקט אײַטמאַטאָווס ראָמאַן „פאַרבלײַב געזונט, גולסאַרי” און אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן — די פּאָעטישע דערציילונג „דער ווײַסער דאַמפער”. יעדעס ווערק פון טשינגיז אײַטמאַטאָוון רופט אַרויס אַ לעבהאַפטיקן אָפּקלאַנג צווישן די לייענער און, אַלס קלאַל, הייסע דיסקוסיעס צווישן די קריטיקער און ליטעראַטור־קענער.

מיט „נאָווי מיר” איז געווען פאַרבונדן אויך וואַסילי שוקשין — אַן אַלזײַטיק באַגאַבטער מענטש: אַ פּראָזאַיִקער, דראַמאַטורג, קינאָ־סצענאַריסט, רעזשיסער און אַרטיסט. שוקשין איז, ליידער, פרי אַוועק פון אונדז, עס לעבן אָבער זײַנע דערציילונגען, וועלכע זײַנען אין פאַרשיידענע צײַטן געדרוקט געווען אין „נאָווי מיר”.

אינעם מאַרט־נומער פון הײַנטיקס יאָר פאַרנעמען אַ היפּש אָרט די לידער פון אַ ריי דיכטער־אָנפאַנגער, וועלכע זײַנען נאָך קיינעם ניט באַקאַנט. די פּובליקאַציע פון אָט די לידער ווערט באַגלייט מיט וואַרעמע ווונטשן צו ווײַטערדיקע דערפאָלגן. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן סטיל פון „נאָווי מיר”.

אין דעם דאָזיקן איבערזיכט האָבן מיר באַרירט אַ קליינעם טייל פונעם אינהאַלט פון „נאָווי מיר”. עס איז קיין ספק ניט, אַז דער זשורנאַל וועט, ווי ביז איצט, אויך אויף ווײַטער באַרעכטיקן דעם נאָמען, וועלכער איז אָנגעצייכנט אויף זײַן הילע און איז ביז גאָר פאַרפליכטנדיק. די 600 העפטן פונעם זשורנאַל, געשאַפן דורך דעם גרויסן און טאַלאַנטפולן קאָלעקטיוו ליטעראַטן, שטעלן מיט זיך פאָר אַן אוניקאַלע כראָניק פונעם נײַעם סאָוועטישן לעבן, פון דער נײַער וועלט („נאָווי מיר” איז אין ייִדיש — נײַע וועלט), פון די עטאַפּן פון איר העראָיִשן וועג.

■ ■ ■

# קורצע רעצענזיעס

## פריידיקע מאַטיוון




אין זײַן נײַעם בוך טראָגט כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו אונדז איבער אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען ס׳האָט זיך נאָרוואָס געענדיקט דער בירגערקריג און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אופשטעלונגס־פעריִאָד. דאָס לאַנד איז נאָך געווען רויִנירט, ס׳האָבן נאָך געהאַט אָן אָרט ארבעטסלאָזיקײַט, הונגער, קינדערשע פאַרוואָרלאָזיקײַט.

דער הויפּט־העלד פון די „באַרשעווער מאַטיוון", א קינד פון א יאָר צוועלף־דרײַצן, האָט שוין באַוויזן זײַן אָף פאַרשיידענע אַרבעטן: „א בלעכער, א שנײַדער, א שוסטער, א סטעלמאַך, א וועבער, א קאַוואַל", און אין ערגעץ זיך ניט געקענט געפינען קיין זיכער אָרט.

די טעמע וועגן דער זאָרג פון דער ראַטנמאַכט פאַר היימלאָזע קינדער איז שוין ניט איין מאָל באַרירט געוואָרן אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור (פּ. סיטאָ, ט. גען און אַנדערע). כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו כאַזערט זיך ניט איבער, און אָף זײַן אויפן פאַרקערפּערט ער ווידער אָט די טעמע.

די שילדערונג אין די „מאַטיוון" גייט אין דער ערשטער פּערזאָן, אין נאָמען פון א קינד. אַזוי ווי מיר ווייסן ניט, ווי זײַן נאָמען איז, וועלן מיר אים אָנרופן „דער הויפּט־העלד". אָף זײַנע פּלייצעס זײַנען אויסגעפאַלן א סאַך שווערע איבערלעבונגען און נײַסיוינעס. אָט וויאַזוי דער אווטאָר באַווײַזט דעם פּאָן, אָף וועלכן עס צעוויקלען זיך די געשעענישן:

„א בלײַענער הימל איז שווער און נידעריק געהאַנגען איבער דער גרויסער שטאָט. דער אינדערפריִענדיקער קאַלטער האַרבסט־רעגן איז ביסלעכווײַז איבערגעגאַנגען אין א דריבנע צעברעקלט רעגנדל, ניט צו כאַפּן עס מיט דעם אויג. מע פילט אַפילע ניט ווי די טראָפּנס פאַלן. געשפּירט האָב איך בלויז ווי די קאַלטע פײַכטקײַט דערקלײַבט זיך מאַמעש צום מאַרך פון די ביינער. אָף מײַנע אָנגעפּראָרענע באָרוועסע פיס איז נאָך שטאַרקער אַרויסגעטראָטן די בלויקײַט".

אָט אין אַזאַ מין צושטאַנד טרעפן מיר דאָס ייִנגל נאָך לאַנגע וואָגלענישן איבערן פּוסטן מאַרק, וווּ ער האָט געזוכט צו שטילן דעם הונגער. שפּעטער איז ער מיטן ברודער בערעלע און מיט כאַווײרים אַוועקגעגאַן קיין זשיטאָמיר, דאָרט געוואַלגערט זיך באַ א שנײַדער און ווידער געהונגערט טאָג נאָך טאָג, ביז עס האָט אים אָף צוריקוועגס אַהיים איבערגעכאַפּט דער כאַווער יאַקאָוו, וועלכער האָט אים אײַנגעאָרדנט אין קאָרסון אין א פאַך־שול, און ער האָט באַקומען עסן, אָנטאָן און א ריינעם געלעגער. דאָס ייִנגל זאָגט: „איך וויל, די מאַמע מײַנע זאָל כאָטש איין קוק געבן אָף מיר, זאָל זײַן אַפילע דורך א שפּאַרונקעלע. וויפל פרייד, וויפל געזונט וואָלט איר צוגעקומען... ווינטן־ווינטעלעך, שעפּטשען מײַנע ליפּן, זאָגט אָן מײַן מאַמען די גוטע בסורע..."

און ווײַטער:

„אָף דער גאָרער וועלט שטייט א גרויסער פרילינג. וואָס א טאָג ווערט דער יאָמטעוודיקער דרויסן ליכטיקער, וואַרעמער, ליבער. די בוימער־צווײַגן צעבינדן פּאַמעלעך, פאָרזיכטיק זייערע אָנגעפּיקעוועטע, גרין־פאַרצויגענע קנאָספּן־קניפּלעך, עס ווײַזן זיך אָף דער ליכטיקער שײַן אונטערן פרישן, קלאָרן הימל, ערשט געבוירענע ציטעריק־צאַרטע פיצינקע בלעטעלעך, וואָס ציִען זיך פיבערדיק צו דער זון; אין דער ריינער, ציכטיקער לופט טראָגט מיט רייכעס פון קילן טײַך, פײַכטע ווערבעס, ווייקנדיקן אָטשערעט. אין דער דאָזיקער געבענטשטער צײַט בין איך געגליכן צו יענעם אָנגעזאַפּטן קנאָספּן־קנופּ"...

אַזעלכע בילדער זײַנען פאַראַן א סאַך אינעם בוך. אין שטעטל קומען פאָר וויכטיקע נײַס, גרויסע ענדערונגען. ס׳איז געשאַפן א קינדערהיים פאַר יעסוימים. מע קלײַבט זיך אָרגאַניזירן נאָך צוויי אַזעלכע אַנשטאַלטן. ס׳איז אויך אַנטשטאַנען א „היימשול". דאָס איז גאָר א נײַס פאַר אַלעמען. אויסערן לערנען, גיט מען עסן דרײַ מאָל אין טאָג... פיל פּראָבלעמען זײַנען אופגעקומען פאַר די לערער און דערציִער.

אָט די אַלע פראַגן פאַרנעמען אַן אָרט אין די „מאָטיוון" און ווערן אינטערעסאַנט באַלויכטן דורך דער פּריזמע פונעם קינדס פאַרשטאַנד. עמעס, אָפּטמאָל איז דעם לייענער שווער צו באַנעמען, וויאַזוי אונדזער העלד קאָן דענקען מיט קאַטעגאָריעס, וועלכע דער הײַנט טראַנספאָרמירט אין זײַן קינדערשער נעשאָמע, וועלכע איז באַלעסטיקט מיט דערוואַקסענע פאַרשטעלונגען.

אין די „מאָטיוון" איז פאַראַן א גאַנצע גאַלעריי געשטאַלטן. צום ערשטן ווילט זיך אָפּמערקן יאַקאָוון. א וועבער, א זון פון א וועבער, האָט ער גלײַך נאָך דער רעוואָליוציע און אַדאַנק איר געענדיקט אַן אוניווערסיטעט און איז אין באַרשעוו דער „פּאָליטפּראָס־

כאַסקל טאַבאַטשניקאָוו. „באַרשעווער מאַטיוון". פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" מאָסקווע, 1975.

וועט". דער דאָזיקער אַנשטאַלט איז געווען זייער אויטאָריטעט אין שטאָט, צו אים האָבן זיך געצויגן מענטשן פון אַלע זײַטן. טאַקע ער איז דער אָרגאַניזאַטאָר פון די קינדערהיימען און פון דער היימשול. דאָס האָט ער צונויפגענומען אַ כעווראַ און אָפּגעפירט קיין קאָרסון אין דער פּאַך־שול. ער אָרגאַניזירט די קוסטאַרן אין אַ קאָאָפּעראַטיוו און זאָרגט וועגן זייער וווילשטאַנד. יאַקאָוו איז די אָנפירנדיקע קראַפט, די קראַפט, וואָס בויט איבער דאָס לעבן אין שטעטל. באַזונדערס גוטע באַציִונגען שטעלן זיך אײַן צווישן יאַקאָוון און אונדזער העלד פון די מאָטיוון. דער אויטאָר שילדערט יאַקאָוון ווי אַ טעטיקן מענטשן, צו וועמען עס זײַנען אויסגעשטרעקט הונדערטער הענט. דער העלד פונעם ווערק זאָגט: „איך האָב ליב זען דעם כאַווער יאַקאָוו מיט זײַן פּראָסטהאַרציקייט און פּאַשטעס, מיט זײַן צוגעלאָזטער גוטער נעשאָמע פון אַ ווילן, פרײַנטלעכן מענטשן, וואָס איז שטענדיק באַהערשט פון גוטע מאַכשאָוועס און פון גוטע קאַוואָנעס, פאַרמאָגט אין זיך אײַנזעעניש פאַרן יאָסעמדיקן קינד".

אַפילע כאַמעלע — דאָס צעפּעסטעטע מיידל, וועלכע וווינט אין בעסמעדרעש מיט איר מומע העניע, צוזאַמען מיט אַנדערע פּליטים, פאַרטריבענע אַהער אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע — אַפילע זי, וואָס פלעגט זאָגן, אַז מיט דעם פאָליטפּראָסוועט, מיט יאַקאָוון, וועלכער איז געווען ניט גלײַכגילטיק צו איר, איז אומעטיק שפּאַצירן, — אַפילע כאַמעלע זאָגט צו יאַקאָוון: „ביז אַהער האָב איך ניט געוווּסט, אַז איר פאַרמאָגט אַזאַ מענטשלעכע נעשאָמע. איר טוט זייער פיל גוטס... אַ בראָכע אַף אײַער קאָפּ". „ס'איז מײַן פליכט העלפן מענטשן, — ענטפערט יאַקאָוו".

יאַקאָוו איז אַ פּאָזיטיווער העלד, אַ זון פון פאָלק, וועלכן ער דינט מעסירעסנעפּעשדיק.

כאַמעלען האָט דער אויטאָר אויסגעמאָלט מיט אַלע אירע כעסרוינעס און מײַלעס. אַ מיידל שוין אין די קאַלע־יאָרן, זיצט זי אַף דער אויסהאַלטונג פון איר מומע העניע, דער הענדלערן אין מאַרק, וועלכע פאַרקויפט זייף, צימערינג און אַנדערע קלייניקײַטן. די מומע העניע, אַ גוטהאַרציקע און געטרײַע, פאַרטראָגט אַלע כאַמעלעס קאַפּריזן. מער פון אַלץ קימערט זי דאָס, וואָס כאַמעלע קאָן ניט געפינען פאַר זיך קיין כאָסן. וועגן שאַדכאָנעס וויל זי אַפילע ניט הערן און ניט זען זיי פאַר די אויגן. „ס'איז שוין אַז אָך און וויי צו דעם, וועמען מע דאַרף רעדן אַ שידעך". פון קיין נאַדן וויל זי אויך ניט הערן, זי האַלט, אַז זי איז אַליין אַ שטיק נאַדן. זי האָט ליב זיך גריבלען אין זיך אַליין און קיינעם ניט זאָגן, וואָס זי מיינט און וועגן וואָס זי קלערט.

כאַמעלע פאַרמאָגט אָבער אירע מײַלעס, איבערהויפּט ווײַזן זיי זיך אַרויס אין באַציִונג מיט די טוישוווים פונעם בעסמעדרעש, וועלכער איז מיט לײַלעכער און פּאַפּיר־ברעטלעך צעטיילט, ווי אַף גאַסן און געסלעך.

אונדזער הויפּט־העלד פון די „מאָטיוון" האָט זיך זײַן אייגענע מיינונג וועגן כאַמעלען, וועלכע האָט אים ליב, כאָטש ער איז נאָך גאָר אַ קינד. ער זאָגט וועגן איר: „ניט אַרײַנצוקוקן אין איר ליכטיקן פּאָנעם, פאַרשעמט לאָז איך אַראָפּ מײַנע אויגן און טראַכט דערבײַ: אַ שיינע מויד איז אַ האַלבער נאַדן... איך דערמאָן זיך גלײַך נאָך אין אַ גלײַכוווערטל: „ניט דאָס איז ליב, וואָס ס'איז שיין, נאָר דאָס איז שיין, וואָס ס'איז ליב...". „כאַמעלע, דאַכט מיר, איז פאַר איטלעכן אי שיין, אי ליב, נאָר זי איז אַ גרויסע איבערקלײַבערן, אַ מיידל מיט פליגן אין דער נאָז".

דער אויטאָר האָט ניט געזשאַלעוועט קיין פאַרבן צו באַמאָלן כאַמעלען, איר געשטאַלט אין בוך איז געשילדערט בוילעט מיט אַלע ניואַנסן און ווידערשפּרוכן.

גאָר אַ באַזונדער אָרט אין די „מאָטיוון" פאַרנעמט דער מאָלער אָניסי מאַרקאָוויטש. פאַר זײַן האַלטן זיך גאָר אין אַ זײַט, אויסמײַדנדיק אַלץ און אַלעמען, האָט מען דעם אַלטן מאָלער אין שטאָט גערופן „דער מעשומעד", „דער ניט דאָ געדאַכט". שטענדיק באַהערשט אים אַן אַנטוישונג, און ער איז שטענדיק ווי צעבראָכן. ס'איז באַוווּסט, אַז ער איז שוין אויסגעפאָרן אַ וועלט, זינט ער האָט פאַרלאָזט פּעטראָגראַד און זיך באַזעצט אין באַרשעוו. גאַנצע טעג, פון סאַמע קאַיאָר ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווערט ער פאַרפאַלן בא די פעלדזן און וואַסערפאַלן אַפן טײַך ר אָ ס. ער שטייט דאָרט מיט דער מאָלבערעט און מיט די סלאָיִקלעך און בלעכענע באַנקעלעך און מאָלט, מאָלט און צערייסט, און לאָזט דאָס מיטן וואַסער. אָט האָט אים דער פּאָליטפּראָסוועט אַליין געבראַכט אַ טעלעגראַמע פון לונאַטשאַרסקין, אין וועלכער דער קאָמיסאַר פון פאָלקס־בילדונג בעט אים קומען קיין פּעטראָגראַד, נאָר דער אַלטער וויל פון גאָרנישט ניט וויסן. ער זעצט פאַר זײַן שאַפן, ווי פריִער. יעדעס מאָל אַף אַן אַנדער אָרט, צווישן די פעלדזן, אין די קאַריערן פון די שטיין־העקער מאָלט ער נײַע און נײַע בילדער, נאָר זעלטן־ווען טראָגט ער אַוועק צו זײַן נאַכלע פונדאַנען אַ פאַרטיק בילד...

אין בוך איז געגעבן אינטערעסאַנט דער וועג, דורך וועלכן כאַמעלע און דער הויפּט־העלד פון די „מאָטיוון", זײַנען געקומען צו דעם מאָלערס האַרץ, וויִאַזוי ער, דער אַלטער מאָלער, ווערט ווי אויפגעלעבט. דאָס האָט יאַקאָוו אים אויפגעעפנט די אויגן, דערוויײַזנדיק, אַז כאָטש ער, דער מאָלער, האָט ניט אויפגענומען די רעוואָליוציע, איז ער פאָרט אַ קינסטלער פון גרויסן ווערט.

אַ היפּשע ווירקונג אַף דעם אַלטן האָט דאָס, וואָס אונדזער הויפּט־העלד האָט אים געבראַכט אָשער שוואַרצמאַנס אַ פּאָרטרעטל פון אַ זשורנאַל און געבעטן אים אָנמאָלן דעם דיכטער. דער קינסטלער איז באַגײַסטערט פון שוואַרצמאַנס לידער, וועלכע עס האָבן אים פאַרטײַטשט אי כאַמעלע, אי דער הויפּט־העלד פונעם ווערק.

ווען מע האָט שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט אויפגעהאַנגען אין שענסטן צימער פון דער שול־היים, איז דאָרט געווען אַ גרויסער יאָמטעוו. דער מאָלער האָט נאָכדעם צוגעזאָגט אָנמאָלן אויך שאָלעם־אַלייכעמס פּאָרטרעט.

און ווען אָניסי מאַרקאָוויטש האָט ווידער באַקומען אַ טעלעגראַמע פון לונאַטשאַרסקין, איז ער מאַסקים געווען קומען קיין פּעטראָגראַד. אָט די גאַנצע ליניע פון אָפּגעזונדערטקײַט פון אַלץ און אַלעמען ביז צום

אומקערן זיך קיין פּעטראָגראַד איז אין בוך באַווין געוואָרן איבערצײַגעוודיק.

אין „באַרשעווער מאַטיוון" איז אונטערגעשטראָכן די אינטערנאַציאָנאַלע ליניע. אין דעמלטיקן דײַטשלאַנד איז אויסגעבראָכן א הונגער. אונדזער לאַנד, וואָס איז נאָך אליין געווען ווײַט פון ווױלשטאַנד, האָט אויסגעשטרעקט א האַנט צו הילף די דײַטשישע קינדער. די דערציוגלינגען פון דער שול־היים צעגייען זיך איבער דער שטאָט מיט פּושקעס אין די הענט, קעדיי צו קלײַבן געלט לעטוּוועס די קינדער פון דײַטשלאַנד.

„באַרשעווער מאַטיוון" זײַנען אנגעשריבן אין נרסעך פון פּאָעטיש־ראָמאַנטישער פּראָזע. די העלדן זײַנען געמאָלט לעבעדיק און בילדעריש. אָן קיין שום קאַלענדאַר־באַצייכענונגען פילט מען גוט די צײַט, אין וועלכער עס קומען פאָר די געשעענישן.

דער אויטאָר פאַרמאָגט א פּאָלקסטימלעכע שפּראַך, מע קאָן אָבער צו אים האָבן אייניקע טענות. ניט אַלץ איז אין די „באַרשעווער מאַטיוון" באַרעכטיקט סײַ פונעם היסטאָרישן, סײַ פונעם קינסטלערישן שטאַנדפּונקט. באַזונדערס איז צעצויגן די דערציילונג וועגן אַשער שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט, וועלכן ס'האָט אָנגעמאָלט אַניסי מאַרקאָוויטש. ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אז אַשער שוואַרצמאַן איז באַוווּסט געוואָרן ווי א גרויסער דיכטער שוין נאָך זײַן טויט. וועגן זײַן טאַלאַנט האָבן געוווּסט צוערשט בלויז געציילטע מענטשן. אין יענע יאָרן האָט דער ליטעראַרישער פּראָצעס זיך אַנטוויקלט אין גאַר שמאָלע ראַמען. פרעגט זיך, פונוואַנען האָט דער העלד פון די „מאַטיוון" אזוי גלענצנד זיך פּאַנאַנדערגעקליבן אין אַשער שוואַרצמאַנס שאַפונג? אויב אפילו פון בלויזע יאַכניסעס דערציילונגען, איז ער דאָך פּאַרט געווען א קינד.

דעם אויטאָר אָבער גייט דאָס ניט אָן. ער באַווײַזט (ריכטיקער צו זאָגן, ער וויל דערווײַזן), אז דער העלד האָט אזויפיל געקענט שוואַרצמאַנס שאַפונג, אז ער האָט אפילו געווירקט אפן קינסטלער, און יענער איז באַגײַסטערט געוואָרן און האָט גלײַך אָנגעמאָלט שוואַרצמאַנס פּאָרטרעט. נאָך מער, דער קינסטלער איז אזוי באַווירקט געוואָרן פון שוואַרצמאַנס לידער, אז ער האָט גאָר אַף אן אַנדער אופן גענומען קוקן אף דער וועלט. ענדלעך, ווען דער פּאָרטרעט פונעם דיכטער איז שוין פאַרטיק געוואָרן, האָט מען געמאַכט דערפון א גרויסן פּאָמפּעזן יאָמטעוו. צום סאָף האָט פון אָט דעם אַלעמען זיך אויסגעלאָזט א בוידעם, ווײַל דער פּאָרטרעט איז פּלוצעם... נעלעם געוואָרן!

אזא אָנהויפונג פון אויסגעטראַכטע קאָליזיעס פאַרמינערט בלויז די ווערט פונעם ווערק.

די צווייטע טײַנע, וועלכע מע קאָן האָבן צום אויטאָר, איז די איבערגעלאָדנקײַט מיט דעטאַלן. דער בוך אַנטהאַלט העכער 400 זײַטן — און זײַנע העלדן בלײַבן אף איין אָרט, אָן אַנטוויקלונג און אָן ווײַטערדיקער פּערספּעקטיוו.

יאָשע טשערנים

# דער לעבנס=פאַקט און דאָס פּאָעטישע געשטאַלט




הירש רעלעס לידער־בוך „אָפּקלאַנג פון צײַטן", וואָס דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" האָט אַרויסגעגעבן אין דער רוסישער איבערזעצונג, איז דורכגעדרונגען מיט עכטער אופריכטיקײַט, מיט א לויטערן בליק אף דער וועלט. אין א ליד, וועלכע הייסט „פונעם יאַריד" נוצט אויס דער אויטאָר דאָס באַוווּסטע שאָלעם־אַלייכעמישע געשטאַלט און באַטראַכט פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, שטרענג און א ביסל טרויעריק, זײַן לעבן. איז לאָמיר אויך, נאָכפאָלגנדיק דעם לירישן העלד, „דרייען די קינאָ־לענטע אף צוריק".

אייניקע לידער פון דער זאַמלונג זײַנען באַצייכנט נאָך מיט פאַרמילכאָמעדיקע דאַטעס, מיט די פּערציקער יאָרן. די קינדהײַט אינעם ווײַסרוסישן דאָרף טשאַשניקי, די סטודענטישע יאָרן אינעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, די מילכאָמע... א סאַך קאָן דער לייענער זיך דערוויסן פונעם דיכטערס לידער. נאָר מע דאַרף ניט פּלאָנטערן דאָס לעבן מיט פּאָעזיע. הירש רעלעסעס לירישער העלד איז לויט דער נאַטור א ראָמאַנטיקער, און צוזאַמען מיט אים ווערט באַגײַסטערט דער דיכטער און דערהייבט זיך איבער דער אַלטעגלעכקײַט, אָפּוועבנדיק זיך פונעם שטייגער צוליב דער דיכטונג. אין איינער פון די פּראָגראַם־לידער פונעם שפּעטערן פּעריאָד — „באַם פענצטער" (אין בוך איז די ליד ניט אַרײַן) שטרײַכט אונטער הירש רעלעס:

ס'איז יעדע זאַך נאָך שענער פונדערווײַטן —
און די אַזוי ראָמאַנטיש איז און גרויס.

אויב פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט — דעם ראָמאַנטישן — באַטראַכטן, לעמאָשל, דעם לידער־ציקל „אוראַלער ווינטער", וועלן מיר דאַן קאָנען פאַרשטיין דעם טאָך פון הירש רעלעסעס פּאָעזיע. דער ציקל „אוראַלער ווינטער", ווי די מערהײַט לידער פון דער זאַמלונג, איז אויטאָביאָגראַפיש, און דער

Г. Релес. «Отзвуки времени». Изд-во «Советский писатель», Москва. 1974.

אווטאָר באהאלט ניט אויס די דעטאלן און שטריכן פון זײַן ביאָגראפיע: ער, א סאָלדאט פון אן ארבעטס־באטאליאָן, וואלגערט ביימער אין דער טײַגע, און מיט דעם העלפט ער דעם פראָנט.

היים, מײַן טײַערע, אין בלוט ביסטו פארגאנגען.
כ׳פארמאך די אויגן, נאָר א פײַער ברענט,
וואָלט בעסער יעדער אייווער ווײ טאָן פון גראנגל,
איידער פון דער ווײַט פארברעכן זיך די הענט.

און ניט בלויז גופא דער לעבנס־פאקט אלס א באַרעכטיקונג פון יענער שטרענגער נויטווענדיקײַט אין דאָ פאראן, דאָ איז געגעבן אויך די פּאָעטישע באזיניקונג פון דעם פּראָסטן און אומבאמערקבארן העראָיזם, וועלכן ס׳האָבן ארויסגעוויזן ארבעטס־באטאליאָנען אין דער מילכאָמע.

ס׳איז א מערקווירדיק פּאָעטיש געשטאלט: דער אומקום פון לעבעדיקע ריזיקע יאָדלעס — פון די טײַגע־גיגאנטן — צוליבן זיג פון דעם לעבן! דער דיכטער פארמינערט ניט די ווערט פון זײַן מי אין דער טײַגע, ער איז זיכער, אז

אויב ס׳וועט אַמאָל אהער פארבלאָנדזשען די געשיכטע,
וועט זי אויך עפּעס דערציילן וועגן מיר.

כאָטש הירש רעלעס שרײַבט אינעם אוראלער ציקל, אז „די ערדישע צײַט דויערט ניט לאנג”, איז דאָס לעבן אָבער אין טאָך לאנגדויערנדיק, זיגזאגארטיק, און בא יעדן נײַעם שיידוועג קוקט דער דיכטער מיט האָפענונג אפן גרינעם לעבנס־געוויקס, וואָס האָט ארויסגעשפּראָצט באם וועג. די ליד „א צווײַגל”, אָנגעשריבן אין 1948, סימבאָליזירט, פון מײַן שטאנדפונקט, א געוויסן נײַעם גאנג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאן אין הירש רעלעסעס דיכטונג. אפן אָרט פון אן אלטן אָפּגעברענטן בוים איז ווידער דורכגעוואקסן א „צווײַגל — פון אופלעבונג א גרוס”:

דאָך ניט אלץ איז געוועזן פארלאָרן —
דאָס לעבן איז גויוער געווען:
א צווײַגעלע איז פון דער קאָרע
ארויס און די זון דערזען.
האָבן ווידער וואָרצלען טיפע
אופגעלעבט און דערפילט א קראפט:
איבערן שטאם טוט טריפן
פון אונטן־ארוף דער זאפט.
צופיל זאפט פארן צווײַגל. ס׳רינט איבער
און באגיסט דאָס ארומיקע גראָז.
און דער שטאם פילט זיך שוין, ווי א גיבער,
ער איז מוטיק און ווייסט פארוואָס.
ער קאָן ווידער זײַן וווקס דערגרייכן.
ניט אומזיסט איבער אים העלט דער רוים,
ווײַל שטיפנדיק, שטײַגט צו די הייכן
דאָס צווײַגל,
דאָס לעבן פון בוים.

דאָס געשטאלט פון באנײַונג פרייט שטענדיק דאָס הארץ. אין דעם דאָזיקן געשטאלט געפינען זיך די וואָרצלען פונעם אָפּטימיזם, וואָס זײַנען אזוי נייטיק פארן לעבן און פאר דער דיכטונג. ס׳איז באוווסט, אז אפילע די סאמע טרויעריקע ליד איז פייִק געבוירן אין הארצן די סאמע ליכטיקע שטרעבונגען און האָפענונגען. אָן דער דאָזיקער אייגנשאפט וואָלט די דיכטונג געווען טויט און אומנוצלעך. און אין רעלעסעס „א צווײַגל” איז פאראן דער אָנהייב פון זײַן לעבנסבאשטעטיקנדיקער פילאָסאָפיע, מיט וועלכער ער וועט, אגעוו, קומען צו זײַן סאכאקלדיקער ליד „פונעם יאריד”, וואָס ענדיקט זיך מיט דער שורע: „ס׳גלייבט זיך ניט, אז פון יאריד דו גייסט”.

רעלעסעס ליד „צוויי געטרײַע וועכטער פארמאָג איך...” איז, מעגלעך, איינער פון די כאראקטעריסטישע בײַשפּילן פונעם נײַעם טיפּ באלאדע, א געפּרעסטע, לאקאָנישע, ווו די האנדלונג ווערט באגרענעצט מיט די קעגנגעשטעלטע געשטאלטן:

בא יעדן קער, בא יעדן ריר
קימאט די גאנצע יאָרן
שטענדיק קריגן זיך אין מיר
צוויי שטרענגע קאָנטראָליאָרן.

אז מיר האָבן פאר זיך א באלאדע, דארף מען ניט דערווײַזן. אין דער ליד איז פאראן אי א סוזשעט, וואָס איז אייגנטימלעך, לעמאָשל, דער ענגלישער באלאדע, אי א ברייטער צײַט־דיִאפּאזאָן פון די געשעענישן. נאָר דעריקער, ס׳איז פאראן א שארפזיניקער געבוי פונעם סוזשעט, וואָס ענדיקט זיך מיט א לאָגישן אויספּיר. אינטערעסאנט אָפּצומערקן, אז אויך בא שמועל האלקינען איז פאראן א ליד אינעם ציקל „פאָלקס־מאָטיוון”, וועלכע הייסט „צוויי וועכטער”. נאָר דאָרט טראָגן די געשטאלטן פון די וועכטער — דאָס לעבן און דער טויט — א פאראלגעמייערונג פון גלאָבאלן כאראקטער. בא רעלעסן ווערט אין די לידער־באלאדעס באזונגען דער פּערזענלעכער מאָטיוו. דאָס האָט זײַן אייגן לעבן אונטערגעזאָגט דעם דיכטער א סוזשעט, אין וועלכן ס׳איז אויסגעדריקט בלויז דער ווידערשפּרוך פון זײַן מעטאָד (כאָטש פארן לייענער ווערט עס אונטערגעטראָגן אין דער פאָרם פון א שפּאס, מע קאָן אָבער אויך אײַנזען אין דעם א טייל עמעס). אייגנטלעך, דעם קאמף צווישן די הייסע שטרעבונגען פון דער נעשאָמע מיטן קאלטן סייכל איז א דערשײַנונג, וואָס דער דיכטער האָט אופמערקזאם נאָכגעשפּירט אינעם לעבן.

ניט געקוקט אף אייניקע דורכפאלן, האָט די רוסישע דיכטערן נ. גאָרסקאיא איבערגעזעצט די זאמלונג מיט א היפשער מאָס פּאָעטישקײַט. וויכטיק איז, וואָס אין די לידער איז טרעפלעך איבערגעגעבן דער ווײַסרוסישער קאָלאָריט און דעם אווטאָרס אינטאָנאציע.

לעוו פרוכטמאן

# „באַגינען"




פיניע קיריטשאַנסקי איז ניט קיין נײַער נאָמען אין אונדזער דיכטונג. די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן שוין געהאַט די געלעגנהײַט זיך צו באַקענען מיט זײַנע לידער.

קיריטשאַנסקי פאַרמאָגט אַ רײַכע שפּראַך, וואָס גייט פון די פאָלקס־טיפֿענישן, אָבער אייגנצײַטיק דערמיט האָט ער זײַן סטעזשקעלע, און אין זײַנע לידער איז ער געראָטן בלויז אַף זיך אַליין, כאָטש לערער אין דער ייִדישער דיכטונג פאַרמאָגט ער ניט ווייניק.

עס דערמאָנט זיך יענע צײַט, ערעוו דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, ווען צו אונדז אין רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „סאָוועטישע ליטעראַטור", אין קיִעוו, איז אַרײַנגעקומען אַ דאַר באָכערל, אַ באַשיידענער שילער פון דער געוועזענער ייִדישער שול נומער 17. ווען מע האָט אים געפרעגט, וואָס ער וויל, איז ער שטאַרק אָפּהענטיק געוואָרן, עפּעס אַ זאָג געטאָן און פאַרלאָזט דעם אָנגערייכערטן, רוישיקן קאָרידאָר. אַזוי עטלעכע מאָל, ביז מע האָט אופגעהערט לייגן אַף אים אַכט — מאַלע ווער עס קומט אַרײַן אין רעדאַקציע פון אַ זשורנאַל...

לייב קוויטקאָ האָט איינמאָל דאָס באַשיידענע באָכערל אָוועקגעזעצט אין אַ ווינקל לעבן זיך און, דערזען, אַז עס שטעקט פון יענעמס קעשענע אַ צעקנייטשט העפטל, האָט ער זיך צו אים אָנגערופֿן:

— נו, כעווערמאַן, שעם זיך ניט, באַווײַז, וואָס דו האָסט דאָרט אָנגעשריבן...

און דאָס באָכערל, באַגיסנדיק זיך מיט שוויס, מאַטערנדיק זיך, וואָס ער דאַרף לייענען פאַר אַזאַ באַרימטן שרײַבער, האָט מיט ניט קיין זיכערער שטים איבערגעלייענט אַ קינדער־ליד, וועלכע האָט באַ קוויטקאָן דאַפקע אויסגענומען.

עס איז צוגעקומען דאָוויד האָפשטיין, גענומען דאָס העפטל אין די הענט, אַ לייען געטאָן, באַטראַכט צעשטרייט דעם שילער און געפרעגט, פון וועלכע מעקוימעס ער שטאַמט. דערהערט, אַז פון קאָראָסטישעוו, האָט ער זיך צעשמייכלט:

— מײַנער אַ לאַנדסמאַן! ווײַבאַלד אַזוי, איז פאַרגעדענק, אַז קאָראָסטישעווער טאָרן ניט שרײַבן קיין שלעכטע לידער...

און דאָ האָט פיניע קיריטשאַנסקי באַקומען דעם ערשטן לימעד, וואָס עס איז אַזוינס עכטע דיכטונג און וויִאַזוי מע דאַרף האָרעווען, קעדיי דאָס וואָרט זאָל קלינגען אין דער ליד.

אין אַ צײַט אַרום איז ער נעלעם געוואָרן, און קיינער פון אונדז האָט זיך ניט געקאָנט אָנשטויסן, אַז דער יאַט איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר און איז אַוועק דינען אין דער רויטער אַרמיי.

אַף דער מילכאָמע צעשיידט זיך ניט קיריטשאַנסקי מיט זײַן העפטל, וואָס ווערט פאַרפולט מיט נײַע און נײַע לידער, געשריבענע אַף די פרישע שפורן פון דעם אָקאָרשט איבערגעלעבטן און געזעענעם. פון מאָל צו מאָל ווערן זײַנע לידער אינהאַלטרײַכער, ער האָט וואָס צו זאָגן דעם לייענער.

זיך אומגעקערט נאָכן זיג קיין קיִעוו, איז ער אַוועק אַרבעטן אַף אַן אונטערנעמונג. אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס באַווײַזן זיך זײַנע לידער. אין זיי פילט זיך דער שווערער אָטעם פונעם פראָנט, די גרויסע פרייד פון אונדזער ניצאָכן:

וויי ליב איז מיר אָט דער־אָ טראַקט,
וואָס פירט אַהיים מיך אַף אוקרײַנע,
ווו אײַנשלאָפן איך וועל געשמאַק
מיט אַלע האָפענונגען מײַנע.
כ׳וועל זיך אַ וואַלגער טאָן אין גראָז,
דאָרט, ווו אַ לאָשעקל זיך פּיטערט.
אַזויפיל בלוט האָט אָפּגעקאָסט,
כ׳זאָל אַף דער לאָנקע זײַן איצט ווידער.
דער לעצטער זאַלפ האָט אָפּגעהילכט,
עס וואָרקען אַפן דאַך שוין טויבן...

באַ קיריטשאַנסקין לייענען מיר לידער וועגן דער אופבויונג, וועגן צעלינאַ, וועגן ליבע און פרײַנטשאַפט, אָבער זײַן וויכטיקסטע טעמע איז די סאָלדאַטישע, דער קאַמף קעגן די פאַשיסטישע רעשטלעך, וואָס הייבן דאָ און דאָרט אוף דעם קאָפּ און קריכן אַרויס פון זייערע לעכער. דער דיכטער איז דורכגעגאַן דעם פראָנט און ווייסט, וויִאַזוי מע דאַרף קעמפן פאַרן שאָלעם אין דער וועלט:

מיט רו און מיט רײַפקײַט פּאַוואָליע
זיך הוידעט די גריקע אין פעלד,
און ס׳דוכט זיך מיר אויס, אַז דער שאָלעם
האָט דאָ אַף די פיס זיך געשטעלט.

ניט לאַנג צוריק איז אין קיִעווער פאַרלאַג „ראַדיאַנסקי פּיסמעניק" דערשינען קיריטשאַנסקיס ערשט ביכל לידער, איבערגעזעצט אין דער אוקראַיִנישער שפּראַך.

אָנגעהויבן האָט זיך די געשיכטע דערפון, וואָס אין שרײַבער־הויז, אין קיִעוו, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ ליטעראַרישער אָוונט פון עטלעכע ייִדישע דיכטער. אַף דעם אָוונט זײַנען געקומען אויך רוסישע און אוקראַיִנישע דיכטער, וועלכע באַציִען זיך מיט גרויס אָפּשײַ צו דער ייִדישער פּאָעזיע, און זיי האָבן ניט ווייניק אָפּגעטאָן, קעדיי צו באַקענען די אוקראַיִנישע און רוסישע לייענער מיט די לידער פון זייערע קאָלעגן.

פיניע קיריטשאַנסקיס לידער האָבן אַף דעם אָוונט אַרויסגערופן אַן אינטערעס באַ עטלעכע אוקראַיִנישע דיכטער. זיי האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן בעסער צו באַקענען זיך מיט דעם אייגנאַרטיקן דיכטער־

---

· П. Кириченський. Світання, поезії, переклад з єврейскої мови. «Радянський письменник», Київ, 1974.

סאָלדאט. איצט אין דערשינען אין זייער איבערזעצונג די זאמלונג „סוויטאַניאַ“, דה. „באגינען“.

די איבערזעצער האָבן זיך באמיט צו פארהיטן די מײַלעס פון דעם אָריגינאל — זײַן קאָלאָריט, זײַן כיין. מע דארף זאָגן, אז פיניע קיריטשאנסקין האָט אָפּגעגליקט. דער ייִדישער פערז איז אין „סוויטאַניאַ“ טראנספאָרמירט געוואָרן מיצאד אזעלכע מײַסטערס פונעם אוקראַיִנישן וואָרט, ווי דמיטראָ פּאווליטשקאָ, איוואַן דראטש, באָריס אָליינִיק, מיקאָלא אופּעניק, יורי פּעטרענקאָ, סטאניסלאַוו טעלניוק, אבראם קאצנעלסאָן, נאום טיכי, אנדריי מיאסטקיווסקי, וואָלאָדימיר פּידפּאלי, וואָלאָדימיר מאָרדאַן.

אין דער זאמלונג גייען ארײַן קיריטשאנסקיס בעסערע לידער, וועלכע זײַנען דורכגעדרונגען מיט אינטערנאציאָנאליזם, מיט ליבע צום סאָוועטישן היימלאנד, צו אוקראַיִנע.

אמבעסטן, דוכט מיר, איז אויסגעדריקט דער פּאטריאָטישער מאָטיוו אין דער פּאָעמע „שפּורן אַף דער ערד“ (איבערגעזעצט פון יורי פּעטרענקאָ):

Радянський краю! Батьківська земля!
В твоїх полях ступив я перший крок,
Мене твоє безмежжя окриля,
І кожен камінь, кожний колосок.

און ווײַטער זאָגט דער דיכטער:

Я все робив на поклик владний твій,
Заводи ставив, зрошував поля,
А вдарив грім — в землянці фронтовій
Мене вкривала посестра земля!
— — — — — — — — — — — — — — — —
Радянський край — це батьківський мій
дім,
Це Леніна священний заповіт!

די זאמלונג גיט א פאָרשטעלונג וועגן די מעגלעכקײַטן פונעם דיכטער. אין איר גייען ארײַן פראָנט־לידער און מאָטיוון פון דער הײַנטצײַטיקייט, פּאָליטישע און אינטים־לירישע לידער. דאָס ביכל איז א גוטער איידעס, אז אין דער פּערזאָן פון פיניע קיריטשאנסקין האָבן מיר א דיכטער, וועלכער געפינט זיך אין שעפערישן וווּקס. ער איז אין וועג, ער זוכט, שטרעבט צו נײַע קינסטלערישע הייכן.

דער אוקראַיִנישער דיכטער אנדריי מיאסטקיווסקי שטעלט פאָר אין זײַן ארײַנפיר־ארטיקל צו דער זאמלונג פיניע קיריטשאנסקין פארן אוקראַיִנישן לייענער:

„דער געוועזענער פראָנטאָוויק, איצט ארבעטער פ. קיריטשאנסקי שרײַבט, ווי מע זאָגט, לויטן בארוף פון זײַן הארצן. דער דיכטער ארבעט א סאך איבערן וואָרט, מיט וועלכן ער דערציילט אונדזערע מענטשן וועגן דעם ליכטיקן הײַנט, וועגן זײַן אייגענער ארבעט, וועגן דער לײַבלעכער סאָוועטישער אוקראַיִנע.

פ. קיריטשאנסקיס לידער רעגן דעם לייענער מיט זייער אופריכטיקײַט, קאָנקרעטקײַט און רעאלע געשטאלטן. די דיכטער — איבערזעצער האָבן זיך באמיט דערטראָגן צום אוקראַיִנישן לייענער די לידער פונעם דיכטער אזוי, ווי ער האָט זיי אָנגעשריבן.

פאר פ. קיריטשאנסקין שטייט נאָך פאָר א ווײַטער און שווערער וועג אין דער פּאָעזיע. ווען מיר אים ווינטשן גליק אַף דעם וועג“.

צו די ווערטער און גוטע ווונטשן פארייניקן מיר זיך פולקום.

הערשל פּאָליאנקער

# צוהילף די אטעיִסטן

עס זײַנען דערשינען די „אויסגעוויילטע ווערק וועגן געשיכטע פון רעליגיע“ פונעם באוווסטן געלערנטן נ. מ. ניקאָלסקי. זײַנע ארבעטן זײַנען שוין פון לאנג געוואָרן א ביבליאָגראפישע זעלטנהײַט, כאָטש פיל פון זיי שטעלן פאָר אויך איצט א גרויסן אינטערעס.

נ. מ. ניקאָלסקי האָט מיט דערפּאָלג געארבעט אין פארשיידענע געביטן פון דער וויסנשאפט — געשיכטע פונעם אוראלטן מיזרעך, קריטיק פון יודאַיִזם קריסטנטום און אנד.

פיל אופמערקזאמקײַט האָט ניקאָלסקי אלס היסטאָריקער אָפּגעגעבן דעם דערלערנען די געזעלשאפט פון די אוראלטע העברייער. נאָך ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט ער פאָרגענומען דעם ערשטן און דעם איינציקן אין יענע יאָרן פּרווו צו באווײַזן פון מארקסיסטישע פּאָזיציעס, אז די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט פון די אוראלטע העברייער איז געגאנגען אין העסקעם מיט די היסטאָרישע געזעצמעסיקײַטן. דאָס איז וויכטיק דערפאר, ווײַל אין דער בורזשואזער ליטעראטור ווערט אויך אין אונדזערע טעג אונטערגעשטראָכן, אז אין אוראלט האָט די ייִדישע געזעלשאפט ניט געוווסט פון קלאסנקאמף.

אינעם דערשינענעם בוך גייען ארײַן נ. מ. ניקאָלסקיס פיר ארבעטן. אין דער ערשטער — „די רעליגיע אלס אָביעקט פון וויסנשאפט“ — מאכט דער אווטאָר אן עקסקורס אין געביט פון דער אנטשטייונג פון דער וויסנשאפט וועגן רעליגיע, און די דאָזיקע ארבעט האָט א וויכטיקע באדײַטונג פארן קאמף קעגן די טעאָלאָגישע און אידעאליסטישע סכעמעס פון דער אנטשטייונג און דערלערנונג פון דער רעליגיע. ס'איז וויכטיק, ביפראט, נ. מ. ניקאָלסקיס געדאנק וועגן

Акад. Н. М. Никольский — Избранные произведения об истории религии. М., 1974.

דעם, אז „בלויז אַף א מאַטעריעלן יעסאָד קאָן מען דערגרייכן מער אָדער ווייניקער זיכערע רעזולטאַטן אַף צו באַגרינדן דעם וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צום דערלערנען רעליגיע".

די צווייטע אַרבעט אין דער זאַמלונג איז געווידמעט דער פּראָבלעם פון פיל געטער און איין גאָט אין דער יודאַיִסטישער רעליגיע. דאָס איז א צענטראַלע פראַגע אין דער ליטעראַטור וועגן יודאַיִזם, אַף וויפל די אידיי פון איין גאָט דינט שוין פון לאַנג די צילן פון די אַפּאָלאָגעטן פון דער רעליגיע און, קוידעמקאָל, דער רעאַקציאָנערער טעאָריע וועגן די יידן אַלס אַן אַטאָבעכאַרטאָנר־פאָלק. אײַנזעענדיק אינעם מאָנאָטעיִזם דעם הויפּט־אינהאַלט פון דער יודאַיִסטישער רעליגיע, פאַרבינדן אירע אַפּאָלאָגעטן מיט דער דאָזיקער אידיי די פּראָבלעם פון דער סאָציאַלער איבערבויונג פון דער איצטיקער געזעלשאַפט. זיי רעדן וועגן דער אידיי פון איין גאָט, ווי וועגן א קוואַל פון מענטשלעכער מאָראַל, ווײַל פון זייער שטאַנדפּונקט זײַנען די גלײַכהײַט פונעם מענטשן, די שטרעבונג צו שאָלעם, דעמאָקראַטיע — פאָלגן פונעם מאָנאָטעיִזם, און פאַרקערט, שקלאַפערײַ, מילכאָמעס, אונטערדריקונג זײַנען פאַרבונדן מיטן גלויבן אין פיל געטער. אין אָט דער שײַן איז באַזונדערס וויכטיק אויסצוקלאָרן דאָס עמעסע בילד פון דער אַנטשטייונג פון דער אידיי וועגן איין גאָט, דעמאַסקירן די באַהויפּטונג וועגן דעם, אַז דאָס איז אַן אייביקע אידיי אין דער יודאַיִסטישער רעליגיע. טאַקע דערפאַר האָט דער גענויער אַנאַליז פון דער דאָזיקער פראַגע, וועלכע דער געלערנטער האָט געמאַכט נאָך אין 1931, דאָס דעמאַסקירן די „לעגענדע וועגן אייביקן יידישן מאָנאָטעיִזם" ניט אָנגעווירן די באַדײַטונג אויך איצט.

מע דאַרף אָפּמערקן, אַז ניט אַלץ אין דער דאָזיקער אַרבעט קאָן אָנגענומען ווערן פון די פּאָזיציעס פון דער הײַנטצײַטיקער וויסנשאַפט. עפּעס־וואָס איז פאַרעלטערט געוואָרן, אין א ריי פאַלן לײַדן די אויספירן פון סכעמאַטיזם. אַזוי, אַשטייגער, איז פעלערהאַפט די כאַראַקטעריסטיק פון דער געזעלשאַפט פון די אוראַלטע העברייער אַלס פעאָדאַלע.

אָבער דערווידערנדיק קעגן אייניקע שטעלן אין אָט דער אַרבעט פונעם געלערנטן, קאָן מען ניט בישט מאַסקים זײַן מיט זײַן פּרינציפּיעל וויכטיקן אויספיר וועגן דעם, אַז „די ייִסראָעלדיקע און יודאַיִסטישע רעליגיע שטעלט ניט פאָר מיט זיך קיין וועלכן־ניט־איז היסטאָרישן נעס, נאָר זי האָט דורכגעמאַכט די זעלבע אַנטוויקלונג־סטאַדיעס, ווי יעטווידע אַנדערע רעליגיע".

מע דאַרף אָפּמערקן אַלס איינע פון די וויכטיקסטע מײַלעס פון אָט דער אַרבעט די לײַדנשאַפטלעכקײַט, מיט וועלכער ניקאָלסקי קעמפט קעגן די קלעריקאַלן, ווען זיי פּרוּוון אויסנוצן די אידיי פון מאָנאָטעיִזם צוליב סאָציאַלער דעמאַגאָגיע.

אין דער אַרבעט „די אַלוועלטלעכע און סאָציאַלע איבערקערעניש לויט די אָנשויונגען פונעם פריִען קריסטנטום" באַטראַכט ניקאָלסקי די עסכאַטאָלאָגישע פאָרשטעלונגען אין פעריאָד פון דער אַנטשטייונג פון דער קריסטלעכער רעליגיע, דאָס הייסט מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר צוריק. אין די דאָזיקע פאָרשטעלונגען וועגן א קינפטיקער קאַטאַסטראָפע און וועגן עק וועלט זעט דער אַווטאָר ריכטיק אײַן אָפּשפּיגלונג פון די דערוואַרטונגען און האָפענונגען פון פאַרשיידענע גרופּעס באַפעלקערונג פון דער רוימישער אימפּעריע, די שטרעבונג פון די עקספּלואַטירטע מאַסן צו גערעכטיקײַט, וואָס שליסט אין זיך אײַן א באַשטראָפונג פון די באַצווינגער, און די טרוימען וועגן א צײַט, ווען „עס וועט אופלויכטן א נײַע זון פון פריידיקער מי".

פון נ. מ. ניקאָלסקיס באַוווּסטן בוך „ייִדישע און קריסטלעכע יאָמטויוויים, זייער אַנטשטייונג און געשיכטע" איז אין דער זאַמלונג אײַנגעשלאָסן בלויז דער אָפּטייל וועגן די קריסטלעכע יאָמטויוויים. אַזא קירצונג זעט אונדז אויס צו זײַן ניט באַרעכטיקט, ווײַל די יודאַיִסטישע רעליגיע מיט איר קולט זײַנען הײַנט־צו־טאָג אַקטיוו און אָנגרײַפעריש.

צום שלוס דאַרף נאָכאַמאָל געזאָגט ווערן, אַז כאָטש א ריי האַנאָכעס אין נ. מ. ניקאָלסקיס ווערק זײַנען באַ הײַנטיקן טאָג פאַרעלטערט, האָבן זײַנע אַרבעטן א היפשע ווערט פאַר אַלעמען, ווער עס אינטערעסירט זיך מיט דער געשיכטע פון רעליגיע און מיט די פראַגן פון אַנטירעליגיִעזער פּראָפּאַגאַנדע.

ארן ווינאָקור



מיט א צײַט צוריק האָט „סאָוועטיש היימלאנד“ דערציילט וועגן די פּאָליטישע פּארטייען פון ייִסראָעל (נום. 3 און 4 פאר הײַנטיקס יאָר). אזא אינפאָרמאציע גיט אונדז די מעגלעכקײַט ריכטיק אָפּצושאצן, פון אונדזער מארקסיסטישן שטאנדפּונקט, די געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע קויכעס אין דער הײַנטצײַטיקער ייִסראָעלדיקערווירקלעכקײַט.

מיר זײַנען שוין געווינט, אז „סאָוועטיש היימלאנד“ היט אָפּ אין זײַנע מאטעריאלן דעם פּרינציפּ פון אקטועלקײַט. אפּאָנעם, אויך אין ייִסראָעל זײַנען פאר דער לעצטער צײַט פּאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען אין דער דאָזיקער הינזיכט. און דעריבער בעטן מיר אײַך דערציילן, וואָס עס קומט פאָר אין די ייִסראָעלדיקע פּאָליטישע פּארטייען הײַנט־צו־טאָג.

**אוזי בורשטיין**
(ייִסראָעל)

# „טויבן“ קעגן „שפּארבערס“

## דיסקוסיעס און ענדערונגען אין די ייִסראָעלדיקע פּארטייען

לעצטנס זײַנען מיר איידעס פון ענדערונגען, שפּאלטונגען און שארפע דיסקוסיעס אין דער מערהײַט בורזשואזע פּאָליטישע פּארטייען פון ייִסראָעל. ווײַזט אויס, אז ביז הײַנט פילט נאָך די ייִסראָעלדיקע געזעלשאפט דעם דערשיטערנדיקן אײַנדרוק פון דער אָקטיאבער־מילכאָמע פון 1973, וועלכע האָט א סאך מענטשן אויסגעניכטערט פון דער שיקרעס פון „גווורע“, אָקופּאציעס און מיליטערישע קאמפּאניעס. די מאפּאָלעס פון פּשא אין דאָרעם־מיזרעך אזיע און דער עקאָנאָמישער קריזיס, וועלכער באהערשט די קאפּיטאליסטישע וועלט, — אויך זיי האָבן אן אײַנפלוס.

אמבוילעטסטן פילט זיך די צעטיילונג (אין „ליקוד“, אין „מאאראך“, אין די רעליגיעזע פּארטייען) צווישן די אזויגערופענע „טויבן“ און „שפּארבערס“.

דאָסראָוו מענטשן מיט דער „טויבן“־אָנשויונג זײַנען געקומען צו דער איבערצײַגונג, אז די קאָנצעפּציע, לויט וועלכער ייִסראָעל קען פאָרזעצן דעם „סטאטוט קוואָ“ פון אָקופּאציע און פארייביקן די פארכאפּטע אראבישע טעריטאָריעס, האלט ניט אויס דעם עקזאמען פון דער ווירקלעכקײַט. לויט זייער מיינונג דארף ייִסראָעל פאָרנעמען שריט פאר א שאָלעם. טיילוויַיז פאָדערן זיי פון דער רעגירונג „צוגרייטן מאפּעס“, אָנצייכענענדיק די ליניעס, צו וועלכע ייִסראָעל איז גרייט אָפּצוטרעטן. ווי ס'איז צו זען, האלטן זיך די „טויבן“ אויך בא דער מיינונג, אז א טייל פון די אָקופּירטע שעטאָכים דארף מען ניט אָפּגעבן. די דאָזיקע קרײַזן פארשטייען נאָך ניט דערווײַל, אז א סטאבילער און גערעכטער שאָלעם איז מעגלעך אויסשליסלעך אפן יעסאָד פונעם ייִסראָעלדיקן צוריקצוג פון אלע אָקופּירטע אין דער יון־מילכאָמע פון 1967 שעטאָכים און פון אנערקענען די געזעצלעכע רעכט פונעם פּאלעסטינער אראבישן פאָלק, אײַנשליסלעך די רעכט אופצושטעלן זײַן מעלוכע בישכיינעס מיט מעדינאס־ייִסראָעל אין די גרענעצן פונעם 4־טן יון 1967.

די פירער פון „כיירוט“, דעם עקסטרעמען פליגל פון „ליקוד“, וועלכע דערקלערן זיך פאר קאָנסעקווענטע „שפּארבערס“, שטעלן זיך קעגן יעטווידער עוואקואציע פון די אָקופּירטע טעריטאָריעס און פירן א העצע פאר א נײַער מילכאָמע. זיי דריקן אף דער רעגירונג פון י. ראבין, זי זאָל ניט מאכן קיין שום שריט אין דער ריכטונג פון א רעגולירונג מיט די אראבישע מעדינעס, סאבאָטירן יעדע אָנשטרענגונג פארן שאָלעם. אין די רייען פון „ליקוד“ הערן זיך

אבער אלץ מער און מער שטימען, דעריקער צווישן די „ליבעראלן", וועלכע טרעטן ארויס פאר א טיילווײַזן צוריקצוג פון די שטעטאכים, פאר א טיילווײַזער רעגולירונג. פון צײַט צו צײַט קומען פאר שארפע דיסקוסיעס, וועלכע פירן אפילע צו שפאלטונגען, ווי, לעמאשל, די שפאלטונג אין אזויגערופענעם „פרײַען צענטער".

אן ענלעכע לאגע איז צו מערקן אין דער נאציאנאל־רעליגיעזער פארטיי "מאפדאל" (מפד"ל). ווי באוווסט, טרעט די דאזיקע פארטיי ארויס אין דער עפנטלעכקײַט ווי א שפארבערישע און שאוויניסטישע, באזונדערס זינט דער מילכאמע פון יוני 1967, ווען עס האט זיך פארשטארקט דער שאוויניזם און נאציאנאליזם, באגלייט מיט רעליגיעזער מיסטיק ארום דער „באפרײַונג פון די הייליקע ערטער". די דאזיקע פארטיי שטעלט זיך קעגן אומקערן די פארכאפטע געביטן, און אף דעם דאזיקן פאן איז אנטשטאנען דער בלאק „אימונים".

דאס אינטערעסאנטסטע איז דאפקע, וואס אין אט דער פינצטערער און שאוויניסטישער אטמאספער האבן לעצטנס זיך באוויזן אזעלכע טוער, ווי אווראם מעלאמעד און מוישע אונא, וועלכע בילדן אויס דעם קרײַז פון די „טויבן" אין מפד"ל. זיי מאטיווירן זייער שטעלונג מיט דער נויטווענדיקײַט, אז אין דער עפנטלעכקײַט זאל מען ניט זען אין יעדן רעליגיעזן מענטשן א „שפארבער". די מענטשן פון דעם דאזיקן קרײַז זײַנען פאר א טיילווײַזן צוריקצוג און פאר א געוויסער איניציאטיוו צוליב דעם שאלעם. ווי באקאנט, טרעט ארויס דער קנעסעט־דעפוטאט אווראם מעלאמעד אויך אין דער ראם פונעם איניציאטיוו־קאמיטעט פאר אויסבעסערן די באציונגען מיטן ראטנפארבאנד.

די מערהײַט אין דער זעלבשטענדיקער ליבעראלער פארטיי (ל"ע) באשטייט פון „טויבן". די אנפירער פון דער פארטיי פאדערן פון דער רעגירונג מאפעס, וועלכע זאלן ווײַזן אף א קלארן אופן די גרייטקײַט אפצוטרעטן פון די אקופירטע שטעטאכים. ס'איז דערגאנגען אזוי ווײַט, אז דער פרעמיער־מיניסטער האט אף א זיצונג פונעם קאבינעט געמאכט אן אויסרייד דעם מיניסטער מ. קאל, א פארשטייער פון „ל"ע", און אים באשולדיקט, אז ער רעדט צופיל אין דער עפנטלעכקײַט וועגן זײַנע טענעס צו דער רעגירונג, אין וועלכער ער איז א מיניסטער. די טענעס, ווי באוווסט, זײַנען, אז יִסראעל טוט גארניט פאר א שאלעם־רעגולירונג. אין דער אנפירונג פון „ל"ע" פירט זיך א שארפער וויקועך ארום דער דאזיקער פראגע.

מיט דער פארשארפונג פונעם געזעלשאפטלעכן קריזיס אין יִסראעל ווערן געמאכט פרווון צו ארגאניזירן נײַע פאליטישע שטרעמונגען. איינע פון זיי איז די באוועגונג „יאאד", בעראש מיטן געוועזענעם גענעראל־סעקרעטאר פון דער ארבעטס־פארטיי, וועלכע באשטייט פון אפגעגאנגענע פון אט דער פארטיי און פון אנהענגער פון „ר"צ" (באוועגונג פאר די רעכט פון בירגער, מיט וועלכער ס'פירט אן דער דעפוטאט פון קנעסעט שולאמיס אלוני). אינעם דאזיקן קרײַז גייען אריין רעאליסטיש־דענקענדיקע געזעלשאפטלעכע טוער, פארשטייער פון דער אינטעליגענץ.

אין דער פראגראם פון „יאאד" ווערט בעפיירעש געזאגט וועגן דער באדערפעניש ארויסצוּווײַזן איניציאטיוו פאר דערגרייכן דעם שאלעם, וועגן „טעריטאריעלע פשארעס" לויטן פרינציפ פון אפטרעטן פון די שטעטאכים. ל. עליאוו האלט אויך, אז מע דארף אנערקענען די רעכט פונעם פאלעסטינער אראבישן פאלק. אין די ארויסטרעטונגען פון די „יאאד"־טוער זײַנען פאראן פארשיידענע ניואנסן. דאוויד שאכאם, לעמאשל, האט לעצטנס געלויבט דאס ארטיקל פון איינעם פון די פירער פון דער פאלעסטינער באפרײַונגס־באוועגונג, כאמאמי, וואס איז פארעפנטלעכט געווארן אין לאנדאנער „טײַמס". דאוויד שאכאם קריטיקירט די יעניקע אין יִסראעל, וועלכע האבן איגנארירט דאס דאזיקע ארטיקל, וועמענס אוטאר עס טרעט ארויס פאר אופשטעלן א פאלעסטינער מעלוכע בישכיינעס מיט מעדינאס־יִסראעל אפן יעסאד פון גוטע שכיינעסדיקע באציונגען צווישן ביידע לענדער („דאוואר", 23 מארט 1975).

די „יאאד"־באוועגונג איז א טראט אין דער געהעריקער ריכטונג, ווײַל זי שטיצט זיך אף א „טויבן"־פראגראם, אף דער קעגנערשאפט צו א מילכאמע אלס מיטל צו לייזן פראבלעמען אינעם ראיאן. ניט אומזיסט האט אזא „שפארבער", ווי אמנאן רובינשטיין, זיך אפגעזאגט אנצושליסן זיך אין דער דאזיקער באוועגונג; פון זינט דער מילכאמע פון אקטיאבער 1973 פארטיידיקט ער די רעגירונגס־פאליטיק פון אקופאציע און מילכאמע. רובינשטיינס אנטידעמאקראטישע שטעלונג איז, צווישן אנדערס, געקומען צום אויסדרוק אין זײַנע ארטיקלען קעגן פראפ. יִסראעל שאכאק.

אפן איצטיקן עטאפ איז פארן „יאאד" כאראקטעריסטיש די אפוועזנהײַט פון פאליטישער קלארקײַט, ווי אויך אנעקסיסטישע מאמענטן אין דער פראגראם. אזוי, לעמאשל, האט שולאמיס אלוני ניט לאנג צוריק זיך ארויסגעזאגט קעגן אפטרעטן פון שארם־א־שייך.

ניט געקוקט אבער אף די ערנסטע פעלערן און בלויזן, האט די עצעם אנטשטייונג פון „יאאד" געהאט אן ערנסטן אײַנפלוס אף דער געזעלשאפטלעכער אטמאספער אין דער מעדינע און האט אפילע ארויסגערופן א צעטרייסלונג אין „מאאראך" און ספעציעל אין מאפאם. אויב ליאווא עליאוו, ביז ניט לאנג איינער פון די לידערס פון דער ארבעטס־פארטיי, האט מער ניט געקענט זיצן אין איין פראקציע מיט די „שפארבערס" פערעס און דאיאן, שטייט דאך די דאזיקע פראגע אין איר פולער שארפקײַט פאר די מיטגלידער פון מאפאם.

ווי מע האט געקאנט פאריסזען, האט די אנטשטייונג פון „יאאד" ארויסגערופן א שטורמישע דיסקוסיע אין מאפאם, וואס עס האט גע־

בראַכט צו אַ פּאָליטישער באַהאַנדלונג אין דער אָנפירונג פון „מאַאראַך״. בײַס דער באַהאַנדלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 13־טן מײַ 1975, זײַנען געקומען צום אויסדרוק די שאַרפע כלוקע־דייעס, וועלכע עקזיסטירן אין דער צונויפגעשטוקעוועטער פון פאַרשיידענע פּאַרטייען רעגירונגס־פּראָגראַם „מאַאראַך״. די קנעסעט־דעפּוטאַטן עליעזער ראָנען (מאַפּאַם), יויסי שאַריד, ייִצכאַק בען־אַראָן (אַכדות אַוואָדאַ), האָבן געפאָדערט אַ צוריקקער פון דער מערהײַט אָקופּירטע שטעטאָכים און האָבן שאַרף קריטיקירט די פּאָליטיק פון דער רעגירונג. אויך דער געוועזענער אויסערן־מיניסטער פון דער מעדינע אַבאַ עבאַן האָט קריטיקירט די אומטעטיקײַט פון דער רעגירונג אין פראַט פון ליקווידירן דעם ייִסראָעל־אַראַבישן קאָנפליקט און האָט געפאָדערט אַרויסווײַזן איניציאַטיוו פאַר שאָלעם.

אין דער דאָזיקער באַהאַנדלונג האָבן אָנטיילגענומען אויך מיניסטאָרן און „שפּאַרבערס״ פון ראַפי און אַכדות אַוואָדאַ, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די פּאָליטיק פון „ניט אָפּגעבן קיין איין טראָט״. ייִצכאָק ראַבין האָט אין זײַן אַרויסטרעטונג זיך געשטיצט אַף דער „טוירע שעבאַל פּע״ (מינדלעכער טוירע) און אַפן גאַלילי־דאָקומענט, דה. אַפן „שפּאַרבער״־דאָקומענט, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער אַרבעטס־פּאַרטיי נאָך פאַר דער אָקטיאַבער־מילכאָמע פון 1973, און די ווירקלעכקײַט האָט געצוווּנגען דעם מאַאראַך פאַקטיש אַרײַנלייגן אים אין אַרכיוו.

אויב אורטיילן לויט דער אָפּשאַצונג פונעם זשורנאַליסט דאַן קיסלעוו אין „האַאַרעץ״ (30 מײַ 1975), ווײַזט זיך אַרויס, אַז די „טויבן״ זײַנען אַ מערהײַט אין דער אָנפירונג פון מאַאַראַך. נאָך דעם, אָבער, ווי די באַהאַנדלונג האָט זיך געענדיקט אָן אַ רעזומירונג, ווערט אַלץ פאָרגעזעצט אין די אַלטע דראָכים. די אָנגעווייטיקטע פראַגעס זײַנען געבליבן ניט פאַרענטפערט.

אַלע האָפענונגען, וואָס מע האָט געלייגט אַף ראַבינען און זײַן קאַבינעט, מיינענדיק, אַז דאָס וועט זײַן אַ רעגירונג, וועלכע וועט פירן אַ מער רעאַליסטישע פּאָליטיק, ווי איר פאָרגענגערן, זײַנען פולשטענדיק אויסגערונען געוואָרן. אַ באַווײַז איז דאָס, וואָס דער עקסטרעמיסטישער גענעראַל אַ. שאַראָן איז באַשטימט געוואָרן אַלס ראַטגעבער פונעם פּרעמיער־מיניסטער נאָך דעם, ווי אַ צווייטער מילכאָמע־אונטערהעצער, גענעראַל זעעווי, איז שוין געוואָרן ראַטגעבער פאַר איניאָנים פון אינפאָרמאַציע און אויסשפּיר. אַזעלכע אייצעגעבערס קענען בלויז שטויסן צו פּראָוואָקאַציעס, בלוט־פאַרגיסונגען, טעראָר און מילכאָמע. ווער פאַרטיידיקט איצט ראַבינען און זײַן רעגירונגס־פּאָליטיק מערער, ווי דאָס טוט בעגין? ווער האָט פאַרטיידיקט די רעגירונג פון דער קריטיק מיצאַד אַבאַ עבאַנען, אויב ניט די „כיירוט״־לײַט און די עקסטרעם־רעכטע, וועלכע ווייסן גוט, אַז ראַבין גרייט צו דעם באָדן פאַר אופשטעלן אַ רעגירונג פון „נאַציאָנאַלער אייניקײַט״, אַנדערש גערעדט, אַ מילכאָמע־רעגירונג.

פאַר די „טויבן״ אין דער אָנפירונג פון „מאַאַראַך״, וועלכע ווילן אָן ענדערונג, שטייט די ברירע — קעמפן פאַר אַ פאַקטישן קער אינעם פּאָליטישן קורס פון זייער פּאַרטיי, אָדער לאָזן זיך קײַקלען צום „ליקוד״. ניט מיט דער „שפּאַרבערישער״ אָנפירונג, ניט מיט דער „מינדלעכער טוירע״ און אַוואָדע ניט מיטן „גאַלילי־דאָקומענט״ וועט קומען די רעטונג פאַר דער אַרבעטס־פּאַרטיי. אויב די לאַגע וועט אָנהאַלטן אַזוי, ווי איצט, גרייט צו די אָנפירונג פון דער דאָזיקער פּאַרטיי דעם באָדן פאַר באַהערשט ווערן מיצאַד די עקסטרעם־רעכטע. זיכער וויל דאָס ניט די גרעסטע מערהײַט פון די מיטגלידער פון „מאַאראַך״.

מע דאַרף האָפן, אַז די אַנטוויקלונג פון אַ מער רעאַליסטישן צוגאַנג צו דער לאַגע אין דער וועלט און אין ראַיאָן פונעם נאָענטן מיזרעך וועט זיך אויסברייטערן אויך אַף די ייִסראָעלדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען, און די טויער, וועלכע רעכענען זיך אין לאַגער פון די „טויבן״, וועלן פאַרשטיין אין וואָס עס באַשטייט די עמעסע באַזע פאַר אַ פעסטן און גערעכטן שאָלעם.



ווײַז פאַרעפנטלעכט א גענויע באַשרײַבונג פון זײַן לעבן און טעטיקײַט. ער איז געשטאָרבן אין 1874 (אין עלטער פון 88 יאָר) אין טשופוט־קאַלע. זײַן הויז איז פאַרוואַנדלט אין א מוזיי.

די צווייטע פירקאָוויטש־קאָלעקציע האָט די פּעטערבורגער עפנטלעכע ביבליאָטעק אָפּגעקויפט בא זײַנע יאָרשים אין 1876, שוין נאָך זײַן טויט.

דער קאָלאָסאַלער אויצער פון פירקאָוויטשעס זאַמלונגען באַשטייט לעפּערעך פון 15 000 דאָקומענטן אָף פאַרשיידענע שפּראַכן: העברעיִש, אַראַמעיִש, אַראַביש, שומרוניש, טערקיש און אנד. דאָס איז איינע פון די גרעסטע מאַנוסקריפּטן־זאַמלונגען אין דער וועלט[1].

אין דער וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג פון פירקאָוויטשעס זאַמלונגען האָבן אין משך פון העכער הונדערט יאָר זיך באַטייליקט פאָלגנדע געלערנטע: א. י. האַרקאַווי, אַקאַדעמיקער פּ. ק. קאָקאָווצאָוו, ד. א. כוואָלסאָן, ג. ל. שטראַק, א. י. באָריסאָוו, י. אי. כאַווערבע, ב. א. דאָרן, י. כ. גורליאַנד ד. ג. מאַגיד און אנד.

פאַר די לעצטע יאָרן (אָנהייבנדיק פון 1960) איז קענטיק אויפגעלעבט געוואָרן די פאָרשונגס־אַרבעט און די שטודירונג פון פירקאָוויטשעס זאַמלונגען. עס זײַנען פאַרעפנטלעכט אַן ערעך 30 אַרבעטן פון סאָוועטישע געלערנטע, ספּעציעל געווידמעט די דאָזיקע מאַנוסקריפּטן. אין 1968—1970 האָבן די סאָוועטישע געלערנטע פאַרטיידיקט קאַנדידאַטן־דיסערטאַציעס אָף די מאַטעריאַלן פון פירקאָוויטשעס זאַמלונגען:

ג. גלוסקינא האָט אָנגערופן איר דיסערטאַציע „אומבאַוווּסטע מאַנוסקריפּטן פון יעהודאַ אַלכאַריזי״;

וו. לעבעדיעוו — „דענקמעלער פון דער אַראַבישער פאָלקס־דיכטונג אין פירקאָוויטשעס זאַמלונגען״;

ל. ווילסקער — „די פאָרשונג פון דער שומרונישער שפּראַך״ (די דיסערטאַציע איז פאַרעפנטלעכט אין א בוך־פאָרם. פאַרלאַג „נאַוקאַ״, מאָסקווע, 1974).

אין די לעצטע יאָרן פאַרנעמט זיך מיט שטודירן און באַשרײַבן די מאַטעריאַלן פון פירקאָוויטשעס זאַמלונגען א טאַלמיד פונעם פּראָפ. י. נ. וויניקאָוו, דער וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פון דער מאַנוסקריפּטן־אָפּטיילונג פון דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק וויקטאָר לעבעדיעוו.

בא הײַנטיקן טאָג זײַנען פאַראַן פאָלגנדע קאַטאַלאָגן, זוך־צעטלען פאַר די מאַטעריאַלן פון פירקאָוויטשעס זאַמלונגען אין דער לענינגראַדער עפנטלעכער ביבליאָטעק:

געדרוקטע קאַטאַלאָגן פון די ביבל־מאַטעריאַלן פון דער ערשטער קאָלעקציע, אַווטאָר — א. י. האַרקאַווי און ג. ל. שטראַק, 1875; געדרוקטע קאַטאַלאָגן פון מאַטעמאַטישע און אַסטראָנאָמישע מאַנוסקריפּטן פון דער ערשטער קאָלעקציע, אַווטאָר — י. כ. גורליאַנד, 1866; געדרוקטע קאַטאַלאָגן פון די מאַנוסקריפּטן פונעם שומרונישן כומעש, אַווטאָר — א. י. האַרקאַווי, 1875; געדרוקטע קאַטאַלאָגן פון זעקסטן און אַכטן אָפּטיילן פון דער שומרונישער קאָלעקציע, אַווטאָר — א. י. באָריסאָוו, 1966; געדרוקטע קאַטאַלאָגן פון צענטן אָפּטייל פון דער שומרונישער קאָלעקציע, אַווטאָר — ל. כ. ווילסקער; א ריי איבערזיכטן איבער דער גאַנצער פירקאָוויטש־קאָלעקציע און פון באַזונדערע אירע אָפּטיילן, וועלכע עס האָבן צונויפגעשטעלט דאָרן, כוואָלסאָן, האַרקאַווי און שטראַק.

א גענויע און אַלזײַטיקע באַשרײַבונג פון פירקאָוויטשעס קולטור־ירושע און פון זײַן אויפטו קאָן מען געפינען אין פאָלגנדע אַרטיקלען: „די ירושע פון ווײַטע דורות״, אַווטאָר — זאַלמען קאַהאַן, זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״, נומ. 12, 1969; „די מאַנוסקריפּטן פון פירקאָוויטשעס קאָלעקציעס אין דער מעלוכישער עפנטלעכער ביבליאָטעק אָף מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען״ אינעם זאַמלבוך „שריפטלעכע מיזרעך־דענקמעלער, 1970״, אַווטאָר — דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן קלאַווּדיאַ סטאַרקאָוואַ, פאַרלאַג „נאַוקאַ״, מאָסקווע, 1974.

[1] דאָ איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז ביז דער מיטן פונעם XIX יאָרהונדערט האָט די רוסישע העבראַיִסטיק ניט פאַרמאָגט קיין גרויסע זאַמלונגען פון ייִדישע מאַנוסקריפּטן. — דער „אַזיִאַטישער מוזיי״, וואָס איז דערעפנט געוואָרן אין פּעטערבורג אין 1818, האָט פאַרמאָגט איין־איינציקן ייִדישן מאַנוסקריפּט.

## צום אָנדענק פון א כאַווער



אין מינסק איז געשטאָרבן דער וועטעראַן פון דער סאָוועטישער ייִדישער זשורנאַליסטיק, איינער פון די אַווטאָרן פון אונדזער זשורנאַל יאַנקל רובענטשיק.

י. רובענטשיק איז געבוירן געוואָרן אין 1903 אין א מישפּאָכע פון האָרעפּאַשניקעס. א קאָמיוגיסט פון 1918, איז ער געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאָמוניסטישער יוגנט־באַוועגונג אין ווײַסרוסלאַנד. ער האָט רעדאַגירט די יוגנטלעכע צײַטונג „דער יונגער אַרבעטער״, געאַרבעט אינעם זשורנאַל „יונגוואַלד״. לויט זײַן איניציִאַטיוו איז בא דער צײַטונג „יונגער אַרבעטער״ אָרגאַניזירט געוואָרן א ליטעראַרישע גרופּע, וועלכע האָט דערצויגן אַזעלכע טאַלאַנטפולע שרײַבער, ווי מוישע טייף, נאָטע לוריע, נאָטע ווײַנהויז, מענדל ליפּשיץ, ריווקע רובין.

פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט פון זשורנאַליסטיק אין מאָסקווע אין 1929, פאַרנעמט י. רובענטשיק א ריי אָנפירנדיקע פּאָסטנס אין דער סאָוועטישער און פּאַרטייִשער פּרעסע פון ווײַסרוסלאַנד. די פּובליציסטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקײַט זעצט ער פאָר ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן.

קאָוועד זײַן אָנדענק!

■

## ל ײ ב  װ י ל ס ק ע ר

װיסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער פֿון דער
לענינגראַדער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק

# אומבאַװוּסטע „אױסדערװײלטע אַפֿאָריזמען פֿון פֿילאָסאָפֿן"

**.54 השוה המות בין הנכבד והנקלה במשכב העפר.**
(אַ פּערזענטער פֿילאָסאָף האָט געזאָגט): װען מענטשן ליגן אין דער ערד, באַטײַט עס, אַז דער טויט האָט געמאַכט גלײַך דעם רײַכן און דעם אָרעמען.

**.55 ומי שהיה נזון במיטב המאכלים הוא מזון לארץ.**
(אַ פּאָפּצנטער פֿילאָסאָף האָט געזאָגט): דער, פֿאַר װעמען מע פֿלעגט צוגרײטן די בעסטע מײַכאָלים, איז איצט אַלײן שפּײַז פֿאַר דער ערד.

**.56 אין הטוב משימנע מעשות רע אבל הטוב מי שיעשה הטוב.**
ניט דער איז דער גוטער, װאָס טוט ניט קײן שלעכטס, נאָר דער, װאָס טוט גוטס.

**.57 אל תבטח במי ששחק לפניך.**
פֿאַרלאָז זיך ניט אױף דעם, װאָס האָט פֿאַר דיר (עמעצן) אױסגעלאַכט.

**.58 לא ידאג מן הגדוף למי שתקל עליו נפשו.**
דעם, װאָס שעצט זיך װײניק, פֿאַרדריסט ניט, אַז מע זידלט אים.

**.59 העושר יחס למי שאין לו יחס.**
רײַכקײַט איז אַ ייִחוס בײַ דעם, װאָס פֿאַרמאָגט ניט קײן אַנדער ייִחוס.

**.60 מומך נסתר בעת שיעזרך מזלך.**
דײַן פֿעלער בלײַבט אומבאַמערקט, װען ס'לױכט דײַן מזל.

**.61 ראוי למחזיק בחכמה שלא יירא אדם.**
דער, װאָס פֿירט זיך קלוג, דאַרף פֿאַר קײנעם ניט מורא האָבן.

**.62 גוף בלי חכמה כבית בלי יסוד.**
אַ קערפּער אָן פֿאַרשטאַנד איז װי אַ שטוב אָן אַ פֿונדאַמענט.

**.63 האדם חכם בעודנו מבקש החכמה וכאשר יחשוב שהגיע עד תכליתה הוא סכל.**
דער מענטש איז קלוג, כּל־זמן ער פֿאָרשט און דערלערנט, נאָר װען ער מײנט, אַז ער האָט שױן אַלץ אױסגעלערנט, איז ער אַ שױטה.

**.64 מה טוב מעשה תתיפהו חכמה ומה טובה חכמה תתיפהו מעשה.**
גוט איז, װען דער טאַט װערט אױסגעפֿילט מיט װיסן און דאָס װיסן װערט באַגלײט מיט טעטיקײַט.

**.65 ערך כל אדם כפי מה שהוא יודע.**
דער מענטש איז װערט װיפֿל ער קאָן.

**.66 מעשה הכסיל בעת חטאי שמאשים בני אדם.**
אַז אַ נאַר באַגײט אַ פֿאַרברעכן, באַשולדיקט ער אַנדערע.

**.67 כשתשב לפני חכמים יהיה רצונך לשמוע יותר מדבר.**
אין אַ מעסיבֿה פֿון חכמים זאָלסטו מער הערן אײדער רײדן.

**.68 אל תבקש לבקש האמת מאי זה מקום שינא ואפילו מאדם פחות.**
שעם זיך ניט זוכן דעם עמעס אומעטום, אַפֿילו בײַ אַ מענטשן מיט כּעסרױנעס.

**.69 החכמים ידעו מעלת העושר והעשירים לא ידעו מעלת החכמה.**
חכמים פֿאַרשטײען, װאָס אַזױנס איז אַשירעס, און גבֿירים װײסן ניט די מעלה פֿון חכמה.

**.70 מי שיפחדהי הדבור תצילנו השתיקה.**
װעמען עס שרעקט דאָס רײדן, ראַטעװעט דאָס שװײַגן.

**.71 החכמה אילן ופריה הלשון.**
חכמה איז אַ בױם, שפּראַך — איז זײַן פּרוכט.

**.72 החזרת ההתנצלות מזכרת עון.**
נאָכאַמאָל פֿאַרענטפֿערן זיך — הײסט דערמאָנען די זינד.

**.73 לא יתקבצו המחשבות על דבר נסתר שלא גלוהו.**
ס'קלײַבן זיך ניט אָן קײן געדאַנקען, װען די זאַך איז נאָך ניט אַנטפּלעקט.

**.74 אין לכל דבר חולף תשובה ולא כל דבר אובד מן העולם מונע.**
ניט אַלץ, װאָס פֿאַרגײט, לאָזט זיך אומקערן, און ניט אַלץ, װאָס גײט לעיבֿעד, לאָזט זיך אױסמײַדן.

**.75 חרפת העברה ימרר מתקה.**
די כאַרפּע פֿאַרביטערט אָפּט די האַנאָע, װאָס מע האָט פֿונעם זינדיקן.

**.76 אין גבור כמו נקי ואין בר לבב כמו חוטא.**
ניטאָ אַזאַ גיבער, װי דער גערעכטער, און אַזאַ פּאַכדן, װי דער שולדיקער.

**.77 הקשה מכל דבר תקון המעות.**
שװערער פֿון אַלץ איז אױסגלײַכן דאָס פֿאַרקרימטע.

**.78 מי שישים דאגתו אחת יסורו שאר דאגותיו.**
דער, װאָס האָט בלױז אײן דײַגע, טרעטן אָפּ פֿון אים די איבעריקע.

**.79 אי אפשר לנוסע שלא יגיע אל מחוז חפצו.**

---

סאָף. אָנהײב זע „סאָװעטיש הײמלאַנד" נומ. 9., 1975.

ס'קען ניט זײַן, אַז דער, וואָס ווייסט, וווּהין ער פֿאָרט, זאָל ניט דערגרייכן דעם ציל.

**80. מי שירבה לחשוב יתבונן.**

ווער ס'טראַכט פֿיל, דער קוקט זיך גוט צו.

**81. איבת המשכיל טובה מאהבת הכסיל.**

בעסער די סינע פֿון אַ קלוגן, איידער די ליבע פֿון אַ נאַר.

**82. אני שומע הדבר הרע ולא אשגיח עליו מפני שאני ירא שאשמע אחר כמהו.**

ווען איך הער אַ גראָב וואָרט, שווײַג איך אָפּ אויס מוירע צו הערן נאָך אַ צווייטס אַזאַ.

**83. גדר הבטחון הוא האמונה.**

דער פּאַרקן, וואָס היט אָפּ דעם ביטאָכן, איז דער גלויבן.

**84. כפי הגדולה תהיו סבות הנפילה.**

לויט דער הייך איז די גרייס פֿונעם פֿאַלן.

**85. הגדול שביחסים השם הטוב.**

דער גרעסטער ייִכעס איז אַ גוטער נאָמען.

**86. טוב לסבול שוטה מחצי שוטה.**

בעסער לײַדן פֿון אַ שוטע, איידער פֿון אַ האַלבן שוטע.

**87. אל ימעט בעיניך שונא אחד ואל ירבו בעיניך אלף אוהבים.**

אַפֿילו אָן איין־און־איינציקער סוינע זאָל ניט קליין זײַן אין דײַנע אויגן, און עס זאָלן דיך דיר ניט אַרויסווײַזן פֿאַר צופֿיל טויזנט פֿרײַנט.

**88. אין נקב המחט צר לשני אוהבים ואין רחב העולם מכיל לשני אויבים.**

דאָס לעכעלע פֿון דער נאָדל איז ניט קליין פֿאַר צוויי גוטפֿרײַנט, און די ברייט פֿון דער וועלט איז ענג פֿאַר צוויי סאָנים.

**89. מי שאינו נושא עון ואינו מקבל התנצלות אל תבקש קרבתו.**

כאַווער זיך ניט מיט דעם, וואָס איז קיינמאָל ניט מויכל און לאָזט זיך ניט איבערבעטן.

**90. סודך אמירך ואם תגלהו תהיה אסירו.**

האָסטו פֿון אים אַ סאָד, איז ער בײַ דיר אין טפֿי־סע, זאָגסטו אים אויס, ביסטו בײַ אים אין טפֿיסע.

**91. כשישבחוך במה שאין בך דאג ואל תשמח.**

אַז מע לויבט דיך פֿאַר אַ מײַלע, וואָס דו פֿאַר־מאָגסט ניט, זאָלסטו דײַגענען און ניט זיך פֿרייען.

**92. טוב רחוק נאמן מקרוב מרמה.**

בעסער אַ ווײַטער פֿרײַנט אַ באַגלייבטער, איי־דער אַ נאָענטער, וואָס נאַרט אָפּ.

**93. האוהב נכר בעת הצורך אליו.**

אַ פֿרײַנט דערקענט מען, ווען מע נייטיקט זיך אין אים.

**94. חברת הרעים מביאה לחשוב רע על הטובים.**

אויב דו וועסט זיך כאַווערן מיט שלעכטע, וועס־טו שלעכטס טראַכטן וועגן גוטע.

**95. אם הגזירה אמת החריצות שקר.**

אויב די גזיירע הייסט עמעס, הייסט די פֿלינקײַט שקער.

**96. הכילות אינו סר מבעליו עד שיורישנו הקלון.**

קאַרגשאַפֿט טרעט ניט אָפּ פֿון אַ מענטשן, ביז־וואַנען דער ביזאָיען טרײַבט זי ניט אַרויס.

**97. כל שנאה יש תקוה לרפואתה חוץ משנאת מי שישנאך מקנאה.**

פֿון יעדער סינע קען מען זיך אויסהײלן, אַחוץ פֿון סינע, וואָס קומט פֿון קינאָ.

**98. הצניעות הוא שיתביש האדם מעצמו.**

באַשיידנקײַט הייסט נאַטירלעכע שעמעוודיקײַט.

**99. הצניעות הוא שלא תעשה בסתר מה שתתבייש ממנו בגלוי.**

באַשיידנקײַט הייסט — ניט טאָן באַהאַלטענערהייט דאָס, וואָס מע שעמט זיך טאָן עפֿנטלעך.

**100. מה לי לדבר דבר שאם יסופר עלי יזיקני ואם לא יסופר עלי לא יועיל.**

צו וואָס טויג מיר זאָגן אַזוינס, וואָס אויב מע וועט עס דערנאָך דערציילן וועגן מיר, וועט עס מיר שאַטן, און אויב ניט, וועט עס מיר ניט ברענגען קיין נוצן.

**101. עצלת השתיקה טובה מעצלת הדבור.**

דער, וואָס פֿוילט זיך און שווײַגט, טוט בעסער ווי ער וואָלט זיך פֿוילן און רעדן.

**102. אם תתחרט על השתיקה פעם אחת תתחרט על הדבור כמה פעמים.**

אויב צוליב שווײַגן וועסטו כאַראָטע האָבן איין מאָל, וועסטו צוליבן ריידן כאַראָטע האָבן אַ סאַך מאָל.

**103. ברוב השתיקה יהיה המורא.**

וואָס מער דו שווײַגסט, האָט מען פֿאַר דיר מער דרערכערעץ.

**104. אצור לשונך כאשר תאצור ממונך.**

היט דײַן צונג, גלײַך ווי דו היטסט דײַן געלט.

**105. צדק המלך יועיל לעם הארץ יותר משובע הזמן.**

ווען דער קיניג באַגייט זיך אָרנטלעך, איז עס בעסער פֿאַרן פֿאָלק, איידער אַ זאַט יאָר.

**106. מנוחת החכמים במצוא האמת ומנוחת הכסי־לים במצוא השקר.**

קלוגע רוען אָפּ, ווען זיי געפֿינען דעם עמעס, און נאַראָנים, ווען זיי געפֿינען שעקער.

**107. בקור לעתים רחוקות תוסיף אהבה.**

וואָס זעלטענער איז דער באַזוך, אַלץ גרעסער די פֿרײַנטשאַפֿט.

**108. אל תתעקש עם הכעסן כי תכעיסהו ותאשם עמו.**

שפּאַר זיך ניט מיטן קעסן; טאָמער דערצאָרנסטו אים, בלײַבט איר ביידע שולדיק.

**109. מתאוה לנצח אדם רע לא תנצחו עד שיהיה רע ממנו.**

אַ שלעכטן באַזיגט נאָר דער, וואָס איז ערגער פֿון אים.

**110. שפת אמת פרי הצניעות והחריצות מותר התאוות.**

עמעס איז די פּרוכט פֿון באַשיידנקײַט; פֿלײַס — די העכסטע לײַדנשאַפֿט.

**111. גט העולם הזה קדושין לעולם הבא.**

אַ גט מיטן אוילעמהאַזע איז אַ קאַסעגע מיטן אוילעמהאַבע.

**112. הסברת פנים אות נאמן על הנדיבות כמו הנצנים אות אמת על הפרי.**

העפֿלעכקײַט איז דער ריכטיקער סימען פֿון ברייט־האַרציקײַט, ווי די קנאָספּן אָף די קומענדיקע פּרוכטן.



צו אונדזער
קינסטלערישער
בײַלאגע

י. גערטשוק

# הערש אינגערס גראַפיק

א מאסיווער קאָפּ, א גרויסער שטערן, אן אָנגעשטרענגט־דורכדרינגלעכער בליק — אזוי מאָלט אינגער דעם פּאָרטרעט פונעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר בעטהאָווען. דער קינסטלער מאָלט זײַנע פּאָרטרעטן, באנוצנדיק זיך ברייט און דרייסט מיט זאפטיקע שווארצע גואש־שטריכן. די שווארצע פארב דינט ניט בלויז אף איבערגעבן די קאָנטורן פונעם פּאָרטרעט. די געדיכטע טונקלקײַט פארפילט דעם לײַוונט, שאפט די אטמאָספער און גיט איבער די שטימונג. א שטורעם פון געפילן, אן אופברויז פון לײַדנשאפטן. שווערע וואָלקנס הענגען איבערן קאָפּ, די בלייכע לעוואָנע שלאָגט זיך קוים דורך דורך זיי...

בעטהאָווען איז פון לאנגאָנען דער באליבטער העלד פון דער ראָמאנטישער ליטעראטור און קונסט, באזונדערס דער אלטער, אָרעמער און טויבער בעטהאָווען, וועלכער הערט ניט די אייגענע מוזיק.

„פּלוצעם האָט זיך געעפנט די טיר, און ס'איז ארײַנגעגאנגען א מענטש אין א שווארצן סורטוק, אָן א האלדזטוך, מיט צעשויבערטע האָר; זײַנע אויגן האָבן געברענט, אָבער דאָס איז געווען א פײַער ניט פון באגאבונג. בלויז די אראָפּהענגענדיקע שארף־אָפּגעהאקטע ראנדן פונעם שטערן האָבן איידעס געזאָגט וועגן אן אויסערגעוויינלעך אנטוויקלטן מוזיקאלישן אינטעלעקט...״

מיר דוכט, אז אינגערס פּאָרטרעטן וואָלטן סײַ לויט דער שטימונג און סײַ לויטן סטיל געקאָנט דינען אלס זייער פּינקטלעכע איליוסטראציע צו וו. פ. אָדאָיעווסקיס ראָמאנטישער דערציילונג „בעטהאָווענס לעצטער קווארטעט״. און אינדערעמעסן, דער מאָלער נעמט אוף דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר דורך א ראָמאנטישער פּריזמע. אלע זײַנע קונסט־מיטלען האָבן דעם ציל צו פארקערפּערן בעטהאָווענס טראגישן גורל. אין דער הינזיכט פארמאָגט אינגער ניט ווייניק פאָרגייער, וועלכע האָבן ניט בלויז פאנאנדערגעארבעט די דאָזיקע טעמע, נאָר האָבן אויך אָנגעווענדט די זעלבע עקספּרעסיווע, אויסגעשפּראָכן ראָמאנטישע מיטלען. אָט פארוואָס אינגערס בעטהאָווען זעט אונדז אויס צו זײַן גוט באקאנט. דער מאָלער זוכט נישט ניט קיין נײַ געשטאלט, ניט אזעלכע ניואנסן, וואָס זײַנען פריִער ניט באמערקט געוואָרן. אָבער דאָס געשטאלט, וואָס די אלטע קונסט האָט אויסגעפורעמט, לאָזט דער מאָלער דורך פונסנײַ, דורך זײַן אייגן הארץ, ווי ער זאָל נאָרוואָס אים אנטדעקן, און לייגט ארײַן אין דעם זײַנע געפילן, זײַן ווייטעק און פרייד. דעריבער זעען זײַנע שאפונגען לאכלוטן ניט אויס ווי א מין סטיליזאציע. אינגערס ראָמאנטיזם איז א לעבעדיקער, א הײַנטיקער.

מיט דער זעלבער שטורמישער פּאטעטיק איז באַ אינגערן באהעלט דאָס טראגישע געשטאלט פון א צווייטן גרויסן קינסטלער — פּאגאניני. קימאט מיט צוויי יאָרצענדליק צוריק האָט אינגער איליוסטרירט א. ווינאָגראדאָווס באוווּסטן ראָמאן וועגן דעם גרויסן פידלער. און איצט, שוין אין מאָנומענטאלע פּאָרטרעטן, פארקערפּערט ער נאָכאמאָל דעם דראמאטיזם פון דעם דאָזיקן געשטאלט.

ס'זײַנען פאראן טעמעס, צו וועלכע אינגער קערט זיך אום א סך מאָל. פיל מאָל האָט ער איליוסטרירט שאָלעם־עליכעמען. דעם קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראטור האָט פאר די לעצטע יאָרצענדליקער געגאָלטן מיט איליוסטראציעס. צו שאָלעם־עליכעמס ווערק האָבן, ווי באוווּסט, זיך געווענדט אזעלכע מײַסטערס, ווי אקסעלראָד און גאָרשמאן, אלטמאן און קאפּלאן. זיי האָבן געשאפן א געוויסע טראדיציע אין דער גראפישער אינטערפּרעטאציע פון שאָלעם־עליכעמס ווערק: דאָס אלגעמיינע אין דער דאָזיקער טראדיציע באשטייט אין דעם, וואָס דאָס בולטע אונטערשטרײַכן נאציִאָנאלע ספּעציפיק פון שאָלעם־עליכעמס געשטאלטן איז צונויפגעפּאָרט מיט דער ראָמאנטישער שילדערונג פונעם שטעטלדיקן שטייגער, מיט דעם סאטירישן גראָטעסק און טרוימערישער ליריק.

אינגערס איליוסטראציעס זײַנען פולשטענדיק דורכגעדרונגען מיט דער זעלבער טראדיציע. זיי פארמאָגן אָבער אויך זייער אייגנס און זײַנען אין לויף פון יאָרן ניט געשטאנען אף איין אָרט אין זייער אנטוויקלונג.

דעם מאָלערס ארבעטן פאר די לעצטע יאָרן זײַנען געוואָרן שארפער און גראָטעסקארטיק. די בעסטע פון זיי זײַנען אויסגעפילט מיט א פען, די קאָנטורן זײַנען ניט קיין צוגעגלעטע, דעטאלן זײַנען ניט קיין סאך, נאָר, יעדע מיט א גרויסער אָנלאָדונג. אזוי, צום בײַשפּיל, אינעם „פארקישעפטן שנײַדער״, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א קאָמפּליצירטן געשמעלץ פון שטייגערישער וואָרהאפטיקײַט, בופאָנאדע, איראָנישער סטיליזאציע און דראמאטיזם, אקצענטירט איצט אינגער ניט דעם שטייגער, נאָר די פאנטאסמאגאָריע.

אינגער איז ווירקלעך א דינאמישער מאָלער, וואָס באגרענעצט זיך ניט מיט די איינמאָל אויסגעפונענע קינסטלערישע פאָרמען און גראפישע מיטלען. דער דיִאפּאזאָן פון זײַן גראפיק איז א ברייטער — אָנהייבנדיק פונעם ראָמאנטיש־העלדישן פּאָרטרעט ביז דעם סאטירישן גראָטעסק אין זײַנע איליוסטראציעס און דעם אייגנארטיקן שפּילעוודיקן הומאָר, ווי, צום בײַשפּיל, אין דער גרויסער סעריע בילדער, געווידמעט טשארלי טשאפּלינען.

הערש אינגער ארבעט זייער פרוכטבאר אין דער ביכער־גראפיק, אין דער פּעריִאָדיק. זײַנע געמעלן קאָן מען אויך זען אף קאָנווערטן פאר גראמאָפאָן־פּלאטן. אָבער אין וועלכן זשאנער אינגער זאָל ניט ארבעטן, פארבלײַבט ער א ראָמאנטיקער מיט זײַן אייגענעם קינסטלערישן קסאוו.

■ ■ ■

# כראָניק

## ביראָבידזשאַנער נײַס

### פופצן טעג אף שיפלעך

א גרופע טוריסטן, מיטגלידער פון די סעקציעס „יונגער געאָ־לאָג" און „באשיצער פון דער נא־טור" בא דער געגנטלעכער טו־ריסטן־סטאנציע, האָט פופצן טעג ארומגערײַזט אף שיפלעך איבער די טײַכן סוטארא און בירא.

צוערשט זײַנען זיי געשוווּמען איבער דער סוטארא, איינעם פון די גרעסטע אף דער טעריטאָריע פון דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט טײַכן, וועלכער ציט זיך אף א מעהאלעך פון 123 קילאָמע־טער צווישן די סאָפּקעס. אין 10 טעג ארום האָבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט אין יישעוו ביראקאָן און פונדאנען דורכגעמאכט 250 קי־לאָמעטער איבערן בירע־טײַך.

בייס דער רײַזע האָבן די יונגע טוריסטן געפירט באאָבאכטונגען איבער דער פלאָרע און פאונע פון דער געגנט, געזאמלט מאטעריאלן פאר פאָרשערישע ארבעטן וועגן דער רעסטאווראציע פונעם וואלד־מאסיוו אין ראיאָן פון די סוטא־רער ערץ־גרובן.

### נײַפעלדער „האָריזאָנט"

דאָס דאָרף נײַפעלד האָט פאר די לעצטע יאָרן זיך שטארק צע־וואקסן און איז פארוואנדלט גע־וואָרן אין א היפשן ארבעטער־יישעוו. די ברייטע גאסן מיט ווײַ־סע צווייִשטאָקיקע הײַזער און מאָדערנע קאָטעדזשן טוקן זיך אין גרינס. באזונדערס טיילן זיך אויס די נײַע שול־געבײַדע און דאָס קולטור־הויז.

מיט א יאָר צוריק האָט אין קולטור־הויז אָנגעהויבן פונקציאָ־נירן א געזעלשאפטלעכער קלוב „האָריזאָנט". דאָ קומען פאָר קאָנ־צערטן, באגעגענישן מיט אינטע־רעסאנטע מענטשן, אָפט ווערן אָרגאניזירט אויסשטעלונגען.

פרעכטיק זעט אויס דער זאל פונעם נײַפעלדער קולטור־הויז אין די גאָלדענע הארבסט־טעג, ווען די האָרעפּאשניקעס פונעם ראיאָן פירן אונטער א סאכאקל פונעם לאנדווירטשאפטלעכן יאָר. לעצטנס איז דאָ צוגעגרייט גע־וואָרן א טעמאטישער אָוונט „די הענט, וואָס שמעקן מיט ברויט". אף די טישן און סטענדן זײַנען געווען אויסגעשטעלט קווישן מיט קארטאָפל, צונטער־רויטע פאָמי־דאָרן, גרינע אוגערקעס, יאגעדעס, געדיכטע סנאָפּעס מיט שווערע זאנגען פון ווייץ. די זעלבסטע־טיקע אקטיאָרן זײַנען ארויסגע־טראָטן מיט אן אָריגינעלן קאָנ־צערט.

מיט דער ארבעט פונעם קלוב „האָריזאָנט" פירט אָן א געזעל־שאפטלעכער ראט פון פופצן אק־טיוויסטן, צווישן זיי — דער סעק־רעטאר פונעם נײַפעלדער דאָרפס־ראט י. גורשמאן, דער סעקרע־טאר פונעם קאָמיוג־קאָמיטעט מ. כאבודע אא. פאָרזיצער פון דעם ראט איז דער דירעקטאָר פונעם קולטור־הויז לוידמילע יאנקעלע־וויטש.

### אין „קולדור"

אין דעם באוווּסטן מיט זײַנע ווערטפולע היילונגס־קוואלן קור־ראָרט „קולדור" רוען אָפּ און פאַ־ריכטן זייער געזונט אין מעשעך פונעם יאָר בא צוואנציק טויזנט מענטשן, וועלכע קומען אהער פון פארשיידענע עקן לאנד.

דער קוראָרט פארברייטערט זיך פון יאָר צו יאָר. איצט פונקציאָ־נירן דאָרט א גרויסע פאָליקליניק, וואָס איז אויסגעשטאט מיט דער נײַסטער מעדיצינישער טעכניק און אפאראטור, צוויי וואנע־קאָר־פוסן, 10 וווינונגס־געבײַדעס, א גאָרקיך אף 500 ערטער, קולטור־שטייגערישע אנשטאלטן.

די קראנקע ווערן באדינט דורך א קוואליפיצירטן קאָלעקטיוו מע־דיצין־טוער. דער דאָקטער לידיע קרעט, לעמאָשל, וועלכע ארבעט דאָ שוין 15 יאָר, ווענדעט אָן די נײַסטע דערגרייכונגען פון דיאָג־נאָסטיק. א גוטן שעם האָט בא די קוראָרטניקעס און בא די אָר־טיקע אײַנוווינער דער דאָקטער סערגיי טשערעמיסין.

---

### שלוימע טעלינגאטערס ביכער־גראפיק

אין מאָסקווע איז אינעם אויס־שטעלונגס־זאל פון דעם קינסטלער־פארבאנד פון פססר אין מעשעך פון א כוידעש צײַט באוויזן גע־וואָרן אן אויסשטעלונג פונעם בא־וווּסטן ביכער־גראפיקער, לאורע־אט פון דער צווישנפעלקערלעכער גוטענבערג־פרעמיע שלוימע טע־לינגאטער. ביכער־ און זשורנאל־גראפיק, פײַן אויסגעפורעמטע צײַטונגען און אפישן, אקצידענט־ארבעטן, פאָטאָ־מאָנטאזשן, צייכע־נונגען, מוסטערן פון טיפּאָגראַ־פישן שריפט — איבער די אלע זשאנרען פונעם ביכער־ און דרוק־וועזן האָט זײַן גאנץ לעבן גע־ארבעט דער קינסטלער.

אינעם קאטאלאָג, וואָס דער פארלאג „סאָוועטסקי כודאָזשניק" האָט ארויסגעלאָזט ספּעציעל צו דער אויסשטעלונג, זײַנען פארעפנטלעכט עטלעכע אינטע־רעסאנטע ארטיקלען, געווידמעט שלוימע טעלינגאטערן, צווישן זיי די זיכרוינעס פונעם באוווּסטן בי־כער־קינסטלער פון דער דײַטשי־שער דעמאָקראטישער רעפובליק פראָפ. אלבערט קאפער — מיט־גליד פון זשורי פון דער צווישנ־פעלקערלעכער אויסשטעלונג „דאָס בוך — 1975".

שלוימע טעלינגאטער האָט, ווי באוווּסט, ארײַנגעבראכט זײַן היפשן צושטײַער אויך אין דער אנטוויקלונג פון דער יידישער ביכער־גראפיק. אף איינעם פון די סטענדן פון דער אויסשטעלונג, וואָס איז געווען באטיטלט מיט די ווערטער „צוליב דער פעלקער־פרײַנטשאפט", האָט מען געקאָנט זען, באנאנד מיט די ביכער און זשורנאלן אין אנדערע שפראכן, פיל יידישע אויסגאבעס, וועלכע ס'האָט קינסטלעריש אויסגעפאָר־רעמט שלוימע טעלינגאטער, צווישן זיי די הילע פונעם זשור־נאל „סאָוועטיש היימלאנד", פּע־רעץ מארקישעס ראָמאן „טראָט פון דורות", שיקע דריזס בוך „די פערטע סטרונע", מוישע טײַפס לידער־זאמלונג, לייב קוויט־קאָס פּאָעמע „יונגע יאָרן".

די אויסשטעלונג האָט ארויס־גערופן א גרויסן איטערעס בא די ליבהאָבער און שעצער פון דער ביכער־גראפיק.

---

### געשטאָרבן יאָסל גאָלדבערג

מיט גרויס צער האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן טויט פונעם יי־דישן פּראָגרעסיוון זשורנאליסט, דיכטער און געזעלשאפטלעכן טו־ער פון ארגענטינע יוסף (יאָסל) גאָלדבערג.

י. גאָלדבערג איז געווען איי־נער פון די אקטיווע בויער פון דער יידישער פּראָגרעסיווער קול־טור אין ארגענטינע. ניט געקוקט אף די פאָליציייִשע רעדיפעס, טפיסע און טראַר, האָט ער אף קיין איין טאָג ניט אָפּגעשוואכט זײַן רעוואָלוציאָנערע טעטיקײַט. א פּראָדוקטיווער דיכטער און זשורנאליסט, האָט ער פארעפנט־לעכט עטלעכע ביכער, ווי אויך ווערק, איבערזעצט אף יידיש פון שפאנישע שרײַבער.

מיטן טויט פון יאָסל גאָלדבערג האָט די יידישע פּראָגרעסיווע לי־טעראטור געליטן א גרויסן פאר־לוסט. זײַן אָנדענק וועט לאנג זײַן אײַנגעקריצט אין די הערצער פון א סאך יידישע לייענער.

די רעדאקציע און רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאנד" דריקן אויס זייער מיטגעפיל די ארגענ־טינער פרײַנט און דער מישפּאָכע פונעם פארשטאָרבענעם.

■ ■ ■

# יונגע ביראָבידזשאנצעס





## אין א הייסן טאָג







2



1



3



4



5

**אף די פאָטאָס:**

**1, 2. צווישן די אײַנוווינער פון דער געגנט איז פּאָפּולער דער אנסאמבל פון הײַנטצײַטיקע באַל־טענץ באם שטאָטישן קולטור־פּאַלאַץ אונטער דער אָנפירונג פון טאמארע טשערניס. דער אנסאמבל איז מיט דערפאָלג ארויס־געטראָטן אפן קאנטישן און זאָנאלן קאָנקורסן.**

**3. אין דער קינדער־קאפע „טשעבו־ראשקא״. דאָ קען דאָס קליינווארג זיך מעכאבעד זײַן מיט אײַזקרעם, גע־בעקס און אנדערע געשמאקע זאכן.**

**4, 5. אטראקציאָנען אפן קינדער־פּלאַץ פונעם פּארק פאר קולטור און אָפּרו.**

# פאַרשיידנס

## אין צוואַנציק יאָר אַרום

אין דער טשיקאַגער מוניציפּאַלער ביבליאָטעק איז פאַר דער לעצטער צייַט געבליבן אַזוי ווייניק ביכער, אַז די אָרטיקע באַלעבאַטים האָבן געמאָלדן דורך די צייַטונגען וועגן „פאַרגעבן די זינד פון די לייענער”. אַנדערש געזאָגט, זיי האָבן אָפּגעשאַפן די געלט־שטראָפן פאַר ניט אומקערן די ביכער צום אָנגעמערקטן טערמין. דער ערשטער איז געקומען אַ לייענער מיט אַלעקסאַנדער דיומאַס ראָמאַן „אין צוואַנציק יאָר אַרום”, וואָס ער האָט גענומען אין ביבליאָטעק... מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

## די געוויינהייט האָט געזיגט

אַלס פּראָטעסט קעגן דער „טעלעוויזיע־הערשאַפט” אין פּשא האָט אַ געוויסער אַנט פּאַרם דורכגעפירט אויפן צענטראַלן פּלאַץ אין סאַן־פראַנציסקאָ אַן אומגעוויינלעכע מאַניפעסטאַציע: ער איז אַרופגעפאָרן מיט זייַן אויטאָמאָביל אויף 45 אַלטע טעלעוויזאָרס און זיי צעבראָכן. דער פּילצאָליקער עולם, וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אויפן פּלאַץ, האָט באַגעגנט זייַן אַקציע מיט אַפּלאָדיסמענטן. דערנאָך האָט מען געייַלט אַהיים: די אָרטיקע טעלעוויזיע האָט דאָך פאָטאָגראַפירט די דאָזיקע אויסטערלישע סצענע, — ווי זשע קאָן מען דורכלאָזן אַזאַ טעלעוויזיע־טראַנסלירונג!

## די ערשטע פּושקין־פאָרלעזונגען

פּושקין־פאָרלעזונגען, וועלכע זייַנען איצט געוואָרן אַ ליטעראַרישע טראַדיציע, זייַנען צום ערשטן מאָל דורכגעפירט געוואָרן מיט 130 יאָר צוריק אינעם פאַרוואָרפענעם טראַנס־אוראַלער דאָרף סמאָלינאָ לויט דער איניציאַטיוו פונעם פאָעט־דעקאַבריסט וו. ק. קיוכעלבעקער, וועלכער איז דאָרט געווען אין פאַרשיקונג. די דאָקומענטן, וועלכע די אָרטיקע קאַנטקענער האָבן געפונען אין די אַרכיוון, דערציילן וועגן דעם, אַז זומער 1845 יאָר האָט ער אָרגאַניזירט בייַ זיך אין שטוב, אַ געוויינלעך פויערישע הויז אויפן ברעג פונעם טאָבאָל, אַ יאָמטעוו פון פּאָעזיע, געווידמעט דעם אָנדענק פון זייַן ליצייַ־פרייַנט. אויף די ערשטע פּושקין־פאָרלעזונגען האָבן זיך פאַרזאַמלט די פאַרשיקטע קיין קורגאַן דעקאַבריסטן.

די ליטעראַטן פון טראַנס־אוראַל האָבן באַשלאָסן דורכצופירן אין סמאָלינאָ אַ יאָמטעוו פון פּאָעזיע, געווידמעט דעם 150־טן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אויפן סענאַט־פּלאַץ.

(„טאַסס”)

## אַ וויסנשאַפטלעכער טיטל שערלאָק כאָלמסן

קאָנאַן דאָילס באַרימטער דעטעקטיוו שערלאָק כאָלמס האָט ניט לאַנג צוריק באַקומען אַ וויסנשאַפטלעכן ערן־טיטל אינעם אוניווערסיטעט פונעם שטאַט קאָלאָראַדאָ (פּשא). כאָלמס האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט פּערזענלעך בייַזייַן אויף דער פייַערלעכער צערעמאָניע. „אין זייַן נאָמען” האָט דעם וויסנשאַפטלעכן טיטל באַקומען דער מעמונע פונעם שערלאָק־כאָלמס־מוזיי אין טאָראָנטאָ. ער האָט געבעטן אַנטשולדיקן דעם דעטעקטיוו, וואָס יענער האָט ניט געהאַט די מעגלעכקייַט בייַזייַן אויף דער צערעמאָניע. „אין לעצטן מאָמענט, — האָט געזאָגט דער מעמונע, — האָט כאָלמס באַקומען אַן אומרויִקע מיטיילונג, אַז ס'האָט זיך אומגעקערט דער פּראָפעסאָר מאָריִאַרטי”.

וועגן צוייגענען שערלאָק כאָלמסן דעם ערן־טיטל איז געמאָלדן געוואָרן בייַ אַ סימפּאָזיום, געווידמעט דעם דאָזיקן באַרימטן ליטעראַרישן העלד און זייַן שעפער — דעם ענגלישן שרייַבער קאָנאַן דאָיל.

## פונעם שרייַבערס אַרכיוו

מיכאַיִל שאָלאָכאָווס פּערזענלעכער אַרכיוו איז בייַ דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע פאַרפאַלן געוואָרן. נאָר דער מאָסקווער ליטעראַרישער מעלוכע־מוזיי פאַרמאָגט אוניקאַלע דאָקומענטאַל־קינסטלערישע מאַטעריאַלן פון שאָלאָכאָווס ביזמילכאָמעדיקער שאַפונג.

דאָס סאַמע ווערטפולע צווישן די דאָזיקע מאַטעריאַלן זייַנען פינף מאַנוסקריפּט־בויגנס פונעם ראָמאַן „דער שטילער דאָן”, וואָס זייַנען איבערגעשריבן אויף ריין מיט אַ קימאַט קאַליגראַפישער האַנטשריפט, אָן קיין שום אויסבעסערונגען.

אַ גרויסע באַדייַטונג האָבן אויך דעם שרייַבערס אויטאָגראַפן פון אַ נאָך פריִערן פּעריִאָד — בריוו צו א. סעראַפימאָוויטשן און מ. גאָרקין, וועמען דער יונגער שאָלאָכאָוו האָט צוגעשיקט די דערציילונג „דער בלויער סטעפּ” און די ערשטע קאַפּיטלען פון זייַן ראָמאַן־עפּאָפּיי.

טשיקאַווע איז דער בריוו צו די ענגלישע לייענער פון „אויפגעהויבענער רויערד”. דער אויטאָר אייַצעט די אויסלענדישע אַדרעסאַטן ניט באַטראַכטן זייַן ווערק וועגן דעם אָנפאַנגלעכן פּעריִאָד פון דער קאָלעקטיוויזאַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד אַלס עקזאָטישע דערשייַנונג און ער דערקלערט איר טאָך.

אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנהייַט שטעלן מיט זיך פאַר די זשורנאַלן מיט די ערשטע פּובליקאַציעס פון שאָלאָכאָווס ראָמאַנען, וועלכע זייַנען פאַראַן אינעם מוזיי, ווי אויך די ביכעלעך פון די מאַסן־אויסגאַבעס. צו זיי געהערן די דערציילונגען „אַ פרוי מיט צוויי מענער” (1925); „דער פאַרזיצער פונעם רעוואָלוציאָנערן מיליטערישן ראַט פון דער רעפּובליק” און אַנדערע (1930, סעריע „ביבליאָטעקל פאַרן באַטראַק”).

צווישן די עקספּאָנאַטן געפינען זיך זעלטענע פאָטאָגראַפיעס: איינער פון די סאַמע ערשטע פּאָרטרעטן פונעם שרייַבער (1923) אין דער אויספילונג פונעם באַוווּסטן מאָסקווער פאָטאָגראַף נאַפּעלבאַום און אַ סעריע פּראָנט־פאָטאָגראַפיעס פונעם פּאָלק־קאָמיסאַר מ. שאָלאָכאָוו.

(„וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ”)

## קאָרסעטן פאר דענקמעלער

אין דער דײַטשישער פעדעראַטיווער רעפּובליק זײַנען פאראַן ניט ווייניק דענקמעלער פון ארכיטעקטור. די בויער אינזשענירן מיט די כעמיקער ארבעטן איבער פארשיידענע פּראָיעקטן, וויאַזוי אײַנצוהיטן די דאָזיקע היסטאָרישע ווערטן. פאַרן וועלט־באַרימטן קעלנער סאָבאָר גרייט מען שוין אַן „אָנצוג"— א דורכזיכטיק סינטעטיש הײַטל, וואָס וועט אים באַשיצן פונעם ווינט, פון דער פײַכטקײַט און פון דער ווירקונג פון גיפטיקע אָפּפאַל־פּראָדוקטן פון די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און אויטאָמאָבילן. דעם קלויסטער פון דער הייליקער קאַטאַרינע אין בראַונשווייג קלײַבט מען זיך „פאַרקאָווען" אין א שטאָלענעם קאָרסעט: די שפּיצן פון זײַנע טורעמס האָבן זיך שוין איצט אָפּגענייגט אַף 83 סאַנטימעטער.

## א צײַטונג — א קאסעטע

דעם 1 יוני איז אין אמסטערדאַם דערשינען די ערשטע אין דער וועלט „ריידנדיקע" צײַטונג — „העספּראָקען דאַכבלאַד". די דאָזיקע אומגעוויינלעכע צײַטונג שטעלט מיט זיך פאָר א מאַגניטאָפאָן־קאַסעטע, אַף וועלכער ס׳זײַנען פאַרשריבן די נײַסן, וואָס אויסהערן זיי דויערט איין שעה. זי איז אויסגערעכנט אין גרונט פאַר קראַנקע און עלטערע מענטשן, וועמען ס׳איז שווער צו לייענען. פונעם 1 יאַנואַר 1976 וועט די צײַטונג ווערן א טעגלעכע. איר פּרײַז איז ניט מער, ווי עס קאָסטן די געוויינלעכע טעגלעכע האָלענדישע צײַטונגען.

## „א בוך וועגן גאָרנישט"

א ניו־יאָרקער פאַרלאַג האָט אַרויסגעלאָזט א בוך, וואָס האָט גלײַך באַקומען א גרויסן שעם. דער בוך איז דערשינען אין 11,5 טויזנט עקזעמפּלאַרן און איז מאָמענטאַל אויספאַרקויפט געוואָרן. „א בוך וועגן גאָרנישט"— אַזוי הייסט ער און אַנטהאַלט 200 אַבסאָליוט ריינע זײַטן אין אַן אײַנבונד. די פּרײַז זײַנע איז געווען דרײַ דאָלאַרן. דער ערשטער דערפאָלג האָט באַגײַסטערט די פאַרלעגער, און זיי פּלאַנירן אין דער נאָענטסטער צײַט אַרויסלאָזן פאַר די ליבהאָבער פון אימפּאָזאַנטע אײַנבונדן א „צווייטע אויסגאַבע מיט נאָך א רײַכערער אויספאָרעמונג", וועלכע וועט שוין קאָסטן 5 דאָלאַרן.

## אַף אן אַאוקציאָן

אַפן קריסטי־אַאוקציאָן אין לאָנדאָן האָט דער סקולפּטאָר אָסקאַר נעמאָן אַרויסגעשטעלט צוויי ווערק — טשערטשילס ביוסט און זײַן אייגענעם אין טשערטשילס אויספּילונג. אין 1952 יאָר איז ווינסטאָן טשערטשיל מסכים געווען צו פּאָזירן פאַר אָסקאַר נעמאָנען, און בײַסן סעאַנס האָט ער אַליין געמאַכט אַן עסקיז פונעם סקולפּטאָרס קאָפּ, דערנאָך אויך פונעם ביוסט. די סקולפּטור אין טשערטשילס אויספּילונג אינאיינעם מיטן בלײַער־עסקיז איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר 1155 פונט. דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע איז דאָס, וואָס אַף אָסקאַר נעמאָנס ווערק האָט זיך קיין קונע ניט געפונען.

„זאַ רובעזשאָם"

## די שטים פון... מאָנאַ ליזאַ

די יאַפּאַנישע ליבהאָבער פון מאָלערײַ זײַנען געווען אַנציקט פון א ראַדיאָ־טראַנסלירונג, געווידמעט דער באַרימטער „דזשאָקאָנדאַ". וועגן לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס אומשטערבלעך ווערק האָט דורך די ראַדיאָ־אָפּנעמערס דערציילט... גופא מאָנאַ ליזאַ. אין משך פון 18 סעקונדעס האָט געקלונגען די צאַרטע שטים פון א יונגער פרוי, וואָס האָט גערעדט אַף איטאַליעניש: „איך בין געבוירן געוואָרן אין פלאָרענץ. מײַן פּאָרטרעט האָט דער קינסטלער געמאָלט, ווען איך בין אַלט געווען 26 יאָר".

ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן די יאַפּאַנישע ספּעציאַליסטן לויט די געזיכט־שטריכן, דער פאָרם פון די ליפּן און פון דער נאָז פון דער באַרימטער איטאַליענערן געמאַכט א רעזומע וועגן דעם, וואָס פאַר א שטים האָט געקאָנט באַ איר זײַן, און דער אינזשעניר פון א יאַפּאַנישער פירמע מ. סודזוקי האָט פאַרשריבן די שטים אַף א מאַגניטאָפאָן.

ווי ס׳האָט מיטגעטיילט די אַגענטור פראַנס פּרעס, האָט סודזוקי באַקומען אן אָפיציעלע באַשטעלונג פון פּאַריזש, ווו ס׳האָט זיך געעפנט אן אויסשטעלונג פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס ווערק, ער זאָל אַרויסשיקן אַהין די מאַגניטאָפאָן־טאַשמע מיט „מאָנאַ ליזעס" שטים.

## אַבסורדישע רעקאָרדן

אין די פּאַריזשער ביכער־מאַגאַזינען האָט זיך באַוויזן אן אוניקאַלער „בוך פון אומגעוויינלעכע רעקאָרדן"— א זאַמלונג פון די אַמערסטן קוריאָזע און אַבסורדישע „רעקאָרדן". אָט זײַנען בלויז עטלעכע בײַשפּילן פון דער דאָזיקער זאַמלונג:

דער פּאַקיר קאָממאַר האָט פאַרבראַכט אַף א טעפּיך פון שאַרפע צוועקעס 25 שאָ מיט 20 מינוט; אן אַזויגערופענע „אָלימפּיאַדע", בײַ וועלכער דער סאַמע לאַנגדויערנדיקער אויסטויש מיט פּעטש אין פּאָנעם האָט זיך געצויגן 31 שאָ דורכאַנאַנד; א בריוו, געשריבן פון האַנט, וועלכער פאַרנעמט אַזויפיל זײַטן, אַז אויב אויסשפּרייטן זיי אין איין ליניע, וועט זי האַלטן אין דער לענג 1 קילאָמעטער 120 מעטער; אין 1900־טן יאָר איז איינער א ליבהאָבער פון שליסן געוועטן דורכגעגאַנגען פאַר זעקס כאַדאָשים א מעהאַלעך פון ווין ביז פּאַריזש... אַף די הענט.

צום סאָף פונעם בוך זײַנען איבערגעלאָזט עטלעכע ריינע זײַטלעך פאַר יענע לייענער, וועלכע ווילן צוגעבן צו די אויסגערעכנטע אויך זייערע אייגענע „רעקאָרדן".

## פון אונדזער פאָטאָ־אַרכיוו



1



3



2

1. מ. שאַץ־אַנין (1920)
2. עזרא פינינבערג (1940)
3. איציק קיפּניס אין די יוגנט־יאָרן



4. פון לינקס אויף רעכטס שטייען — איזי כאַריק, צווי ניט באַקאַנטע מענטשן, יאָשע בראָנשטיין, א ניט באַקאַנטער, מוישע טייף; אין דער צווייטער ריי — בער אָרשאַנסקי, אווראָם וועוויאָרקע, דאָוויד בערגעלסאָן, אַרן קושניראָוו, בער אָרשאַנסקיס פרוי, אווראָם ראַפּאַלסקי; אין דער ערשטער ריי — מענדל גאָלדמאַן, א ניט באַקאַנטער, בוזי אָלעווסקי, מענדל ליפשיץ. 1927.

# וויי״ניק באַוווּסטע פאָטאָגראַפיעס
# פון הילעל אַלעקסאַנדראָוו

צו זיין 85־טן געבורטסטאָג



מוישע טייף (פון רעכטס) און ה. אַלעקסאַנדראָוו (1964)



איינע פון די לעצטע פאָטאָגראַפיעס פון ה. אַלעקסאַנדראָוו



ה. אַלעקסאַנדראָוו פּאָזירט פאַרן סקולפּטאָר פייסעך קריוואָרוצקי, וועלכער אַרבעט איבערן פּאָרטרעט פונעם שרייבער

# דאָס איז ציקאַווע

## עטוואָס וועגן סיביר

אין 1890 האָט דער גרויסער רוסישער שרײַבער א. פּ. טשעכאָוו, אומקערנדיק זיך פון זײַן רײַזע אפן אינדזל סאכאלין, געשריבן: „פון טיומען ביז טאָמסק... דאָס איינציקע, וואָס דערמאָנט אײנעם מענטשן, זײַנען די טעלעגראַף־דראָטן, וועלכע הודען אפן ווינט, און די וויאָרסטן־סטויפּעס“.

ביז דער רעוואָליוציע האָט סיביר געהאַט א טרויעריקן שעם פון א פעלקער־טורמע — „אן אומענדלעכער קאַנט פון אומענדלעכע לײדן“ (א. מ. גאָרקי). אָבער די בעסטע פאָרשטייער פון דער ווײַטער פארגאנגענהייט האָבן געזען אין סיביר איינעם פון די רײַכסטע געביטן און פאָרויסגעזאָגט אים א גרויסע צוקונפט. „וואָס פאר א רײַכער קאנט איז סיביר, וואָס פאר א מעכטיקער קאַנט! ס'זײַנען נייטיק נאָך יאָרהונדערטער, נאָר ווען ער וועט באַפעלקערט ווערן, וועט ער שפּילן א גרויסע ראָליע אין די אנאַלן פון דער וועלט־געשיכטע“, — אַזוי האָט געשריבן דער גרויסער רוסישער שרײַבער נ. א. ראַדישטשעוו אין סאָף XVIII יאָרהונדערט.

סיביר פאַרנעמט קימאַט א פערטל פונעם אַזיאַטישן מאַטעריק. אף די ראַכוועסן פון 10 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער וואָלט זיך פרײַ אײַנגעמאָסטעט גאַנץ אויסטראַליע. אף זיבן טויזנט קילאָמעטער האָט זיך צעשפּרייט סיביר, אינײנעם מיטן ווײַטן מיזרעך, פון מײַרעוו אף מיזרעך, אף פיר טויזנט — פון צאָפן אף דאָרעם. מיר טרעפן דאָ אָן קימאַט אלע קלימאַטן, אלע באָדן־ און געוויקסן־זאָנעס, די סאַמע פאַרשיידענע לאַנדשאַפטן. אף צאָפן פון יאַקוטסק דערגרייכט ווינטער דער פראָסט ביז 70 גראַדוס, אין דאָרעם־סיביר איז זומער גרויס די היץ. בא דער בײַפּאָליארער טונדרע וואַקסט מער נישט ווי די באַשיידענע מאָראָשקע, און אין דעם מיטל־פּאַס פון סיביר ווערן קולטיווירט עפּל און ווײַנטרויבן.

רײַך איז סיביר מיט נאַפט. געאָלאָגן זאָגן, אַז אין סיביר זײַנען פאַראַן קימאַט אלע עלעמענטן פון דער מענדעלייעוו־טאַבעלע... גאָלד, אײַזן־ און פּאָלימעטאַלישע ערצן, דימענטן, ריזיקע רעזערוון שטיינקוילן, פאָספאַטן אאַ. לויט אירע נאַטירלעכע רײַכטימער איז סיביר איינע פון די גרעסטע שאַצקאַמערס אין דער וועלט. אף איר כיילעק פאַלט אויס דרײַ פערטל פון אלע אַנטדעקטע קוילן־רעזערוון פון אונדזער לאַנד, צוויי דריטל אײַזנאַרץ, נײַן צענטל זעלטענע און איידעלע מעטאַלן. 80 פּראָצענט פון די ענערגעטישע רעסורסן און פיר פינפטלעך פון די וואַלד־רעסורסן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד געפינט זיך אף דער טעריטאָריע פון סיביר און פונעם ווײַטן מיזרעך.

אין דער טיומענער געגנט איז געשאַפן געוואָרן א מעכטיקע נאַפט־ און גאַז־אינדוסטריע. לויט די אָנגאַבן פון די געאָלאָגן, קאָנען די רעסורסן בלויז פון אָט דער געגנט זיכערן דעם אַרויסבאַקום פון 500 מיליאָן טאָן נאַפט א יאָר און פון 600—700 מיליאַרד קובאָמעטער נאַטירלעכן גאַז.

פאַר די יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט האָט זיך געענדערט דאָס פּאָנעם פון סיביר. הײַנט־צו־טאָג איז דאָס א קאַנט פון שאַכטעס און זאַוואָדן, ס'זײַנען אויפגעקומען גרויסע שטעט און שעפעדיקע סאָווירטן און קאָלווירטן. דער פאַרזיי־שעטעך פון לאַנדווירטשאַפטלעכע קולטורן באַטרעפט העכער 25 מיליאָן העקטאַר, דאָס הייסט 10 פּראָצענט פונעם גאַנצן פאַרזיי־שעטעך אינעם לאַנד.

סיביר איז געוואָרן א קאַנט פון הויכער קולטור. טשיטאַ און אירקוטסק, קראַסנאָיאַרסק און קעמעראָוואָ, טאָמסק און נאָוואָסיבירסק, באַרנאַול און אָמסק — דאָס זײַנען ניט בלויז גרויסע אינדוסטריעלע שטעט, נאָר אויך וויכטיקע וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישע צענטערן. דער נאָוואָסיבירסקער פיליאַל פון דער אַלפאַרבאַנדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע איז באַוווּסט אין דער גאַנצער וועלט. דאָ זײַנען טעטיק 20 אַקאַדעמיקער, 400 פּראָפעסאָרן, 4000 דאָקטאָרס פון וויסנשאַפטן, 37 טויזנט וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער. נאָוואָסיבירסק איז נאָך גאָר א יונגע שטאָט (זי האָט אָנגעהויבן זיך בויען מיט אכציק יאָר צוריק). איצט איז דאָס איינע פון די צען גרעסטע שטעט אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

באַדײַטנדיק איז אויסגעוואַקסן פאַר די סאָוועטישע יאָרן דער קולטור־ניוואָ אין די ראַנד־געביטן פון סיביר. אין יאַקוטיע, אַשטייגער, ווו עס לעבן יאַקוטן, עווענקן, טשוקטשן, יוקאַגירן, וועלכע האָבן ביז דער רעוואָליוציע ניט פאַרמאָגט זייער שריפטלעכקײַט, ווערן אף דער מוטערשפּראַך אַרויסגעגעבן ראָמאַנען, דערציילונגען, לידער־זאַמלונגען. די ביכער פון די יאַקוטישע שרײַבער דערשײַנען אין דער איבערזעצונג אף רוסיש, אוקראַיִניש, ליטוויש און אַנדערע שפּראַכן פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. אינעם יאַקוטישן מעלוכעאוניווערסיטעט לערנען זיך העכער 6 טויזנט סטודענטן, אף די קאַטעדרעס פונעם אוניווערסיטעט אַרבעטן אַריבער 300 וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטער.

נאָך אין די מילכאָמע־יאָרן האָט א געאָלאָגישע עקספּעדיציע אָנגעהויבן זוכן דימענטן אין סיביר. איצט איז דאָרט אויסגעוואַקסן א גרויסע הײַנטצײַטיקע שטאָט מירני.

דער פראַנצויזישער פּובליציסט פּיער ראָנדער, וועלכער האָט באַזוכט סיביר מיט א יאָר צען צוריק, האָט געשריבן, אַז „שוין איצט ווירקט זי אפן גורל פון דער וועלט מיט איר פּראָדוקציע פון שטאָל און קוילן, און אין דרײַסיק־פערציק יאָר אַרום, צום אָנהייב פונעם XXI יאָרהונדערט, וועט זי קאָנען פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט אין דער וועלט לויט איר פּראָדוקציע. דאָס איז... די צוקונפט פון אונדזער פּלאַנעטע“.

י. גינעווסקי

■

## צום 25־יאָריקן יובילײ פונעם װאַרשעװער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער





קינסטלערישער אָנפירער פונעם טעאַטער שימען שורמיעי.

א סצענע פונעם ספעקטאַקל „מענאַכעם־מענדל".



א סצענע פון װס. װישניעװסקיס „די אָפּטימיסטישע טראַגעדיע".

## ביבליאָגראַפֿיע

### אבע פינקעלשטיין

# איציק פעפערס ביכער

דער דאָזיקער ביבליאָגראַפֿישער איבערזיכט פֿון איציק פעפערס דערשינענע ביכער כאַפּט אַרום אַ פּעריאָד פֿון העכער פֿופֿציק יאָר (1922—1974).

די געקירצטע ווערטער לייענען זיך אַזוי: מ. — מאָסקווע; מ. — ל. — מאָסקווע — לענינגראַד; ז. — זײַטן; ב. בל. — בלאַט; איל. — אילױסטרירט (אילױסטראַציעס); צייכ. — צייכענונג (צייכענונגען); פּאָרטר. — פּאָרטרעט.

אױבן אין די רוסישע און אוקראַיִנישע ביכער איז דער איבערזעצער ניט אָנגעוויזן, באַטײַט עס, אַז דאָס בוך איז איבערגעזעצט דורך אַ קאָלעקטיוו אוטאָרן.

### איציק פעפערס ביכער, דערשינענע אויף ייִדיש

שפּענער. לידער. קיִעוו, „ווידערוווּקס", 1922. 30 ז. (ליטעראַטן־פאַרלאַג „ליריק").

וועגן זיך און אַזוינע ווי איך. לידער. קיִעוו, מעלוכע־פאַרלאַג פֿון אוקראַיִנע, 1924. 95 ז.

אַ שטיין צו אַ שטיין. לידער. כאַרקאָוו — קיִעוו, מעלוכע־פאַרלאַג פֿון אוקראַיִנע, 1925. 98 ז.

פּראָסטע טריט. לידער. קיִעוו, „קולטור־ליגע", 1925. 66 ז.

געפֿונענע פֿונקען. לידער. קיִעוו, „קולטור־ליגע", 1928. 95 ז.

עליעס טויט. פּאָעמע. כאַרקאָוו, צענטערפאַרלאַג, 1928. 36 ז.

געקליבענע ווערק. לידער. כאַרקאָוו — קיִעוו, מעלוכע־פאַרלאַג פֿון אוקראַיִנע, 1929. 381 ז. 1 בל. פּאָרטר.

מײַסעלעך אין פֿערזן. מינסק. צענטערפאַרלאַג, 1929. 36 ז.

געוועטן. לידער. קיִעוו, „קולטור־ליגע", 1930. 239 ז. (ביבליאָטעק „ייִדישע שרײַבער").

פּלאַקאַטן אויף בראָנזע (פּלאַקאַטן, פּאַמפֿלעטן, סאַטירע, נאָוועלן, לאָזונגען, פֿאַקטן). כאַרקאָוו, צענטערפאַרלאַג, 1931. 120 ז.

גרוזיע. פּאָעמע. כאַרקאָוו, „ליטעראַטור און קונסט", 1931. 92 ז.

דאָס טײַבעלע און אַנדערע מײַסעלעך אין פֿערזן. מינסק, צענטערפאַרלאַג, 1931. 40 ז. איל.

בליִענדיקע מיסטן. פּאָעמע. כאַרקאָוו, צענטערפאַרלאַג. 1931. 12 ז. (ביבליאָטעק פֿאַר ווייניק־איוורעדיקע).

געזאַמלטע ווערק. לידער. ערשטער באַנד 1918—1925. כאַרקאָוו. „ליטעראַטור און קונסט", 1932. 272 ז.

פּלאַסטן. פּאָעמע. כאַרקאָוו — קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1932. 183 ז.

די אויפֿגאַבעס פֿון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד (סטענאָגראַמע פֿון אַ פּאָרטראַג, געלייענט אויף דער 2־טער אַלוקראַיִנישער קאָנפֿערענץ פֿון די ייִדישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער דעם 28־טן אַפּריל 1931). כאַרקאָוו — קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1932. 56 ז.

די ייִדישע ליטעראַטור אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. כאַרקאָוו — קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1933. 108 ז.

לידער און פּאָעמעס. 1925—1928. כאַרקאָוו, „ליטעראַטור און קונסט", 1934. 302 ז.

יאַטן. לידער. רעדאַקציע און פּאָרעדע פֿון פּייסי אַלטמאַן. כאַרקאָוו. „מאָלאָדאָי באָלשעוויק", 1934. 234 ז.

לעבן זאָל דאָס לעבן. לידער. כאַרקאָוו, „ראַדיאַנסקאַ ליטעראַטוראַ", 1934. 192 ז.

מיט הײַנטיקע אויגן. (געוועטן) לידער. 1928—1930. כאַרקאָוו, „ליטעראַטור און קונסט", 1934. 160 ז.

פּלאַסטן. לידער. צייכ. — מ. קאָטליאַרעווסקי. קיִעוו, קינדער־פאַרלאַג פֿון אוקראַיִנע, 1934. 130 ז. איל. (שול־ביבליאָטעק פֿאַר עלטערע קינדער).

צווישן הימל און אײַז. פּאָעמע. כאַרקאָוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1934. 32 ז. איל. (ביבליאָטעק „זײַ גרייט", 2).

פֿײַלן אויף מײַלן. לידער. קיִעוו — כאַרקאָוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1935. 183 ז.

לידער. פּאָרוואָרט — ב. אָליעווסקי. מ., „עמעס", 1935. 140 ז. (שול־ביבליאָטעק).

שטייט דער וואַלד. טעקסט — איציק פעפער, מוזיק — לייב יאַמפּאָלסקי. מינסק, מעלוכע־פאַרלאַג פֿון ווססר, 1935. 4 ז.

בלאָנדע קאָמסאָמאָלקעס. טעקסט — איציק פעפער,

מוזיק — לייב יאמפאלסקי. מינסק. מעלוכע־פאר־לאג פון ווסםר. 1935. 4 ז.

צענטראלע ידישע מעלוכע־ביבליאטעק א. נ. פון מאריס ווינטשעווסקי. איציק פעפער. ביא־ביבליא־גראפיע. קיעוו. אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1936. 15 ז.

קראפט. לידער. קיעוו — כארקאוו, אוקרמעלוכענאצ־מינדפארלאג, 1937. 275 ז.

געקליבענע ווערק. לידער. קיעוו, אוקרמעלוכענאצ־מינדפארלאג, 1938. 284 ז.

דאס גאלדענע פיקסל. פאנטאסטישע פאעמע. מ., „עמעס", 1938. 47 ז.

בא די גרוזינישע ידן. קיעוו, אוקרמעלוכענאצמינד־פארלאג, 1938. 23 ז.

גרויסע גרענעצן. ראמאן אין פערזן. קיעוו, אוקרמע־לוכענאצמינדפארלאג, 1939. 317 ז.

גוטע צייטן. לידער. מ., „דער עמעס", 1939. 32 ז. („מאסן־ביבליאטעק").

ביראבידזשאנער לידער. קיעוו, אוקרמעלוכענאצמינד־פארלאג, 1939. 24 ז.

ווונדערלאנד. לידער. קיעוו, אוקרמעלוכענאצמינדפאר־לאג, 1940. 260 ז.

געקליבנס. לידער. קיעוו, אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1940. 128 ז.

ביראבידזשאנער מארש. טעקסט — איציק פעפער, מו־זיק — ס. סענדעריי. מ., „דער עמעס", 1940. 2 ז.

אין א מאזלדיקער שא. לידער. קיעוו, אוקרמעלוכע־נאצמינדפארלאג, 1941. 183 ז.+1 בל. פארטר.

מילכאמע־באלאדעס. מ., „דער עמעס", 1943. 64 ז.

שיין און אפשיין. לידער און פאעמעס (אויך די פאע־מע „שאטנס פון ווארשעווער געטא"). מ., „דער עמעס", 1946. 216 ז.

אפשיין. לידער. מ., „דער עמעס", 1948. 244 ז.

לידער, באלאדעס, פאעמעס. אויסדערוויילטס. צייכ. — ל. מאראז. צונויפגעשטעלט — ראכל פעפער־קא־ליש. רעדאקטאר — אווראם גאנטאר. נאכוואָרט — הערש רעמעניק: דער דיכטער פון זיג. מ., „סאָ־וועטסקי פיסאטעל", 1967. 432 ז. פארטר. — סו־פער־הילע.

רויטארמייִש. לידער. ניו־יארק, „איקוף", 1943.

„היימלאנד". לידער־זאמלונג. ניו־יארק, „איקוף", 1943.

שאטנס פון ווארשעווער געטא. פאעמע. ניו־יארק „איקוף", 1945. 76 ז.

שיין און אפשיין. לידער. ניו־יארק, „איקוף", 1964.

די זון פארגייט ניט. פיעסע. אין 3 אקטן, זעקס ביל־דער. (געשטעלט אין מאסקווער מעלוכישן ידישן טעאטער אין 1947 יאר).

לעכאיִם. קאמעדיע. (געשטעלט אין א ריי ידישע טעאטערן פון פססר).

צייטן ביטן זיך. פיעסע. געדארפט געשטעלט ווערן אין מאסקווער מעלוכישן ידישן טעאטער.

## ביכער, דערשינענע אין דער איבערזעצונג פון ידיש אף רוסיש

לידער־זאמלונג. אריינפיר־ארטיקל — ראוויטש־טשער־קאסקי. מ. — ל. מעלוכע־פארלאג פון קינסטלערי־שער ליטעראטור. 1931. 108 ז.

אויסגעוויילטע לידער. אין דער איבערזעצונג פון פ. אנטאקאלסקי, ע. באגריצקי, ד. בראדסקי אא. מ., גאסליטיזדאט, 1935. 158 ז.

לידער און פאעמעס. מ., גאסליטיזדאט, 1937 [1938]. 272 ז.+1 בל. פארטר. (צייכ. — ז. טאלקאטשאוו).

דער אויצער. לידער. צייכ. — ג. קראוואוו. מ., גאס־ליטיזדאט, 1939. 136 ז. איל.

לידער. קיעוו, אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1939. 47 ז.

א בערלינער נאכט. לידער. אופא. שרייבער־פאר־באנד פון אוקראינע („פראנט אי טיל". ביבליא־טעק פון שרייבער־פארבאנד פון אוקראינע). 1942. 22 ז.

פרילינג אין א מילכאמע־יאר. לידער. אופא. שריי־בער־פארבאנד פון אוקראינע („פראנט אי טיל". ביבליאטעק פון שרייבער־פארבאנד פון אוקראי־נע). 1942. 28 ז.

מילכאמע און מענטשן. לידער. אופא. באשגאסליטיז־דאט, 1942. 32 ז. (אף דער הילע: „פראנט אי טיל").

צוויי וועלטן. קוייבישעוו. אבלגיז, 1943. 38 ז.

אויסגעוויילטע לידער. רעדאקציע און אריינפיר־ווארט — פ. אנטאקאלסקי. צונויפשטעלער — ה. קאליש־פעפער און ארן ווערגעליס. מ., „סאוועט־סקי פיסאטעל", 1957. 393 ז.

פריינטשאפט. לידער און מייסעס פאר קינדער. צייכ. — וו. לאזארעווסקאיא. צונויפשטעלער — ר. ב. קאליש־פעפער און א. יו. גאנטאר. אלגעמיינע רעדאקציע און פארווארט — א. ווערגעליס. מ., דעטגיז, 1958. 80 ז.

לידער און פאעמעס. צונויפגעשטעלט — ר. קאליש־פעפער, א. ווערגעליס און א. גאנטאר. רעדאק־ציע — יו. סוועטלאנאוו. קינסטלער — יע. אדא־מאוו. מ., גאסליטיזדאט, 1958. 319 ז.

לידער. פארווארט — פ. באלאשאוו. צונויפגע־שטעלט — ר. פעפער־קאליש. מ., „כודאזשעסטווע־נאיא ליטעראטורא", 1969 [1970]. 287 ז.+1 בל. פארטר. (ביבליאטעק „סאוועטישע דיכטונג").

## די איבערזעצער פון ידיש אף רוסיש:

פ. אנטאקאלסקי, ל. אזאראוו, ס. אלענדער, נ. אושאקאוו, א. איווינסקאיא, יע. איילינא, ע. באגריצקי, נ. בא־ניקאוו, וו. בוגאיעווסקי, ד. בראדסקי, אי. גורע־וויטש, נ. גלאדקאוו, וו. גראנאוו, ל. דליגאטש, וו. דערזשאווין, אי. טארקאווסקי, ד. טורגאנאוו, א. טווערסקאי, פ. וויאטשעסלאוואוו, פ. איוועגס־קאיא, יע. יעווטושענקא, ס. ליפקין, וו. לייטין, ס. לעווומאן, ל. מאלצעוו, ל. מארטינאוו, ס. מאר־

שאק, מ. מיראָווא, יע. ניעזשינצעווא, מ. סוועט־לאָוו, וו. פּאָטאפּאָווא, אי. פּאָסטופּאלסקי, מ. פּוס־טין, ט. ספּענדיאראָווא, וו. צוועליאָוו, אָ. קאָלי־טשעוו, פּ. קאַרמאַן, ל. רוסט, א. רעוויטש, א. שטיינבערג, א. שפּירט.

## 3. ביכער, דערשינענע אין דער איבערזעצונג פון ייִדיש אף אוקראַיִניש

ליריק. לידער. איבערזעצער — מ. פּריגאָרע, כאַרקאָוו, „ראַדיאַנסקאַ ליטעראַטוראַ", 1934. 30 ז. (ביבליאָ־טעק „ראַדיאַנסקאַ ליטעראַטוראַ", נומ. 37).

דער אויצער. אויסגעוויילטע לידער. אין דער איבער־זעצונג פון מיקאָלאַ באַזשאַן, מאַרק זיסערמאַן, לעאָניד פּערוואָמײַסקי, מאַריִא פּריגאָרע, מאַקסים רילסקי, וואָלאָדימיר סאָסיוראַ און פּאַוולאָ טי־טשינאַ. צייכ. — סקוראַטאָווסקי. קיִעוו — כאַרקאָוו, דערזשליטווידאָוו., 1937. 92 ז., איל.

פונעם קוואַל. לידער. לוואָוו, „ראַדיאַנסקי פּיסמעניק", 1940. 96 ז.

מוישע כאַשטשעוואַצקי, איציק פעפער.

לענין אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור. זאַמלונג. כאַרקאָוו — קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1934. 192 ז.

מוישע בערעגאָווסקי, איציק פעפער.

ייִדישע פאָלקסלידער. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינד־פאַרלאַג, 1938. 532 ז. (די נאָטן מיט לאַטײַנישן שריפט).

## ביכער, דערשינענע אף ייִדיש מיט איציק פעפערס אַרײַנפיר־אַרטיקלען אָדער רעדאַקציע.

מאָריס ווינטשעווסקי. זאַמלונג (צו מ. ווינטשעווסקיס קומען קיין קיִעוו, 7 דעקאַבער 1924). צונויפגע־שטעלט און רעדאַגירט פון איציק פעפער. קיִעוו, „קולטור־ליגע", 1924. 20 ז.

יוסעף באָוושאָווער. לידער. אויסוואַל און רעדאַקציע פון איציק פעפער. פאָרוואָרט — עזראָ פיניננבערג. קיִעוו, „קולטור־ליגע", 1930. 120 ז.

דאָוויד עדעלשטאַט. געקליבענע לידער. אויסוואַל און רעדאַקציע פון איציק פעפער און עזראָ פיניג־בערג. נאָכוואָרט פון קאַלמען מאַרמאָר. קיִעוו, „קולטור־ליגע", 1931. 303 ז.

אַנרי באַרביוס. פרעמדע און אייגענע. מיט אַ בריוו פונעם אַוטאָר צו די קינדער פון אוקראַיִנע, ייִ־דיש — נ. גאָלדענבערג און הענעך קאַזאַקעוויטש. פאָרעדע פון איציק פעפער. כאַרקאָוו, אוקרמעלו־כענאַצמינדפאַרלאַג, 1934. 32 ז.

קינדער־שאַפונג. אונטער דער רעדאַקציע פון איציק פעפער. קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג, 1937. 28 ז. (ביבליאָטעק „זײַ גרייט").

א. מיקיטענקאָ. קאַדרען. ייִדיש — איציק פעפער און יע. קאַהאַן. כאַרקאָוו — קיִעוו, אוקרמעלוכענאַצ־מינדפאַרלאַג, 1932. 94 ז.

## איציק פעפערס ווערק, געדרוקטע אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד"

ווילדע כאַלומעס. — צו די גלײַכגילטיקע. — מע זאָגט... — מײַנע וועגן. 1962. נומ. 2.

בענקשאַפט. — מײַ. — די אַלטע טײַנע. 1965, נומ. 10.

יאַטן. 1967, נומ. 11.

אילײטש. — האָט לענין געזאָגט. 1970, נומ. 4.

פאַרגעסענע אויגן. — פון סאָטשי קיין כאָסטע. — די נאַכט־קאַפּעלע. — די מאַמע פרעגלט אײַנגע־מאַכטס. — אַ שעמעוודיק מיידל. — דאָס בערעזענע געזינדל. — די זון פאַרגייט. 1970, נומ. 9.



# ווינקל פון געזעלשאַפטלעכן פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“

## טרײַע פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל

עס ווערט פאָרגעזעצט די אבאָניר־קאמפּאניע אַף דעם יאָר 1976.

דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ — איינער פון די פּאָפּולערסטע ייִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין דער וועלט — רופט איצט זײַנע לייענער אבאָנירן זיך רעכטצײַטיק אַפן נײַעם יאָר.

פאַר דער לעצטער צײַט האָט ארום זשורנאַל זיך געשאַפן א ברייטער אקטיוו געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער, דער בײַטראָג פון וועלכע עס איז צו זען אין יעדער אבאָניר־קאמפּאניע.

מע דאַרף דאָ טאַקע אונטערשטרײַכן, אז די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל לייענער אין 1975 איז דערגרייכט געוואָרן טאַקע אדאַנק דעם, וואָס די געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער האָבן אָפּגעטאָן א ביז גאָר וויכטיקע ארבעט. אזעלכע לייענער־ענטוזיאַסטן, ליבהאָבער און פּאָפּוליאַריזאַטאָרן פונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט, האָט „סאָוועטיש היימלאַנד“ אין אלע עקן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און אין אנדערע לענדער. דאָס זײַנען מענטשן, וואָס גיבן זיך אָפּ דער וויכטיקער זאַך מיט לײַב און לעבן און האַלטן דאָס פאַר זייער א געזעלשאַפטלעכן כויוו. אייניקע טוען דאָס אין דער טראַדיציע פון די אַלטע מויכער־ספאָרימניקעס. אדאַנק די פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ אין כאַרקאָוו, לעמאָשל, — ביניאָמין קאָטליאַרן, איציק באַראָוויטשן, יאַנקל עלקיסן, אין רעזולטאַט פון זייער אָנגעשטרענגטער מי, איז די צאָל אבאָנירטע לייענער אין דער שטאָט פאַר די לעצטע צוויי יאָר אַף א סאַך פאַרגרעסערט געוואָרן. זיי צו הילף זײַנען, צווישן אנדערע, געקומען באָריס שאַטכאַן און זײַן פרוי סאָניע גאַלינסקאַיאַ, וועלכע שרײַבן אין א בריוו אין רעדאַקציע: „מיר זאָגן אײַך צו אויך אַף ווײַטער זיך פאַרנעמען מיט דער פאַרשפּרייטונג פון „סאָוועטיש היימלאַנד“.

פון וויניצע שרײַבט אונדז איינער פון די עלטסטע פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל — רוון אקיוועסאָן, — אז ער אליין האָט אויסגעלערנט ייִדיש צוויי מענטשן, לויט די לעקציעס, וועלכע זײַנען געווען געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד“, און האָט זיי אבאָנירט אַפן זשורנאַל אַף דעם 1975 יאָר. פון דער זעלבער שטאָט שרײַבט אונדז ייִסראָעל ספּיוואַק: „ביט קוקנדיק דערויף, וואָס איך האָב שוין צעביטן דעם נײַנטן צענדליק, וועל איך אַף ווײַטער זיך פאַרנעמען מיטן פאַרשפּרייטן דעם זשורנאַל“. אין וויניצע האָבן אָפּגעטאָן א סאַך אין זין פון פאַרשפּרייטן „סאָוועטיש היימלאַנד“ מאָטל שטערנבערג, שימען בערשאַד, ארן סיוואַק, לייווי כמוראָוו, וועלוול אנאַפּאָלסקי, שלוימע גאָרנשטיין בעראָש מיט דעם שרײַבער געדאַליע קאָסאָי. אדאַנק זייער מי און ענערגיע איז דאָרט די אבאָנירונג פאַרגרעסערט געוואָרן.

זאָל זיך בא אייניקע לייענער ניט שאַפן קיין מיינונג, אז אונדזערע פאַרשפּרייטער פונעם זשורנאַל זײַנען בלויז פּענסיאָנערן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דעם איניען, ווײַל זיי האָבן א סאַך פרײַע צײַט. צווישן אונדזער לייענער־אקטיוו זײַנען פאַראַן פיל טרײַע ליבהאָבער פונעם זשורנאַל, וועלכע ארבעטן אַף די אונטערנעמונגען און אין די אנשטאַלטן, און זיי געפינען צײַט און אינטערעס צו פּאָפּוליאַריזירן די סאָוועטישע פּעריאָדיק, וועלכע דערשײַנט אַף ייִדיש.

א היפּשע גרופּע געזעלשאַפטלעכע פאַרשפּרייטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז טעטיק אין שטעטל זשיטקאָוויטש (ווײַסרוסלאַנד), צווישן זיי דער וואַלד־ארבעטער יאַנקל דאָרפמאַן, דער מאַליער כאַיִם טקאַטש, דער בוכהאַלטער מייער כיניטש, דער פאָטאָגראַף מוישע ראַדונסקי (וועלכער האָט אליין אויסגעפאָרמירט 12 אבאָנירונגען).

אין דער אינדוסטריעלער שטאָט דאָנעצק איז די אבאָנירונג אַפן זשורנאַל אין 1975 יאָר אין צוויי מאָל פאַרגרעסערט געוואָרן לעגאַבע דעם יאָר 1974. די ארבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן אדאַנק דער טעטיקײַט פון א גרופּע ענטוזיאַסטן אין שפּיץ מיט זאַלמען מינקין.

א באַדײַטנדיקע ארבעט פירן דורך די געזעלשאַפטלעכע פרעסע־פאַרשפּרייטער אין דער שטאָט ניקאָלײַעוו, ווו דער אינטערעס צום זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ איז באַזונדערס געשטיגן. דאָרט פאַרנעמען זיך מיט דער אבאָנירונג אזעלכע לאַנגאָניקע אקטיווע לייענער, ווי דער אינזשעניער א. פעלדמאַן, דער געוועזענער קאָמיסאַר פון קאָראָסטישעווער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד, א באַלוינטער מיט פיל אָרדענס און מעדאַלן, ב. טאַראַטוטע, דער קאַפּיטאַן פון זאַפּאַס ג. גראַבאַרניק און דער שטענדיקער לייענער פון זשורנאַל פ. ראַפּאַלאָוויטש. די ככ׳ טאַראַטוטע און גראַבאַרניק ארבעטן צוזאַמענשטאַנס צווישן די לייענער, געוועזענע אָנטיילנעמער אין דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. די פאַרשפּרייטער אין ניקאָלײַעוו האָבן אויך צוגעצויגן נײַע לייענער צווישן די יוגנטלעכע, וועלכע דערלערנען ייִדיש לויט די לעקציעס, וואָס ווערן געדרוקט אין יעדן זשורנאַל־נומער.

אין דער שטאָט בעלץ האָט דער פאַרשפּרייטער ייִסראָעל פלאָם, צוזאַמען מיט די ככ׳ א. גאָלדבערג,

א. וואכזאר, אבאָנירט אפֿן 1975 העכער 50 לייענער.

אַן אַקטיווער פּאָפּוליאַריזאַטאָר פֿון דעם זשורנאַל און פֿון ייִדישער ליטעראַטור ביכלאַל איז אין קאָונאַס דער אינזשעניער־קאָנסטרוקטאָר מארק יאָוויטש. נאָך גאָר א יונגער מענטש, האָט ער, לייענענדיק „סאָוועטיש היימלאַנד“, פֿאַרפּולקומט זײַנע קענטעניש אין ייִדיש (ער האָט אפֿילע פֿאַר זיך געשאַפֿן א מין קאַרטאָטעקע פֿון העכער דרײַ טויזנט ווערטער).

א צושטײַער אינעם פֿאַרגרעסערן די צאָל לייענער אין דער שטאָט גאָרקי האָבן געמאַכט אי. גרינפֿעסט און זײַנע מיטהעלפֿער, דער מעדיקער ל. גורוויטש, דער בוכהאַלטער ל. קאַסטרעל, דער פֿענסיאָנער ד. רויטער און דער שנײַדער א. גאָר, ווי אויך איינער פֿון די אַוטאָרן פֿון זשורנאַל מאָניע מיניעוויטש.

אין שטעטל קלימאָוויטש האָט דאָוויד זלאַטקין, צוזאַמען מיט זײַן זון כאַיִם זלאַטקין, א זשורנאַליסט פֿון דער אָרטיקער צײַטונג, אָפּגעטאָן א באַדײַטנדיקע אַבאָניר־אַרבעט.

פֿאָלינע יעפֿימאָוונע מענדעלעוויטש, א יוריסט לויט דער פּראָפֿעסיע, האָט שוין איצט אונטערגעשריבן אפֿן נײַעם יאָר אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק 15 נײַע אַבאָנענטן, אַגעוו זי באַנוגנט זיך ניט בלויז מיטן וווּקס פֿון דער צאָל לייענער, נאָר אָפּטמאָל באַהאַנדלט זי מיט זיי מאַטעריאַלן, פֿאַרעפֿנטלעכטע אין זשורנאַל. אַזוי־אַרום ציט זי צו פֿון יאָר צו יאָר נײַע און נײַע אַבאָנענטן.

אין דער שטאָט אָרסק האָט זיך אויף דער דאָרטיקער ניי־פֿאַבריק אויסגעקנאָספּט א גרופּע ליבהאָבער און פֿאַרשפּרייטער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“, צווישן זיי די אַרבעטער עלקאָנע קאַדאָמסקי און זײַן פֿרוי נ. קאַדאָמסקע, דער בוכהאַלטער ל. קאַראַס, די אינזשעניערן מ. לוצקער און ר. ליף.

זייער טעטיק און אַקטיוו זײַנען די פֿאַרשפּרייטער אין טשערנאָוויץ, אין דער שפּיץ מיט יאַנקל ליבמאַן. צווישן זיי איז קעדײַ צו דערמאָנען מיט א גוט וואָרט מישע בוביסן, כאַיִם אָסטראָווסקין, פּיניע בערעזינען, שאָלעם באַראָן, מאָטל פּאָליאַנסקי. אַלע זײַנען זיי אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פֿון די שטאָטישע אונטערנעמונגען.

אין צוויי מאָל איז פֿאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל אַבאָנענטן אויף דעם זשורנאַל אין סמאָלענסק. דאָ האָט באַזונדערס אַרויסגעוויזן זײַנע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿײַיִקײַטן דער זשורנאַליסט און אַקטיווער לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“ אײַזיק שפּילבערג, און צוזאַמען מיט אים — זײַנע באַשטענדיקע מיטהעלפֿער אַרן שקונדין, איציק סאַרנעוויטש און יעפֿים סאָסין.

ווען מיר וואָלטן אויף דער מאַפּע פֿון אונדזער לאַנד אויסגעשטעלט פֿענדעלעך בײַ די נעמען פֿון די ערטער, וווּ ס'לעבן און מיִען זיך די פֿרײַנט, געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“, וואָלטן מיט אַזעלכע פֿענדעלעך געווען אָפּגעמערקט קימאַט אַלע רעפּובליקן און געגנטן פֿונעם לאַנד. צווישן די אַקטיוויסטן אין דער אַבאָניר־אַרבעט דאַרפֿן אָפּגעמערקט ווערן דער לערער קיסין (פּעטראָפּאַוולאָווסק־אויף־קאַמטשאַטקע), נאָכעם יאָמטעוו (כאַבאַראָווסק), אַרן זײַטשיק (אָרענבורג), מוניע גלייזער און מענדל קליינער (קראַסנאָיאַרסק), לייע זילבער (נאָוואָסיבירסק), ד. טאַבאַטשניק (טיומען), ווילענסקי (קאַזאַן), אַווראָם ווײַנער (וואָלגאָגראַד), יא. פֿאַרבער (טאַמבאָוו), י. איצקאָוו (טאַשקענט), מאָרדכע גרוזבערג (זשמערינקע), י. מאַרטשאַנסקי (טערנאָפּאָל), ייִסראָעל קאַץ (קרעמענטשוק), גאָלדע קאַראַלניק (קוסטאַנײַ), א. לעמבערג קראַמאַטאָרסק), אײַזיק גאָלוב און מאָדעסט סיראָטין (באָברויסק), לייזער דאַשעווסקי (איזשעווסק), א. בירמאַן (קאָראָסטען), מ. זינגערמאַן (קריוואָי ראָג), לייזער קליינערמאַן (נאָוואָגראַד־וואָלינסק), אַווראָם ליוואַק (פּאָלאָנע), ג. גערבערט (סלאַוווּטע), יאַקאָוו אָרלאָוו (ליטקאַרענאָ), עליע נאָרקין (מינסק), מיכאַיִל קאַמינסקי (רעוטאָוואָ) און א סאַך, א סאַך אַנדערע. זאָלן אונדז מויכל זײַן די כאַוויירים פֿאַרשפּרייטער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“, ניט דערמאָנטע דאָ צוליב מאַנגל אין אָרט.

מע מעג זאָגן פֿעסט, אַז אויב עס וועט אויסגענוצט ווערן די דערפֿאַרונג פֿונעם פֿאַריקן יאָר, וועלן די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרשפּרייטער פֿונעם זשורנאַל אין דער אַבאָניר־קאַמפּאַניע אויף דעם 1976 זיך דערשלאָגן נײַע דערגרייכונגען און אויף א סאַך פֿאַרגרעסערן די צאָל אַבאָנירטע לייענער. זאָל יעדער אַלטער לייענער ניט בלויז זיך אַבאָנירן אפֿן נײַעם יאָר, נאָר אויך צוציִען נײַע לייענער.

וועגן די גוטע רעזולטאַטן פֿון אַזאַ אָנטייל אין דער אַבאָניר־קאַמפּאַניע זאָגט איידעס די דערפֿאַרונג פֿון דורכפֿירן די אַבאָנירונג אפֿן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ אפֿן יאָר 1975.

מיר זײַנען דאַנקבאַר אַלע די, וועלכע שאַנעווען ניט קיין צײַט און קויכעס אויף צו פֿאַרשפּרייטן דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“, און מיר האָפֿן, אַז די אַבאָנירונג אפֿן נײַעם יאָר וועט דורכגעפֿירט ווערן דערפֿאָלגרײַך.

יאַשע טשערניס




אויף דער פֿאָטאָ: אין פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס ווערט געמאָלדן וועגן דער אַבאָנירונג אפֿן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ אין קאָנטעקסט פֿון דער אַלגעמיינער סאָוועטישער פּרעסע.

# לייב קוויטקאָס אלעפבייס

**פון רעדאקציע**

אין צוזאמענהאנג מיטן 85־טן געבורטסטאָג פונעם גרויסן ייִדישן סאָוועטישן דיכטער לייב קוויטקאָ און גייענדיק אנטקעגן דעם פארלאנג פון פילצאָליקע לייענער, ליבהאָבער פונעם דיכטערס קינדער־שאפונגען, ווערלן מיר, אָנהייבנדיק פונעם הײַנטיקן נומער, פאר־עפנטלעכן (רעפראָדוצירט) דעם „אלעפבייס" פון ל. קוויטקאָ, געצייכנט פון מיכאיל יאָ.

די פובליקאציע ווערט געמאכט לויט דער אויסגאבע פונעם מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע, 1947, מיט דער איינציקער ענדערונג, וואָס עס זײַנען ארײַנגעפירט די שלום־אויסיעס.



אַון אלעף האָט פיר עקעלעך —
א שטעקל מיט צוויי פלעקעלעך.

---

אלעקסאנדער מאַטראָסאָוו איז א העלד,
א דענקמאָל ווערט דעם העלד געשטעלט.

---

ארבעטער און פויערים
ארבעטן באנאנד,
אליין צו זיי געהערן
אלע גיטער פונעם לאנד.

•



אַדלער, אָדלער, פליסט ווי א וויכער,
אָבער פליִערס פליִען נאָך גיכער.

---

אָ, ווי שיין די רויטע פאָן
אפן גרויסן סטאדיאָן!

---

ניט אָפלייגן אף מאָרגן,
וואָס קענסט נאָך הײַנט באזאָרגן.

•



בּאר און באָל פליִען וויל —
באָל צום באָלקן, באר צום מויל.

---

באבצי בלומצי באקט דאָך ברויט —
באקט אויך בייגלעך ברויט באם פלויט.

---

בערע איז א בעריע בא די בינען,
שטער ניט בערן בא די בינען.



גאַנדז און גאַנער
גייען שפּאַצירן,
געלע
גענדזעלעך זיי פירן.

---

גרינע פעלדער אַן אַ ברעג,
גייט אינמיטן גרינס אַ וועג,
גאָלדע טראָגט אַ געלן הוט,
זעט מען גאָלדען זייער גוט.

●



דער דימענט שניידט דאָס גלאָז.
די קאָסע שניידט דאָס גראָז.
דער הארן טוט אונדז וועקן,
דעם בלינדן פירט דער שטעקן.

---

דאָס דריידל דרייט זיך,
דאָס יאָטל פרייט זיך.

●



וווידלקע, הייב זיך
העכער און העכער,
הייב די קינדער
ביז די דעכער!

---

הינדעלע און הענדעלע
עסן פון איין קענדעלע.

---

הייב דעם האַמער, שמיד,
שמיד, קאַלזמאַן עס גליט!

●



אַן גערקעס רופן פון דער בייט:
פּרוווט און עסט געזונטערהייט!

---

אונדזער היים איז שטאַרק און גרויס,
אונדזער היימלאַנד גייט פאָרויס,
אומעטום מיר בויען שיין,
אונדז איז גוט אין אונדזער היים!

---

שטייען געבונדן אַלע צוזאַמען
הונדערט ברידער אַן אַ מאַמען.
וואָס איז עס?

(אַ גאַרב)

●



רוון איז א דרייסטער יונג,
רוון ווינטשט זיך זײַן א שווימער,
ווונדער־שיין ער טוט א שפּרונג,
ווי א טײַך נאָר — שווימט ער איבער.

---

פּרוּוו פאַרהאַלטן א ווולקאַן,
פּרוּוו אים אײַנשפּאַנען אין שפּאַן!

•



בוי, בוי, בויער,
א מויער נאָך א מויער
א הויז נאָך א הויז
די גרויסע היים בוי אויס!

---

א בוים בייגט זיך, ווען ער איז יונג.

---

יוירט דאָס טייג און ציט.
יויך אין טעפּל זידט.

•



וואָלף און ווערויק

וואָלף און קליינער ווערויק
וועטן א געוועט:
ווער דאָס וועלדל גיכער
איבערלויפן וועט.
וואָלף אף דר׳ערד לויפט אונטן,
ווילד ער אײַלט, פאַרשוויצט,
ווערויק אף די ביימער
שפּרינגט פון שפּיץ אף שפּיץ...

•



זיפּט זיבן זיפּן נײַע
אונדז דאָס מעל, און זיך — די קלײַען,
זיפּט דאָס זויבערע מעל ארויס,
לאָזט פאַר זיך די קלײַען בלויז!

---

זײַ ווי זאַיע — מיט לײַב און לעבן
אונדזער היימלאַנד איבערגעגעבן.
זײַן זאָל זויבער דײַן געוויסן,
זאָלסט, ווי זי, קיין שרעק ניט וויסן.

---

זאַנגען קענען שטיל ניט שטיין,
אַז דער ווינט זיי בייגט.
זאַגן זאַנגען יאָ און ניין —
ווי׳ דער ווינט זיי נייגט.

(פאַרזעצונג קומט)

■ ■ ■

## קאָמענטאַרן פון רעדאַקציע

# א סאָך זמירעס און ווינציק לאָקשן

לאָמיר דערציילן די באַלערעוודיקע געשיכטע, וויאזוי די ציִעניסטישע קולטור־פאַרדאַרבער האָבן שוין געמיינט, אַז עס האָט זיך זיי איַינגעגעבן ארויסצוגאַנווענען בא דער סאָוועטישער שטאָט ווילנע איר יִדישן פאָלקס־טעאַטער, און וואָס עס האָט אין דער ווירקלעכקײַט זיך פון דעם באַקומען.

די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" ווייסן דעם יִדישן פאָלקס־טעאַטער אין ווילנע, זײַן רײַכן שעפערישן וועג — אָנגעהויבן פון באַזונדערע קרײַזלעך פון זעלבסטעטיקער קונסט מיט אָנדערהאַלבן צענדליק יאָר צוריק און ביז דעם הײַנטיקן מאַצעוו פון א גרויסן איינהײַטלעכן קינסטלערישן קאָלעקטיוו, וועלכער טראָגט מיט ווירדע דעם פאַרפליכטנדיקן ערן־טיטל אין דער סיסטעם פון דעם סאָוועטישן טעאַטער־וועזן. בא די יִדישע צושויער פון ווילנע, קאָוונע און פון א ריי אַנדערע שטעט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, וווּהין דער פאָלקס־טעאַטער מאַכט דורך פון מאָל צו מאָל זײַנע גאַסטראָל־רײַזעס, רופט זײַן עקזיסטענץ ניט ארויס לאַכלוטן קיין שום זאָרג, אַף וויפל ס'איז ברייט באַוווּסט, אַז ער האָט א גוטן באַלעבאָס — די פּראָפאַריינען פון דער ליטווישער סאָוועטישער רעפּובליק, וועלכע באַזאָרגן אים פון דער פולער האַנט מיט באַצאָלטע קינסטלערישע אָנפירער, מיט דעקאָראַציעס און קאָסטיומען, מיטן באַשטענדיקן גרויסן צושויער־זאַל אינעם פּרעכטיקן ווילנער קולטור־פּאַלאַץ.

וועגן דעם באַגאַבטן קאָלעקטיוו האָבן מיט גרויס ליב געשריבן די פילשפּראַכיקע סאָוועטישע צײַטונגען און זשורנאַלן, ווי אויך די יִדישע פּראָגרעסיווע פּרעסע אין אויסלאַנד. וואָס איז שײַעך די רעאַקציִאָנערע יִדישע צײַטונגען אין כוץ־לעאָרעץ, זײַנען זיי געווען און פאַרבליבן טרײַ זייער טעווע צו פאַרשווײַגן אַלץ, וואָס עס איז אָנגעהעריק דער סאָוועטישער יִדישער קולטור.

און מיטאַמאָל...

מיטאַמאָל האָט זיך אויפגעהויבן א וואַיִצאַקו אין די יִסראָעלדיקע בלעטער: „דער יִדישער פאָלקס־אַנסאַמבל פון ווילנע איז ביסלעכווײַז אָנגעקומען קיין יִסראָעל!"

אין דער עפנטלעכקײַט האָט מען זיך דערוווּסט וועגן א שפּאָגל־נײַער אַקציע קעגן דער סאָוועטישער יִדישער קולטור, א מין דיווערסיע אַף ארויספירן קיין יִסראָעל דעם אויפגעצויגענעם בא אונדז אין ווילנע יִדישן פאָלקס־טעאַטער.

ניט דאָ איז דאָס אָרט צו אַנאַליזירן די מיטלען, מיט וועלכע עס האָט זיך אײַנגעגעבן צו פאַרווירקלעכן אָט די שמוציקע אָפּעראַציע. ס'איז באַוווּסט, אַז די יִדישע טעאַטראַלע און עסטראַדע־טעטיקײַט אין סאָוועטנפאַרבאַנד איז געשטאַנען און שטייט אויך איצט ווי א ביין אין האַלדז בא די ווערבירער פון יִדן קיין יִסראָעל, ווײַל, ווי ס'איז אָנגענומען, וואָלט אַשטייגער, גרינגער געווען ארויסצונאַרן א פּאָשעטן יִדן פון ווילנע, אויב עס וואָלט אים אָנגעוויזן געוואָרן אַפן ליידיקן אָרט אין ווילנער קולטור־פּאַלאַץ און אַף דער מעגלעכקײַט צו זען די פאָרשטעלונגען פונעם פאָלקס־טעאַטער פון דער סאָוועטישער ווילנע אין... טעל־אוויוו.

פאַרשטייט זיך, די ווערבירער זײַנען זיך ניט באַגאַנגען אָן אומווירדיקע פּריקאַשטשיקעס אינעם קאָלעקטיוו גופא. דער געוועזענער רעזשיסער אַרן לוריע — א קליינקאַליבערדיק באַלעבעסל, וואָס איז אַמאָל, אין דער יוגנט, געווען א קורצע צײַט געהילף־רעזשיסער אין מאָסקווער גאָסעט, דאָס הייסט, דער פאַראַנטוואָרטלעכער אַף צונויפנעמען די טרופּע, אַף אָפּרעדן וועגן דער רעפּעטיציע־צײַט אַדגל., — האָט איצט געהאָפּט זיך באַווײַזן אין יִסראָעל מיט דעם רעקלאַמע־נאָמען פון „מיכאָעלסעס אַן אַסיסטענט". און דאָרט שעפּן גליקן מיט פולע הויפנס; מענאַכעם־מענדלשע האָפענונגען האָבן ארויסבאַוויזן באַם איבערגעבן זיך אין רעשוס פון די טעל־אוויווער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַטשיקעס אויך באַזונדערע, ניט לויט דער באַגאַבונג, אַמביציִעזע אָנטיילנעמער פונעם פאָלקס־טעאַטער, אַזעלכע ווי ש. ביילינסאָן, מ. פּיאַנקאָ, מ. מויזעס, די מישפּאָכע בלעכעראָוויטש, דאָס פּאָרפאָלק שאַרפּשטיין. די אויבן־אויסגערעכנטע לײַט האָבן, קומענדיק קיין יִסראָעל, אויוווער געווען אַף יעדן מינדסטן פליכט פון לאָיאַלקײַט צום לאַנד, פונוואַנען זיי זײַנען געקומען, און לאַכלוטן פאַרלאָרן דעם געפיל פון אָנשטענדיקײַט, סטאַרענדיק זיך מיט הענדום־פּענדום־ דעמאָנסטראַטיווקײַט נויסעכיין זײַן בא די ציִעניסטן.

אַזוי, לעמאָשל, האָבן זיי צו דער אַנטיפאַשיסטישער פאָרשטעלונג „מיר זײַנען דאָ", וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין דער סאָוועטישער ווילנע, צוגעשטוקעוועט א שענדלעכן אַנטיסאָוועטישן ארײַנפיר: „מיר זײַנען געקומען פונעם גאָלעסדיקן נעפּל, פונעם כורבן פון יִדישן יִשעוו אין ווילנע — יערושאָלאַיִם דע ליטאַ, פון קאָוונע — דער שטאָט פון אוראָם מאַפּו און פון דער סלאָבאָדקער יעשיווע... פון דער פינצטערער נאַכט פון יִיִעש און באָלשעוויסטסקער צוואַנגס־אַסימיליאַציע" אַדגל. אַאוו.

אַזעלכע שמאַד־רייד זײַנען געפעלן געוואָרן די רעגירנדיקע קרײַזן פון דער מעדינע. די דעמלטיקע פּרעמיערשע גאָלדע מעיִר, וועלכע האָט אין די לעצטע יאָרן פון איר רעגירן אין יִסראָעל ארויסגעוויזן א נייגונג צו דער ראָל פון א מעכוטענעסטע אַף צווייפלהאַפטע, פונעם מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, „כאַסענעס" אַרום דער „אַליִאַ", איז נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג פונעם דעזערטיר־אַנסאַמבל ארײַן הינטער די קוליסן און, ווי עס האָט געשריבן דער זשורנאַליסט מוישע רון, „ספּעציִעל זיך אַרומגעכאַפּט מיט די קינדער פונעם כאָר און פון דעם

טאנץ־קאָלעקטיוו און זיך געקושט מיט זיי". אין איר רעדע האָט זי זיך געלאָזט ווילגיין: „איך געדענק אין מײַן לעבן אייניקע גרויסע היסטאָרישע זאכן, אָבער דאָס, וואָס איר זײַנט געקומען פון רוסלאנד אין מעדינאַס־ייִסראָעל, איז די גרעסטע (היסטאָרישע זאך)"...

נאָר, ווי עס זאָגט דאָס פאָלקסווערטל: א קוש אין פיסקל, א שטאָך אין הערצל...

דער שטאָך אין הערצל האָט זיך געלאָזט פילן גלײַך נאָך דעם, ווי ס'איז אָף דער באַזע פון דער גנייווע געגרינדעט געוואָרן א „געשעפט" — א קאָאָפעראַטיוו טעאטער פון אוילים אונטערן געקינצלטן נאָמען „אידיטראַן", פון די ראָשעטייוועס „אידיש" און „טעאטראָן". אָף וויפל די פרעמיערשע האָט „געקושט אין פיסקל", איז דער קליטע־מיניסטער געוועזן געצוווּנגען צוצוזאָגן, אז אין מעשעך פונעם ערשטן יאָר וועט דעם קאָאָפעראַטיוון געשעפט געגעבן ווערן א געלט־סובסידיע.

אָבער שוין אין אָנהייב פון דער האָניק־צײַט איז געקומען די אנטוישונג. ס'האָט ניט געהאָלפן ניט דער גראָבער אנטיסאָוועטישער ארײַנפיר בײַס דער ערשטער פאָרשטעלונג אין טעל־אוויוו, ניט דאָס צושטעלן צום ווילנער נאָמען פונעם ספעקטאקל „מיר זײַנען דאָ" דעם איוריט־ייִסראָעלדיקן אדעקוואט „אנחנו כאן", ניט דאָס סקאַרבאָווע פראָפּאגאנדיסטישע ארופצײַען אָף די אָנטיילנעמער ווײַס־בלויע קליידער. גלײַך נאָך דער פאָרשטעלונג האָט די באַקאנטע אין ייִסראָעל זשורנאַליסטקע צוויא בען שאָלאָם געשטעלט אין אירן אן ארטיקל אין דער בײַלאגע „כאָטאם" צו דער צײַטונג „אל האמישמאר" אזא גאנץ פארשטענדלעכע פראגע: „וואָס נעמט מען זיך אזוי איבער מיט דעם דאָזיקן אנסאמבל, אין דער צײַט, ווען אנדערע ענלעכע אנסאמבלען פון ייִסראָעל גופע האָבן ניט מאצליִעך געווען?"

דער ענטפער אָף דער דאָזיקער פראגע איז פאר אונדזערע לייענער קלאָר, און אָנשטאָט צו איבערכאַזערן די באַוווּסטע עמעסן וועגן דער ראָל פון איבערלויפער אין דער ציִעניסטישער פראָפּאגאנדע, וועלן מיר איבערמישן א פאָר ווייניק־אינטערעסאנטע זײַטלעך אין דער טעטיקײַט פון ארן לוריעס קאָמאנדע און ווארפן א שײַן אָף דעם לעצטן, ווי עס איז צו זען, זײַטל, וואָס דער שוין דערמאָנטער זשורנאַליסט מוישע רון האָט אין אן ארטיקל פאר דער ייִדישער בירגערלעכער פרעסע עס באטיטלט מיט צוויי שלאָגנדיקע ווערטער: „פולשטענדיק דורכגעפאלן".

מיר לייענען אין דעם ארטיקל, אז „אידיטראָן" האָט אוועקגעשטעלט א מין רעוויו־פאָרשטעלונג פון דעם שרײַבער־דעזערטיר מ. סאקציִער לויט גאָלדפאדענס „דאָס צענטע געבאָט" און אז די שטעלונג איז „דורכגעפאלן אָף א שוידערלעכן אויפן, ביז צו א גוזעלשאפטלעכן סקאנדאל", ווי עס האָט אָפּגעמערקט „די גאנצע פרעסע אין לאנד (אין ייִסראָעל) — די העברעיִשע און ניט־העברעיִשע, אײַנשליסלעך די ייִדישע, ווי אויך די ראדיִאָ"...

מוישע רון שרײַבט: „דער קאָלעקטיוו אוילים פונעם ראטנפארבאנד (וועלכע נעמען אָנטייל אין ספעקטאקל) זײַנען קימאט אלע עלטערע אקטיאָרן, און אין נאָרמאלע באדינגונגען דארפן זיי... ניט שפילן אלס ליבהאָבער און דערבײַ אויסקלײַבן א שלעכטע פאָרשטעלונג און א שלעכטן רעזשיסער. קוקנדיק אין „אידיִטראָן" די שטעלונג פונעם רעזשיסער ארן לוריע, האָבן מענטשן געפרעגט איינער דעם אנדערן: „געשיקט זיך, האָט אזוי אויסגעזען דאָס ייִדישע טעאטער אין ראטנפארבאנד?"

און ווײַטער:

ס'איז גענוג צו זאָגן, אז א טייל פונעם אוילעם האָט ניט געקאָנט אײַנזיצן און צוזען די דאָזיקע פאָרשטעלונג. מע האָט פארלאָזט דעם זאל אינמיטן דער שפיל. מיר האָבן ווייניק פלאץ צו ציטירן די נעגאטיווע קריטיק אין דער פרעסע אָף דער שטעלונג, וואָס האָט דערנידעריקט דאָס ייִדישע וואָרט און דעם ייִדישן טעאטער אין די אויגן פון די צושויער. מיר ווילן בלויז דערמאָנען, אז די צײַטונג „לעצטע נײַס" האָט אָנגערופן די שטעלונג פונעם „צענטן געבאָט" אין „אידיטראָן" — „דאָס צענטע אומגליק"...

דער אווטאָר פונעם ארטיקל שרײַבט, אז ס'וואָלט געווען בעסער, ווען מע וואָלט „אײַנגעלאדן פאכלײַט אפן געביט פון ייִדיש טעאטער און מע וואָלט זיך בעראטן מיט זיי, און ניט סטאם געוואָרפן זיך מיט געלט, קעדיי צו שאפן פאָזיציעס פאר מענטשן, וועלכע האָבן דערצו ניט קיין דעקונג... ניט אלע אָנטיילנעמער פון די פאָרשטעלונגען האָבן בארעכטיקט מיט זייער טאלאנט דעם פלאץ אָף די בינע־ברעטער. מיר האלטן, אז דאָס איז ניט די אופגאבע פון דער מעדינע צו געבן א מעגלעכקײַט מענטשן זיך אויסצולעבן אין טעאטער און זיך ניט אײַנאָרדענען אָף ארבעט ווי יעדער בירגער, אין דער צײַט, ווען זיי האָבן ניט קיין ברעקל טאלאנט..."

האקלאל, א וועלט נארט מען ניט. ס'וועט זײַן אן אָנלער פאר אנדערע דער מיִעסער דורכפאל פון די מענטשן, וועלכע האָבן פרײַוויליק גענומען אָף זיך די ראָל פון פריקאשטשיקעס בא די ציִעניסטישע ווערבירער, האָפנדיק דערמיט צו מאכן זיך, אָן דער נייטיקער מאָס באגאבונג און פראָפעסיִאָנעלער געשולטקײַט, א קאריערע אין ייִדישן טעאטער. ס'וועט זײַן אן אָנלער פאר די ציִעניסטישע רעדלפירער אין ייִסראָעל, וועלכע האָבן זיך נאָכאמאָל אָפּגעבריט. די אקציע פון ארויספירן א ייִדישן אנסאמבל פונעם סאָוועטנפארבאנד האָט זיך פארענדיקט קאָמי־טראגיש: א סאך זמירעס און ווינציק לאָקשן.

זאָלן זיי איצט, אויב עס געפעלט זיי, פארדײַען די געגאנווועטע טוכלע סכוירע, און זאָלן זיי כאפן באדערבײַ א קוק פונדערווײַטן קיין ווילנע און זיך איבערצײַגן, אז דאָרט איז אלץ אין אָרדענונג.

ווײַל דעם ווילנער ייִדישן פאָלקס־טעאטער האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן אוועקצולאקכענען. דער ייִדישער פאָלקס־טעאטער אין ווילנע האָט פון דער ציִעניסטישער דיווערסיע ניט אָפּגעשטעלט זײַן ארבעט אפילע אָף קיין איין טאָג. אלס ענטפער אפן ארויספאָרן פון די פריקאשטשיקעס צו זייערע ווערבירער האָט די יוגנט אין ווילנע א פלייץ געטאָן צום טעאטער־קאָלעקטיוו. בא הײַנטיקן טאָג ציילט דער פאָלקס־טעאטער 70 אָנטיילנעמער. אָף דער בינע גייען נײַע שטעלונגען. דער גרויסער זאל אינעם ווילנער קולטור־פאלאץ איז איבערפולט מיט ענטוזיִאסטישע צושויער.

■ ■ ■

# פֿריילעכע שמועס

## וויצן פֿון ייִשׂראל

### א ביוראָ פון אייצעס

א ייִד פון יערושאַלאַיִם שפּאַצירט איבער טעל־אוויווער גאסן. האָט ער דערזען אף איינער פון די ביוראָען א שילד: „דאָ גיט מען אייצעס״. גייט ער אַרײַן און פרעגט:

— דאָ איז די ביוראָ פון געבן אייצעס?

— יאָ, — ענטפערט די סעקרעטארשע.

— וויפל קאָסט אן אייצע?

— ס׳ווענדט זיך וואָס פאר אן אייצע. מיר האָבן אייצעס פון א פונט ביז הונדערט פונט.

— גיט מיר אן אייצע פאר א פונט.

נעמט בא אים די סעקרעטארשע דעם פונט, שרײַבט אים אויס א קוויטאנציע און גיט אים דערפאר אזא אייצע:

— מיר ראטן אײַך, אז ווען איר וועט זיך וואשן צום עסן און איר וועט גיין אָפּווישן די הענט, זאָלט איר האלטן די הענט אראָפּגעלאָזט און ניט אין דער הייך, ווײַל אין קעגנפאל וועט אײַך דאָס וואסער ארײַנרינען אין די ארבל.

געפעלט דעם ייִדן די אייצע, און ער פרעגט:

— עפשער קענט איר מיר געבן אן אייצע, וויִאזוי איך זאָל האָבן פארנאָסע?

— אזא אייצע קאָסט הונדערט פונט, — ענטפערט די סעקרעטארשע.




דער ייִד צאָלט אײַן די הונדערט פונט, באקומט א קוויטאנציע, דערנאָך זאָגט צו אים די סעקרעטארשע:

— פונוואנען זײַט איר, רעב ייִד?

— איך בין פון יערושאַלאַיִם.

— אויב אזוי, ראטן מיר אײַך צוריקפאָרן קיין יערושאַלאַיִם און עפענען דאָרט א ביוראָ פאר געבן אייצעס, פונקט ווי מיר האָבן עס געטאָן דאָ, און אויב גאָט וועט אײַך העלפן און איר וועט האָבן הונדערט אזעלכע אידיִאָטן א טאָג, ווי איר, זײַט איר מיט פארנאָסע פארזיכערט!



### ער וואשט זיך

א סטודענטקע פון אמעריקע, וואָס איז געקומען אף א באזוך אין ייִסראָעל, האָט זיך פארליבט אין א יעשיווע־באָכער און באַשלאָסן מיט אים כאסענע צו האָבן. אין א בריוו צו אירע עלטערן גיט זי צו וויסן וועגן איר באשלוס און לייגט צו דעם כאָסנס פאָטאָגראַפיע. באטראכט דער קאלעס מוטער דעם יונגנמאן מיטן בערדל און פייעס, און פארשטייט ניט, וואָס דאָס איז פאר א כאָסן. שרײַבט זי צו דער טאָכטער:

„ליבע טאָכטער, האָסט ניט געהאט מיט וועמען צו פארבינדן דײַן לעבן נאָר מיט א ביטניק?״

„יאָ, מאמע, — ענטפערט די טאָכטער, — דאָ אין ייִסראָעל זײַנען פאראן א סאך אזעלכע ביטניקעס, נאָר זיי אונטערשיידן זיך פון אונדזערע ביטניקעס מיט דעם, וואָס זיי וואשן זיך פארן עסן״.



### אין א טעל־אוויווער קינאָ

א ייִד זיצט אין א טעל־אוויווער קינאָ און שמועסט אפן הויכן קאָל מיט זײַן ווײַב.

רופט זיך אָן א צווייטער ייִד הינטער אים:

— אדויני, עפשער וואָלט איר אופגעהערט צו רעדן? איך פארשטיי ניט קיין איין וואָרט.

— וואָס דארפט איר פארשטיין? — ענטפערט דער ערשטער ייִד אן אופגעבראכטער — איך רעד דאָך מיט מײַן ווײַב.



### א דאָקטער אין רעסטאָראן

א יונגער דאָקטער איז ארײַן אין א טעל־אוויווער רעסטאָראנדל עפעס אפגיך איבערכאפּן. גייט צו צו אים די באלעבאָסטע, אן על־טערע פרוי, און פרעגט אים:



— א געבאקענע צונג? א געפרעגלטע לעבער? געזײַערטע נירן?..

— לאָזט מיך איצט אָפּ מיט אײַערע קראנקײַטן, — האָט ער געענטפערט. — איך בין אהער געקומען עסן, און ניט צו געבן א מעדיצינישע קאָנסולטאציע...



### אָפּגעלייגט דעם קאָנקורס

דאָס איז איינער פון די וויצן, וואָס קורסירן אין ייִסראָעל אין שײַכעס מיט די אָפטע פינאנץ־ און קאָרופציע־אפערעס:

— איר האָט געהערט? דער אמט, וואָס פארוואלטעט מיט די טפיסעס, האָט באשלאָסן אָפּצולייגן

דעם קאָנקורס פאַר אױפשטעלן אַ נײַע צענטראַלע טפיסע.

— פאַרוואָס עפּעס?

— צוליב אַ פּאַשעטער סיבע: אַלע אָנטײלנעמער אינעם קאָנקורס זיצן...

## װען טילים װערט געפערלעך

אַ טײמאַנער ייִד, אַ מעטופּל מיט קינדער, האָט אין טעל־אָוויװ אָפּגעפירט זײַן פרוי אין געבורט־הויז: די פרוי איז געגאַנגען שוואַנגער צו קינד, און דער מאַן מיט די קרויווים זײַנען געזעסן לעם שפּיטאָל און געזאָגט טילים.

פון געבורט־הויז גײט אַרױס די קראַנקן־שוועסטער און טײלט מיט:

— אײנער איז שוין פאַראַן, און ס'וועלן זײַן נאָך...

דערהערנדיק זי, שרײַט אױס דער טײמאַנער צו די קרויווים:

— לעמאַן האַשעם הערט אױף צו זאָגן טילים...

## ער איז ניט קײן פוטער־הענדלער

צװײ ייִדן פון טעל־אָוויװ זײַנען געקומען אַלס שעליכים קײן דאָרעם־אַפריקע. אײנמאָל, שפּאַצירנדיק אין אַ וואַלד, האָבן זײ באַגעגנט אַ טראָפּישע כײַע.

— גוואַלד, — רופט אױס אײנער פון זײ מיט שרעק, — דאָס איז, מיסטאָמע, אַ טיגער אָדער אַ לעמפּערט?

— פונוואַנען זאָל איך עס װיסן, — זאָגט דער צװײטער, — איך בין דאָך ניט קײן פוטער־הענדלער.



## בעסער אַרעסטירן די ערלעכע

אין שײַכעס מיט די אָפטע סקאַנדאַלן פון קאָרופּציע אין ייִסראָעל פאַרשפּרײטן זיך דאָרט קאָלערליי וויצן אָף אָט דער טעמע. אָט איז אײנער פון זײ:

— מע זאָגט, אַז דער ראַטגעבער פון דער רעגירונג באַטראַכט איצט אַ פאָרשלאָג וועגן אַרעסטירן אַלע ערלעכע מענטשן אין לאַנד.

— וואָס עפּעס די ערלעכע?

— פּאַשעט: אַרעסטירן די ערלעכע וועט דויערן בעסאַכאַקל אַ צוויי־דרײַ טעג. אױב אָבער מע וועט אַרעסטירן די שולדיקע אין קאָרופּציע, קאָן זיך עס ציִען לאַנגע יאָרן...

## אונדזער דערגרײכונג

— אין די טעג פון די וואַלן איז דאָס לאַנד געווען אױפגערודערט. און קײנער האָט ניט באַמערקט, ווי ייִסראָעל האָט זיך פאַרמאָסטן מיט אירע דערגרײכונגען מיט די סאַמע גרויסמאַכטן: יענע האָבן אַרויסגעשיקט סאַטעליטן צו דער לעוואָנע, און מיר האָבן אויך אַרויסגעשיקט...

— וועמען איז עס געשען?

— ווײסט ניט? נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען איז אונדז געלונגען אַרויסצושיקן אַ פּאַרטײַע מאַראַנצן פונעם שטרײַקנדיקן אַשדאָדער פּאָרט.

## טעכנישע הילף

אין די קיבוצים פון בײט שאָאַן זײַנען אָנגעקומען פרײַוויליקע פון די שטעט צו הילף דער ווירטשאַפט.

— ברענגען זײ נוצן אין דער אַרבעט?

— ווי אײנער. אָט האָט אַ שאָפער פון טעל־אָוויװ זיך אַרונטערגעלײגט אונטערן אײזל, קעדײ צו זען, פאַרוואָס עס רירט זיך ניט פון אָרט.



## אױ, די ביוראָקראַטיע

אַ פרוי אין טעל־אָוויװ האָט זיך אומגעקערט פון אַן אַמבולאַטאָריע, ווו זי האָט זיך געהײלט. פרעגט בא איר די שכײנע:

— וואָס האָט מען אײַך דאָרט געגעבן?

— קורצע כוואַליעס — ענטפערט זי.

— איך קען זײ גוט, די ביוראָקראַטן! — רופט אױס די שכײנע — די קראַנקע גיבן זײ קורצע כוואַליעס, און די לאַנגע כוואַליעס לאָזן זײ פאַר זיך.

## בא פאַרמאַכטע טירן

— אָף אַ פאַרמאַכטן פּראָצעס, וואָס איז ניט לאַנג פאָרגעקומען אין אַ געריכט, — דערציילט אײנער אַ ריכטער, — האָט אַן אײדעס געגעבן, אַז מע זאָל אים אויסהערן בא פאַרמאַכטע טירן.

— וואָס איז? — האָט אים דער ריכטער געפרעגט, — איר האָט דען בעדײַע איבערצוגעבן מעלוכע־סוידעס?

— נײן, הער ריכטער, — האָט דער אײדעס געענטפערט, וויזנדיק מיטן פינגער אָף זײַן האַלדז, — איך בין פאַרקילט.

---

די וויצן זײַנען גענומען פון דער ייִסראָעלדיקער פּרעסע

## כראָניק

### א גרוס דער שלאַכט־צײַטונג פון די ייִשראָעלדיקע קאָמוניסטן

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אײַך

**דער וועג**

**DER VEG · זו הדרך**

עס איז געוואָרן צען יאָר, זינט ס'האָט אָנגעהויבן דערשײַנען די ייִשראָעלדיקע קאָמוניסטישע וואָכנבלאַט „דער וועג". אין שווערע באַדינגונגען איז געבוירן געוואָרן די דאָזיקע צײַטונג, — גלײַך נאָך דעם, ווי די נאַציאָנאַליסטישע אַנטיסאָוועטישע שפּאַלטערישע גרופּע, אָנגעפירט פון מושע סנע און ש. מיקוניס, האָט געפּרוווט צעברעכן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון ייִשראָעל און די ייִדישע פּראָגרעסיווע קרײַזן אין א גאַנצער רײַ אַנדערע לענדער. —

דער דאָזיקער פּרווו איז פולשטענדיק דורכגעפאַלן, עס האָט זיך מיט דער צײַט אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז ניט געווען עפּעס אַנדערס ווי נאָך א ציוניסטישע גרופּע, וואָס האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט פירן א פאַרביסענעם קאַמף קעגן דער ייִשראָעלדיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קעגן דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג און קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד.

די דאָזיקע נאַציאָנאַליסטישע גרופּע, וועלכע האָט גרויסהאַלטעריש פּרעטענדירט צו ווערן א מאַסן־פּאַרטיי, האָט אין דער צײַט, ווען עס ווערט אָפּגעמערקט דער 10־יאָריקער יובילײַ פון דער נײַער קאָמוניסטישער פּרעסע פון ייִשראָעל, זיך אָפיציעל ליקווידירט.

אין משך פון צען יאָר טראָגט „דער וועג" הויך די פאָן פון רעוואָלוציאָנערער סאָלידאַריטעט מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג. די צײַטונג קאָנסאָלידירט אַרום זיך די פּראָגרעסיווע קרײַזן, פירט א שטענדיקן קאַמף פאַר א גערעכטן און סטאַבילן שאָלעם צווישן ייִשראָעל און די אַראַבישע לענדער, קעגן די אינטריגעס פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם צו פאַרייביקן דעם ייִשראָעל־אַראַבישן סיכסעך.

„דער וועג" קלערט אויף, אַז די טיפסטע אינטערעסן פון דער מדינע איז דאָס פאַרבעסערן די באַציונגען מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכער איז דער אויפריכטיקער פרײַנט פונעם ייִשראָעל־פאָלק און פון אַלע פעלקער אינעם נאָענטן מיזרעך. זאָרגנדיק וועגן די לעבנס־אינטערעסן פון ייִשראָעל, רופט „דער וועג", עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן די אַנטיסאָוועטישע העצע־קאַמפּאַניע. „דער וועג" רופט אַלעמען, ווער עס איז באַמרוזיקט וועגן דעם גוירל פון ייִשראָעל, צו אייניקײַט, טראָץ די מיינונגס־פאַרשיידנהײַטן, קעדיי געמיינזאַם צו קעמפן פאַר פאַרמײַדן א מילכאָמע־אויסברוך, פאַר געבן א ווידערשטאַנד די עקסטרעם־רעכטע פאַנאַטיקער און אַנעקסיע־„אָנהענגער" און פאַר ענדערן די אָפיציעלע פּאָליטיק, קעגן אַרופוואַרפן די לאַסט פון די עקאָנאָמישע שוועריקײַטן אַף די אַרבעטנדיקע מאַסן, דערמעגלעכנדיק אײַנצײַטיק א באַרײַכערונג פון די רײַכע.

די פײַערונג לעקאָוועד דעם 10־טן יאָרטאָג פון דער צײַטונג „דער וועג" איז צונויפגעפאַלן מיטן האַיאַריקן פעסטיוואַל פון דער קאָמוניסטישער און פּראָגרעסיווער פּרעסע אין ייִשראָעל. אין צוזאַמענהאַנג מיט די וויכטיקע קולטור־געשעענישן באַגריסט די רעדאַקציע און רעדקאָלעגיע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" די שוועסטער־צײַטונג „דער וועג", די אַנדערע קאָמוניסטישע פּרעסע־אָרגאַנען אין ייִשראָעל, און ווינטשט זיי נײַע דערפאָלגן אין נאָבעלן קאַמף לעטויוועס די אינטערעסן פון די פאָלקס־מאַסן.

### ווערק פון פּראָגרעסיווע ייִשראָעלדיקע שרײַבער אין זשורנאַל „אינאָסטראַנאַיאַ ליטעראַטורא"

אין רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז ניט לאַנג צוריק פאָרגעקומען א באַגעגעניש מיט די רעדאַקטאָרן פונעם זשורנאַל „אינאָסטראַנאַיאַ ליטעראַטורא" („אויסלענדישע ליטעראַטור"), וועלכער ווערט אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע אַף רוסיש. דער געשפּרעך איז געגאַנגען וועגן קינסטלערישע און פּובליציסטישע ווערק פון דער פּראָגרעסיווער ליטעראַטור אין ייִשראָעל.

נאָך דער באַגעגעניש האָט דער זשורנאַל „אינאָסטראַנאַיאַ ליטעראַטורא" צוגעגרייט און פאַרעפנטלעכט אינעם נומ. 8 פאַר הײַנטיקס יאָר פראַגמענטן פון די ווערק פון צוויי ייִשראָעלדיקע אויטאָרן: פעליציע לאַנגער („מיט די אייגענע אויגן") און יויסעף אַלגאַזי („וואָס האָסטו געטאָן, טאַטע, ווען מע האָט רוינירט נאַדערס הויז?").

פעליציע לאַנגער, א באַקאַנטער ייִשראָעלדיקער אַדוואָקאַט, פאַרטיידיקט, ווי באַוווּסט, בעשאַס די עפנטלעכע פּראָצעסן אין דער מעדינע די קאָרבאָנעס פון די אָקופּאַנטן.

איך קאָן ניט שווײַגן! — אַזאַ איז דער הויפּט־מאָטיוו פון די רעפּאָרטאַזשן פונעם זשורנאַליסט יויסעף אַלגאַזי (זײַן בוך האָט אילוסטרירט דער אַראַבישער קינסטלער אַבעד אַבדי). „מיר ביידע, זין פון צוויי פעלקער פון אָט דעם לאַנד, — שרײַבט אַלגאַזי, — דריקן אויס מיט פאַרשיידענע קינסטלערישע מיטלען אונדזער געמיינזאַמען פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט, ווי אויך אונדזער געמיינזאַמע האָפענונג אַף א פרידלעך לעבן אין באַדינגונגען פון גלײַכבארעכטיקונג און אָפּשײַ פון איין פאָלק צום צווייטן".

דער דאָזיקער טעמע איז געווידמעט אויך דאָס אַרטיקל פון דער סאָוועטישער זשורנאַליסטקע ד. סילווער „די אַנטימילכאָמע־טעמע אין דער פּראָגרעסיווער קולטור פון ייִשראָעל", וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דעם זעלבן זשורנאַל־נומער. דאָס איז אַן איבערזיכט פון די ווערק פון די ייִשראָעלדיקע שרײַבער ס. איזכאַר, אי. אָרפּאַז, אי. לעוו, ד. בען־אַמאָץ, ר. לעווין, א. קענאַן, ס. קעשעט, כ. לעווין און אַנד., וועלכע דריקן אויס די אַלגעמיינע שטרעבונג צו שאָלעם און פרײַנטשאַפט צווישן ייִשראָעל און די אַראַבישע לענדער.

# מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

**אוטקעס**, דאָוויד (פסעוודאָנים — „דאָווידל קאַפּצן", 1898 —



1959) — דיכטער. געבוירן אין ביאַליסטאָק אין דער פאַמיליע פון א מאָלער. געוועזן אַן אַרבעטער. צו צוואַנציק יאָר אַרײַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, געפירט אונטערערדישע אַרבעט אין ביאַליסטאָק. ווען די רויטע אַרמיי איז אַרײַן אין גראָדנע, איז ער געוואָרן א מיטגליד פונעם וואָלקאָווישקער רעווקאָם. זײַענדיק אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי, האָט ער פּובליקירט לידער אין דער ייִדישער טעגלעכער צײַטונג „ראָסטאַ", אָרגאַן פון פּאָליטאָפּטייל פון דער 16־טער אַרמיי.

די לידער פונעם יונגן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַרישן דיכטער זײַנען געווידמעט דעם קאַמף פונעם פאָלק קעגן דער קאָנטררעוואָליוציע, פאַרן ניצחון פון דער ראַטנמאַכט. אין זײַנע אויסגעשפּראָכן פּאָליטישע און סאַטירישע דיכטערישע ווערק (וועלכע ער האָט, לויטן מוסטער פון דעמיאַן בעדני, אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „דאָווידל קאַפּצן") קלינגען שלאַכט־רופן און רעוואָליוציאָנערע לאָזונגען פון דער צײַט.

ווערק. לידער־זאַמלונג צוזאַמען מיט כאַיִם גילדין, מאָניע גורעוויטש, עלישע ראָדין, הירש ריקלין (האָמעל, 1921).

ביבליאָגראַפיע. א. אבטשוק — עטיודן און מאַטעריאַלן, כאַרקאָוו, 1934. „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 3 פאַרן 1962.

**אויסלענדער**, נאָכעם (1893 — 1962) — קריטיקער, ליטעראַטור־ און טעאַטער־פאָרשער. געבוירן אין שטעטל כאָדאָרקאָוו (וואָלין). אין 1906—1911 געלערנט אין רוסישע גימנאַזיעס אין קיִעוו און אָדעס. אין 1911—1914 שטודירט מעדיצין אין בערלינער אוניווערסיטעט. נאָכן פאַרענדיקן דעם מעדיצינישן פאַקולטעט אין קיִעוו (1919) פרײַוויליק אַוועק אין דער רויטער אַרמיי אַלס דאָקטער. אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פאַר באַפרײַען אַרכאַנגעלסק און אין קאַמף קעגן די ווײַספּאָליאַקן. אויף די פראָנטן געשאַפן זײַנע ערשטע לידער און עסייען.



זײַן ערשטע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג „גרונט־שטריכן פון ייִדישן רעאַליזם" האָט אים אַרויסגערוקט אויפן פאָדערגרונט פון דער ייִדישער קריטיק און ליטעראַטור־וויסנשאַפט. ער האָט באַטראַכט די שאַפונג פון די קלאַסיקער פון א גאַנץ נײַעם שטאַנדפּונקט, אויפדעקנדיק דעם טאָך פונעם רעאַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין פאַרבינדונג מיט דער פאָלקס־שאַפונג.

אין בוך „וועג־אײַן, וועג־אויס" האָט אויסלענדער אַנאַליזירט די שאַפונג פון א ריי אָנגעזעענסטע שרײַבער אין ראַטנפאַרבאַנד און אין אויסלאַנד (שוואַרצמאַן, האָפשטיין, קוויטקאָ, מאַרקיש, בערגעלסאָן, דער ניסטער, לייוויק, אָפּאַטאָשו, גלאַטשטיין, אַש און אַנד.). אין די 30־ער יאָרן פּובליקירט ער די ליטעראַטור־היסטאָרישע אַרבעטן „מענדעלע און זײַנע מיטגייער", „דער יונגער שאָלעם־אַליכעם און זײַן ראָמאַן „סטעמפּעניו"" און די קאַפּיטאַלע פאָרשונג וועגן ייִדישן טעאַטער, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט א טיפן וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג צו די באַרירטע פּראָבלעמען.

נ. אויסלענדער איז געווען אַן אַקטיווער בויער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור און פון דער ליטעראַטור־וויסנשאַפט. אין די יאָרן 1926—1928 האָט ער אָנגעפירט מיט דער ליטסעקציע פונעם ייִדישן אָפּטייל באַ דער ווײַסרוסישער אַקאַדעמיע. פון 1929 ביז 1931 — מיט דער ליטסעקציע אין אינסטיטוט פאַר ייִדישער קולטור באַ דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע. ער איז געווען רעדאַקטאָר פון די וויכטיקסטע וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמישע אויסגאַבעס פון די קלאַסיקער, ווי אויך פון וויסנשאַפטלעכע זשורנאַלן, זאַמלונגען, אַלמאַנאַכן, לערנביכער, כרעסטאָמאַטיעס. אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע איז ער געווען א מיטגליד פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע באַם ייִדישן אַנ־

טיפאשיסטישן קאָמיטעט אין פסשר. נאָך דער מילכאָמע — מיטגעארבעט אין „קאבינעט פון ייִדישער שפראך, ליטעראטור און פאָלקלאָר” בא דער אוקראיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיע.

די לעצטע צוויי יאָר פון זײַן לעבן האָט נאָכעם אויסלענדער אָנגעפירט מיטן קריטישן אָפּטייל פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד”.

ווערק. לידער. קיִעוו, 1917; האלבער טאָג (לידער), סמאָליענסק, 1921; פראָנט. קיִעוו, 1922; גרונטשטריכן פון ייִדישן רעאליזם. קיִעוו, 1919; וועג־אײַן, וועג־אויס (ליטערארישע עפּיזאָדן), קיִעוו, 1924; א. גאָלדפאדען. מאטעריאלן פאר א ביִאָגראפיע (צוזאמען מיט או. פינקעל), מינסק, 1926; דער יונגער שאָלעם־אלייכעם און זײַן ראָמאן „סטעמפעניו”, קיִעוו, 1928; אָף לודעמירער וועג. קיִעוו, 1930; ייִדישער טעאטער (1887—1917), מאָסקווע, 1940.

ביבליִאָגראפיע. ז. רייזען — לעקסיקאָן, ב. 1.; א. גורשטיין — דער איצטיקער צושטאנד פון דער פערעץ־ביִאָגראפיע. „צײַטשריפט”, נום. 1, מינסק, 1926; סאכאקלען פון דער מענדעלע־פאָרשונג, „צײַטשריפט”, נום. 2—3, מינסק, 1928; א נײַע ווענדונג אין דער מענדעלע־פאָרשונג. „וויסנשאפטלעכע יאָרביכער”, ב. 1, מאָסקווע, 1929; הערש רעמעניק — עטיודן וועגן קריטיק און וועגן קריטיקער. „סאָוועטיש היימלאנד” נום. 12, 1973.

●

איטקאָוויטש, מוישע (1902—) — איבערזעצער, זשורנאליסט. געבוירן אין מינסק, באקומען א טראדיציִאָנעלע ייִדישע דערציִונג. אין די יוגנט־יאָרן געארבעט אין קרעמענטשוק אלס שווארצארבעטער אָף א טאבאקפאבריק. אין 1922 — רעדאקציע־מיטארבעטער אין דער ייִדישער צײַטונג „אָקטיאבער”. אָנהייבנדיק פון 1931 — איבערזעצער און קאָרעקטאָר אין „עמעס”־פארלאג, אין דער צײַטונג „אייניקײַט” און אין זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד”.

ווערק. פארצייכענונגען און ביבליִאָגראפישע נאָטיצן אין פעריִאָדישע ייִדישע סאָוועטישע אויסגאבעס און אין פראָגרעסיווע צײַטונגען און זשורנאלן אין אויסלאנד.

ביבליִאָגראפיע. מ. ראָזנהויז — מוישע איטקאָוויטשן — 70 יאָר. „סאָוועטיש היימלאנד” נום. 2, 1972.

●

אינגער הערש (1910—) — מאָלער. געבוירן אין שטעטל אָכרימאָווע (אוקראיִנע). אין די 20־ער יאָרן פארענדיקט די קיִעווער קונסט־שול, שפּעטער — דעם מאָסקווער קונסט־אינסטיטוט (1940).

ה. אינגערס ערשט ווערק — „הונגער־מארש” — איז געווען עקספּאָנירט אָף דער מאָסקווער אויסשטעלונג פון יונגע קינסטלער (1932); דאָס בילד „שכיטע” האָט פארעפנטלעכט די צײַטונג „איזוועסטיִא” (1934). אויסער סאָציִאלע מאָטיוון, פארנעמט א באַדײַטנדיק אָרט אין אינגערס ווערק די שעפערישע פערזענלעכקײַט פון גרויסע קינסטלער (טשײַקאָווסקי, בעטהאָווען, פאגאניני, טשארלי טשאפלין, שאָסטאקאָוויטש, אויסטראך, פליסעצקאיא).

הערש אינגער האָט געשאפן ציקלען אילוסטראציעס צו די ווערק פון די ייִדישע קלאסיקער מענדעלע, שאָלעם־אלייכעם, פערעץ, ווי אויך פון א ריי הײַנטצײַטיקע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

ביבליִאָגראפיע. פרידע ראסקין. „סאָוועטיש היימלאנד”, נום. 3, 1974.

●

איצקאָוו, יויסעף (1921 —)— דיכטער, געבוירן אין שטעטל סוראזש (בריאנסקער געגנט). צו 13 יאָר אריבערגעפאָרן מיט זײַנע עלטערן קיין ביראָבידזשאן, ווו ער האָט געענדיקט די ייִדישע זיבניאָריקע שול.

די ערשטע לידער האָט איצקאָוו געדרוקט אין „ביראָבידזשאנער שטערן”. אין 1947 באזעצט ער זיך אין טאשקענט. אין זײַנע לידער באזינגט ער די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, דאָס לעבן און דעם שטייגער פונעם סאָוועטישן מענטשן.

ווערק. לידער־ציקלען אין „ביראָבידזשאנער שטערן”, אין זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד” און אין דער ווארשעווער צײַטונג „פאָלקס־שטימע”.

ביבליִאָגראפיע. „סאָוועטיש היימלאנד” נום. 9, 1971.

●

אלבירט, יויסעף (1907—) — דיכטער. געבוירן אין ווילנע. נאָך דער באפרײַונג פון ליטע וווינט ער אין ראטנפארבאנד. דאָס וויכטיקסטע אָרט אין זײַן שאפונג פארנעמען פאָלקס־מאָטיוון, קינדער־לידער.

ווערק. לידער, לידע, 1934; מאנצבילים (נאָוועלן), לידע, 1935; געראנגל־געזאנגען. ווילנע, 1936; אין רוסישער איבערזעצונג האָט אלבירט ארויסגעגעבן דרײַ לידער־זאמלונגען. ער האָט אויך פובליקירט עטלעכע לידער אין „סאָוועטיש היימלאנד” און אין אויסלענדישע ייִדישע פראָגרעסיווע צײַטונגען.

●

אײַזנוארג, שמועל (1920—1941) — דיכטער, געבוירן אין בערדיטשעוו אין א פאמיליע פון א באלמעלאָכע, געענדיקט די מיטלשול אין 1937 און אין דעם זעלבן יאָר אָנגעקומען אין דעם מאָסקווער מעלוכישן פעדאגאָגישן אינסטיטוט אָף וו. אי. לענינס נאָמען. פארענדיקט דעם ליטערארישן פאקולטעט פונעם אינסטיטוט אין 1941. אומגעקומען אפן פראָנט אין שלאכט מיט די דײַטשישע פאשיסטן.

ווערק. דרײַ לידער וועגן אָשער שווארצמאנען, זש. „פארמעסט”, 1937, נום. 9. אָשער שווארצמאן (ליד) אין זאמלבוך „אָשער שווארצמאן”, מאָסקווע, 1940.

ביבליִאָגראפיע. מ. ראָזנהויז, ליטערארישע יערושע פון די שרײַבער־שלאכטלײַט.

■ ■ ■




# גלין-גלאָן

ווערטער פון ארן ווערגעליס — מוזיק פון סערגיי טשעבאטאריאָוו

Moderato (♩=96-100)

Der groj-sez glok hot nit ge-klun-gen, di
klej-ne gle-ke-lex-glin-glon, glin-glon, glin-glon, glin-glon! — Ge-zu-fn um-
-zu-ik, ge-vekt, ge-mun-tezt dem źve-ren-zaj-gez: hejb zojn on!
Der groj-sez glok hot
alc ge-svi-gn, glajx nit ge-hert, az im me ruft. Di gle-ke-lex-nid fun lang zix vi-gn... Noz
s'hot zix zojn ce-vigt di luft: dez groj- sez

glok hot zix ce – klun – gen, der groj – ser glok hot
zix ce – zun – gen... Di klej – ne gle – ke – lex – ge –
– vorn stil Un nor ge – sep – cet, az es iz ge – lun – gen, az me iz, az me iz, az
me iz, az me iz – glin – glon! glin – glon! – šojn ba dem cil...

דער גרויסער גלאָק האָט ניט געקלונגען,
די קליינע גלעקעלעך — גלין־גלאָן! גלין־גלאָן! —
גערופן אומרויִק,
געוועקט, געמונטערט
דעם שווערן שוויַגער: הייב שוין אָן!

דער גרויסער גלאָק האָט אַלץ געשוויגן,
גליַיך ניט געהערט, אז אים מע רופט.
די גלעקלעך — מיד פון לאַנג זיך וויגן...

נאָר ס׳האָט זיך שוין צעוויגט די לופט:
דער גרויסער גלאָק האָט זיך צעקלונגען!

די קליינע גלעקעלעך — געוואָרן שטיל.
און נאָר געשעפּטשעט, אז עס איז געלונגען,
אז מ׳איז — גלין־גלאָן! גלין־גלאָן! — שוין בא דעם ציל...



Цена 50 коп.
70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 10

1 9 7 5

**В НОМЕРЕ:**